אברהם מאַרעווסקי

# אַהין און צוריק

(זכרונות און רעיונות פון אַ ייד — אַן אַקטיאָר)

לכבוד ר׳
ישראל מאלין און
מיט פריינדשאפט
דער מחבר
[illegible]

אברהם מאָרעווסקי

# אהין און צוריק

## (זכרונות און רעיונות פון אַ יידן אַן אַקטיאָר)

פערטער באַנד

פאַרלאַג: 

וואַרשע



פֿאַר פֿיר יאָרצענדליקער די
פֿרייד און פֿאַרדרוס און דער
געשטאַלטן, וואָס „אַ" איך רופֿ -
און שענק דאָס בוך.
ווארשע, יולי 1963

# ע ר ש ט ע ר   ק אַ פּ י ט ל

## אין צויבער־לאַבירינט

אין קאַפּיטל „צעשמעטערטע פריד“ איז דערציילט געוואָרן, אַז בעת מיינע וואַנדערונגען איבער דער שווייץ מיט איבער פופציק יאָר צוריק, האָב איך מיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַטראַקציע אין פּאַנאָפּטיקום.

איך מוז מיך צו דעם אומקערן, אָנהייבנדיק שילדערן און באַטראַכטן די יאָרצענדליקער, וועלכע איך האָב דורכגעלעבט אויף די בינע־ברעטער פון יידישן טעאַטער.

אַרומגייענדיק איבער די פאַרשידענע קעמערלעך פון אייגנאַרטיקן „מוזיי“, האָב איך זיך מיטאַמאָל... דערשראָקן: איך האָב מיך דערזען אַרומגערינגלט דורך אַ פּילקעפּיקן המון פון — מ י ר   אַ ל יי ן.

איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין אַ קאַמער, וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ דרייעק: צוויי ווענטלעך — שפּיגלען, דאָס דריטע ווענטל — אָפן, אָבער צו אַ שכנותדיקן דרייעק מיט שפּיגלען, אין וועלכע מע דערזעט ווידער — ז י ך. די אויפגאַבע פון באַזוכער איז געווען אַרויסצובאַקומען זיך פון דער קאַמער אין דער שכנותדיקער. נאָר דאָס איז ניט געווען אַזוי לייכט.

שטייענדיק פאַרן דרייעק: „ט ע אַ ט ע ר,   וו ע ל ט,   פ אָ ל ק“, האָב איך זיך דערמאָנט אין יענעם צויבערהאַפטן לאַבירינט, וווּ איך האָב זיך אויף לאַנגע מינוטן פאַרלאָרן, דערזעענדיק מיינע אומצאָליקע אָפּשפּיגלונגען, און — זיך דערשראָקן פון דעם געדאַנק, אַז איך וועל זיך פון דאַנען בשלום ניט אַרויסקריגן...

די יאָרצענדליקער אויף די יידישע ברעטער, ווען איך האָב אָנגעהויבן אין זיי אַריינדרינגען ביים ליכט פון רייפגעוואָרענעם געוויסן און וועלטבאַנעם, האָבן מיר דערמאָנט אין יענעם לאַבירינט מיט אַלע פּרטים און מיט מיינע צערודערטע געפילן.

די צענדליקער „איכן“... זענען זיי נישט די כך וכך סצענישע גע־שטלטן, וואָס אין סכום זענען זיי ווידער און ווידער — איך!...

די סכנה צו שפּאַלטן דעם קאָפּ ביי אַ פאַלשן טראָט און דער תענוג פון לייכטן פאַרמאַרש — ווייטער, העכער! — אויב דו האָסט ריכטיק געלייזט דיין שעפעריש פּראָבלעם — איז אַזוי ענלעך צו יענער אומהיימ־לעכער, אָבער פרייידיקער שעה אין שווייצאַרישן פּאַנאָפּטיקום צווישן די שפּיגלען אין דעם דורכגאַנג, וועלכער שטייט פאַר דיר אָפן, איז צוטריט־לעך, אָבער... ג ע פ י ן איס! טרעף אין פינטל אַריין! און דער עיקר — דער דרייעק!

„טעאַטער“, „פאָלק“ זענען צוויי „שפּיגלען“. „וועלט“ — דער אָפּע־נער וועג צו ווייטערדיקע שטאַפּלען פון לעבן און שאַפן. און געוואָרן איז מיר ווידער פרייידיק און ווידער שטערצלעך — קלאָר, אַז „פאָלק“ — איז מיין מצב, מיין צושטאַנד, מיין אָביעקטיווע אַרומיקייט; „פאָלק“ שטעקט אין מיר, אין „פאָלק“ וואָרצל איך.

„טעאַטער“ איז מיין ווילן, מיינע שטרעמונגען און שטרעבונגען; טעאַטער איז מעשי ידי; טעאַטער איז דער קאָעפיציענט פון מיינע אויפ־טוען און דערגרייכונגען.

„פאָלק“ איז נישט קיין פאַרדינסט און קאָן נישט ווערן — באַלוינט, גערימט און געטאַדלט.

„טעאַטער“ איז מיט שטעכיקע פעלזן און שטיינער באַדעקטער לעבנסוועג. — בלומען און לאָרבערים פאַר דעם געווינער; שפּאָט און שאַנד איבערן קאָפּ פון פאַלשן משיח.

„טעאַטער“ איז דאָ, וו שעפערישע מענטשן לעבן און שאַפן אין צווישן־לאַבירינט פון פ ר אָ ב ל ע מ ע ן און פון זיי אַרויספּליסנדיקע א י ד ע ע ן;

טעאַטער הערט אויף צו זיין דאָרטן — וו אידעען ווערן געוויקט אין געמויזעכץ פון אינטערעסן.

און „וועלט“ — דאָס זענען די ווייטקייטן, די הויכקייטן, די טיפ־קייטן, וו עס ווערן געשאַפן און געשאַצט אַלע שטרעמונגען און שטרע־בונגען פון מענטשן.

„פאָלק“ איז מיין ווערט;

„טעאַטער“ איז מיין פּרייז.

פאַר די צוואַנציק יאָר פון מיין ווירקן אין יידישן טעאַטער האָב איך דערגרייכט סיי צו די העכסטע שפּיצן פון דעם, וואָס מען רופט אין

אומגאַנג „דערפּאָלג“ — אַ באַגריף, וואָס איז אין אַלטעגלעכן געברויך אַזוי געוואָרן געפּעלשט און געשענדעט, אַז מיר איז ווידערווילִיק אים צו געברויכן, שילדערנדיק מיינע עטאַפּן.

אָבער דער עיקר איז פאַר מיר אין משך פון די יאָרצענדליקער דאָס, וואָס איך האָב דערפילט בכל נפשי ובכל לבבי דעם סינטעז פון יענע ווערטן, וואָס ביים אָנהייב פון מיין וועג און פאַר די ערשטע צען יאָר זענען זיי געווען אין מיין געדאַנק און געפיל צעווישן זיך צעריסן און צעקריגט: צווישן „ייד“ און „אַקטיאָר“ איז געשטאַנען אַ מין „שטעכיקע צוים“, וואָס אַריבערטרעטן זי האָב איך אַפילו נישט געהאַט בדעה צו מאַכן קיין פּרווו. איך פלעג ווערן „אויס אַקטיאָר“, קומענדיק אין טאַטעמאַמעס היים, און „אויס ייד“, ווען איך פלעג זיך אָפּטונקען אין שטראָם פון טעאַטער...

און מערקווירדיק, באַלערנדיק, איז דאָס, וואָס מיט יעדער שעה, וואָך, יאָר, וואָס איך פלעג מיך אין שמחה און אין צייט דערווייטערן פון „פאָלק“, פלעגט אינערלעך, גייסטיק, דאָס פאָלק מיך אַלץ מער און מער באַהערשן.

ווי אויבן באַטאָנט, האָט פ אָ ל ק געוואָרצלט אין מיר און מיך געטראָגן ווי אויף כשוף־פליגלען איבער אַלע שוועריקייטן און נסיונות.

מיר האָבן זיך באַקענט מיט קורצע עפּיזאָדן פון מיין באַהעפטונג מיטן יידישן צושויער. ווי צעשאָטענע אָאַזיסן אין דער ווּסטעניש פון מיין אָפּגעריסנקייט טויכט אויף אין זכרון דער קאָנצערט אין וויטעבסק און נאָדסאָנס יידן־פריינדלעך ליד, וואָס האָט אויפגערודערט דעם עולם; עס דערמאָנען זיך די אָוונטן פון טעאָדאָר הערצלס „נייעם געטאָ“, ווען דער יידישער עולם איז געוואָרן מיטגעריסן מיט דער בינע אין אַ גרויסער מאָס צוליב דעם, וואָס מיר איז איינגעפאַלן צו שפּילן די צענטראַלע ראָל אין דער געשטאַלט פון אויטאָר; עס איז געווען אַן אָוונט פון יידישע סענטימענטן, ווען איך האָב געשפּילט דעם פּאָפּולערן פאַרס „פּאָטאַש און פּערלמוטער“ און דערהערט, אַז אין דער געשטאַלט פון „פּערלמוטער“ זענען באַוויזן געוואָרן פאַרטיפטע כאַראַקטערצוגן פון יידישן געמיט און מענטאַליטעט, וועגן וועלכע דאָס שטיק האָט אַפילו נישט געחלומט... אַז חוזק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ליריק, און דער עולם האָט לאַכנדיק געווישט טרערן פון טיפער אויפגערודערטקייט.

אָבער דאָס זענען געווען, ווי געזאָגט, צעוואָרפענע עפּיזאָדן. אין מיין באַוווסטזיין בין איך פון פאָלק געווען ווייט און אָפּגעריסן.

אָבער וואָס ווייטער אַוועק פון פּאָלק, האָב איך עס מיט אָנוואַקסנדיקער שאַרפקייט געטראָגן טיף אין זיך. און אָן שום ספק האָט מיין אויסגעטרוימטע און אויסגעטראָגענע פון די קינדעריאָרן געשטאַלט פון „פּרינץ פון דענעמאַרק" געשפּילט אויף די סטרונעס פון מיין יי ד י ש האַרץ. מיין „האַמלעט" („דער הונט, וואָס בילט, בייסט נישט"...) איז געווען אַ ייד. און אַ ייד — מיין „דער" („וואָס קריגט די פּעטש...").

און בעת מיין חבר סטעפּאַנאָוו, אין התפּעלות פאַר מיין גלייכגילט צו טויזנט רובל, בעת איך האָב מיך אָפּגעזאָגט צו שפּילן בחנם „אָטעלאָ", האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן, אַז ער האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען וואָס איז אַזוינס — „יעוורעיסקי נאַראָד", האָט אין מיר דאָס געפיל פון „פּ אָ ל ק" אַרויסגעשטראָמט פון די טיפענישן, און איך האָב אָנגעהויבן זוכן דעם וועג — צו מיינע... וואָרצלען און טיפענישן.

נישט כהרף עין איז עס געוואָרן רייף און צייטיק... עס איז געווען אַ לאַנגער און שווערער וועג!

און, האָבנדיק דערגרייכט צו זיינע שפּיצן, האָב איך דערפילט און קאָן זאָגן מיט זיכערקייט, אַז די פאַרטיפונג פון מיין געפיל פון פּ אָ ל ק האָב איך צו פאַרדאַנקען די ווייטע שטחים פון מיין לעבנסוועג. די ווילדע סתירות האָבן עס דערהויבן און פאַרטיפט. אין סוואָרינס קאַבינעט איז געוואָרן אָנגעשאַרפט דאָס געפיל, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן און האָט זיך צעבליט און צעוואַקסן פאַר די יאָרצענדליקער באַהעפטונג און דערנענטערונג פון די צוויי אַמאָל צעריסענע עלעמענטן: פּ אָ ל ק און ט ע אַ ט ע ר. די ווייטע וועלט האָט עס געשליפן, געלייטערט און צונויפגענאָמען אין איין רייכן „יש".

ווי אַזוי איז עס געשען? — דאָס אָפּצושילדערן איז מיין כוונה אין די ווייטערדיקע זייטן פון אונדזער פערטן באַנד.

אין שאַצנדיק דאָס „גוטע" און דאָס „שלעכטע", וועלן מיר זיך האַלטן אין איין און איינציקן מאָדוס: אַלץ, וואָס שטאַמט פון „פּונק" איז גוט; אַלץ, וואָס האָט אין אויג „מטבע" — איז שלעכטס. עס זענען נישטאָ קיין מלאכים און טייוואָלים אין ייִדישן טעאַטער, פּונקט ווי זיי זענען נישט פאַראַן אַנדערשוו. אַלע מלאכים זענען זינדיק; אַלע רשעים טראָגן אין זיך עפּעס פון דערהויבנקייט; צדיקים ווערן אָפט געשטרויכלט אַזוי ווי פּשוטע בשר ודמס. אָבער אין יעדן פאַל, ווו טעאַטער באַווייזט זיינע ווערק, שלאָגט זיך דורך צו דער אויבערפלאַך דער שטראָם פון זיין גרונט און אורקוואַל, און עס מוז ווערן קלאָר וואָס מען האָט פאַר זיך: קונסט אָדער סחורה?

מיר וועלן פאָרשן די עטאַפּן אויף די יידישע ברעטער פאַר די יאָרן 1919 — 1939... מיר וועלן זוכן און נאָטירן די אָפּקלאַנגען פון יידישן גייסט אין ליכט פון וועלט־ווערטן און — פאַרקערט: מאָטיוון פון אַלגעמיין־מענטשלעכע לײדן און טרייסטן, איינגעהילטע אין שאָטנס פון יידישן בין־השמשות. די צוואַנציק יאָר זענען רייך געווען אין דער־גרייכונגען פון אויסדערוויילטע, געזאַלבטע מייסטער־זינגער. נישט איינמאָל האָב איך דערזען די מאַיעסטאַט פון פאָלק, זיינע פאַרביקע יחידים, זיינע מיליאָניקע מאַסן, אין די ווענט פון היכל, און נישט איינמאָל האָט מיך אויפגעשוידערט דער אָנבליק פון טומאה, ווען אויף די ליפּן האָט געריט דאָס געפּליסטער פון תּפילה. —

אָבער טעאַטער און פּאָלק האָבן אין האַרצן געזונגען איין אַקאָרד, און עס האָט געשיינט צו זיין מיינע — די וועלט, גאַנץ גרויסע, שיינע, פרייע, פריידיקע וועלט.



אַדאָלף קאָמפּאַניעיעץ האָט מיך אָפּגעריסן פון ווילנער באָדן און אַוועקגעפירט קיין לאָדזש.

נישט צום ערשטן און, מיסתּמא, נישט צום לעצטן מאָל מוז דאָ באַטאָנט ווערן: ווען דער לייטנדיקער פאַקטאָר פון מיינע האַנדלונגען און וועגדונגען אין לעבן וואָלט געווען „שכל הישר“ און פּראַקטישע אויסגע־רעכנטקייט, וואָלט איך אין סוף פון 1919 יאָר בשום אופן ווילנע נישט פאַרלאָזן. נאָך די יאָרן אין אוקראַינע, אַן אויסגעשעפּטער, זיצט אַ מענטש אין אַ גערוימער „אייגענער“ דירה, האָט אַ דאַנקבאַרן באָדן צום פאַר־פלאַנצן אין זיין היימשטאָט אַן אינסטיטוציע, ווו יידישע קונסט האָט — נישט נאָר „געקאָנט“ — האָט געמוזט לאָזן טיפע וואָרצלען. אין די ספערן פון דער יידישער אינטעליגענץ האָב איך געהאַט אַ סאָלידע רעפּוטאַציע פון אַ „געהעריקן מענטשן אויפן געהעריקן אָרט“, דערביי איז געווען אַ געזיכערטע פּרנסה: דאָס הויז צוזאַמען מיט די פאָרשטעלונגען האָבן געקאָנט לכל הדעות געבן „אויף צום לעבן“. און דאָס, וואָס מען רופט „כּבוד“, האָב איך באַשטימט געהאַט עד בלי די.

לאָזט אַ מענטש דאָס אַלץ מיטן ווינט און — אַנטלויפט! סטייטש? היתּכן?

די תשובה איז: מיט די מינימאַלסטע פעיקייטן פון אַן „אָרגאַניזאַטאָר“ האָט דער בורא אונדזער סוביעקט נישט איינגעטיילט; ער איז געבליבן ווי געווען — אַ ן אַ ק ט י אָ ר!

וואָס הייסט זיצן, אַז מען האָט די מעגלעכקייט — צו פאָרן! וואָס זאָל מיך אָפּהאַלטן? מיין „לענדלאָרדלעריי“? ווי אַזוי זאָל עס מיך „האַלטן“, אַז דאָס האָט מיך געטריבן? מיינע פיר צימערן? מער ווי צוויי באַדאַרף איך נישט צו האָבן! די אויפגאַבע צו מאַכן „קולטור“? מיך האָט געעקלט פון יעדן מין „מאַכעריי“... „קולטור“ איז פאַר מיר געווען נישט קיין „אָביעקט פון מאַכן“ נייערט אַ צ ו ש ט אַ נ ד, אַ טייל פון אָטעם. די קולטורמאַכונג אַרום האָט מיר אויסגעזען ווי אַ מין קינסטלעד אַריינפּאָמפּען לופט אין די לונגען פון אַן אומהיילבאַרן אַסטמאַטיקער...

איך בין דעמלט פון ווילנע אַנטלאָפן פון מיינע „אויפגאַבן“, ווי עס לויפט אַ טענצער פון פרומע גאָטפאָרכטיקע גאָנעס...

און לאָדזש האָט מיך נישט אַנטוישט. איך האָב דערזען נייע מענטשן, נייע פאַרהעלטעניש, נייע טיפּן פון יידישער ווירקלעכקייט, פון יידישער וועלטלעכקייט.

אין לאָדזש, בעת מיינע גאַסטראָלן, איז געעפנט געוואָרן די אָפּטיילונג פון אַרטיסטן־פאַריין, וואָס האָט זיך אין וואַרשע געגרינדעט מיט אַ חדשים זעקס צוריק. צו מיין פאַרדראָס און חרפה האָב איך פאַרגעסן די נעמען פון די ליבע חברים, וועלכע זענען אַריין אין פאַרוואַלטונג, הגם פאַר די אויגן שטייען מיר לעבעדיק זייערע געשטאַלטן. דעמלט האָב איך זיך באַקענט און תיכף זיך באַפריינדעט מיט שמחה נאָטאַן, וועלכער איז ביי קאָמפּאַניעצן געווען... אַ סופלער. זיין הומאָר, זיין שאַרפזיניקייט, זיין אינטעליגענץ האָט מיך צוגעצויגן פון די ערשטע געשפּרעכן.

די באַציונג צו מיר פון אַרום האָט מיך פון ערשטן אויגנבליק באַפליגלט און כ׳האָב מיך געפילט גליקלעך.

איך האָב אָנגעהויבן די פאָרשטעלונגען מיט „שמע ישראל“, וואָס איז דעמלט געווען מיין „זיכערע קאָרט“, מיין „טויז“... און דער רושם ביים עולם איז געווען אַזאַ, אַז איך בין תיכף געוואָרן באַצייכנט ווי אַן „אויסדערוויילטער“.

איך מוז דאָ ערלעך מודה זיין, אַז נישט ווייניקער ווי די אָפענע אָנערקענונג פון די אייגענע אָפּשאַצער, צווישן וועלכע עס האָבן אימפּאָנירט אַזעלכע פיגורן ווי ישעיהו אונגער און לאזאר קאַהאַן, האָב איך מיך דער־

פילם געריַרט פון דער באַציונג פון פוילישן אַרום. לאָדזש איז שטענדיק געווען אַ שטאָט פון איידעלע און גאָר הויכע טעאַטער־טראַדיציעס. מיט 9 יאָר צוריק בעת דאלסקים גאַסטראָלן האָב איך פאַרבראַכט אין שטאָט אַ פּאָר טעג, באַוויזן צו באַזוכן דעם קבר פון א יי ר א אַ ל ד ר י ד ז ש, דעם נעגריטיאַנער טראַגיקער, אָבער קיין שפּור פון לאָדזשער טעאַטער־לופט האָב איך דעמלט נישט דערפילט.

איצט בין איך געווען דערשטוינט און געריַרט, ווען איך האָב שוין נאָכן ערשטן ספּעקטאַקל דערזען, ווי אַזוי עס קוקן מיך אָן און באַהאַנדלען די פּוילישע בינע־אַרבעטער...

דער פּרט איז געווען אַן אָנהייב פון די נייע ביז דאַן מיר נישט באַוווסטע אָפּשאַצונגען וועגן אַ סך פונקטן און ווינקלען אין די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן יידן און פּאָליאַקן.

אָבער דאָס געהער אויך צו די מאָטיוון, וואָס דאָ איז נאָך נישט די צייט צו באַהאַנדלען.

וועגן די עצם פאָרשטעלונגען פאַרן חודש האָב איך נישט וואָס צו דערציילן און אויסטיילן.

איך בין געווען מיט אַ סך וואַרעמקייט אויפגענומען ביי דער משפּחה קאָמפּאַניעיץ. די עלטערע טאָכטער אַניעלע איז געווען מיין פּאַרטנערין אין גאַנצן רעפּערטואַר. איר מאַן איז געווען אַ פּרעכטיקער „פּראָסטאַק“ (איך געברויך די באַצייכענונג פון דער אמפּלוא אין רוסיש; יידן האָבן עס, דוכט זיך, גערופן: „פּאַט“, וואָס איז אַבסאָלוט ווייניקער אויפן אָרט) אין דער אָפּערעטע. אַ בלענדנדיק שיינער יונג, אַ לייכטער טענצער, אַ מיזיקאַלישער קופּלעטיסט — האָט ער ממש באַצויבערט פון דער בינע. אַניעלע איז געווען באַגאַבט, אינטעליגענט, אָבער געוויסע פּרטים האָבן איר געשטערט צו פאַרנעמען אויף דער בינע דאָס אָרט, וואָס איר האָט זיך געגלוסט צו פאַרנעמען און וואָס זי האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען...

דאָ קומען מיר ווידער צו אַ פונקט, וועלכן איך היפּער איבער... ווען־עס־איז וועלן מיר וועגן דעם רעדן אַ סך און אָן ריקזיכט. דאָ וועל איך באַמערקן, אַז מיט דער צייט בין איך אויף דער יידישער בינע געוואָרן... אַ ציניקער און האָב אָנגעהויבן „גלייכגילטיק“ פאַרבייגיין דערשיינונגען, וואָס לויטן געוויסן וואָלט מען געקאָנט און באַדאַרפט אויפגעמען מיט פויסטן און ציינקריצעריי. אָבער... ווי זאָגט דאָרט מיין אָפּט

ציטירטער פּרינץ פון דענעמאַרק: „ווען מען זאָל יעדן באַהאַנדלען לויט זיינע פאַרדינסטן, טאָ — ווער וועט אויסמיידן אַ פּאָר בעטש?“

לאָמיר פאַרגעסן אין „ציינקריצעריי“ אין יידישן טעאַטער, וויל... עס וועט נישט קלעקן קיין ציינער.

צו די לוסטיקע און אָנגענעמע עפּיזאָדן פון יענעם חודש אין לאָדזש געהערט דער ספּעקטאַקל אין „גרויסן“ טעאַטער, וואָס איז געגעבן געוואָרן לטובת דעם אַרטיסטן-פאַריין. מען האָט אין פּראָגראַם איינגעשלאָסן אַן אַקט פון „קוני-לעמל“, און דער „משוואָק“ פון אָוונט איז געווען: פּ אָ ל י אַ ק אָ וו — מ אַ ק ס און מ אָ ר ע וו ס ק י — ק ו נ י-ל ע מ ל. פּאָליאַקאָוו איז געווען פליגק און רייצנדיק און זיך געפילט אין גאָלדפּאַדנס שטיק ווי אַ פיש אין וואַסער, און איך האָב געבן אים אויסגעזען — קלאָר ווי דער טאָג — ווי אַ האָן, וואָס מען שעכט מיט אַ טעמפּן מעסער קעגן אַלע דינים פון כשרער שחיטה. דאָס האָט דער „סענסאַציע“ צוגעגעבן נאָך מער געווירץ. ועל כולם בין איך געווען געשמייכלט פון אַרומיקער „פּאָפּולאַריטעט“, אָבער באַשלאָסן האָב איך, אַז קיין „וויצן“ אויף דער בינע טאָר מען אַקטיאָר נישט מאַכן אפילו למען די גרעסטע מצוות. דער אָוונט איז מיר געווען אַ „לעקציע“, וואָס איך האָב מער קיין איין מאָל נישט פאַרגעסן.

דער חודש האָט זיך פאַרענדיקט מיט מיין אָפּשייד-בענעפיס. איך האָב אויפגעפירט „קין“. דער לייענער דאַרף געדענקען נאָך פון זומער-סעזאָן 1913, אַז די ראָל איז געווען מיין גרעסטע פרייד... און ווילנער שטאָט-טעאַטער האָט מיר די פאָרשטעלונג פאַרשאַפט אַ הייסן אָפּקלאַנג. אין לאָדזש אָבער האָט מיך קאָמפּאַניעיעץ געוואָרנט, אַז „קין“ איז אין שטאָט די חזקה פון יוליוס אדלער, און ווער עס האָט די ראָל געשפּילט נאָך אים, האָט אומפאַרמיידלעך געליטן אַ דורכפאַל. עס האָט נישט געהאָלפן אפילו דער פאַקט, וואָס קאָמפּאַניעיעץ (מיט אַ יאָר צוריק — ליפּאָווסקי) האָבן מיך באַגריסט מיטן אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך מיטן פּאָפּולערן אַרטיסט אין דער ראָל פון „דאָקטאָר גאָלדנוויזער“ אין גאָרדינס „אמתער קראַפט“. „אַ דאָקטאָר — האָט געטענהט מיין דירעקטאָר — ליגט מער אין דיינע פעיקייטן, ווי אין אַדלערס, ביסט מער אינטעליגענט ווי ער, אָבער אַן אַקטיאָר!! בעסער עס אויסמיידן! צו וואָס קאַליע מאַכן דיין טריומף, וואָס איז געוואַקסן מיט יעדן נייעם אויפטריט?“.

האָב איך אָפּגעשפּילט דעם גאַנצן רעפּערטואַר און „קין“ אויסגעמיטן...

צו דער אָפּשייד־פאַרשטעלונג, האָט דער דירעקטאָר באַשלאָסן, אַז „מיר האָבן שוין נישט וואָס אָנצוווערן".

צי איז דער ליבער, באַגאַבטער יוליוס אדלער געווען ווייניקער „אינ־טעליגענט" אין דער ראָל פון „דאָקטאָר גאָלהנווייזער" ווי איך? — דאָס קאָן איך נישט וויסן, אָבער אַז אין „קין" בין איך נישט געווען ווייניקער אַקטיאָר — האָב איך די העזה צו באַהויפּטן.

די בילעטן זענען געווען אויספאַרקויפט לאַנג פאַרן אָנהייב פון ספּעק־טאַקל, און איך געדענק אַ פּרט, וועלכער האָט מיך שטאַרק אויפגעבראַכט: דערזעענדיק אַן אומפאַרמיידלעכן „אַנשלאָג" („אַלע בילעטן אויספאַר־קויפט"), האָט דער דירעקטאָר פאַרן אָנהייב אויסגעהאַנגען אַ מעל־דונג, אַז מאָרגן ווערט „קין" איבערגעחזרט פאַר האַלבע פּרייזן...

דער פּועל יוצא איז געווען, אַז אין קאַסע זענען פאַרבליבן אַ טייל פון די ביליקערע בילעטן און קיין „אַנשלאָג" איז נישט געווען אויסגעהאַנ־גען. דאָס איז געווען אַ פּאַרדראָס, ווייל אַ „שפּיצל" פון דירעקטאָרס קאָפּ.

וועגן אייגדרוק פון ספּעקטאַקל וועל איך דאָ נישט רעדן. דעם עקזאַ־מען פון „אַקטיאָר" האָב איך ביי קאָמפּאַניעצן, משמעות, אויסגעהאַלטן, אָבער דאָ האָט זיך אומגעריכט אָפּגעשפּילט אַן אינצידענט, וואָס האָט אַרויסגערופן נישט נאָר „בייז בלוט" — ערגער: פאַרשטערט די יום־טובדיקע שטימונג פון די וואָכן און איבערגעלאָזט אַ „ר א ץ" אויף לאַנגע יאָרן...

* *
*

דאָס איז געווען פאַר די 15 יאָר אויף די טעאַטער־ברעטער דער ערשטער פאַל, ווען איך האָב אָנגעטראָפן אַן אויסדרוק פון אָפענער שנאה צו מיר. איך האָב פריער אָפט געזען, אַז מען וויל עפּעס ביי מיר אַוועק־נעמען און אָפּגעבן אַ צווייטן; געהאַט נישט איין פאַל פון שאַרפער אָפּאָ־זיציע צו מיין אופן דענקען, פּילן, טראַקטירן ראָלן, סצענישע סיטואַציעס; איך בין אָפט געווען אַן אָביעקט פון חוזק צוליב מיין ווייטגייענדיקער ערנסטקייט און די פראַגן פון לויפנדיקע ענינים... לאָמיר דערמאָנען אין גראָדנע די קאַסקאַדן געלעכטער איבער מיינע „מאָטיווירונגען" פון מי־זאַנסצענעס — איך האָב פאַר די 13 יאָר נישט קנאַפּ געהאַט צו זיפצן און... ווייכן פון ליבהאַרציקן מענטשן־מין.

אָבער איך האָב מיך קיין איין מאָל נישט אָנגעשטויסן אויף אַן אויסדרוק פון שנאה, נישט געמוזט אַ טראַכט טאָן, אַז מען האָט מיך פיינט; אַז מיין אָנוועזנהייט רופט אַרויס שוים אויף ליפּן... און מיטאַמאָל!

מיינע דריי פּאַרטנערן, וואָס איך האָב קאָמפּאַניִיעצן געצוווּנגען מיטצופירן קיין לאָדזש און אויסצוטיילן זייערע נעמען אויפן פּלאַקאַט — אליהו שטיין, אָסיפּ קאַמיען און יוסף בולאָוו — זענען געווען דריי אַקטיאָרן פון דריי גאָר פאַרשידענע מענטאַליטעטן, הגם צוויי פון זיי זענען געווען לייבלעכע ברידער. דער צאַרטסטער צווישן זיי איז געווען — שטיין! בולאָוו האָט זיך אָן ספק אויסגעצייכנט מיט מער שעפערישער איניציאַטיוו, אייגנאַרטיקן קאַפּריז, אינטואיציע און עקשנותדיקן דראַנג דורכצוזעצן זיין ווילן. דאָס דאַרף מען אין סכום אָנרופן: „טאַלאַנט“. אָבער אָן ספק טאַלאַנטירט איז געווען אויך שטיין און אויך קאַמיען.

פירנדיק זיי איבער די שטעגן פון אַרטיסטישער התחלה, האָב איך מיך געפרייט און געגרויסט ביי זייער יעדן געלונגענעם שריט און ביי יעדן פאַל פון זייער דערפאָלג. און איך האָב געהאַט גענוג גרונטן צו פרייען זיך מיט זיי און פלעג זיי טרעפן אַ צעשטראַלטער. איך מוז זאָגן, אַז אָפט פלעגט מיר דורכפליען אַ געדאַנק, אַז איך האָב מיינע לערער תמיד באַגעגנט מיט אַ סך מער האַרציקייט, ווי איך האָב אָנגעטראָפן ביי מיינע דריי „מיטגאַסטראָליאָרן“, אָבער — מילא! בין איך נישט „דאָלמאַטאָוו“, זענען זיי נישט — „מאָרעווסקי“!

די מעשה איז אָבער, אַז האָבנדיק אַריבערגעטרעטן דעם שוועל פון חדר און זיך דערזעענדיק אונטער פרייע הימלען, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז זיי זענען פאַרטיקע „שיסער“, און זיי האָט זיך פאַרגלוסט, משמעות, אַראָפּצוואַרפן דעם עול פון דער „העכערער מאַכט“. און „וואָס איז עס פאַר אַן אומגליק? — ווו מען גייט און ווו מען שטייט הערט מען רעדן וועגן דעם, וואָס שטייט אויפן פּלאַקאַט אויבן, און מען רעדט נישט וועגן די דריי „אונטערשטע“? אין האַרצן האָט זיך פאַרקליבן קנאה! מיר וועלן דאָ נישט רעדן וועגן דעם, ווי ווייט דאָס איז געווען פון אַרטיזם, פון פיינקייט, פון איידעלע שעפערישע שטאָפּן!

אַ פּאָר טעג פאַר מיין בענעפיס איז שטיין קראַנק געוואָרן. ער האָט באַקומען אַ געשוויר הינטערן אויער און געמוזט זיך לאָזן אָפּערירן. אין „קין“ האָט ער ביי מיר געשפּילט די ראָל פון „פרינץ פון ואלעס“... אָבער אָפּרופן דעם ספּעקטאַקל וואָלט געווען אַ בראָך, שטעלן אַן אַנדער שטיק אויך נישט קיין אויסוועג, און איך האָב די ראָל איבערגעגעבן בולאָוון...

בולאַוו איז צום „פּרינץ פון אועלס“ נישט געווען „צוגעפּאַסט“, און שטיין האָט אָן ספק, ליגנדיק אַ פאַרבאַנדאַזשירטער, זיך געטרייסט אין דער איבערצייגונג, אַז ער וועט דורך זיין אָפּוועזנהייט, ט ר י ו מ פ י ר ן....

אַזעלכעס געשעט אין טעאַטער כמעט קיינמאָל נישט! אַן אָפּוועזנדי־קער אַקטיאָר איז אַ „נעכטיקער טאָג“... און די ראָל אין „קין“ איז וויכטיק בעת מען קוקט דעם ספּעקטאַקל. אָבער קיינעם וועט נישט איינפאַלן צו „מאָנען“, אויב די געשטאַלט קומט אַרויס פאַרטונקלט. און בולאָוו האָט איבערהויפּט אימפּאָנירט, ווי אַזוי ער זאָל נישט שפּילן: אַן אויסערסט באַצווינגענדיקער סצענישער חן האָט באַגלייט זיין יעדן אָטעמצוג און קער אויף די ברעטער..

מיין שיידן זיך מיט לאָדזש איז געווען באַשטימט אויף די נאָענט־סטע טעג, און איך בין געבליבן אויף נאָך איין אויפפירונג, כדי זיך צו באַטייליקן אין שטיינס בענעפיס. ער האָט באַשלאָסן אויפצופירן לעאָניד אַנדרעיעווס פּאָפּולער שטיק: „די טעג פון אונדזער לעבן“, און איך האָב געזאָלט שפּילן די נעגאַטיווע ראָל פון דייטש „פאָן־ראַנקע“. אויף פּראָבע (רעזשי האָט געפירט דער בענעפיציאַנט) אין דער סצענע צווישן „ראַנקע“ און „אָל־אָל“ האָט דער רעזשיסער זייער געגנוי און נישט זייער טרעפלעך זיך פאַרגומען מיט די מיזאַנסצענעס, און איך האָב גוטמוטיק באַמערקט, אַז היות די ראָל האָב איך — אויף רוסיש נאָך — אַ סך מאָל געשפּילט און אויף דער בינע זענען מיר זאַלבענאַנד, וואָלט איך געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט פאַרלירן אַזוי פיל צייט אויף אָט דער סצענע און גיין ווי־טער... אויף דעם האָט איבער דער בינע אַרויסגעהילכט דעם רעזשיסערס געשריי אויף רוסיש: „ש פּ י ל ט ד אָ נ י ש ט פ אַ ר א ו נ ד ז ק יי ן פ אַ ר ש ט ו נ ק ע נ ע ם ג אַ ס ט ר אָ ל י אָ ר! היינט בין איך דער רעזשיסער, און טוט וואָס מען הייסט אייך!“

די רעאַקציע אַרום וועל איך נישט שילדערן. איך האָב אויבן באַ־טאָנט, אַז צו מיר האָבן זיך מיט דרך־ארץ באַצויגן די בינע־אַרבעטער. און זיי זענען געשטאַנען בעת משעה אין די קוליסן... איך קאָן נישט זאָגן ווי אַזוי דער אינצידענט וואָלט זיך צעוואַקסן.

נאָך אַ סעקונדע איבערראַשונג האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז דער מענטש טראָגט אויפן אויער אַ באַנדאַזש און אים טוט אוודאי ווי די זונגד, און איך האָב אַרויסגעשטאַמלט:

— אַליאָשאַ! איר זענט אויפגערעגט... אפשר האָט איר שמערצן, און איך האָב אייך ווי געטאָן?

און אין דער מינוט איז איבער מיין קאָפּ פאַרבייגעפלויגן אַ בענקל. דאָס האָט אָסיפּ קאַמיען זיך אָנגענומען דעם ברודערס קריוודע און געשליידערט מיר אין קאָפּ אַ בענקל, שרייענדיק:

— ער וועט אונדז מיט זיינע הייליקע אויגן אַלעמען פאַרגיכטן!

* *
*

אין דער לאָדזשער אָפּטיילונג פון אַרטיסטן-פאַריין איז אין אַ טאָג אַרום פאָרגעקומען אַ חברים-געריכט. „פאָרשן" און אויפקלערן איז נישט געווען נייטיק. נאָך אַ קורצער זיצונג האָט דאָס געריכט באַשלאָסן, אַז שטיין דאַרף זיך פאַר מאָרעוסקין אין קעגנוואַרט פון געריכט און אַלע אָנוועזנדיקע אַנטשולדיקן. איך בין געזעסן ווי אויף קוילן. עס זענען אַריבער עטלעכע מינוט, קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. איך בין צוגעגאַנגען צו שטיינען און אויסגעשטרעקט מיין האַנט:

— חברים זענען אַ גרויסע זאַך, געריכטן אַ וויכטיקער ענין, אָבער געשווירן און וווּנדן און אַקטיאָרישע ווייטיקן האָבן זייער רעזאָן. גענוג זיך צו קריגן, אַליאָשאַ, לאָמיר זיך צעקושן. עס איז אַזוי געשען.

פון אַליאָשען האָב איך אויסדרוקן פון ליבע און הארציקייט אין די ווייטערדיקע יאָרן געזען נישט איינמאָל, אָבער נישט ווייניקער געהאַט עגמת נפש. און נישט פון אים אַליין, און אַמווייניקסטן פון אים.

דער אינצידענט אין לעצטן מאָמענט פון מיין לאָדזשער ערשטן אַרויספאָר אין דער וועלט איז מיר פאַרבליבן ווי אַ לייטמאָטיוו פון די פאַרהעלטענישן און באַציונגען...

אומהיימלעכע שאָטנס אין צויבער-לאַבירינט!

ווייטיקפולע שטרויכלונגען אין דרייעק!

# צווייטער קאַפּיטל

## מיט אַן — סקין

דער חודש אין לאָדזש ביי קאָמפּאַניעצן האָט אויסער די אַלע באַשריבענע תענוגים און סורפּריזן געבראַכט אַזאַ מתנה, וועלכע האָט תחילת אויסגעזען ווי אַ געפּאַר און שפּעטער דערפירט צום דערהויבענעם אויפשוווּנג פון מיין שעפערישן וועג.

דאָס טעאַטער אין לאָדזש אויף צעגלאַנע־גאַס פלעגט די דירעקציע באַהייצן נאָר אין אָווענט צו דער פאָרשטעלונג. די פראָבן זענען געגאַנגען אין נישט באַהייצטן זאַל, און געווען איז עס, ווי דער לייענער דאַרף וויסן — אין דעצעמבער.

דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז מיין כראָנישער האַלדז־קאַטאַר האָט זיך פאַרשאַרפט ביז אַזאַ מדרגה, אַז אין וואַרשע האָט מיר דער דעמלט באַוווּסטער לאַרינגאָלאָג דאָקטער כאָראָנזשיצקי קורץ און בינדיק געמאָלדן, אַז אויב איך וויל אויסמיידן טובערקולאָז, זאָל איך פאַרגעסן, אַז איך בין אַ שוישפּילער און זיך דערווייל באַזעצן אויף אַ לענגערער צייט אין אָטוואָצק. „שפּעטער וועט מען זען וואָס ווייטער וועט זיין".

וואָס „אָטוואָצק"? ווען „אָטוואָצק"? איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס איבערצולעבן די עטלעכע טעג ביז ווילנע...

האָט אין אָטוואָצק געוווינט — אַן—סקי! איך פלעג צו אים פאָרן צוזאַמען מיט אַלטער קאַציזנע און זיין פרוי חנה. מיט די קאַציזנעס איז עס געווען מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט, און איך נעם אָן, אַז זיי האָט אויסגעזען אומבאַגרייפלעך און ווילד די מעשׂה מיטן „אָנגעזעענעם אַרטיסט" (און „לענדלאָרד" דערצו), וועלכער האָט נישט אויפן טאָג־געברויך (און פרעסט דערביי צו פערטלעך געגדזונס אויף אַ מאָל, נישט זאָרגנדיק וועגן מאָרגנדיקן טאָג)... זיי האָבן בלי ספק דערציילט אַן—סקין דעם מצב

העניגים; אַנ — סקי האָט מיר, כידוע, שוין פונלאַנג באַצייכנט ווי „אַ וואָלף מיט שעפּסנציין“, און אין אַ העלן פרימאָרגן האָט ער מיך בעת איך האָב באַטראָכטן זיין שוועל אַטאַקירט מיט אַ דונערדיקן אויסגעשריי:

— ווי לאַנג וועט איר אַרומשפּאַצירן איבער וואַרשעווער גאַסן מיט אייער „פּראָקליאַטן“ גאָרגל און פרעסן געגנדז און זויפן פּרוכטוואַסערן און דרשנען וועגן קונסט, אַנשטאָט צו זיצן דאָ אין אָטוואָצק און שווייגן?... אין לעבן האָב איך נאָך אַזאַ ווילדע בריאה נישט געזען!

איך האָב אָפּגעטרייסלט דעם שניי פון היטל, פון די שולטערן, אויסגעטאָן דעם מאַנטל און... נישט געבעטענערהייט זיך אַוועקגעזעצט אין ברייטן פּאָטער-שטול.

— נו! — שרייט אַנ — סקי ווידער אויף די העכסטע טענער — וואָס שווייגט איר?

איך האָב זיך צעלאַכט.

— אַ קיצור — הער איך, ווי ער זאָגט שוין מיט אַן אָקטאַווע שטילער — קיין געגנדזנס און קיין לימאָנאַדן וועט איר דאָ נישט קריגן, נישט קליין צו טרינקען סאָדעוואַסער און עסן רינד-פליש. די באַלעבאָסטע פאַניִאָס איז מיינע אַ קרובה. זי איז מסכים צו לאָזן אייך זיצן דאָ מיט אונדז ביז איר וועט געווינען אַזוי פיל, ווי איר וועט שולדיק זיין פאַר אַ חודש — צוויי און זאָל קאַציזנע ברענגען מאָרגן אייער געפּעק! די טעאַטער-בגדים דאַרפט איר דאָ נישט האָבן, גאָר — דאָס נויטיקסטע. און איר הייבט תיכף אָן — שווייגן און געזונט ווערן! שלאָפן וועט איר אָט דאָ אויפן טערקישן דיוואַן*) נעבן מיר פון מיין חדר און געדענקט, אַז רעדן איז פאַרבאָטן. אגב האַלט איך אין פאַרענדיקן מיין „חורבן גאַליציע“ און וויל פון אייך נישט הערן און נישט וויסן. מיר וועלן זיך טרעפן ביים עסן דאָ אין עסצימער, כאַפּן אַ שמועס ווען נישט איז ביי מיר ביי אַ גלעזל טיי. אָבער בכלל זענען מיר ביידע — „נישטאָ אין דער היים“, בפרט נאָך אַכט אין אָוונט זאָלט איר נישט קלאַפּן אין מיין טיר. איך וועל אין בעסטן פאַל נישט ענטפערן, אין ערגערע פאַלן — טרייבן מיט אַ שטעקן.

„וואַרטן ביז מיין גרויסן געווינס“ האָט, פאַרשטייט זיך, „מסכים געווען“ — נישט זיין קרובה פאַני לאָיס, נייערט ער אַליין, מיין אומפאַרגלייכלעכער „סעמיאָן אַקימאָוויטש“...

---

*) „טאַפּטשאַן“ בלע״ז.

איך האָב זיך איבערגעזעצט פון פּאָטערשטול אויפן טערקישן די־ וואַן און אָנגעהויבן — נישט „שווייגן און געזונטווערן“, נייערט — רעדן...

* *
*

איך מוז דאָ עפּעס זאָגן וועגן ענין — „רעדן“.

איך וויל דערציילן דעם לייענער מיין פעסטן, ממש „אייזערנעם“ כלל ואין יוצא. דהיינו: איך בין אַ קעגנער פון יעדן איבעריקן וואָרט דאָ, וווּ עס האַנדלט זיך אין מעשים... אין יעדן פאַל, ווען מען האָט פאַר זיך אַ קאָנקרעטן ציל, איז יעדעס וואָרט אַ סימן פון אומבאַהאָלפנקייט אָדער — ערגער: אומערלעכקייט, פאַלשער שפּיל, כוונה אַראָפּצופירן פון וועג... אַז עמעצער פרעגט וועגן נאָענטסטן וועג צום באַן (לאָמיר זאָגן) און קריגט נישט קיין ענטפער אין קורצע ווערטער, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ שלעכטן וועגווייזער

אַז אַן אָפּמאַך וועגן אַן ענין, וועלכער האָט צונויפגעפירט צוויי צד־ דים, ווערט נישט געשלאָסן אין קורצן זאַכלעכן געשפּרעך, איז דער ענין — דורכגעפאַלן.

איך בין אַ פאַרביסענער קעגנער פון ארומרעדן שעהנלאַנג אַ סצעני־ שע סיטואַציע, אַ מאַלערישע כוונה, אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע: דאָ מוזן ווירקן, באַאיינפלוסן, באַפרוכפּערן פאַקטאָרן, וועלכע קאָנען אין ווער־ טער ווערן אָפּגעווישט, אומגעבראַכט, פאַרטיליקט...

ביי אַ צעפלאַמטן דיריגענט קאָנען נישט ווערטער־שטראָמען מיט־ ברענגען די באַגייסטערונג אין אָרקעסטער אויף די פידלען און וויאָלאָנ־ טשעלן.

און אין שרייענדיקער סתירה צום געזאָגטן האַלט איך מיין גאַנצן לעבן, אַז — „רעזשיסירן הייסט — רעדן!“

אָבער רעדן נישט וועגן די קאָנקרעטע פונקטן און פּרטים פון געגע־ בענעם סצענישן ווערק: צו דעם מוזן אַרטיסטן דערלאַנגען אויף אַן אַנדער אופן, דורך אַן אַנדער וועג.

רעזשיסירן הייסט רעדן סתם אין דער וועלט אַריין! דורך ווערטער, וואָס זענען שליחים פון אַבסטראַקטן געדאַנק (הגם אָפט, צום אומגליק — אומבאַהאָלפענע שליחים און נאָך ערגער — פאַלשע שליחים) דאַרף דער

רעזשיסער אויפֿוועקן ביים אָנטיילנעמער זיין פֿאַנטאַזיע; מאַכן פֿילבאַר און פֿליענדיק זיין אינטואיציע, אָבער נישט אַרומרעדן קאָנקרעטע פּונקטן, נישט פֿאַרפֿלייצן אין ווערטער די קערנער פֿון שפּיל, נישט פֿאַרטויבן די קלאַנגען פֿון ניינגעבוירענע געפֿילן, וואָס הייבן זיך אָן דורכשלאָגן דורך דער נייער סיטואַציע, און דער שפּילער דאַרף אָנהייבן אַוועקגיין פֿון ווירק־לעכן „אַרום" און אַריינדרינגען אין דער וועלט פֿון דערהפֿילטן פּראָבלעם.

דעם רעזשיסערס אַבסטראַקטער געדאַנק דאַרף זיין פֿאַרן קינסטלער אַ „לופֿטשיף", אויף וועלכער אויפֿהייבנדיק זיך אין די הייכן וועט ער דערזען זיין שפּילערישע אויפֿגאַבע, זיין שעפֿערישן פּונקט — נישט ווי „אָנגעטאַפּטע" מיט די פֿינגער, נייערט דערגאַנגענע צו אים דורך האַרץ און גייסט, דורך אַ פֿונק, וואָס צינדט זיין ווערק און מאַכט עס בליען...

אָט אַזאַ מין רעדן אָן אַ ציל, פֿאַרגעסנדיק אַלץ אַרום ביז שאַרפֿע ווייטיקן אין קעל, אַזעלכע אויספֿלוגן אין די הייכן פֿון אַבסטראַקטן געדאַנק פֿלעגן מיר מיט אַנ — סקין מאַכן יענע וואָכן אין די מאָרגנשעהן צווישן שנייען איבער די שטעגלעך פֿון אָטוואָצקער וועלדלעך און לאָנקעס — ווייסע, פּוסטע, פֿרייע, אומגעשטערט־צעשפּילטע אין מיליאָסן פֿונקען פֿון די ווייסע טעפּיכער.

ברענגען דאָ די טעמעס און די אינהאַלטן פֿון אונדזערע געשפּרעכן אין פּונקט אַזוי נישט מעגלעך ווי ס'איז נישט מעגלעך צו זאָגן וויפֿל פֿונקען ס'האָבן אין דעם שניי־טעפּיך געהויבן אונדזערע געמיטער, גע־וועקט געדאַנקען, געמאַכט די הערצער אָפֿן...

מיר האָבן נישט וויניק גערעדט — אויך „סתם גערעדט" — גאָר פֿלאַמענדיק און אָן שום דרוק פֿון דרויסן — וועגן פּראָגן, וואָס אין ווילנע מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק האָט אונדז געהאַט צעטיילט אין צוויי מחנות. איצט האָט ער רק ווייניקער אָפּאָגירט, רק מער געשוויגן און געהאָרכט...

זיין ענדגילטיקער איבערברוך איז פֿאָרגעקומען אין אַ חדשים צוויי שפּעטער. מיר וועלן נאָך קומען דערצו...

וווהין די „לופֿטשיפֿן" פֿון אונדזערע „סתם רייד" האָבן אונדז גע־בראַכט וועלן מיר ביסלעכווייז דעם לייענער אַנטדעקן.

דערווייל — לייכטע פּאַקטן, עפּיזאָדן, וואָס זעען אויס ווי אַנעק־דאָטן...

איך האָב אים אַמאָל אומגעריכט אַ פֿרעג געטאָן:

— סעמיאָן אַקימיטש, אויף וועלכן לשון האָבן מיר נעכטן גערעדט אין וואַלד און פֿעלד?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מיך אָנגעקוקט מיט לאַכנדיקע אויגן...

— יעי באָגו, ניע זנאַיו! און איר ווייסט?

— אויך נישט!

אויף מאָרגן האָב איך די פראַגע געשטעלט זיך אַליין און אויך קיין תשובה נישט געהאַט. האָב איך אָנגעהויבן פאַרשרייבן: „היינט גערעדט צוויי שעה יידיש“, נאָכמיטאָג ביי דער טיי — „אַ שעה גערעדט — רו־סיש“. אויף מאָרגן האָט ער נישט געקאָנט ענטפערן אויף מיינע פראַגן: „ווי אַזוי גערעדט?“ און איך האָב געהאַט „פּראָטאָקאָלירט“. עס מוז גע־זאָגט ווערן, אַז דעם „אויבנאָן“ האָט פאַרנומען נישט פּרץ און נישט שלום־עליכם, נאָר פּושקין.

— דאָס זענט איר שולדיק מיט אייער סוואָרינס שול... איך פיל מיך שולדיק פאַר ווייטערס זכר.

— אויב דאָ שטעקט אַ שולד, סעמיאָן אַקימיטש, איז זי שווערער ווי דער חילול פון ווייטערס געבאָט. אָבער אויסקויפן די שולד קאָנען מיר נישט דורך אָפּשטויסן פון זיך אונדזער רוסישע צווייטע נאַטור. עס גייט אין דערהויבן און פאַרטיפן די יידישע, די ערשטע!

און דאָ קומען אַריין אין קאָן אַזויפיל פאַרשידענע און, צום אומגליק, צווישן זיך צעריסענע פאַקטאָרן, אַז מען דאַרף האָבן אַ „נאַפּאָלעאָן“ צו קאָנען מתקן זיין די אויפגאַבן פון צייט.

— פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן פון ווילנע? איר זענט דער פאַ־סיקסטער מענטש, וואָס קאָן און איז מחויב אויפצואַקערן דאָס פעלד פון יידישער טעאַטער־קונסט. דאָ קאָן אייער סוואָרין גראָד אונדז ברענגען נוצן און צייטיקע אויבסטן. ווייל צום גליק זענט איר אַ ייד נישט ווייניקער ווי אַ „יוהאָפּאָב“. און אייער טעאַטער־קולטור האָט באמת טיפע און גע־זונטע וואָרצלען. פלאַנצט עס איבער אין אונדזער באָדן! קיינער שטערט אייך נישט!

— „קיינער“ שטערט נישט, איז אפשר ריכטיק געזאָגט, סעמיאָן אַקימיטש, אָבער דאָס איז ווייניק! עס מוז קיין זאַך נישט שטערן!

— און וואָס שטערט אייך? — האָט ער מיט חידוש אין די בליקן אַרויסגערעדט.

— קודם מיין האַלדז־קראַנקהייט...

— דאָס וועט אין אַ דריי חדשים אַרום פֿאַרשווונדן. און, ענדלעך, מוזט איר נישט דווקא שפּילן: לערנט די יוגנט, פֿירט אָן מיט דער אינ־סטיטוציע.

— דאָ ליגט איינע פֿון די הויפּט־סיבות, צוליב וועלכער איך וועל אין ייִדישן טעאַטער ווייט נישט אַרייַנדרינגען...

— וואָס מיינט איר?

— ייִדן פֿאַרשטייען נישט און וועלן קיינמאָל נישט פֿאַרשטיין, אַז אין קונסט איז דער „יש" דער אויפֿטו פֿון קינסטלער. אין ייִדישן טעאַטער וועט אומפֿאַרמיידלעך פֿירן און הערשן דער, וואָס איז פֿעיִק צו שאַפֿן די געהעריקע באַדינגונגען פֿאַרן קיום פֿון דער אינסטיטוציע און, האָבנדיק געשאַפֿן די באַדינגונגען, וועט ער זיי אויסנוצן פֿאַר זיך. עס וועט אין ייִדישן טעאַטער תמיד דאָמינירן דער סטיל און די אַטמאָספֿער פֿון גע־שיקטן אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער וועט דעם געזאַלבטן און צעפּלאַטן קינסט־לער מיט אַלע מיטלען יאָגן און פֿאַרפֿאָלגן.

— איר שיינט צו האָבן דערטאַפּט דעם דופֿק פֿון אונדזער חולה — האָט ער שטילערהייט אַרויסגערעדט. און מיט אַ ביטערן שמייכל גע־פֿרעגט:

— און דער אויסוועג? נישטאָ קיין שום אויסוועג?

— נסים, סעמיאָן אַקימיטש, גליקלעכע צופֿאַלן! מיר האָבן פֿרעכ־טיקע ייִנגלעך און מיידלעך. מיר טראָגן אין זיך כּוחות פֿון גדולים! פֿון צייַט צו צייַט מוז זיך עס אַלץ אַרויסרייסן, ווי אַ קוואַל, וואָס רייסט אויף אַלע מניעות. פּערמאַנענט וועט ביי אונדז קיין היכל נישט האָבן זייַנע טורעמס צום הימל געהויבן. אָבער מאָמענטן וועלן זייַן, מוזן זייַן!

— הלוואי פֿון אייער מויל אין גאָטס אויערן, מאָרעוווסקי! אָבער ווערט אָקאָרשט געזונט און הייבט אָן — שפּילן! טאַקע ממש — שפּילן. מיר גלוסט זיך אייך זען אין „קין". איך האָב געהערט גאָר גרויסע מיי־נונגען.

עס איז געווען אַ קנאַפּ יאָר פֿאַרן גרעסטן טעאַטער־נס פֿון אונדזער דור, פֿון וועלכן ער — סעמיאָן אַקימיטש אַ נ—ם ק י — איז גע־ווען דער שעפֿער און צו וועלכן ע ר האָט נישט דערלעבט.

אונדזער אָפּשאַצונג פֿון דעם, וואָס מען האָט אָנגערופֿן „דיבוקיאַדע" אין פּנקס פֿון ייִדישן טעאַטער איז געבויט אויף אונדזער פֿעסטער זיכער־קייט, אַז, אויב טעאַטער בעצם הדבר איז נישט קיין פֿאַקטאָר פֿון וואָלגאַ־

דער פֿאַרוויילונג און דאַרף טראָגן זוימען פֿון התלהבות, פֿון טיפֿסטן מין „השתּפּכות הנפֿש“; אויב יידיש טעאַטער איז מיט גאָלדפֿאַדענען אַוועק ווייטער פֿון פּרימיטיווער „פּורים־שפּיל“, וואָס איז געווען זיינע וויגעלעך און וויג; אויב מיט גאָרדינען און דעם אסתּר־רחל־קאַמינסקאַ־קאַפּיטל האָט זיך יידיש טעאַטער אַ קער געטאָן אין דער ריכטונג פֿון גרויסער בינע־קונסט אין וועלט־מאַסשטאַב און האָט געמוזט זוכן ווייטערדיקע פֿאָרמען, וואָס זאָלן סינטעזירן די טיפֿקייט פֿון יידישע קאָנפֿליקטן מיט דער ראַפֿינירטקייט און פֿולקאָמענהייט פֿון אַלוועלטלעכן טעאַטער, איז דער דיבוק־קאַפּיטל דער העכסטער פּונקט פֿון אונדזערע טעאַטער־היגלען.

פֿאַקטן — אָביעקטיווע פֿאַקטן — וועלן מיר דעם לייענער אין די פֿאָרשטייענדיקע קאַפּיטלען דערציילן, טיילווייז — באַלויכטן, און דערביי דערמאָנען, אַז די טעמע פֿון אונדזערע בענדער איז דער לעבנסוועג פֿון אַ יחיד, פֿאַרוועבט און אויסגעוויקלט אין די אויפֿטרייסלונגען און קאָנפֿליקטן פֿון אונדזערע יאָרצענדליקער.

פֿאַר אונדזער סוביעקט איז טעאַטער דאָס פֿעלד פֿון זיינע קאַמפֿן מיט די פֿינצטערע כּוחות פֿון פֿאַרמשפּטן אַמאָל. דער לייענער קען שוין אין אַ רייכער מאָס די באַזונדערע מאָמענטן פֿון מיינע „קאַמפֿן“ און, צוטרעטנדיק צום „דיבוק“, פֿיל איך מיך באַרעכטיקט צו באַמערקן, אַז ראשית איז עס אַ קאַפּיטל פֿון „העכסטער הייך“ אין אונדזער טעאַטער־ווירקלעכקייט; צווייטנס, איז עס אַן אָנגעזעענער פּונקט אין רעפּערטואַר פֿון אַ גרויסער צאָל טעאַטערס אויסער דעם יידישן גבול און, דריטנס, איז עס פֿאַרן אויטאָר דאָס קאַפּיטל וועגן דער אַבסאָלוט־דערגרייכטער סינטעז פֿון אַלע עלעמענטן, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט אין טעאַטער פֿון זיין ערשטן אָטעמצוג.

אַן אַנדער טעמע איז שוין דער פֿאַקט, וואָס „די דיבוקיאַדע“ איז אין מיין לעבן אַ קורצער עפּיזאָד, און די דערהויבנקייט — „די העכסטע הייך“ — איז גאָר שנעל „אַראָפּ אין טיפֿסטן גרונט“... אָבער די הייך איז געווען דערגרייכט, איז פֿאַרבליבן אין מיין פּנקס און מוז פֿאַרצייכנט ווערן אין פּנקס פֿון יידישער קולטור, ווי אַן אויגנבליק פֿון אויסשטראַלונג, ווי אַ רגע אין קדשי־קדשים פֿון מענטשלעכער עבֿודה...

* *

*

מיט אַנ—סקין, ווי געזאָגט, פלעגן מיר זיך אויף לאַנגע שעהן באַהעפטן אין שמועסן, אָבער ער האָט קיין איין מאָל אין יענע וואָכן נישט פאַרפירט קיין שמועס וועגן זיין אָנגעווייטיקטן פונקט: וועגן „דיבוק“... ער האָט, משמעות, אויפגעהערט טראַכטן וועגן דערזען זיין ווערק אויף דער בינע. אין ווילנע מיט אַ צען חדשים צוריק האָט ער זיין „לעגענדע“ פאָרגעלייענט... דעם אָוונט האָבן מיר בפרטיות באַשריבן. שפּעטער פאַר זיין פאַרלאָזן ווילנע האָט ער געלייענט דאָס שטיק פאַר אַ גרעסערער אוידיטאָריע: דאָס ווייסן מיר אויך און איך האָב מיך סקאַנדאַליעז קאָמפּראָמיטירט, לייענענדיק דעם דריטן אַקט... האָט ער אין אָטוואָצק די טעמע מיט קיין איין וואָרט, אָדער אָנדייטונג נישט באַרירט. אין דעם דאָזיקן פרט שפּיגלט זיך אָפּ זיין אמתע גדלות און גרענעצלאָזע איידלקייט, באַשיידנקייט און זעלבסטווערדע פון אַ דיכטער.

איך פלעג זיך אָפּט פאַרטראַכטן: ווי אַזוי, מיט וואָס און אויף וועלכן אופן וועל איך אים ווען עס איז אָפּדאַנקען פאַר זיין איצטיקער האַרציקייט און גוטסקייט צו מיר, וועלכע איך האָב מיט קיין שום שריט פון מיין זייט לגבי אים נישט פאַרדינט? ער האָט דאָך מיך פּראָסט פּשוט — אויסגעהאַלטן! מיך האָט עס נישט געקוועלט, נישט געדריקט, ווייל ער איז געווען אָן אַ גרענעץ נאָבל.

עס האָט זיך נאָך אָפּגעשפּילט אַזאַ מין דיאַלאָג צווישן אונדז:

— הערט — זאָגט ער איינמאָל, אַרויסגייענדיק פון זיין חדר מיוחד צום טיש עסן מיטאָג — הערט: איר האָט דאָך אַ טבע צו זויפן פרוכטוואַסער עמערווייז, און דאָ טרינקט איר וואַסער פון ברונעם. מילא, זאָל אייך ווויל באַקומען, אָבער מיר איז איינגעפאַלן אַ מחשבה, אַז אפשר האָט איר נישט קיין קליינגעלט?... וואָס שווייגט איר, פרא אדם? זאָגט, איך וועל אייך לייען. נישקשה, מען קאָן נאָך אויף אייער ווילנער פירשטאָקיק הויז אייך באָרגן אויף אַ פלעשל לימאָנאַד...

מיר האָט נישט שטאַרק אימפּאָנירט דער „טעקסט“ פון זיין בעצם ליבן פאָרשלאַג, און איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט. ביים טיש האָט מען געשוויגן אַזוי ווי אַלעמען וואָלט עפּעס געדריקט. נאָך מיטאָג האָט ער מיך אַריינגערופן צו זיך און זאָגט:

— הערט מיך אויס, מאָרעווסקי. מילא די פוילע וויצן וועגן אייער הויז וועט איר מיר מוחל זיין, אָבער איך וויל אייך זאָגן ערנסט: איר דאַרפט דאָך האָבן אַ ביסל מזומנים אין קעשענע, מען איז דאָך נישט מער

ווי אַ לעבעדיקער מענטש. איך וועל אייך גערן באָרגן אַ טויזנט מאַרק. איר וועט מיר פון ווילנע אָפּשיקן... וואָס ענטפערט איר נישט?

— סעמיאָן אַקימיטש! דאַנקען אייך וועל איך נישט. ס'איז עפּעס פאַראַן אַזאַ דין אָדער מנהג ביי יידן, אַז פאַר אַ מצוה טאָר מען נישט דאַנקען...

— א גוי גמור — האָט ער זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט — דאָס האָט איר אין פּעטערבורגער טעאַטער־שול אַזוי אויסשטודירט משניות?

— כאַ־כאַ־כאַ. נו, רעכט! אָבער טויזנט מאַרק נעמט איר ביי מיר צי נישט?

— סעמיאָן אַקימיטש! מזומן געלט, ביי עמעצן געבאָרגט, איז אַ פּלאָג, אַן אָנשיקעניש. נעמען עס אָן שאַרפער נויטווענדיקייט איז פּשוט אַן אומזין און אַן עוולה.

— אָבער איר דאַרפט האָבן, משוגענער! איר האָט דאָך נישט קיין פּרוטה אין טאַש!

— קיין פּרוטה האָב איך טאַקע נישט און קאָן מיר נישט העלפן, ווייל... איך האָב נישט, אָבער טויזנט מאַרק, לאָזט זיך אויס, האָב איך דאָך יאָ!

— פונוואַנען? פונוווען?

— פון דער מינוט ווי איר האָט זיי מיר פאָרגעלייגט! דאָס שווער געפיל פון נויט איז פאַרשוואונדן מיטן געדאַנק, אַז איך קאָן מיך פון נויט אַרויסבאַקומען, אַדאַנק אייער גרייטקייט מיר אַרויסצוהעלפן.

— נו, און וואָס ווייטער?

— און גאָרנישט ווייטער!

— און דאָס געלט?

— האַלט ביי זיך!

— איז וואָס איז די פּעולה דערפון?

— אַז מזומנים צו יעדער מינוט קאָן איך האָבן, אויב איך וועל מוזן לייען און קיין בעל־חוב בין איך נישט, דאָס איז די גרעסטע טובה, וועלכע איר האָט מיר געטאָן...

— אַ מאָדנער געמיש פון שטות מיט פּקחות! — האָט ער זיך גוט־מוטיק צעשמייכלט. — אָבער איר גיט מיר אייער ערנוואָרט, אַז ביי דער ערשטער נויטווענדיקייט נעמט איר ביי מיר דאָס געלט...

— מסכים! איך פאָדער ביי אייך נישט קיין וואָרט, אַז איר וועט די סומע נישט אויסגעבן אָן מיין וויסן!

— איך קאָן צו יעדער צייט האָבן אַנדערע טויזנט מאַרק: די רעדאַקציע וועט מיר נישט אָפּזאָגן, אָבער אין אייך שטעקט ערגעץ אַ פּראַקטישער הוש, וואָס איז געפערלעכער פאַרן צד שכנגד, ווי די געוויינלעכע סוחרישע געלטגייציקייט, ביי וועלכער מענטשן ווערן „בלינד“ און „שיכור“. איר זענט אין אַזעלכע ענינים, ווי איך זע, ניכטער און זעט ווייטער ווי צאָלן אין ציפערן.

— אַ מענטש דאַרף קיינמאָל נישט פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיטן אַבסטראַקטן געדאַנק, סעמיאָן אַקימיטש, קיינמאָל נישט זיין געפאַנגען אין נעץ פון „עסק“, פון אינטערעס, ווי ווייט דאָס וועט שטיין אין סתירה מיטן העכערן, מענטשלעכן אמת.

— איר געדענקט דעם משולחס מאָנאָלאָג וועגן „פענצטער איז גלאָז און שפּיגל איז גלאָז“? — האָט ער מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן און מיך אָנגעקוקט מיט ברייט־אויפגעעפנטע אויגן...

— אוודאי געדענק איך — האָב איך געענטפערט.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן: איך האָב געזאָגט אַ ליגן, כדי אים נישט מצער צו זיין. איך האָב פון „דיבוק“ נישט געדענקט קיין איין שורה, און ער האָט עס איבערגעלייענט אין מיינע אויגן... און זיך אָפּגעקערט פון מיר.

* *
*

דעם עקזעמפּליאַר האָט ער מיר געשאָנקען באַלד נאָך דעם, ווי דאָס ביכל איז אַרויס פון דרוק אין דער אויסגאַבע, וועלכע עס האָט פאַרווירקלעכט דער אינזשעניער לייב קוויאַט, זיין פריינד. דאָס זענען געווען די ערשטע וואָכן פון פוילישן ווילנע. אין דער לופט פון נייע קולטור־שפּראַצונגען. דאָס דערשיינען פון ווערק איז געווען פאַר זיך אַ פרייד. הגם די אויפשריפט: „מיין הייליק־ און טראַגיש־אומגעקומענעם פריינד א. ווייטער“ האָט די פרייד באַדעקט מיט שוואַרצן קרעפּ...

אויף מיין עקזעמפּליאַר האָב איך איבערגעלייענט: „מיין טייערן פריינד א. מאָרעווסקי“ — אומבאַגרענעצט איז געווען מיין פרייד איבער דעם און מיין גדולה: אַנ—סקין האָבן אַלע געליבט און געשעצט, און מיין באַציונג צו אים האָט לויט מיין טבע געגרענעצט מיט „פאַרגעטערונג“. יעדע באַגעגעניש פלעג איך אויפנעמען ווי אַ פייערלעכע שמחה.

און ביי אַלעם דעם האָב איך אין „דיבוק“ במשך פון דעם גאַנצן פּעריאָד נישט אַריינגעקוקט! (לייענען איז ביי מיר אַ שווערע הלכה: אָן ספּעציעלע שטוים־פּאַקטאָרן קאָן איך דעם פּראָצעס נישט בייקומען).

אין אָטוואָצק יענע טעג איז אָנגעקומען אַזאַ מאָמענט... דאָס האָט געמוזט זיין אויף דער דריטער וואָך פון מיין אויפענטהאַלט, נאָך עטלעכע שעה פון אונדזער „לופטשיף“. שפּעט אין אָוונט, בעת ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין זיין צימער, וווהין ער האָט פאַרבאָטן נאָך אַכט אַריינצוקוקן, האָב איך אַרויסגעשלעפּט פון מיין טעקע מיין „דיבוק“־עקזעמפּליאַר און אָנגעהויבן... בלעטערן. איך האָב אויפגעמישט דעם מאָנאָלאָג וועגן „שפּיגל“, נאָכדעם אַוועק צום דריטן אַקט: דעם צדיקס סצענעס, וועלכע איך האָב אין ווילנע אַזוי „פאַרפאַרטאַטשעוועט“, אַז אַנ—סקי האָט זיך קוים דערוואַרט ביז סוף אַקט און צוגענומען ביי מיר דעם כתב יד צו פאַרענדיקן אַליין דעם פערטן אַקט... איצט האָב איך מיט התמדה זיך גענומען „שטודירן“ דעם טעקסט, געלייענט איין מאָל און אַ צווייטן... נישט איין זילב, נישט איין מאָטיוו איז אַריינגעדרונגען אין מיין פאַנטאַזיע... איך וויים נישט — ווי אַזוי בין איך נישט איינגעשלאָפן איבערן ביכל. זיצנדיק אויף מיין טערקישן דיוואַן. אָבער איך האָב באַשלאָסן „למען השם“ די „פּיעסע“ איבערלייענען, כדי מאָרגן מיט אַנ—סקין וועגן זיין ווערק רעדן אויפן סמך פון גענויעם, דורכגעטראַכטן איינדרוק.

און דאָ איז געשען דער נ ס!

אַנטוישט, כמעט פאַרצווייפלט פון מיין טעמפּן גלייכגילט צו די בילדער, דיאַלאָגן און סצענעס, וועלכע איך האָב עטלעכע שעה געלייענט פראַגמענטאַר, אָן צוזאַמענהאַנג, האָב איך אַרום האַלבער נאַכט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און אָנגעהויבן פון אָנהייב: איבערגעלייענט די ערשטע רעמאַרקע, דערפילט די אַטמאָספער פון ביינאַכטיקן בית מדרש, זיך פאַרקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן אויף די „ספרים, וואָס זענען העכער ווי די שמילקענדיקע ליכטלעך“... די באַלעבאַטים זענען אַוועק שלאָפן... דער וואַנטזייגער האָט געשלאָגן צוועלף... הינטער די פענצטערשויבן האָט שטאַרק געיאָמערט דער ווינט און דער שטורעם אַזוי, אַז מינוטנווייז האָב איך זיך געמוזט אָפּרייסן און פון בית־מדרש אין ברינייץ זיך אַוועקטראָגן קיין אָטוואָצק און זיך צוהערן צום ווינטער־געראַנגל פון די צווייגן אויף די ביימער. אָבער „ברינייץ“ האָט שורה נאָך שורה מיך אַריינגעצויגן אין קרייז פון זיין ווירקלעכקייט, און פאַנטאַזיע, האָט באַ=

הערשט מיין גייסט און גוף: איך האָב שוין נישט געלעבט אין די אומשטענדן פון אַרום, גייערט — האָרטן, ווו מיך האָט אַוועקגעטראָגן דער כּוח פון אַנ—סקים פּענדזל, קאָלאָריט, פאָלקלאָר און פּראָבלעם... אַרום איינס ביינאַכט האָב איך מיך באַהעפט מיט הנגנען און נאָך דעם, ווי איך האָב דורכגעלעבט זיין ערשטן מאָנאָלאָג ביים אָפענעם ארון קודש, האָב איך אָנגעהויבן — שפּילן די געשטאַלט, רעדן די מאָנאָלאָגן... פאַרוואָס קיינער איז נישט אַריין אין צימער, נישט דערמאָנט, אַז מענטשן שלאָפן — דאָס ווייס איך נישט, אָבער, האָבנדיק אָפּגעשפּילט די סצענע מיט הענעכן, בין איך צוגעלאָפן צו אַנ—סקים טיר און אָנגעקלאַפּט. ער האָט זיך נישט אָפּגערופן, איך האָב אָנגעקלאַפּט אַ צווייטן מאָל... „וואָס איז דאָרט? ווער קלאַפּט עס?“ — האָב איך דערהערט זיין פאַרשטיקט קול... „עפנט, סעמיאָן אַקימיטש! דאָס בין איך, מאָרעווסקי!

ער האָט געעפנט די טיר... „איך האָב דאָך אָנגעזאָגט, אַז נאָך האַלבער נאַכט זאָל מיר קיינער נישט שטערן“.

— זעצט זיך צו, סעמיאָן אַקימיטש! איך מוז אייך עפּעס פאָרלעזן!

איך געדענק נאָר, אַז ער איז געזעסן אין אונטערוועש. איך האָב אים אָפּגעשפּילט די סצענע צווישן הנגנען און הענעכן...

אַז איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, האָב איך דערזען זיינע גרויסע וואונדערבאַרע אויגן. מיר האָבן ביידע לאַנג געשוויגן.

— ס'איז דאָך באמת זייער שטאַרק — דערהער איך ווי ער זאָגט שטיל — טאָ פאַרוואָס האָט איר דעמלט אין ווילנע געזאָגט, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו שפּילן? איר האָט דאָך אָפּגעשפּילט וונדערבאַר.

איך האָב זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן צו זיינע פיס און באַשאָטן זיינע הענט מיט קושן, טרערן האָבן געשטראָמט פון מיינע אויגן.

ער האָט מיט ביידע הענט אויפגעהויבן מיין קאָפּ פון זיינע קני, אָפּגעווישט מיין פּנים און מיט אַ לייכטן שמייכל שטיל אַרויסגעמורמלט:

— וואָס זענט איר פאַר אַ מין געוועב, מאָרעווסקי, שווער עס צו באַגרייפן און באַצייכענען, אָבער אַן אַקטיאָר זענט איר...

ער האָט די פראַזע נישט פאַרענדיקט און מיך באַטראַכט, לאַנגזאַם שאָקלענדיק מיטן ווייסן שיינעם קאָפּ.

* *
*

איך דאַרף נישט דערציילן, אַז פון יענער נאַכט איז „דער דיבוק" געוואָרן דער הויפּט־אינהאַלט פון מיינע טעג, טרוימען און ווונטשן. אָבער פון פּראַקטישע אַרבעטס־פּלענער איז ווייט געווען נישט נאָר מיין טאָג־אָרדענונג, אַפילו מיין... פּסיכיק. די פאַקטן פון מיין לעבן האָבן מיך געמאַכט פאַר אַ טרוימער. טרוימען איז פון דער נאַטור און פון מיין קינדהייט פאַרבליבן מיין פרייד און מיין קרייץ. און איבערשמידן פאַקטן, שאַפן אַנדערע אומשטענדן, געשטאַלטיקן די ווירקלעכקייט, אַזוי ווי איך וויל און ווי איך באַדאַרף צו האָבן אין איינקלאַנג מיט מיינע טרוימען און פאַרלאַנגען — דאָס האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט און נישט געפּרוווט זיך אויסלערנען.

אין דעם פאַל — אָנהייב 1920 אין אָטוואָצק — בין איך געלעגן אין הינערפּלעט צוליב מיין האַלדז־קראַנקהייט, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אומהיילבאַר שוין צוליב דעם, וואָס דער עיקר־פּונקט פון קוראַציע — אַבסאָלוט שווייגן — האָב איך נישט אין דער מיגימאַלסטער מאָס אויסגעהאַלטן... און די סיבה איז געלעגן נישט אין מיר אַליין. מיט לערך 50 יאָר שפּעטער, בעת דאָקטוירים האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז איך האָב אַ שווערע האַרץ־קראַנקהייט און דער ערשטער תנאי זיך צו מאַכן לייכטער איז „נישט דענערווירן זיך", האָב איך אויסגערופן: — זאָגט עס נישט מיר, נייערט אַלעמען אַרום מיר: די פּאַסאַזשירן אין טראַמוויי און טראָלייבוס! מען דאַרף דאָך זיין פון אייזן צו קוקן „רואיק", ווי אַזוי זיי שטויסן זיך, איגנאָרירן אַרום זיך — זקנים, ווייבער, קינדער, שוין נישט רעדנדיק וועגן די, וואָס מיידן אויס צו נעמען אַ בילעט, נאַרן אָפּ דעם קאָנדוקטאָר, באַגנבענען די שטאָט־ווירטשאַפט, ווילן נישט וויסן, אַז שוינען קאָלעקטיוו אייגנטום, איז דער ערשטער פּונקט פון אינדיווידועלער ערלעכקייט. איך זע קינדער, וועלכע קליגן זיך צו פאָרן אָן בילעטן, כדי, אַרויסגייענדיק פון טראָלייבוס, קויפן אַ פּאָרציע אייזקרעם... דאָס זענען פאַלן פון אומעטישקייט, וואָס צווינגען צו „דענערווירן" זיך. אין אָטוואָצק מיט 50 יאָר צוריק פלעג איך זיך כסדר אָנשטויסן אויף פאַלן פון אַרומיקער טעמפּקייט...

דער דאָקטאָר האָט געהייסן, אַז אין גאַס זאָל איך טראָגן מיט זיך אַ בלאָקנאָט און אַ בליישטיפט און ווען איך דאַרף עפּעס פון אַ פאַרבייגייער — זיך ווענדן צו אים שריפטלעך. אין איין אָדער צוויי פאַלן פון צען האָט דער פּאַרטנער מיר געענטפערט נאָרמאַל. אין אַלע איבעריקע פאַלן פלעגן זיי אַרויסנעמען פון מיינע הענט דעם בלאָקנאָט און דעם בלייער און — שרייבן די תשובה...

איך בין אַ זינדיקער מענטש: איך פאַרטראָג נישט קיין טעמפּקייט.

און אַז איך פלעג — אויך לויטן דאָקטאָרס עצה — זיך וועגדן צו עמעצן, שעפּטשענדיק מיט די ליפּן (כדי נישט צו געברויכן די קראַנקע שטימבענדער), פלעג איך אין מערהייט פאַלן דערהערן, אַז יענער רעדט צו מיר אויך שעפּטשענדיק...

און נישט איינמאָל פלעגט מיר דאָס בלוט צופליסן צום קאָפּ פאַר אויפרעגונג (אַ כעסן!), און איך פלעג אָנהייבן שרייען פון קראַנקער קעל:

— צו וועלכע שוואַרצע יאָרן שעפּטשעט איר אַנשטאָט רעדן נאָר־מאַל? איר זענט אויך געשטראָפט מיט שווינדזוכטיקע שטימבענדער?

פון טובערקולאָזע באַצילן און דערצו נאָך ווילדע בליקן (אין 5 מי־נוט גאַנג איז געווען יד״ר ביכאָווסקים משוגעים־הויז) פלעגט מיין „מיט־מענטש" אַנטלויפן ווי פון פייער...

אַזוי זענען געפלאָסן מיינע וואָכן אין אָטוואָצק מיט אַנ—סקין אונ־טער איין דאַך.

לערך אין אַ חודש אַרום האָט ער מיר קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז איך מוז נעמען ביי אים דעם טויזנטער און זיך באַזעצן ערגעץ ביחידות, כדי סוף כל סוף אָנהייבן שווייגן. ער האָט מיר געעצהט צו פאַרנעמען זיך מיט אַן איבערזעצונג, אַז די אַרבעט זאָל אויספילן מיין צייט אַזוי לאַנג ווי איך בין אַ „שותק".

איך בין צוגעטראָטן צו דער איבערזעצונג פון לעאָניד אַנדרעיעווס „דער וואָס קריגט די פּעטש".

ווי אַ קוריאָז איז מיר פאַרבליבן, אַז איך בין געקומען צו אים און געפרעגט, ווי איז אויף יידיש — „שוט".

— „שפּאַסלינג" — האָט ער געענטפערט נאָכן אריינטראַכטן זיך...

איך בין אַוועק און אויף מאָרגן געקומען און געמאָלדן:

— שוין אָנגעשריבן אַ האַלבן ערשטן אַקט.

— מזל טוב! אַ יונג אַ מזיק!

— אָבער „שוט" אויף יידיש איך נישט „שפּאַסלינג".

— ווי זשע דען?

— אַ ליץ, סעמיאָן אַקימיטש!

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיט אַ צופרידענעם שמייכל.

— בראַוואָ! משמעות, אַז אַ ווילנער לעגדלאָרד קען יידיש בעסער, זוי אַ וויטעבסקער שרייבער... נו, נו — האָט קיין פּאַריבל נישט! בעסער גרויסט זיך דערמיט, וואָס איר האָט דעם זכות צו זיין אַ זון פון ירושלים דליטא. אויף יעדן שריט פּילט זיך עס אין אייך.

*   *

*

ער פלעגט קומען צו מיר אָפט. איך האָב געוווינט אויף קאָשטשושקאָ=אַלעע און אָפט געטראַכט וועגן פוילנס פרייהייטס=קעמפער, זיצנדיק אויף אַ באַנק ביים טויער האַרט נעבן זיין ביוסט. נייע ווערטן האָבן מיך אָנגעהויבן שיידן מיט די, וואָס האָבן פון די פריע קינדער=יאָרן געשאַפן דעם קרייז פון מיינע פאַראינטערעסירונגען. איך האָב יענע וואָכן געטראַכט, זיך פאַרטיפט אין צענדליקער שאלות פון דער קעגנוואַרט און פאַרגאַנגענהייט — סיי אין דער נאָענטסטער סביבה, סיי אין ווייטע און פרעמדע וועלטן. אָבער מיינע שעפערישע אימפולסן און וויברירונגען האָבן זיך קאָנצענטרירט אין צוויי טעמעס: „דער וואָס קריגט די פעטש“, ווייל בעתן איבערזעצן האָב איך איבערגעלעבט דעם גאַנצן ספּעקטאַקל, וואָס האָט שוין צוריק מיט פיר יאָר מיך אויסגעפילט ביז מיינע טיפסטע טיפעגישן, און נעבן אַנדרעיעווס מיר שוין נאָענטן און ליבן וווּנדער=ווערק האָט איצט מיך גערופן און גערעגט אַנ—סקיס דראַמאַטישע לעגענדע...

סוף 1920 יאָר. אין רייכן שטראָם פון די עמאָציעס, וואָס האָבן באַהערשט מיין נשמה, זענען די פרטים פאַרווישט... „אויסטראַכטן“ וויל איך אויף דער טעמע לחלוטין נישט: די שורות זענען — געשיכטע. מיט אַנ—סקין וועגן „דיבוק“ פלעג איך רעדן אָפט. אין יענע שמועסן האָב איך דערהערט אַ סך זאַכן, וואָס זענען פאַר מיר געווען און פאַרבליבן — אַנטפּלעקונגען, בתוכם וועגן סטאַניסלאַווסקים אָפּשאַצונג און איינפלוסן אויפן ווערק. דאָס זענען געווען פונקטן, וועלכע האָבן באַשטימט מיינע שעפערישע אינטענצן און געוויסן ביים באַהערשן דעם מאַטעריאַל. אָבער ברענגען זיי פאַרן לייענער האַלט איך פאַר אומגעוווּנטשן, ווייל דאָס וואָלט געווען אַז אַטוט אין וויכוח וועגן פאַרשידענע אופנים פון סצענישער רעאַליזאַציע.

איך ווייס וואָס אַנ—סקי האָט „געוואָלט“ אַפילו אויסער דעם עצם טעקסט, אָבער אויסערן טעקסט וויל איך נישט געברויכן קעגן קעגנער קיינע שום מיטלען.

אין יענע וואָכן, אָנהייב 1920, האָב איך אַפילו, דוכט מיר, נאָך נישט געהאַט געהערט דעם נאָמען, וואָס איז נאָך דער פּרעמיערע ביי די „ווילנער" — צען הדשים שפּעטער — אָנערקענט געוואָרן אַלס אייגנטלעכער שעפּער פון ספּעקטאַקל, וועלכער האָט געפּאָדערט — און באַקומען — דעם לייבן־חלק פון אָנערקענונג... מיר וועלן צו יענע הדשים און געשעענישן, פאַרשטייט זיך, נאָך קומען. אין אַמוואָצק, אויסהערנדיק אַן—סקים דערציילונג, ווי דער רעזשיסער, וואָס איז געווען פערזענלעך אויפגעטראָגן מיט פּרצן און איז אַ ספּעציאַליסט אין חסידישע מאָטיוון, האָט פּאָרגעלייגט אַ ריי ענדערונגען אין טעקסט, האָב איך אויס צוויי טעמים זיך אויפגערעגט מיט דער מיר אָנגעהעריקער „אומטאָלעראַנץ" צו יענע אַנדערש דענקענדיקע, וואָס זענען סתם נישט קיין ד ע נ ק ע ר...

ראשית בין איך פון טעקסט געווען מלא התפעלות, געפינענדיק, אַז יעדער אות איז „פּערל" (נישט סטיליסטיש!...).

והשנית — און דאָס איז געווען דער עיקר פון מיין אויפרעגונג — האָב איך נאָך פון מיינע שול־יאָרן נישט געקאָנט קאַלטבלוטיק הערן און טראַכטן וועגן רעזשיסער אַלס דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין ספּעקטאַקל. „ספּעקטאַקל" איז פאַר מיר געווען און פאַרבליבן — און וועט פאַרבלייבן ביז מיין לעצטן אָטעמצוג — ד י כ ט ע ר און אַ ק ט י אָ ר —, ...העלפן זיי און שטערן זיי קאָנען טויזנט פאַקטאָרן — פון מאָלער און באַהייצער ביז מוזיקער און רעגן־וועטער.

אָבער דער „יש" אין דער ש פּ י ל ע ר, באַפּרוכפּערט און געפּירט פון מ ח ב ר! טאָ וואָס קומט אַזאַ איינער צו די פּערלען פון ווערק און גייט זיי „איבערמאַכן"? ווער איז ער? און ווער דאַרף אים האָבן?

איך האָב אַן—סקין מיין פּרינציפּיעלע באַציונג צום ענין נישט „אַרויסגעלייגט אויפן טיש", נאָר איינמאָל, הערנדיק זיינע רייד און פילנדיק אַ געוויסן אומווילן צו די פאָרגעלייגטע שנויים, האָב איך רואיק אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס זאָל אַזאַ ספּעציאַליסט פון חסידיזם און פּרצעס אַ ידיד נישט אָנשרייבן אַליין אַ פּיעסע און אייערע לאָזן צורו?!

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע אויגן, האָט זיך פאַרטראַכט, און מיטאַמאָל דערזע איך זיין לוסטיקן שמייכל און דערהער:

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? כ'וועל אים, דוכט זיך, נאָר אַרויסיאָגן איבערן שוועל.

די פּראַזע איז אויטענטיש. דעם מענטשן האָב איך נישט געקענט.

דאָס לעבן — און דער טויט צום אומגליק — האָט אויסגעשמידט אַנדערע פּאַקטן.

און די שולד ליגט אויף מיין געוויסן...

לערך אין אָנהייב מערץ, אַרום פּורים, קומענדיק צו אַנ—סקין אינ־דערפרי, האָב איך אים געפונען אויסגעפּוצט, אין שוואַרצן ראָק, מיט אויסגעפּוצטע שיך, פאַרקאַמט, אַרומגעראַזירט. איך האָב אים נישט באַוויזן צו שטעלן קיין פראַגע ווי ער האָט מיר געמאָלדן, אַז ער פאָרט קיין וואַרשע, וו ער וועט זיך טרעפן מיט זיין אַלטן פּאַרטיי־חבר, דעם איצטיקן מיטגליד פון דער סיבירער רעגירונג, טשייקאָווסקי, וועלכער קערט זיך אום אַהיים פון אַ ספּעציעלער מיסיע צו דער אַנטאַנטע און וועט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר טעג אין וואַרשע. איך האָב נישט גע־שטעלט קיין שאלות וועגן די מעשים תעתועים פון די ווייסע אַרמייען קעגן די יידישע מאַסן אין די שטעט, וועלכע פלעגן דורך זיי „באַפרייט“ ווערן פון די „רויטע“... און אַנ—סקי איז אַוועקגעפאָרן זיך טרעפן מיט זיין אַלטן פּאַרטיי־חבר, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם פּונקט: אין אים האָבן דאָ, משמעות, געווירקט אַנדערע מאָטיוון פון זיינע פאַרלאָפענע לעבנס־עטאַפּן...

ער האָט זיך אומגעקערט דעם זעלביקן טאָג. ס׳איז געווען קלאָר, אַז זיין צוזאַמענטרעף מיט טשייקאָווסקין איז געווען אַ קורצער. איך האָב נישט געפילט ביי זיך צו פאַרפירן וועגן דעם קיין געשפּרעך און אים אָנגעקוקט מיט נייגיר. נאָך אַ לאַנגן שווייגן, זיצנדיק מיטן קאָפּ אין ביידע הענט, אָנגעשפּאַרט אויף די קני, האָט ער, אַזוי ווי זיך אויפכאַפּנדיק פון אַ קאָשמאַר, מיך אָנגעקוקט... אַ טיפער טרויער האָט געשטעקט אין זיינע אויגן און פון זיינע צונויפגעפּרעסטע ליפּן האָט זיך אין הייזעריקע, פאַר־שטיקטע טענער דורכגעזיפּט אַ פראַזע, וועלכע איז מיר פאַרבליבן אויף מיין גאַנצן לעבן:

— יאָ, מאָרעווסקי! די איינציקע אַרמיי, וועלכע מאָרדעט נישט און באַרויבט נישט קיין יידן, איז די רויטע אַרמיי!

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אָנגעהויבן אַראָפּציען זיין יום־טובדיקן בגד און שוין אין אַן אַנדער טאָן צוגעגעבן:

— ביי זיי איז „באָלשעוויק“ און „ייד“ איין באַגריף. אפשר האַלטן זיי, אַז יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו און סטענקאַ ראַזין זענען אויך געווען אַ „יידישע אָנשיקעניש“... פאָרשן און פאַרשטיין די רוסישע געשיכטע וועלן מיר זיי נישט העלפן, אָבער זיי העלפן אונדז פאַרשטיין, אַז צווישן

„ייד“ און „באָלשעוויק“ טאָרן נישט זיין קיין שטעכיקע צוימען און קיין טיפע אָפּגרונטן... מען מוז איבערקוקן אַ סך פּונקטן פון „שולחן ערוך“ אין דער יידישער פּאָליטיק!

אין קורצע טעג אַרום איז געקומען צו־גאַסט קיין אָטוואָצק דאָקטאָר שאבאד. מיט די ערשטע וואַרעמע שטראַלן פון דער פרילינג־זון האָב איך מיך אָנגעהויבן פילן בעסער און איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע. איך מוז דאָ באַטאָנען, אַז פאַרן ערשטן חודש אויפנטהאַלט האָב איך קיין פּרוטה נישט באַצאָלט און בין געווען אַנ—סקיס גאַסט. דעם צווייטן חודש האָב איך אָפּגעצאָלט פון דעם געלט, וואָס מיר האָט פון ווילנע דעמלט צוגעשיקט אַ קרוב... אין 12 יאָר אַרום האָט זיך אַרום דעם אָפּגעשפּילט איינער פון די פאַרדריסלעכסטע עפּיזאָדן אין מיין לעבן, אָבער דאָ איז נישט דאָס אָרט וועגן דעם צו דערציילן.



אַנ—סקי

# ד ר י ט ע ר   ק אַ פּ י ט ל

## פאַרן אוהל פּרץ

אין ווילנע האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל: „אַ גרוס פון אַנ—סקין"... דאָס אַרטיקל האָט נישט באַוויזן צו ווערן אָפּגעדרוקט, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז אַנ—סקי איז געפערלעך קראַנק אויף אַ לונגען־אָנצינדונג... ביי זיין אַלעמען באַוווסטער האַרץ־קראַנקהייט האָט די לאַגע אויסגעזען — קריטיש... דאָס יידישע ווילנע האָט איבערגעלעבט צוויי וואָכן אין אומרואיקער דערוואַרטונג. אין „טאָג" פלעגן זיך דרוקן ביולעטינען. עס פלעגן אָנקומען פּריוואַטע טעלעגראַמעס, ווי ווייט איך געדענק — צו איגנזש. קוויאַט, צו די ראָזענטאַלס... איך האָב זיך געריסן צו פאָרן קיין וואַרשע. אָבער ענדלעך איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די געפאַר איז פאַרביי; אַלע האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, און די רעדאַקציע פון „טאָג" האָט זיך דערמאָנט אין מיין אַרטיקל און האָט אים פאַרעפנטלעכט. דער עפעקט האָט זיך באַקומען פאַר מיר ממש אַ „קלאָגעדיקער". דער ברייטער עולם האָט געהאַט הנאה צו לייענען די שורות, געהאַלטענע אין טאָן פון פאַרליבטן חוזק איבער זיין אופן שפּילן אין שאָך מיט זיין קרוב לאָים, מיט מיר און ענלעכע פאַרטאַטשעס און — וועגן די נעכט איבער „חורבן גאַליציע" — דאָ שוין אָן חוזק, פאַרשטייט זיך — און נאָך פּרטים און שטריכן פון דער איידעלער פערזענלעכקייט. די אָקאַרשט אויסגעמיטענע געפאַר איבער זיין אַלעמען אַזוי טייערן לעבן האָט פאַרטאָפּלט די פרייד און דעם אינטערעס צו מיין עסיי. אָבער ער אַליין האָט עס אויפגענומען גאַנץ אַנדערש, און בעת איך בין אין אָנהייב מאַי געקומען קיין וואַרשע און געוואָלט תיכף פאָרן קיין אָטוואָצק, האָב איך דערהערט פון קאַציזנען, אַז דעם ווייזיט וועל איך מוזן אָפּלייגן, ווייל אים טאָר מען נישט אויפרעגן, און אויף מיר איז ער שטאַרק אויפגעבראַכט צוליב דעם אַרטיקל אין ווילנער „טאָג"... איך בין געבליבן ממש ווי געפּלעפט פון דער ידיעה און צוגעשטאַנען צו קאַציזנען ער זאָל מיר דערקלערן וואָס דאָ

איז פאַרגעקומען. ער האָט, משמעות, „דערקלערט“, אַז וועגן אַ חולה מסוכן שרייבן קאַריקאַטורן איז לכל הדעות אַ טאַקטלאָזיקייט. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעמישטער, אָבער חנה, קאַציזנעס פרוי, האָט זיך אויף מיר דערבאַרעמט און דערציילט, אַז האָבנדיק איבערגעלייענט דאָס אַרטיקל אין צושטאַנד פון פיבער, האָט אַנ—סקי אים אַ וואָרף געטאָן מיט פאַרדראָס און אַרויסגעמורמלט: „דאָס האָט ער אָנגעשריבן אַ נעק־ראָלאָג און מען האָט געוואַרט אויף דער מינוט עס אָפּצודרוקן, אָבער, אַז די סיטואַציע האָט זיך געענדערט, האָט מען צוגעגעבן אַ ביסל „הומאָר“ און געלאָזט זעצן... יעדנפאַלס בעט איך צו מיין שוועל אים נאָענט נישט צולאָזן נאָך דעם, ווי ער האָט אַזוי „באַדאַנקט“ פאַר די צוויי חדשים אין אָטוואָצק“.

איך דאַרף נישט מאריך בדברים זיין אָפּצושילדערן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, אויסהערנדיק דעם דאָזיקן באַריכט, אויפקלערן די סיטו־אַציע איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט. דעם קאָנטאַקט מיט אים האָב איך געמוזט באַטראַכטן פאַר איבערגעריסן אויף שטענדיק. איך האָב ווידער און ווידער געלייענט מיין אַרטיקל און נישט געקאָנט געפינען קיין אות, וואָס זאָל געבן אַ גרונט אים צו פאַרשטיין אַזוי, ווי דאָס איז געשען. מסתמא חנהן האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס נאָך אַ געוויסער צייט האָט ער געמאָלדן, אַז איך זאָל קומען צו אים... דערביי האָט זי מיך גע־וואָרנט, אַז איך זאָל נישט פאַרפירן מיט אים קיין שום געשפּרעך אויף ליטעראַרישע אָדער טעאַטראַלע טעמעס און בכל אופן נישט— וועגן אַרטיקל אין „טאָג“, ווייל איבערצייגן אים קאָן מען נישט, און דער פונקט איז ביי אים אָנגעווייטיקט נישט אַזוי צוליבן אינהאַלט ווי צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך ווייטיקלעך אַנטוישט אין מיר בעצם, ווייל ער האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ פיינפילנדיקן מענטשן און זיך איבערצייגט, אַז איך בין אַ „שורות־מאַכער“, אַ רעפּאָרטער, וואָס שוינט נישט קיין שום קדושה, בעת אים קומט צו דער האַנט אַ טעמע צו כאַפּן זיין פּריון... ווי ווילד און זינלאָז עס זאָל נישט האָבן געווען אַזאַ אָפּשאַצונג פון גאַנצן פאַל מיטן פאַטאַלן אַרטיקל, האָב איך נאָלענס־וואָלענס געמוזט זיך אונטערוואַרפן דעם מצב העניגים און בין אין דער באַגלייטונג פון חנה קאַציזנע — מיט וועלכער מיך האָבן געבונדן פעדים פון פריינדשאַפט און צוגעבונדנקייט — אַוועקגעפאָרן קיין אָטוואָצק.

דער עפּילאָג פון דער מעשה מיטן ווילנער אַרטיקל און מיין „רע־פּאָרטערישער חוצפה און ריקזיכטלאָזיקייט“ איז געווען אַזאַ. אין אָנהייב



פון רעכטס אויף לינקס: אברהם מאָרעווסקי, חנה מאָרעווסקי, אַלטער קאַציזנע, חנה קאַציזנע

אויגוסט, ווען וואַרשע האָט געוואַרט פון טאָג צו טאָג צו ווערן אָקופּירט דורך טראָצקיס דיוויזיעס; האַרט פאַר יענעם עטאַפּ, וועלכער איז אין דעמל־טיקן פּוילן באַצייכנט געוואָרן מיטן עפּיטעט „דער נס ביי דער ווייסל", בין איך אויך קראַקעווער פּאַרשטאָט, אַרויסגייענדיק פון קאַראָווע גאַס נאָך פּראָבע, געוואָרן „געכאַפּט" און אָפּגעשיקט קיין גער — „גראָבן אָקאָפּעס"... דריי טעג און נעכט האָב איך „געגראָבן", דערביי מער אַליין געוואָרן באַגראָבן ווי עפּעס אויסגעגראָבן און דעם עפּיזאָד באַשריבן אין „מאָמענט" אונטערן קעפּל: „מע כאַפּט!"

אַז איך האָב מיך אומגעקערט אַהיים, דערלאַנגט מיר מיין פרוי אַן אויסשניט פון דער יידישער צייטונג אין טאָראָנטאָ מיט אַ פּרייל־עבער מעלדונג: „אַנ—סקי שיקט דיר די מתנה און בעט איבערגעבן אַ דאַנק פאַר דיין ווילנער אַרטיקל. ער זאָגט, אַז זיין דעמלטיקע אָפּשאַצונג איז געווען אַ פאַלשע, מסתמא, צוליב זיין קראַנקלעכן צושטאַנד. דעם אַרטיקל האָט ער איצט איבערגעלייגט אין טאָראָנטאָר צייטונג און האָט געלאַכט און זיך געפרייט. ער בעט עס דיר זאָגן".

* *
*

אָבער זיין אויסזען בעת איך בין געקומען צו אים מיט חנה קאַציזנע אויף זיין איינלאַדונג האָט מיך אַזוי איבעררראַשט און דערשלאָגן, אַז איך האָב נישט געקאָנט איינהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט. און ער האָט געזען דעם איינדרוק. וואָס מיר האָבן גערעדט געדענק איך לחלוטין נישט, איך געדענק בלויז ווי ער איז געזעסן אין אונטערוועש אין פּאָטערשטול נעבן בעט און האָט מיך אָנגעקוקט מיט בליקן, וואָס האָבן מיך ביז די טי־פעגישן אויפגערעגט און באַליידיקט.

איך קאָן נישט זאָגן ווי אַזוי די דאָזיקע באַציונג צו מיר פון אים האָב זיך איבערגעבראָכן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן אונדז די פריערדיקע באַציונגען. איך בין זיך משער, אַז נישט ווייניק האָט דאָ גע־ווירקט חנה קאַציזנע, צו וועלכער ער האָט געהאַט אַבסאָלוטן צוטרוי. עס האָט אויך, זיכער, געווירקט דאָס, וואָס אין דער „ווילנער טרופּע" האָט מען געהאַט צוגעטראָטן צו די פּראָבן פון „דיבוק" און מען האָט די אַר־בעט איבערגעריסן. נאָך דעם נישט־געלונגענעם עקספּערימענט האָט ער

דערפילט, מיין איך, די שטימונג פון מיין הייסער פאַרליבטקייט אין דער „לעגענדע“. ווי עס זאָל נישט זיין — אין לויף פון די זומער־חדשים איז אונדזער קעגנזייטיקע באַציונג געווען פולשטענדיק סאַנירט. איך געדענק זיין ממש קינדיישע התפּעלות אויף דער פאָרשטעלונג פון אַנדרעיעווס שפּיק ביי די „ווילנער“. דאָס האָט געמוזט זיין אין סוף יולי. שפּעטער, נאָך דער מעשה מיט דער צייטונג פון טאָראָנטאָ, האָט ער זיך דערפילט „שולדיק“ קעגן מיר פאַר מיינע דורכגעלעבטע נישט פאַרדינטע פאַרדראָסן, און ער האָט ממש נישט געוווסט ווי אַזוי מיך צו צווינגען פאַרגעסן מיין „פאַרביטערטקייט“, פון וועלכער, אגב, איך האָב אין האַרצן נישט געטראָגן קיין מינדעסטן שפּור, אָבער ער האָט געמיינט, אַז איך „מוז יאָ טראָגן“... סעפּטעמבער, אָקטאָבער, נאָוועמבער זענען געווען חדשים פון מיין אינטענסיווער טעטיקייט אין טעאַטער. אַנ—סקי האָט מיט אַ שטאַרקער פאַראינטערעסירונג נאָכגעפאָלגט יעדן שריט, פלעגט זאַמלען די אַרטיקלען אין צייטונגען וועגן מיינע אויפפירונגען און מיר צוטראָגן די אויסשניטן, ווי נאָר איך פלעג אַריבערטרעטן זיין שוועל... אַז איך בין צוגעטראָטן צו די פּראָבן פון זודערמאַנס „יאָהאַנס פייערן“, האָט ער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דער נאָמען אויפן יידישן פּלאַקאַט זאָגט גאָרנישט, און אַז אַפילו דאַרף דורכאויס י אָ עפּעס זאָגן. ער איז געווען אויף אַלע הונדערט פּראָצענט גערעכט, איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַן אַנדער נאָמען און אים געזאָגט אין אַ טאָג־צוויי אַרום, אַז דאָס שטיק וועל איך אָנרופן: „טאָג און נאַכט“.

— זאָל גאָט אָפּהיטן! — האָט ער זיך אויף מיר צעשריגן — מער פעלט אייך נישט: אַזוי רופט זיך די פּיעסע, וואָס איך שרייב... שוין פאַרטיק אַ גאַנצער אַקט...

לערך אין מיטן אָקטאָבער האָבן מיר פאַרבראַכט מיט אים אַ לוסטיקן אָוונט צוליב זיין זיבן און פופציק־יעריקן געבוירנטאָג. די עדה איז באַשטאַנען פון פיר פאַרשוין: קאַרלינסקי, פּראָפּוס (פון „מאָמענט“), אַלטער קאַציזנע און איך. עס זענען נאָך געווען ביידע חנהס, מיט וועלכע ער איז געווען זייער באַפריינדעט. מען האָט דעם אָוונט אַ סך געלאַכט, געשמועסט וועגן דערהויבענע ענינים, פאַרקראָכן אין אַזעלכע הימלען, אַז בלויז אויף יעקב אבינוס לייטער איז מען פון זיי אַראָפּגעקראָכן צוריק אויף אונדזער פּשוטער, קאַלטער, ניכטערער און נישט־דיכטערישער ערד. אַוועקגייענדיק האָב איך זיך אויפן שוועל אויסגעדרייט צו אים און געווונטשן, אַז ביי אים זאָלן זיך „איבערקערן די ציפערס“... אויף זיין פאַרחי־

דושטן אויסדרוק און אַלעמענס פאַרכמאַרעטקייט פון אומגעלונגענעם און אומפאַרשטענדלעכן „וויץ“ האָב איך אַ ביסל פאַרשעמט דערקלערט:

— פון אייערע 57 זאָל ווערן 75! וואָס איז דאָ אַזוי שווער צו באַגרייפן? זאָל עס גאָר אַזוי לייכט זיין צו דערגרייכן!

אַלע האָבן זיך צעלאַכט. ער האָט צוגעלייגט די האַנט צו די ליפּן: „שסס... מיר געפינען זיך אין אַ קראַנקנהויז, חברים! פאַרגעסט עס נישט!“

איך פלעג צו אים קומען יעדן טאָג אַרום פינף און זיצן ביז זיבן, פון אים אַוועקגיין צום ספּעקטאַקל...

אין סוף נאָוועמבער, ווי שטענדיק, אַרום פינף, האָב איך אָנגעקלאַפּט אין טיר און זי געעפנט. ער האָט מיר געמאַכט אַ צייכן (די פינגער צו די ליפּן), אַז איך זאָל שווייגן. איך האָב זיך געוואָלט צוריקציען, אָבער ער האָט מיר אָנגעוויזן אויפן דיוואַן און געמאַכט אַ באַוועגונג, וואָס האָט באַדייט: „לייגט זיך צו!“

ביים טיש איז געזעסן זיין סעקרעטאַר, דער יונגער דיכטער בער ראָזען...

— מיר פאַרענדיקן איבערשרייבן „חורבן גאַליציע“ — האָט אַנ—סקי אַרויסגעמורמלט. נאָך אַ וואָסער האַלבע שעה. איר שפּאַרט זיך דערווייל צו.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: פאַר האַלב זעקס. ביזן ספּעקטאַקל צוויי שעה. עס איז געווען די פּרעמיערע פון „יאָהאַנס פייערן“... (נאָך אַנ—סקיס פאַרבאָט אָנצורופן דאָס שטיק „טאָג און נאַכט“ האָב איך דעם נאָמען נישט געוואָלט ענדערן).

איך בין, זיצנדיק אויפן דיוואַן, איינגעשלאָפן. מיטאַמאָל הער איך: „מאָרעווסקי, אפשר איז צייט גיין אין טעאַטער? דער זייגער איז האַלב גיין!

איך בין אויפגעשפּרונגען, אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: ז י ב ן!

— בין איך שולדיק, אַז ער האָט אַן אייגן הויז אין ווילנע און אַן אייגן זייגערל אויפן האַנט... געוואָלט זיך אַ ביסל וואָגלאַכן, פאַרגינט ער נישט...

— אַזעלכע וויצן מאַכט מען נישט, סעמיאָן אַקימיטש! — האָב איך מיט אויפרעגונג אויסגערופן און זיך אַ וואָרף געטאָן צום מאַנטל.

— איר וועט אַנטלויפן מלא כעס אויף מיר, פּרא אדם?

— פאַר דער מעשה וועל איך זיך מיט אייך אָפּרעכענען, וואַרט! זאָל נאָר זיך מאַכן די געלעגנהייט.

די געלעגנהייט האָט זיך שוין — נ י ש ט  ג ע מ אַ כ ט...

די פּרעמיערע פון „יאָהאַנס פייערן" איז פאָרגעקומען — פרייטיק. דאָנערשטיק בעת דער גענעראַל-פּראָבע האָט איינער פון די הויפּטראָ-ליסטן בעתן אַנטראַקט צווישן צווייטן און דריטן אַקט זיך דערלויבט אַ לייכטזיניקע שפּאַסמאַכעריי. ער איז אַרויס פאַרן פאָרהאַנג צום עולם — אַ פּאָר מיניגים איינגעלאַדענע פריינד — און האָט אָנגעהויבן זינגען קופּלעטן... איך וויל דאָ נישט שילדערן וואָס מיט מיר איז געוואָרן. יענע חדשים בין איך אין דער טרופּע געווען ידער, וואָס האָט זיך געקאָנט „אַלץ דערלויבן", דעם אַקטיאָר, ווי ווייט איך געדענק, האָב איך פון הינטערן פאָרהאַנג פאַרן קאָלנער אַריינגעשלעפּט אויף דער בינע, הגם דאָס איז געווען איינער פון די ראשי-המדברים. מיין אויפגעבראַכטקייט האָבן אַלע אָן אויסנאַם אַרום פאַרשטאַנען און באַרעכטיקט, אָבער מיך באַרואיקן איז קיינעם נישט געלונגען: איך האָב געוויינט אויפן קול, זיך געשלאָגן מיט די פויסטן איבערן קאָפּ, געשריגן, אַז ערגער פון שענק און קאָרטנ-הייזל איז דאָ די לופט פון קליינבירגערלעכן אַמאַטאָרן-קרייזל, וווּ מען שפּילט זיך אין „שפּילן טעאַטער" און ווו קיין שול פּלאַם וועט נישט אָנצינדן די הערצער מיטן פונק פון שעפערישן ערנסט... דער אַנטראַקט האָט זיך לאַנג פאַרצויגן און, בעת צו מיר איז צוגעגאַנגען מזאה און שטיל געמאָלדן, אַז אויב איך האַלט נישט, אַז מען דאַרף די פּראָבע אָפּ-רופן, מוז מען זי פאָרזעצן, ווייל קיין פאַסירשיינען, וועלכע זענען דעמלט גילטיק געווען אין וואַרשע נאָך 12, האָבן מיר דאָך נישט... האָב איך אַן אויסגעשעפּטער און דערשלאָגענער געזאָגט, אַז די פּראָבע זאָל מען פאָר-זעצן אָן מיר (מיין ראָל האָט דובלירט שלום טאַגין). איך האַלט, אַז מען דאַרף אָפּרופן די מאָרגנדיקע פּרעמיערע און וואָרן, אַז אין טעאַטער וועט נאָכן צווייטן אַקט פאָרקומען אַ שרפה, אַן אומגליק, אַ בייז געשעעניש... די לעצטע פראַזע האָב איך ווידער געשריגן ווי אַ באַנומענער.

די פּראָבע האָט מען פאַרענדיקט. די פּרעמיערע איז פאָרגעקומען און איז אַדורך מיט בייפאַל. איך האָב זיך באַרואיקט און אַפילו געשפּילט מיין ראָל.

מאָנטיק, נאָכן צווייטן אַקט האָט מען דעם ספּעקטאַקל איבערגעריסן: פון גורעוויטשעס קראַנקן-הויז האָט מען טעלעפאָנירט, אַז פון אַ שווערן האַרץ-אָנפאַל איז מיט עטלעכע מינוט צוריק געשטאָרבן  אַ נ — ס ק י.

*    *

*

איך קאָן זיך נישט איינהאַלטן און מ ו ז דאָ איבערהזרן מיין שוין צואָפטן „רעפרעין“: קיין איין עפּיזאָד, קיין איין מאָטיוו איז אין די קאַפּיטלען פון מיינע בענדער נישט אויסגעטראַכט, נישט צוגעפּאַסט, נישט געהובלט און נישט געפּוצט.

איך פּלאָנטער מיך אין דער סתירה צווישן דעם, אַז די ידיעה וועגן זיין טויט איז אָנגעקומען נאָכן צווייטן אַקט בעת דער דריטער פאָרשטעלונג און דעם אומצווייפלהאַפטן פאַקט, אַז געווען איז עס — מאָנטיק... קומט אויס, אַז די פּרעמיערע איז געווען נישט פרייטיק, נאָר שבת. דאָס איז ווארשיינלעך, ווייל דאָס אומגליק איז געשען בעת דער דריטער פאָרשטעלונג.

זונטיק איז ביי דעם דאָקטאָר גרשון לעווין פאָרגעקומען אַ קליינע פאַרזאַמלונג: הרב פּאָזנאַנסקי, אַ פאָרשטייער פון „דזשאָינט“ (אפשר האָט די אינסטיטוציע דעמלט זיך גערופן אַנדערש?), דאָקטאָר קאָוואַלסקי (איך האָב, דוכט זיך, נישט קיין טעות) אַלטער קאַציזנע, ב. קאַרלינסקי, אַנ—סקי און איך. מער געדענק איך קיינעם נישט, און מיר שיינט, אַז מער איז קיינער נישט געווען.

אויפן סדר היום איז געשטאַנען איין פּונקט: „גרינדונג פון אַ יידישן עטנאָגראַפישן מוזיי“.

ווען די אויפגאַבע פון אַט די בענדער און קאַפּיטלען וואָלט געווען אַ קולטור־פאָרשונג אָדער געשיכטע, וואָלט אויף דעם אָרט ג ע מ ו ז ט קומען אַ געגויע באַשרייבונג וועגן אַנ—סקיס אויפטוען אויפן געביט פון יידישער פאָלקלאָריסטיק, אין וועלכער ער איז נישט בלויז „געווען פאַרליבט“, נאָר ס'איז פּשוט געווען אַ טייל פון זיין נפש... אַזוי קאָן אַ טאַטע, אַ מאַמע ליב האָבן זייער שוואַך קינד.

יענעם אָוונט ביי דאָקטער גרשון לעווין אויף מיאָדאָוווע גאַס איז אַנ—סקי דערשינען פאַר די אָנוועזנדיקע אין אַזאַ מין לויכטנדיקער קראַפט פון באַגייסטערונג און מיטרייסנדיקן ווילן צו דער זאַך, וואָס איז געווען זיין לעבנס־זאַך, זיין מיסיע, זיין אָטעם, אַז אַלע אַרום האָבן זיך איבערגעקוקט מיט בליקן פון אַן אקארשט פאַר זיי זיך אַנטפּלעקטן א מ ת, וואָס מוז — און וועט — ווערן דער אמת פאַר יעדן יידישן געוויסן.

— די צעטראָטענע של־ראשן, צעריסענע ספרי־תורות און געשענדעטע עטרות ביי די חורבות פון אונדזערע בתי מדרשים — דאָס איז די געשיכטע פון אייראָפּע! — האָט ער געדונערט אַזוי, ווי ער זאָל האָבן פאַר זיך נישט אַ האַלבן מנין, נאָר ווי אים וואָלטן געהערט מיליאָנען יידישע

הערצער, פון יאָרטוויזנטער פאַרפייניקטע און פאַרהאַרטעוועטע בכל פנות־העולם.

מען איז זיך צעגאַנגען פאַר האַלבער נאַכט. איך געדענק אַז, גייענדיק היינטער אים און קוקנדיק אויף זיין איינגעבויגענעם רוקן, האָב איך געטראַכט, אַז דער יידישער „הויקער“ איז דער יידישער כוח, אומגעבראָכנקייט, עקשנות און — פליגלען...

איך האָב נישט געוואַגט צו שטערן זיין שמועס מיט הרב פאָזנאַנסקין און דעם אַמעריקאַנער און בין אַוועק, נישט געזעגנט זיך מיט אים.

אויף מאָרגן, מאָנטיק, 5 דעם זייגער בין איך צו אים געקומען, ווי יעדן טאָג אין משך פון די לעצטע חדשים...

איך האָב געעפנט די טיר און דערזען — ער ליגט אין בעט און דרימלט. מיין ערשטע מחשבה איז געווען: איצט איז די געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען פאַרן „שפּיצל“ אין אָוונט פון דער פּרעמיערע. אָבער... צו גרויס איז געווען דער חילוק צווישן מיר און אים.

איך האָב זיך געוואָלט צוריקציען, האָט ער געעפנט די אויגן.

—אָ־אָ־אָ! איר זענט עס? וואָס שטייט איר עפּעס אין טיר?

איך האָב „געכאַפּט“ אַ תירוץ צו באַרעכטיקן מיין אומגעריכטן אָנקומען:

— איך האָב אייך געוואָלט אומקערן די געבאָרגטע 400 מאַרק...

— מער ווי אין געלט־ענינים קומט ער נישט אַהער — האָט ער זיך צעלאַכט. רעכט! לייגט אַוועק אויפן טיש.

— איך האָב אַ גאַנצן פינפהונדערטער. גיט מיר רעשט.

— אין שראַנק ליגט מיין „בומאַזשניק“. נעמט הונדערט מאַרק.

איך האָב ארויסגענומען פון „בומאַזשניק“ הונדערט מאַרק (אויף דער אַסיגנאַציע האָב איך נאָך דער לוויה פאַרשריבן אונדזער לעצטן שמועס יענע שעה. שפּעטער אָפּגעגעבן דעם ווילנער עטנאָגראַפישן מוזיי. א. נ. פון ש. אַנ—סקי).

— זעצט זיך! וואָס שטייט איר?

נאָך אַ לענגערער פּויזע זאָגט ער: — וואָס זאָגט איר צום געכטיקן אָוונט ביי דאָקטאָר לעווין?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט.

— אָבער דער מוזיי איז אַזוי גוט ווי אַ פאַקט. קאָוואַלסקי האָט מיך היינט באַזוכט... געלט דערויף וועט זיין!

נאָך אַ קורצער פּויזע. מיט אַן אַנדער טאָן:

— אָבער נישטאָ די מיידלשע כוחות! זעט איר אָט — דאָס ביכל. איך האָב עס אַראָפּגעטראָגן פון דריטן גאָרן, האָט מיר אַ האַלבע שעה געקלאַפּט דאָס האַרץ.

נעבן אים איז געלעגן אַ טויזנטבלעטערדיקער בוך פון גרויסן פאָר־מאַט.

איך האָב אים דערציילט עפּעס אַ טריפּהנעם אַנעקדאָט, אָפּלאַכנדיק פון דעם, וואָס ער האָט דעם פּאָליאַנט אָנגערופן „ביכל"...

— אַמאָל אין פּאַריז, בעת איך בין געווען לאַוראָווס סעקרעטאַר, בין איך דאָך געווען אַן איינבינדער. פלעג איך 20 ביכלעך „רוסקאָיע באַגאַטסטוואָ" ווי אַ קלייניקייט אַוועקטראָגן פון איין עק שטאָט אין אַ צווייטן.

— זשיטלאָווסקין פלעג איך אַוועקזעצן אויף אַ טיש און אויפהייבן מיט די ציין...

(די גוזמא שיינט מיר עד היום אומוואַרשיינלעך, אָבער אַזוי האָט ער מיר דעמלט געזאָגט, און זשיטלאָווסקי האָט עס שפּעטער לאַכנדיק אויסגעהערט און נישט אָפּגעלייקנט...).

ווי לאַנג איך בין געזעסן ווייס איך נישט. איך זע: ער דרימלט; אַ לייכטער ציטער איבערן פּנים מסרט זיין איבערמידקייט, ער אָטעמט דורך די ליפּן מיט אַ לייכטן פייף.

איך בין אַרויס פון צימער אויף די פינגער־שפּיצן. אַוועק אין טעאַטער. אָנגעהויבן די פאָרשטעלונג.

לויט די ידיעות האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און צעהוסט. אויפן הוסטן איז אַריינגעלאָפן פון קאָרידאָר די קראַנקנשוועסטער.

דער הוסט האָט אים דערשטיקט.

* *

*

דאָס יאָר 1920 האָט מיך אַרויסגעטראָגן אויף אַ הויכער כוואַליע אין מיין לעבנסוועג...

די חדשים מיט אַנ—סקין האָבן מיר פאַרשאַפט די טיפסטע פריידן. איך האָב נישט פריער און נישט שפּעטער געהאַט דאָס גליק אַ ז ו י זיך צו באַהעפטן מיט אַ בינע־דיכטער. די טראַגיק פון לעבן האָט געוואָלט, אַז ער זאָל נישט זען מיין סצעניש ווערק, וואָס איז באַשטראַלט דורך זיין מוזע... אָבער די נאַכט פון מיין ערשטן „דיבוק"־פאָרטראַג — די הגנ־

סצענע ביי אים אין חדר — האָט אוגדז פּאַראייניקט אין איין געמיינזאַ־מער שעפערישער דערהויבונג.

און מיין טרויעריקע דערהויבונג — אין מיין לעבן די ערשטע און לעצטע פון אַזאַ מאָס — איז געווען זיין לוויה אין דעם טאָג פון מרחשון תרפ״א.

אַז די טרויער־קאָמיסיע — אין צוזאַמענשטעל פון יצחק גרינבוים (פּאָרזיצער, זאָל לאַנג לעבן, הייגט דער איינציק פּאַרבליבענער), הלל צייטלין, גרשון לעווין, אַלטער קאַציזנע און מ. גיטערמאַן, זכרונו לברכה — האָט געעפנט די צוואה, האָט מען איבערגעלייענט, אַז ער בעט מען זאָל גישט מאַכן קיינע שום הספּדים, בלויז איינער פון די נאָענטסטע פריינד זאָל ביים אָפּגעמען קבר איבערלייענען זיין ביאָגראַפיע — טרוקענע פאַקטן! — און אַ צווייטער פריינד זאָל זאָגן — קדיש...

די ערשטע אויפגאַבע איז תיכף אָנפּאַרטרויט געוואָרן אַלטער קאַ־ציזנען... די צווייטע: „קדיש זאָגן" — האָט אויסגעזען נישט פאַרשטענד־לעך. אַ סאָציאַליסט, אַ פּראָגרעסיווער שרייבער און מיטאַמאָל — אַ רע־ליגיעזע מאַניפעסטאַציע?

איך ווייס נישט, ווי לאַנג מען האָט זיך געקוועקלט. פון אימפּאַס האָט אַרויסגעפירט אַלטער קאַציזנע. לויט זיין מיינונג איז פאַראַן איין מענטש, וואָס וועט אין פולער מאָס הערפילן דעם נפטרס ווילן, אַזוי ווי דאָס אַנטשפּרעכט זיין גייסט, און דערביי וועט די מאַניפעסטאַציע נישט האָבן קיין שום בייטעם פון כלי־קודש און רעליגיעזן ריטואַל... אַלע האָבן אָנגעקוקט אַלטערן, געשוויגן און געוואַרט.

— דעם קדיש נאָך אַנ—סקין דאַרף זאָגן מאָרעוווסקי!

— דער אַקטיאָר?! — האָט אַ געשריי געטאָן מלא אימה הלל צייטלין.

מען האָט מיך אַריינגערופן אין צימער פון ל י ט ע ר אַ ט ן־פ אַ ר יי ן (אַזוי געדענקט זיך מיר. אגב, וואָלט איך נישט געווען אַזוי נאָענט, ווען די קאָמיסיע זיצט ערגעצוו אויסערן לאָקאַל אויף טלאָ־מאַצקע 13).

צו מיר האָט זיך געווענדט יצחק גרינבוים.

— די טרויער־קאָמיסיע האָט בדעה אייך פאָרלייגן לויטן ווונטש פון נפטר צו זאָגן אויפן קבר דעם ערשטן קדיש... זייט איר מסכים?...

אַ שטראָם טרערן פון די אויגן איז געווען מיין תשובה.

איך האָב דערביי אַ טראַכט געטאָן, אַז אַלע אַרום אויסער אַלטערן נעמען עס אויף ווי אַ באַוויז, אַז איך בין אַ „הויכקוואַליפיצירטער“ אַקטיאָר, פאַר וועלכן איך האָב זיך פאַר די אַכט חדשים לויט זייער אַלעמענס אָפשאַצונג אַרויסגעוויזן (חוץ צייטלינגען, וואָס „אל תלכו בבתי תיאטרון“ איז געווען זיין געבאָט ביז ער האָט דערזען דעם „דיבוק“).

דער געדאַנק האָט מיך נאָך מער אויפגעטרייסלט, און איך האָב מיך אָפגעקערט, ציטערנדיק מיטן גאַנצן גוף.

— איר דאַוונט? — דערהער איך צייטלינגס קול.

איך האָב אים אָנגעקוקט, ווישנדיק די אויגן מיטן טאַשנטיכל.

— איר דאַוונט?

— ניין!

— טאָ וואָס איז שייך „קדיש“?

כ׳האָב נישט געענטפערט.

— איר קענט זאָגן קדיש? — האָט מיך צייטלין ווידער אַטאַקירט.

איך האָב ווידער נישט געענטפערט.

— מ׳עט אים געבן אַ סידור — האָט געזאָגט גרשון לעווין.

— נאָך מיין פאָטער האָב איך געזאָגט קדיש אָן אַ סידור.

— ווען איז עס געווען? — האָט צייטלין אַ פרעג געטאָן מיט חידוש.

— מיט 6 יאָר צוריק.

— לאָמיר אָפשטימען — האָט געזאָגט גרשון לעווין.

— אַזעלכע פונקטן אונטערליגן נישט קיין אָפשטימונג — האָט פעסט באַשלאָסן גרינבוים.

* *
*

אויפן הויף פון זשאַבינעגאַס פונקט אַנטקעגן טויער פון זאַקסישן גאָרטן איז פון פרייען פרימאָרגן שוין געווען אַן עולם פון הונדערטער מענטשן. מען האָט געוואַרט אויפן ארון. איך בין געשטאַנען צוזאַמען מיט מאַדאַם העלענע פריץ און די פרויען — קאַציזנע און מיינע.

מיטאַמאָל איז איילנדיק צוגעלאָפן צו מיר דער אַלטער לוי לעווין — עפשטיין.

— הערט, מאָרעווסקי, איר זענט היינט דער איינציקער מענטש, וואָס קאָן ראַטעווען די סיטואַציע. איר מוזט עס אויף זיך נעמען!!!

— וואָס איז? אין וואָס גייט? באַרואיקט זיך, רב לוי!

— שווער זיך צו באַרואיקן! הערט מיך אויס! צווישן פּרצן און דינעזאָנען איז פריי דאָס אָרט. און עס געהערט אַנ—סקין! ער מוז קומען צו דער קבורה אויף דעם אָרט...

— נו?

— איז די מעשה, וואָס דער גבאי אין דער קהילה, וואָס קאָן עס באַשליסן, איז אַ רעדאַקטאָר פון „הייגט“, און אַנ—סקי האָט מיטגעאַרבעט אין „מאָמענט“. דאָ קומען אַריין אין שפּיל חשבונות און אַמביציעס...

מיך האָט אַרומגענומען אַ שווידער.

— מען דאַרף עס זאָגן גרינגבוימען! ער איז פאָרזיצער פון דער לוויה־קאָמיסיע!

—מען וועט אים נאָר אַוועקשטעלן אין אַ שווערער לאַגע. ער איז דאָך אַליין אַ רעדאַקטאָר פון „הייגט“ און וואָלט זיך געמוזט קריגן מיט זיינע קאָלעגן.

— טאָ וואָס טוט מען?

— רעדט שוין איבער מיטן גבאי. ער שטייט צוויי שריט פון אייך.

איך האָב זיך געווענדט צום געהעריקן הער — דעם נאָמען לאָז איך בכיוון דורך. — ער האָט זיך אַרומגעקוקט און זייער רואיק, קאָרעקט מיר געזאָגט:

— דער ענין איז זייער אַ דעליקאַטער און מוז בלייבן צווישן אונדז. פּרצעס אלמנה וויל דעם קבר איבערלאָזן פריי... ווער קאָן האָבן די העזה איר פאַרלאַנג זיך אַנטקעגנצושטעלן אַפילו צוליב דעם כבוד און דער חשיבות פון אקאָרשט פאַרשטאָרבענעם? מע טאָר אַפילו וועגן דעם נישט רעדן.

ער האָט אָבער נישט געוווסט, וועלכע פעדים פון פריינדשאַפט און קעגנזייטיקער אַכטונג עס האָבן זיך פון מיין ערשטן באַזוך איינגעשטעלט צווישן מאַדאַם פּרץ און מיר...

איך בין תיכף צוגעגאַנגען צו איר און זי אָפּגערופן. מיר זענען אַרויף אויף די טרעפּ. דאָרט איז קיינער נישט געווען.

— מאַדאַם פּרץ! איך האָב צו אייך אַ קורצע פראַגע, וועלכע איר וועט מיר אָן ספק מוחל זיין צוליבן אָנדענק און כבוד פון אונדז ביידן טייערן אַנ—סקין. איך האָב איר געזאָגט וועגן דעם, אַז אַנ—סקי וואָלט

געדאַרפט ליגן צווישן פּרצן און דינעזאָנען, אויב זי האָט נישט דאַקעגן.

— איר זענט נישט מחויב מיר צו ענטפערן — האָב איך פאַרענ־דיקט — אייער שווייגן וועט זיין אייער תשובה. און אונדזער געשפּרעך וועט פאַר מיר זיין אַזוי, ווי נישט עקזיסטירט, אויב איר וועט מיר מוחל זיין...

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, רויטע פלעקן האָבן איר פּנים באַדעקט.

— אוי, געזונט זאָלט איר זיין, וואָס איר האָט עס מיר געזאָגט — איך האָב עס דאָך אַליין געמאָלדן דעם הער („X“), האָט ער מיר פאַר־באָטן וועגן דעם צו רעדן.

— מעג איך אייערע ווערטער באַטראַכטן, ווי אַ פולמאַכט צו ווירקן ווייטער?

— איך בעט אייך און דאַנק אייך, און זאָל גאָט אייך העלפן!

מיין געשפּרעך מיטן הער רעדאַקטאָר און גבאי איז געווען אַזוי שאַרף ווי קורץ. די פּרטים וואָלטן דאָ געווען אַ דיסאָנאַנס צו דער שטימונג פון אַנ—סקים לוויה. מיר שיינט, אַז גערעדט האָב איך... רוסיש.

ער האָט אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג, וואָס איך בין אויפגערעגט, האָט מיר געדאַנקט, וואָס איך האָב ביי מאַדאַם פּרץ געפּועלט, זי זאָל אָפּטרעטן דעם קבר און האָט געמאָלדן, אַז... ער האָט בלויז מורא, אַז... ס'איז ש ו י ן צו שפּעט: אויב מען גראָבט שוין אַ קבר, טאָר מען לויטן יידישן מנהג דעם נפטר אויף קיין אַנדער אָרט נישט מקבר זיין.

— אַלע מנהגים וועט איר אַזוי גוט זיין אָפּרוקן איגאייגעם מיט אַלע חשבונות און פּאָליטיקאַנעריי! אַנ—סקי מוז זיין אייביקע רו געפינען — צווישן פּרצן און דינעזאָנען!

אַזוי איז אויפן וואַרשעווער געמיינער בית־עולם אַנטשטאַנען דער „אוהל פּרץ“.

* *
*

גייענדיק נאָכן ארון צום בית־עולם איבער די יידישע גאַסן פון וואַר־שע — דורך רימאַרסקע, פשעיאַזד, נאַלעווקעס, גענשע, צווישן 80 טויזנט יידן — האָב איך נישט נאָר געשלוכצט און געוויינט — איך האָב אויך

געטראַכט, אַז דער וועג, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיט אַנ—סקים ברכה, וועט פירן ווייט און וועט שמידן רינגען אין דער גאָלדענער קייט — דער יידיש־קייט.

שוועדע כמאַרעס האָבן אינגיכן זיך פאַרקליבן איבער מיין האָריזאָנט. דאָס „פאַלן און דאָס אויפקומען" האָבן זיך כסדר געגומען ראַנגלען אויף מיינע ווייטערדיקע שטעגן. איך בין געוואָרן אַ וואַנדערער, קיין היים און קיין דאַך איבערן קאָפּ נישט געפונען —

און היינט אין אויסגעברענטן יידישן וואַלד אַ צווייג, וואָס טריקנט אויף אײנעם פון די על פי נס גאַנץ־געבליבענע דעמבעס — ווייס איך ווי אָרעם איז מיין סך־הכל...

אָבער רייך זענען געווען איינצלנע צאָלן און אויגנבליקן!

און דער רייכסטער יענעם זומער און דער פייערלעכסטער — אַנ־סקים לוויה. און דער גרעסטער כבוד — דער קדיש ביים קבר.

קאַציזנע האָט דערציילט וועגן לעבנס־וועג פון אַלטן רעוואָלוציאָנער אַרבעטער, שרייבער, מחבר פון „שוועסטער און ברידער אין עלנט און נויט"!

קאציזנע האָט גערעדט מיט אַן אנטבלויזטן קאָפּ.

ווען איך בין צוגעגאַנגען צום קבר האָב איך דערהערט: „נעם אראָפּ דאָס היטל, ביסט דאָך נישט קיין חזן, קיין שמש"...

איך האָב דערזען די טויזנטער אויף די אַלעען, מיט ווייסן שניי באַ־דעקטע, און דערפילט, אַז דער קדיש דאַרף זיין פאַר זיי א טרייסט אין גרויסן פאַרלוסט.

און קדיש מיט אַ הוילן קאָפּ וואָלט געווען — אַ פאַררעטעריש, אַ חי־לול....

איך האָב געזאָגט קדיש, מיך האָבן געשטיקט טרערן.

אָבער די טויזנטער האָבן עס נישט אויפגענומען ווי „געשיקטע מייסטער־שאַפט" — זיי פילן דעם אמת אין הארצן פון קינסטלער.

דער חזן סיראָטע מיטן כאָר האָט אָנגעפילט די ווינטערלופט מיט די קלאנגען פון „אל מלא רחמים".

א קברן האָט אויפגעהויבן א רידל מיט פארשנייטער ערד.

— וואַרט א רגע!

צום אָפענעם קבר האָט זיך דערנעענטערט מזאה און הויך געמאָלדן:

— אויב צו שלושים וועלן מיר נישט אויפהייבן דעם פאָרהאַנג צו דער פּרעמיערע פון „דיבוק“ וועל איך די „ווילנער טרופּע פאַרלאָזן!
דערלעבט!...
אַנ—סקי איז געשטאָרבן?... גיין: אַנ—סקי האָט דערגרייכט צו די שוועלן פון דער אייביקייט.
„דאָס פאַלן טראָגט דעם אויפקומען אין זיך“.
אָבער דאָס געהערט שוין צו אַן אַנדער קאַפּיטל פון מיין „אַהין און צוריק“.



אוהל פּרץ

# פ ע ר ט ע ר  ק אַ פּ י ט ל

## מיט דער „ווילנער טרופּע“

„די ווילנער“ — האָט זיי אָנגערופן ה. ד. נאָמבערג נאָך דעם, ווי זייערע פאָרשטעלונגען האָבן אָנגעהויבן קריגן אַן אָפּקלאַנג אין עולם. אין די קרייזן פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ נייער עפּאָכע אין יידישן טעאַטער. און עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז פון דער בינע האָט אַ שטראָם געטאָן אַן אָפּרישנדיקער ווינט פון אַ פריער נישט געזעענעם אויף די יידישע ברעטער פרווו — צו שאַפן אַ פאָרשטעלונג, אין וועלכער עס דאָמינירט און אימפּאָנירט נישט די הויפּטראָל, נאָר די גאַנצקייט פון אַלגעמיינעם בילד, אין וועלכן עס האָט באַדאַרפט מיטשפּילן אויך די דעקאָראַציע, אויך דער רעקוויזיט.

ביז דאַן האָט אויפן פּלאַקאַט, אין ספּעקטאַקל, אין אַלגעמיינע אָפּשאַצונגען געהערשט דער אומגעזונטער עגאָצענטריזם איך וואָלט בעסער געזאָגט: ע ג אָ י ז ם — פון „סטאר“, און נ אָ ר אים האָט אַרויסגעהויבן די אָנפירונג, געזוכט און געליבט דער עולם, געזען און געקענט — די קריטיק... עס זענען געווען אַרום אים אויסגעצייכנטע, אָפט פּרעכטיקע אַקטיאָרן, אָבער ווער האָט זיי „געדאַרפט“? ווער האָט זיי געקענט?

די „ווילנער“ האָבן אָנגעהויבן די נייע תקופה פון לערנען דעם יידישן צושויער קוקן און באַגרייפן וואָס עס טוט זיך אַרום סטאר...

אָבער ביי די סאַמע ערשטע שריט זייערע, נאָך אין די סאַמע ווינדלעד אין ווילנע, תיכף נאָך זייערע ערשטע אויפפירונגען אונטער דער פירמע „פאַדאָ“ (פאַריין אידישע דראַמאַטישע אַרטיסטן), האָט צוגלייך מיטן יונגן שעפערישן אָרגאַניזם אָנגעהויבן וואַקסן דער טויטנעפערלעכער באַציל פון זיין אומקום...

אויב אַן אונטערנעמונג, וואָס האַלט זיך אויפֿן „סטאר", קאָן נאָך לעבן אויפֿן „טייג" פֿון פּראַקטישע אינטערעסן, אָן ברייטערע אידעען, אָן אַ טיפֿערער אידעאָלאָגיע, אָן פּלענער און חלומות, וואָס ווערן געבוירן אין געמיטער פֿון צעפּלאַמטע קינסטלער, מוז אָבער אַזאַ אינסטיטוציע, ווי עס האָט געוואָלט — און געזאָלט — זיין „פּאדא", זיין דורכגעדרונגען מיט זאַפֿטן פֿון הויכן, ריינעם אידעאַליזם.

קיין מינימאַלער שפּור פֿון דעם האָבן די לייט פֿון „פּאַדאַ" נישט פֿאַר־מאָגט!

אָבער — „טעאַטער" איז נישט קיין „אונטערנעמונג", וואָס פּראָ־דוצירט „סחורות" צו פֿאַרקויפֿן אָן־גראָ און דעטאַל; איז אויך נישט קיין „עקספּאָנאַט" פֿון „קולטור". „טעאַטער" אין די געשטאַלט פֿון דור, „טעאַטער" אין 1919 יאָר האָט געזאָלט באַווייזן, ווו עס האַלט אין דער וועלט דער יידישער מענטש.

די יידישע אינטעליגענץ איז אַרומגעגאַנגען אזוי ווי אין צעריסענע מלבושים פֿון קולטור־ווערטן, וועלכע זענען ביז נישט לאַנג געווען כמו איר אייגן לייב און האָבן אַצינד אויסגעזען אַזוי ווי „ראָגאָזשעס" און „זעק", וואָס זי טראָגט אויף זיך כדי צו באַדעקן איר נאַקעטן גוף...

טעאַטער האָט געזאָלט ווערן דער לבוש פֿון איר נייער יום־טובדי־קייט; דאָס פּנים פֿון איר נייעם אויפֿבלי; דער פּאַלאַץ פֿון איר רענע־סאַנס... יידיש איז איצט געוואָרן איר שפּראַך, מאַמע־לשון — איר פֿרייד.

די בחורים און מיידלעך פֿון „פּאדא" זענען תיכּף פֿאַרסמט געוואָרן דורך די אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע סוביעקטן, וואָס האָבן געשריבן לויבגע־זאַנגען, נישט קאַרגנדיק קיין גוזמאות, דעם אומפּעיקסטן צווישן אַלע האָט מען אָנגעהויבן רופֿן: „יידישער סטאַניסלאַווסקי".

אין „פּאַדאַ" האָבן זיך פֿון סאַמע אָנהייב צעשפּילט אַמביציעס, און נאָכן קומען קיין וואַרשע האָבן אַ ריי באַגאַבטע מיטגלידער די טרופּע פֿאַרלאָזן...

געפֿירט האָט טעאַטער האָבן פּאַקטיש צוויי מענטשן: לייב קאַדיסאָן און מרדכי מזאה. דער ערשטער האָט געשאַפֿן די פֿאָרשטעלונגען, דער צווייטער — געפֿירט דיווירטשאַפֿט און רעפּרעזענטירט די אינסטיטוציע.

צו יעדן פֿון זיי וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

אַז די טרופּע האָט איבערגעלעבט איר ערשטן קריזיס: עס זענען אַוועק עלמית, שניאור, גראסבאַרט, בלומענטאַל און אזרא, האָט די אָנ־פֿירונג — משמעות צו „ראַטעווען די סיטואַציע" — געמאַכט אַ שריט,

וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעאַטער מיטן קאָפּ אַראָפּ: מען האָט אַנגאַזשירט אַ רוסישן פּראָווינציעלן אַקטיאָר — אויף גאַסטראָלן...

קודם איז דער עצם פּריניציפּ „סטאַר“ *שוין* געווען אַ פלעק אויפן פּרוכת. והשנית — האָבן דאָ די ליבע עופּהלעך פון „פּאדא“ אויסגעזען ווי קינדער אין טאַטנס תחתונים.

לאָמיר נישט רעדן וועגן פאַרשיידענע „שולן“ און „סטילן“ פון שפּילן — ביים „סטאר“ און ביים „אַרום“. עס זענען קיין שום סטילן און שולן סתם נישט געווען. אָבער לעאָניד סניעגאָוו איז איבער די ברעטער אַרומגעגאַנגען, ווי זיך אָפּגעריסן פון אַ קייט: פול מיט תקיפות און זיכערקייט. זיין שלעכט יידיש האָט צוגעגעבן אים אַליין — „גאווה“: („איך בין נישט פון דעם טייג געקנאָטן“), אַלעמען אַרום — „ערפורכט“... דער אַנסאַמבל איז געווען אומבאַהאָלפן, זיך געגליטשט באַרג=אַראָפּ... אַלץ איז אַוועק לאיבוד.

אין דער צייט —סוף אַפּריל — אָנהייב מאי — איז מזאה געקומען קיין ווילנע מיך אַנגאַזשירן.

אָבער צווישן מיר מיט מאוזאָ (ער האָט געשריבן: „מזאה“) האָט פון די ערשטע מינוטן זיך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט — נישט ווי צווישן „צדדים“, וואָס מוזן איינער ביים צווייטן עפּעס „אויסדינגען“. מיר האָבן פון די ערשטע אויסגעהערטע ווערטער זיך אָנגעהויבן באַציען צואיינאַנדער ווי לעבעדיק=פּראַאינטערעסירטע אין איין גרויסן אוןביידן גלייך נאָענטן ענין. ער האָט מיר פאָרגעלייגט אַ געהאַלט, וואָס האָט מיר געזיכערט אַ לעבנס=עקזיסטענץ. איך געדענק נישט גענוי דעם ציפער... איך געדענק בולט, אַז אויף מיין פראַגע: צי קאָן ער מיר גאַראַנטירן פרייהייט און אַבסאָלוטע זעלבסטשטענדיקייט אין מיין שעפערישער אַרבעט? צי וועל איך נישט זיין אָפּהענגיק פון עמעצנס אַמביציעס, קאַפּריזן, שפּיצלעך, אינטריגעלעך, האָב איך דערהערט אַ תשובה, וואָס האָט מיך אָנגעצונדן, דערמוטיקט, דערהויבן, באַפליגלט און געמאַכט גרייט אָפּצוגעבן מיין גאַנצן נפש דער אינסטיטוציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען: „*ווילנער טרופּע*“.

איר פאָרשטייער און פּאַקטישער פירער האָט מיר אין קורצע ווערטער דערקלערט, אַז אַלץ, וואָס ער און אַנדערע חברים פון זייער טעאַטער האָבן וועגן מיר געהערט פאַר די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאָר און אַ ריי פּראַקטישע אָבסערוואַציעס — הגם פונדערווייט — האָט זיי געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז איך בין דער, וואָס קאָן די טרופּע פירן און דער=

פירן צו די געהעריקע פונקטן פון קינסטלערישער און יידישער שלימות... ער האָט צוגעגעבן, אַז דער געגעבענער מאָמענט איז רייף און גינסטיק, כדי אָנצוהייבן אַ נײַ בלאַט אין דער אַנטוויקלונג פון זייער טעאַטער, ווײַל דער דורכגעמאַכטער טאָפּלטער קריזיס דאַרף זײַן אַ פּאַקטאָר פון אויס־לײַטערונג און אויסגיכטערונג פאַר די, וועלכע האָבן זיך געפילט דער־שלאָגן נאָכן אַוועקגיין פון די עטלעכע חברים — גרינדער פון „פאדא" — און פון אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר אַן „אונטערגאַנג", אַ ירידה — דעם קורצן אָבער שווערן עטאַפּ מיטן פרעמדקערפּערדיקן גאַסטשפּילער.

— מיר זוכן אַ קינסטלער, אַ מענטשן, אַ יידן, וועלכער זאָל רעדן אונדזער שפּראַך סײַ אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, סײַ אין ברייטן סימבאָלישן... מיר זענען נייגעבוירענע, בלינדע, אומבאַוווסטזיניקע ברואים, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו פאַרשטיין, אַז... זיי פאַרשטייען גאָרנישט, אַז זיי דאַרפן זיך לערנען, אָנהייבנדיק פון אלף־בית. און מיר זענען אַלע דורכגענומען מיט צוטרוי צו אייך. מיר גלויבן, אַז איר קאָנט ווערן אונ־דזער רבי און מדריך. נאָך אַלץ, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט פאַר די פיר יאָר פון אונדזער קיום, וועלן מיר גיין נאָך אייך מיט פאַרבונדענע אויגן, אויב איר זענט גרייט איבערצונעמען די השגחה איבער אונדז.

די עטלעכע שורות זענען נישט קיין סטענאָגראַם פון דעם, וואָס איך האָב אויסגעהערט פון מזאהן, זיצנדיק ביי מיר אין קאַבינעט יענעם טאָג פון סוף אַפּריל אָדער אָנהייב מאי 1920.

אָבער דער תוך פון אָט די שורות איז דער מאָטיוו, וואָס האָט גע־קלונגען און וויברירט אין מיין געוויסן און האַרצן זינט ווייטער האָט אין די זעלביקע ווענט — מיט 15 — 16 חדשים צוריק — אויסגעלאַכט מיין „אך, טי גוי יעסי, פראַוודאַ־מאַטושקאַ!", און אַנ־סקי האָט מיר אַ זאָג געטאָן, אַז „זאָגט וואָס איר ווילט, אָבער אונדז ביידן שטייט נישט אָן צו רעדן אין ווילנע רוסיש"... אין געמיט האָט שוין געהאַט פאַרזייט אַ שאַרפן, פריער נישט באַקאַנטן אומרו די נאַכט פון דער „חנן־סצענע" אין אָטוואָצק; איך בין פון יענער נאַכט שוין מער נישט אַרויס פון די „לופטשיפן" און „סתם־רייד" וועגן גרויסע אויפגאַבן אויף נייע געביטן, וואָס האָבן פאַרשאַרפט מיין האַלדז־קאַטאַר און פאַרשאַרפט... מיין דאָרשט — צו בויען, צו שמידן, צו וועבן, צו פ ל י ע ן.

מזאהן האָט אין יענעם געשפּרעך אין ווילנע מיר געעפנט די טיר; צום אויסגעטרוימטן היכל פון יידישער קונסט און האָט מיך אָנגענומען

פאַר די הענט און האָט מיך צוגעפירט צום שוועל מיט אַ הייסן, אויפריכטיקן „ברוך הבא!“ אויף זיינע ליפּן.

און איך האָב דעם שוועל פון אויסגעבענקטן היכל אַריבערגעטראָטן: די ערשטע אַכט חדשים מיט דער „ווילנער טרופּע“ זענען געווען אין מיין לעבן די איינציקע חדשים, ווען „אַקטיאָר“ און „ייד“ האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן און געשאַפן פרייד פון קונסט און געבראַכט צו אָנערקענונג פון די ברייטסטע פאָלקס־שיכטן.

די געבראַכטע נישט סטענאָגראַפירטע שורות, פינקטלעך אָפּשפּיגלענדיקע דעם אינהאַלט פון די ווייטערדיקע חדשים, זענען אייגנטלעך דער סכום און זין פון אַלץ, וואָס איך האָב מיט די „ווילנער“ געטאָן און אויפגעטאָן.

און ווייטער — פאַקטן: די פאַקטן פון אָנהייב, פון המשך און... פון אומברחמנותדיקן ס ו ף.

* *
*

די חדשים זענען געווען אַ פעריאָד פון שאַרפע קאַמפן צווישן פוילן און ראַטנפאַרבאַנד. אין פרילינג האָט פּילסודסקי אָקופּירט קיעוו; אין יולי האָט די רויטע אַרמיי באַזעצט ווילנע און אָנגעהויבן דעם מאַרש אויף וואַרשע; אין אויגוסט האָט זיך די כוואַליע אַ גאָס געטאָן צוריק, און די מלחמה האָט געדויערט ביז אין טיפן האַרבסט אַריין און דאַן זיך פאַרענדיקט מיטן ריגער שלום־טראַקטאַט.

עס איז נישט נויטיק, שרייבנדיק וועגן ענינים, וואָס האָבן צו דער מלחמה און בכלל צו פּאָליטיק קיין שייכות נישט, זיך אָפּצושטעלן אויף דעם, אַז יעדער מענטש האָט געאָטעמט מיט דער לופט פון די אומאויפהערלעכע שינוים אויפן פראָנט, און פריידן פון פרידלעכע דערגרייכונגען האָבן נישט געקאָנט פאַרטויבן דאָס געפיל, אַז מען לעבט אויף אַ ווולקאַן און אַז יעדע מינוט קאָן מיט רויך אַוועקגיין אַלץ, וואָס מען טוט אויף די געביטן פון פרידלעכן טאָג. אָבער... מען האָט געטאָן! מען איז שריט נאָך שריט געגאַנגען ווייטער.

מיינע פאָרשטעלונגען ביי די „ווילנער“ האָב איך אָנגעהויבן מיט „שמע ישראל“. הגם עס איז געווען אין שאַרפער סתירה מיטן פּאַן פון „גייעם עטאַפּ“, האָט די אָנפירונג איינגעפונען, אַז עס איז געזונטער —

צעמענדיק אין אַכט די צייט און מעגלעכע סורפּריזן — נישט אָפּצולייגן מיין באַקאַנטשאַפט מיטן וואַרשעווער עולם און וואָס מעגלעך גיכער זיך באַוויזן. און זאָל מען זען, אַז דער נייער מענטש אין טע־אַטער איז פאַר זיך אַליין שוין אַן אָנזאָג פון נייעם עטאַפּ.

איך מוז באַמערקן, אַז דער „דעביוט“ האָט זיך אַרויסגעוויזן ווייט נישט אין אַזאַ ליכט, ווי מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק אין ווילנע און לעצטנס — אין לאָדזש... די סיבה איז דאָ געווען אַ פּילפּאַכיקע. קודם האָט מען דאָ „געוואַרט“. און וואַרטן איז אין אַזעלכע פאַלן אַ שטימונג פון „סענסאַציע“. און דער אָביעקט פון דערוואַרטונג ברענגט דאָס רוב — אַנטוישונג, ווייל מען האָט געוואַרט, אַז ער וועט באַווייזן „נסים ונפלאות“, און ער, האָט זיך אויסגעלאָזט, איז אַ „מענטש מיט מענטשן צוגלייך“...

אַז דאָס איז אַ „שלעכטער אַקטיאָר“ האָט קיינער נישט געזאָגט — ווי ווייט איך ווייס — אָבער מען האָט געוואַרט, אַז ס'זאָל קומען עפּעס מער, עפּעס אַנדערש...

וועגן שאַפן אַ שטימונג פון וואַרעמען „ברוך הבא!“ — האָט קיינער נישט געזאָרגט. איך האָב אָנגעהויבן אין אַ לופט פון „נייטראַליטעט“, אין וועלכער עס האָט נישט געפעלט קיין סימפּטאָמען פון אומפריינד־שאַפט.

איך האָב זיך נישט גענומען צום האַרצן די קאַלטע שפּריצן און איינגיכן צוגעטראָטן צו די פּראָבן פון אַ נייער גרויסער אויפפירונג: לעאָניד אַנדרעיעוום — „דער, וואָס קריגט די פעטש“ אין מיין איבער־זעצונג.

די וואָכן און חדשים האָבן אָבער געבראַכט פאַקטן, וועלכע האָבן געלאָזט וואָרצלען. קנאָספּן, קווייטן און פּירות זענען אויסגעוואַקסן לאַנגע יאָרן שפּעטער. אָבער די פאַקטן פון יענע חדשים מוזן צום ליכט קומען שוין איצט.

# פינפטער קאַפּיטל

## בעטהאָוועַנס „צע — מאָל״

איך האָב געזוכט אַ דירה. וואַרשע האָט אָנגעהויבט אויף מיר די שטימונג פון פעטערבורג. יענע פאָדערונגען...

אָבער איך האָב זיך שנעל אָריענטירט, אַז באַזעצן מוז איך זיך אין די יידישע גאַסן. האָבנדיק געמאַכט אַ 2 — 3 פּרוון צו געפינען אַ צימער, איז מיר געוואָרן „פינצטער און ביטער״, ווייל די מענטשן האָבן זיך מיר באַוויזן נישט פשוט „פרעמדע״ — ווי אַמאָל אין פעטערבורג — גייערט... ווי ל ד - פ ר ע מ ד ע! סיי די מלבושים, סיי דאָס לשון, סיי די באַנעמונג האָבן מיר קלאָר געמאַכט, אַז איך קאָן מיט זיי נישט פאַרברענגען אונטער איין דאַך, אפילו איין שעה... און אויב איך וואָלט זיך שוין בלית-ברירה באַשלאָסן, וועלן זיי מיך נישט אַריבערלאָזן איבער זייער שוועל: „אַן אַקטיאָר״? „אוי וואי איז מיר!״ מען האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל עס אויף די ליפן נישט אַרויסברענגען! אָבער דער לייענער דאַרף מיך שוין געווען קענען לפחות צו פאַרשטיין, אַז אויב אין פעטערבורג אַמאָל פלעג איך תיכף מעלדן, אַז איך בין אַ ייד, וועל איך אין וואַרשע אַצינד נישט באַהאַלטן, אַז איך בין אַן אַקטיאָר.

און די לאַגע איז געווען — אָן אַן אויסגאַנג.

טרעף איך איינמאָל אין ליטעראַטן-פאַריין אַנ—סקין און גיב אויס פאַר אים מיין ביטער האַרץ.

דערביי שטייט אַ ייד פון אַ יאָר 60 מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד. ער רעדט מיט אַנ—סקין, און איך הער אַ לשון אָן שום „וואַי״ און „יאַר״ און „פישטאַיט איר מעך״. קוק איך אויף אים, קוקט ער אויף מיר. זאָגט אַנ—סקי:

— באַקענט אייך, רב לוי: דאָס איז אַ ווילנער ייד.

דערלאַנגט מיר רב לוי די האַנט און זאָגט: „לעווין-עפשטיין״.

דריק איך זיין האַנט און זאָג: „מאָרעוווסקי“.
שיסט אַנ—סקי אוים מלא רוגזה:

— וואָס „מאָרעוווסקי“. ווער „מאָרעוווסקי“. דאָס איז מנקר!
ווערט ביי יענעם דאָס פּנים צעשטראַלט.

— באַשעװ־ריווּעס בן־יחיד??
זאָג איך פאַרחידושט: „יאָ“.
זאָגט ער פאַרחידושט: וואָס עפּעס „יאָ“? פאַרוואָס נישט — „יע“?
צעלאַכן מיר זיך אַלע דריי.
זאָגט ער לאַבנדיק: „און די מומע גאַלע קענט איר“?
און איידער איך באַוויין צו ענטפערן הער איך: „איך בין איר פּלי־מעניק“...

איצט איז מיר קלאָר ווו איך האָב געהערט די פאַמיליע לעווין־עפּשטיין.

איך וואָלט באַדאַרפט דערמאָנען מייגע פריע קינדעריאָרן און די דריי שוועסטערס יעווגין און זייער מאַמען, מיין מוטערס בעסטע פריינדין. אָבער וויכטיק איז, אַז לעווין־עפּשטיין האָט מיר פאַרשאַפט אַ דירה אין משך פון איין מעת־לעת — באמת „זכות אבות“!

ער האָט אָנטעלעפאָנירט צו זיינס אַ באַקאַנטער, פרוי לענצנער, און געזאָגט, אַז ער האָט אַ שכן פאַר דעם צימער, וואָס זי וויל פאַרדינגען; תחילת האָט זי זיך דערפרייט און אים באַדאַנקט, אָבער דערהערנדיק וויטערדיקע פּרטים, איז זי געוואָרן „אויסער זיך“ און זיך גענומען „בעטן רחמים“:

— סטייטש, רב לוי, ווי קאָנט איר אַזוינס פון מיר פאַרלאַנגען? אַן אַקטיאָר אין שטוב? געזונט זאָלט איר זיין! איך האָב דאָך פיר דערוואַק־סענע טעכטער!

אָבער ער האָט זי פאַרזיכערט, אַז ער איז ערוב פאַר מיין אָנשטענ־דיקייט: ער האָט געקענט מיין טאַטע־מאַמען. און זאָל זי מיר נאָך דער־לויבן, אַז איך זאָל זיך צו איר מעלדן, וועלן איר אַלע ספקות אַרוים פון קאָפּ.

זי איז מסכים געווען, אַז איך זאָל אָנטעלעפאָנירן.

* *
*

מיר האָט די טיר ביי די לענצנערס געעפנט אַ פרייליין פון אַ יאָר 23, וועלכע האָט מיך פון ערשטן בליק פאַסצינירט. און איך וויים נישט:

איז עס געווען איר אויסזען, איר קליידונג, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן אויסגעהאַלטענעם פיינעם געשמאַק און שטרענגער דיסטינגירטקייט, דאָס וואָס מען באַצייכנט מיטן פראַנצויזישן: „קאָם איל פאָ"?

אָדער איז עס געווען דער בליק פון אירע גרויע פרעכטיקע אויגן, אויף וועלכע מיין געדאַנק האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ קורצן בליין: „אַ שפּין!"

אין פּאָדערצימער איז געווען כמעט טונקל: ליכט האָט קאַרג געשטראָמט פון צוויי — רעכטס און לינקס אָפענע — טירן.

דער באַשלוס מיר צו פּאַרדיגגען דאָס צימער איז געווען אָנגענומען איידער איך האָב געמאַכט דעם „ערשטן איינדרוק".

איך האָב זיך באַזעצט ביי דער פּאַמיליע לענצנער. איך געדענק אַבסאָלוט נישט די פּרטים פון די ערשטע טעג. איך זע פאַר מיינע אויגן, דאָס דיסטינגירטע פרייזלן אין גרויסן זאַל־צימער ביים קלאַוויר. איך הער קלאַנגען... איך קען די קלאַנגען: מיין מוזיק־לערערין פלעגט עס שפּילן... אָבער איצט דאָ האָב איך עס דערהערט כמו צום ערשטן מאָל.

איך ווייס נישט צי האָב איך דעמלט געוווסט, אַז דאָס איז בעטהאָווענס קאָנצערט צ־מאָל.

איך ווייס, אַז, האָרכנדיק יענע קלאַנגען און קוקנדיק אין יענע אויגן, האָב איך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. איך ווייס, אַז איך האָב יענע מינוטן — און עס האָט זיך איבערגעחזרט נישט איינמאָל אין טאָג — אָנגעהויבן פילן, אַז מיין האַרץ און גייסט ווערן געלייטערט אויף אַן אופן, וועלכער האָט מיר פאַר מיין גאַנצן לעבן געפעלט; עפּעס פאַרוויסטע ווינקלען אין מיר האָבן אָנגעהויבן פינקלען און ציטערן. איך פלעג האָרכן, האָרכן און קוקן אין די גרויע אויגן און האָב דערזען, אַז אַרום קאַלטן בליק ליגט אַ געדיכטער שאָטן פון טראַגישן וועלט־שמערץ.

איך ווייס, אַז ערגעץ אין די טיפקייטן פון מיין געמיט האָט זיך פאַרוואָרצלט אַ געדאַנק, אַז דעם דרייאונצוואַנציקיעריקן קינד מוז איך אונטערשטעלן מיין אָרעם און העלפן גיין צו פּיעדעסטאַלן...

מיר פלעגן אָפּזיצן ביז פאַרטאָג אין געשפּרעכן וועגן מיינע אידעאַלן פון טעאַטער.

זי פלעגט מייסטנס האָרכן שעהן־לאַנג, שטייענדיק אויפן שוועל אין טיר.

איך פלעג איבעררייסן די דערהויבענע „סתם־רייד" מיט לייכטע פריוואָלע וויצן און טעאָריעס וועגן „פרייער ליבע". דאָס פלעגט אָפּשפּריג־

גען פון איר ווי אַן אַרבעס פון וואַנט... עפּעס איז זי אַ פּאָר טעג צו מיר גישט אַריין איבערן שוועל.

אין אַ חדשים צוויי אַרום איז זי אַוועקגעפאָרן קיין ווין שטודירן קלאַוויר. איך האָב זי געטראָפן אין וואַרשע אין צוויי יאָר אַרום. מיר פלעגן זיך שרייבן בריוו. אָבער די „פּאַקטן, וואָס פירן און שטויסן" און פלעכטן די יאָרן און שאַפן דאָס לעבן — זענען געפלאָכטן ווייט פון אונדז אין שטח, פרעמד אין תוך...

פאַר יענע צוויי חדשים אין יוני — יולי 1920 האָב איך אין טעאַ־טער געגרייט מיין אויפפירונג פון „דער, וואָס קריגט די פעטש", און מאַניע לענצנער איז דאָ געווען מיין „קאָנסועלא", אַזוי ווי מיט קנאַפּע 5 יאָר צוריק איז עס געווען אין אַלעקסאַנדראָווסק פּאָלע צירינסקי — מיטן אונטערשייד, אַז פון יענער בין איך געווען אַנטציקט און אין מאַניע לענצנער — גישט ווייסנדיק עס — פאַרליבט... די אַקאָרדן פון בעטהאָ־ווען־קאָנצערט האָבן געשפּילט אין יעדן אבר פון מיין נפש... די ראָל פון „דער" איז געווען דער אינהאַלט פון מיינע טעג און נעכט, און די גרויסע אויגן מיטן שאָטן פון האַרצרייסנדיקער טראַגיק אַרום קאַלטן בליק האָבן מיך גערופן, האָבן פון מיר געפאָדערט, האָבן צו מיר געשריגן, האָבן אָנ־געפילט מיין „דער־געשטאַלט" מיט לעבעדיקע ווייטיקן. און, אַזוי ווי די אויגן האָבן געקוקט אָן רייד — האָב איך גישט געהאַט קיין באַגריף זועגן וועלכע עס איז קאָנקרעטע פּראַקטישע שריט, וואָס וואָלטן געענדערט די אומשטענדן און געהאָלפן מיר און עמעצן אַרום מיר צו פאַרלייכטערן די שווערע נסיונות אויפן וועג.

פון יענע וואָכן זענען פאַרבליבן בעטהאָוועגס אַקאָרדן, פרייד פון פאַרליבטקייט, גאָרלען פון גאָגנדיקער בענקשאַפט.

* *
*

פאַר די צוויי וואָכן פּראָבן פון „שמע ישראל" האָב איך באַשלאָסן, אַז דער עיקר פון מיין אַרבעט אין דעם טעאַטער מוז זיין — פּעדאַגאָגיק. און גישט אין דער באַגרענעצטער מאָס פון אַ „הרדקי־מלמד", הגם די הברה־לייט באַוועגן זיך אויף די בינע־ברעטער אָן אַ שום סימן פון סצע־נישן אלף־בית. דער פּעדאַגאָגישער אַקצענט מוז דאָ געלייגט ווערן אויפן

אַרט דענקען וועגן דער עצם נאַטור פֿון טעאַטער, פֿון שוישפּילקונסט, פֿון סצענישן פֿאַרקערפּערן דעם מחברס מאַטעריאַל.

איך האָב שוין פֿריער באַמערקט, אַז דער תמצית פֿון ספּעקטאַקל איז פֿאַר מיר געווען די באַהעפֿטונג פֿון מחבר און אַקטיאָר. איך מוז דאָ אונטערשטרייכן, אַז אין מײַנע ווייטערדיקע קאַפּיטלען האָב איך נישט קיין כּוונה אין דער מינימאַלסטער מאָס צו פּאָלעמיזירן מיט אַנדערע שיטות און טעאָריעס פֿון פּראַקטישער טעאַטער־ווירקלעכקייט און, דערציילנדיק וועגן מײַנע פּראַקטישע שריט, בין איך נישט אויסן צו זאָגן, אַז „אַזוי“ — און „נישט אַנדערש“ האָט באַדאַרפֿט זײַן אין דער וועלט פֿון סצענישע אַספּיראַציעס און אויפֿטוען. איך וויל בלויז זאָגן, אַז אויף אַלע מײַנע עטאַפּן און וואַנדערונגען בין איך געווען און פֿאַרבליבן אָנגעפֿירט דורך אַספּיראַציעס פֿון פֿאָרשנדיקן געדאַנק און שעפֿערישן געוויסן און מײַן מאָס איז אָפּשאַצונגען פֿון ווערטן און דערשײַנונגען איז געווען — דער מענטש, זײַנע נסיונות, זײַנע שטרויכלונגען, זײַנע זיפֿצן און לידער, זײַנע תּפֿילות און קללות.

האָבנדיק אויף מײַן רעזשיסערישן קרעדיט מינימום אַ צענדליק אויפֿפֿירונגען פֿון שעקספּירן, איבסענען, טשעכאָוון, אָסטראָווסקין, האָב איך אין וואַרשע אין 1920 יאָר צום ערשטן מאָל אויסגעאַרבעט אַ ג ע נ ו י ע ם פּ ל אַ ן פֿ ו ן ר ע ז ש י צו דער אויפֿפֿירונג פֿון לעאָניד אַנדרעיעווס שטיק.

איך בין דערבײַ אַרויסגעגאַנגען פֿון דער הנחה, אַז מײַן שטענדיקער סיסטעם פֿון זוכן ניואַנסצענעס, האָבנדיק פֿאַר זיך דעם שוישפּילער, און פֿון אײַנשטעלן מײַן „רעזשי“ אין עצם גאַנג פֿון די פּראָבן און פֿון אָנוואַקסנדיקן בילד, וואָס עס שאַפֿן טריט נאָך טריט די אַקטיאָרן — קאָן אין דעם פֿאַל ווערן אָנגענומען פֿאַר אַ סימן פֿון „אומבאַהאָלפֿנקייט“ און צו נישט מאַכן דעם אויטאָריטעט פֿון גייעם „מדריך“, ווי די לייטונג האָט מיך דער טרופּע פֿאָרגעשטעלט פֿון ערשטן טאָג.

מיט אַ העפֿט, וועלכער איז געווען געדיכט פֿאַרשריבן מיט ציפֿערן און קורצע נאָטיצן, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט ביים טישל אויף דער אַוואַנסצענע...

אָבער עס וואָלט געווען אַ טעות אין גרונט, ווען עמעצער מיינט, אַז איך האָב אויסגעזען ווי אַ „גרויסער ספּעציאַליסט“, וועלכער איז דאָ צוגעטראָטן אַהויסצולייגן אויפֿן טיש „סתרי תורה“. יעדער, וואָס האָט געהאַט אָפֿענע אויגן, האָט געמוזט זען, אַז דער „רעזשיסער“ זיצט און

זיין גאַנצער גוף און נשמה איז אַן אָנגעצויגענע סטרונע און... „?“: וואָס וועט דאָ ווייטער זיין?

ווייל „שאַפן“ איז, לויט מיין איבערצייגונג, הן אונטערבאַוווסטזיין, הן מחשבה, הן עמאָציע, אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אימפּראָוויזאַציע. אָבער כדי צו אימפּראָוויזירן דאַרף מען „כאַפּן“ דעם אָנשפּאַר־פּונקט.

עס זענען אַוועק היפּשע עטלעכע מינוט. אַרום האָט מען געוואַרט אויפן רעזשיסערס „באַפעל“, און, גישט האָבנדיק וואָס צו זאָגן, האָב איך אַרויסגעמורמלט:

— אויף דער בינע ביי אַ כמעט פולער פינצטערקייט גייען אַריין פון דער איינציקער טיר צוויי קלאָונען: טילי און פּאָלי.

ראָלן־פאַרטיילונג איז די ערשטע און שווערסטע מיסיע פון רעזשיסער! יעדער באַגאַנגענער פעלער איז דאָ אַ צעפּוילטער ציגל אין בנין.

דער עצם איינפאַל צו לאָזן שפּילן אין די צוויי ראָלן — פרויען, איז געווען אַ פּאַראַדאָקסאַלע המצאה און האָט געקאָנט פאַרקריפּלען אַ ריי פון די בעסטע מאָמענטן אין ספּעקטאַקל.

זיצנדיק ביים טישל און וואַרטנדיק אויפן ערשטן פּונקט, וואָס זאָל אַ שטויס טאָן מיין אימפּראָוויזאַציע, האָב איך דערזען די ביידע פרויען־געשטאַלטן: פ אָ ל י א וואַ ל ט ע ר און ל י ו ב אַ ק א ד י ס א ן און מיט אַ שמייכל פון גליק אויפן אַקאַרשט נאָך פאַרכמאַרעטן פּנים האָב איך זיך אַ הייב געטאָן פון בענקל.

— זיי האַלטן אין די הענט פּייפעלער און באַוועגן זיך אין טאַקט פון מאַטשיש, וועלכן זיי פייפן אויס... וואַרט: דער מאַטשיש!

איך האָב שוין פאַרן לייענער געהאַט ברייט געשילדערט וואָס פאַר אַ ווירקונג עס האָט אויף מיר — מוזיק; וואָס פון מיר קאָן ווערן אין איין רגע אונטערן איינפלוס פון מעלאָדישע קלאַנגען. יענע טעג און נעכט האָב איך געאָטעמט אין דער לופט פון צע־מאָל־קאָנצערט. אין מיר האָבן אַלע נערוון „געזונגען“, און מיין צעזונגען געמיט — אויסרופנדיק: „דער מאַטשיש!“ — האָט אין אַ מינוט אַרום אָנגעהויבן זינגען דעם „טילי־פּאָלי“־מאַרש.

עס האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה, ווי די ערשטע סצענע פון ערשטן אַקט ביז „פּאַפּאַ בריקע'ס“ אויפטריט איז געווען פאַרטיק און האָט אויסגעזען אַזוי ווי אין זעקס וואָכן אַרום אויף דער פּרעמיערע...

אַז אויף די אָנוועזנדיקע האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ „נס“,

און מען האָט זיך דערפילט ווי אונטער פליגלען, וואָס קאָנען באַשיצן פון ווינטן און געוויטערס, מוז איך מיר דערלויבן משער צו זיין.

„פּאַפּאַ בריקע", דעם צירק־דירעקטאָר, האָט געשפּילט אליעזר זשעליאַזאָ.

דאָ וועל איך מיר דערלויבן צו באַטאָנען, אַז אויף אונדזערע דפים האָבן ג ל יי כ ע „בירגער־רעכט" זכרונות און רעיונות, פאַקטן און באַטראַכטונגען, שילדערונגען און אויספירונגען.

אליעזר זשעליאַזאָ איז געווען אַ פּרעכטיקער שוישפּילער, איינער פון די זיילן — „מ אַ ר מ אָ ר ־ ז יי ל ן"! — אויפן גאָרדין־עטאַפּ אין יידישן טעאַטער. איך בין אַליין געווען זיינס אַ חסיד נאָך דעם ווי איך האָב אים געזען שפּילן „נחומציען" (אין „מירעלע אפרת").

מיר זענען פון יאָרן־לאַנג געווען באַקאַנט און „אויפגעטראָגן". ער האָט געהערט צום קרייז, אין וועלכן מיין נאָמען פלעגט נישט זעלטן קלינגען ווי עפּעס אַ מין „אויסגעטראַכטע מעשה", אַז אויסגעוועבטע פון שפּינוועבס מיט באַגילדטע פעדים... ער איז אַפילו געווען ביי מיר צוגאַסט אין ווילנע און האָט מיט ווילמוטיקן חידוש באַטראַכט מיין גאָלדענע נעסט, אין וועלכער איך פלעג זיך אָפּשטיקן (דער לייענער ווייס עס שוין פונלאַנג), אָבער אויף זייטיקע האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון „גאָלד מיט זילבער מיט געפּרעגלטע מאַראַנצן".

האָרף מען האָד אָננעמען, אַז איצט האָ, האָבנדיק זיך געטראָפן ביי איין וואַרשטאַט, וועלן מיר זיך נישט נאָר דערפרייען און ווערן „איין לייב", נאָר מיר וועלן איינער דעם צווייטן כסדר דערמוטיקן, כסדר שטיצן, העלפן.

געשען איז — קאַפּויער, און שוין אויף דעם אָרט לאָמיך דערציילן, אַז פאַר די זעקס וואָכן פראָבן איז געווען איין און איינציקער פאַקט, ווען עס איז געוואָרן אַראָפּגעריסן אַ סצענע, און איך בין אַנטלאָפן פון טעאַטער... און דער שולדיקער אין דעם איז געווען אָט דער... „זייל פון גאָרדין־עטאַפּ"!

נאָך דער סצענע „טילי־פּאָלי", ווען אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן „פּאַפּאַ בריקע", האָב איך תיכף דערפילט, אַז דאָ קומט אָן אַ האַלבע שעה, ווען פון דער אקאָרשט דורכגעלעבטער פרייד וועט נישט פאַרבלייבן קיין זכר.

דער שווערער נסיון פון בויען אַ סצענע מיט אַ געניטן אַקטיאָר באַשטייט אין דעם, וואָס מען מוז אַלע כוחות ווענדן נישט צום מאָטיוו פון

דער געגעבענער סצענע, בייערט צו דער מאָס פון דעם, וואָס דער געגעבענער שפּילער קאָן פון זיך אַרויסקוועטשן. און דערביי איז דאָס ערנסטע, וואָס ער היט מיט אָנגעשפּיצטער אַמביציע זיין „פּרעסטיזש“ און, האָבנדיק אַ קנאַפּן צוטרוי צו זיינע אייגענע פעיקייטן, האָט ער מורא, אַז ער וועט נישט בכוח זיין צו דערפילן דעם רעזשיסערס אָנגעמערקטע ניואַנסן, אַקצענטן, דעטאַלן, און ער שטעלט זיך פון ערשטן אָטעמצוג אַוועק אין אָפּאָזיציע, טענהנדיק, אַז ער איז „נישט מסכים“ מיט דעם, וואָס ער האָט נאָך נישט באַנומען און אַפילו נאָך נישט אויסגעהערט.

„פּאַפּאַ בריקע“ איז שוין אויסערלעך געווען אַן אַנדער געשטאַלט, ווי ס׳האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך זשעליאַזאָ. און ווען איך וואָלט געהאַט פרייע הענט וואָלט איך אים די ראָל נישט געגעבן און בכלל אין דער פאָרשטעלונג נישט באַשעפטיקט: איך האָב, האָבנדיק שוין דערפאַרונג, פשוט מ ו ר א געהאַט פאַר דעם דאָזיקן טראָפּן אין מיין נייעם כוס.

אָבער קאַדיסאָן האָט געהאַלטן, אַז יעדע נייע פיגור איז אַן „אוצר“, אַז דער נאָמען פון מפורסם אין אַלטן טעאַטער איז אַ געווינס פאַרן פּראָגראַם, און די „פליגן אין נאָז“, פאַר וועלכע איך האָב מיך געשראָקן, וועט מען לייכט קאָנען אויסדרעסירן דורך דעם, וואָס זיין פרוי, בירנבוים, דובלירט די ראָל פון „קאָנסועללא“, און זי וועט אים האַלטן אין דער געהעריקער „צוים“.

די סצענע מיט „בריקע“ האָב איך געפירט אַזוי, אַז אים זאָלן נישט אָפּשרעקן קיין ספּעציעלע „המצאות“.

בדיעבד, האָבנדיק דערזען וואָס אין זיין פאַרקערפּערונג באַקומט זיך, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די געשטאַלט איז געוואָרן פאַרפלאַכט און אויסגעבלייכט, אָבער „ספּעקטאַקל“ איז דער סכום קאָנקרעטע מעגלעכקייטן. אַפילו אין אַ טעאַטער מיט די רייכסטע מיטלען באַשליסן דעם גורל פון לעצטן איינדרוק צופעליקייטן, וועלכע קיין שום מייסטער און קונצנמאַכער איז נישט בכוח פאָרויסצוזען און אויסמיידן... אויסער זשעליאַזאָ איז אין דער פאָרשטעלונג געווען באַטייליקט נאָך אַן אַלטער אַקטיאָר מתתיהו קאָוואַלסקי. דאָס האָט אויך נישט געהערט צום מאַטעריאַל, וואָס האָט געדאַרפט ווערן דער „ה ו מ ר  ב י ד  ה י ו צ ר“ אויסצוקנעטן אַ שעפערישע סביבה, וואָס זאָל באַטרעטן דעם וועג פון אַ פריער נאָך נישט געזעענער שיטה אויף די יידישע בינע־ברעטער: ר אָ מ אַ נ ט י ש ן  ר ע אַ ל י ז ם!

איך ווייל דערמאָנען, אַז אין ווילנע מיט העכער אַ יאָר צוריק האָב איך פאַרן פאָלקס־קאָמיסאַר דימענטשטיין היציק געפּרעדיקט, אַז טעאַטער פאַר די מאַסן דאַרף קולטיווירן העראָישע מאָטיוון, בילדער פון מענטשלעכער דערהויבנקייט; געשטאַלטן, וואָס זאָלן אָפּרייסן פון ביטערן און מיסטיקן אַרום און וועקן דעם ווילן צו העראָישע שטרעבונגען און רופן אין די ווייטקייטן פון אַנדערע שענערע וועלטן. ביי די „ווילנער" איז געווען זייערע גרעסטע „גאווה", וואָס אין „האָרפּסינג", אַז מען האָט געקערט די שטוב מיט אַ בעזים, איז געשטאַנען אין דער לופט... אַן „אמתער" רויך פון דעם אויסגעקערטן שטויב.

אין דער „פּוסטער קרעטשמע" זענען געווען מאָטיוון פון ראָמאַנטיק, אָבער זיי זענען פאַרזונקען אין ביליקן „שטייגער" און קליינקעפּלדיקן, קליינשטעטלדיקן קוואַזי־קאָמיזם.

דער גאַנצער אַנסאַמבל איז געהאָרכזאַם און באַגייסטערט נאָכגעגאַנגען אין געשפּאַן פון מיין צעשפּילטער פאַנטאַזיע.

די צענטראַלע געשטאַלטן האָבן געשפּילט בולאָוו, שטיין, טאגין. קאַדיסאָן, נאכבוש (דובלירט מיט קאָוואַלסקין, און מיר איז ער געווען ליב מיט דעם, וואָס ער האָט, ווי אַ קינד מיט אַ נייעם שפּילצייג, זיך געפרייט מיט יעדן נייעם איינפאַל, שריט, מיזאַנסצענע).

די פרויען־ראָלן האָבן געשפּילט ארלעסקא און בירנבוים — „קאָנסועללא"; בראַז — „זינידע", צו וועלכער עס איז שפּעטער געוואָרן צוגעצויגן קלארא סעגאַלאָוויטש (זי האָט דאָ געמאַכט אירע ערשטע טעאַטער־שריט, אָבער איך געדענק נישט קיין איין סעקונדע פון אָט דעם עפּיזאָד אין טעאַטער).

מיר זענען פאַרבליבן עפּעס אַזעלכע שיטערע שוימען פון פאַרדרוסן צוליב דעם, וואָס אין דער אַלגעמיינער שטימונג פון הייסער באַגייסטערונג פאַר די וואָכן, פלעגט אָפּט אַ הויך טאָן אַ קעלט פון ספקות מצד ארלעסקא... נאָך יעדער פּראָבע פלעגט זי מיך באַגיסן מיט קאַלטע ספקות וועגן דעם שטיק, וועגן זיין ווערט, וועגן לעאָניד אַנדרעיעוון, וועגן מיינע אָנשווונגען אויף טעאַטער, וואָס זענען, לויט איר „פאַרעלטערט", „אַרכאַיש" און מי יודע ווי נישט איבערצייגנדיק און... לאַנגווייליק.

אַן אמתע טרייסט און פרייד איז מיר אין דער אומגעריכטער צרה געווען בירנבוים: אוממיטלבאַר, אַ הונדערטפּראָצענטיק פאָלקסקינד, אָן „אינטעליגענץ" פון דעם מין, וואָס מיך האָט אין ארלעסקאן ממש דערדריקט און פארסמט די שטימונג פון יענע פייערלעכע וואָכן. בירנבוים

פלעגט יעדע באַמערקונג בעת די פּראָבן אויפכאַפּן מיט צעפּלאַקערטע אויגן און צעשטראַלטן שמייכל.

און פּונקט אַזוי בראַז, גרייטנדיק „זיגידען"....

דאָ וואָלטן געדאַרפט אין אונדזער סימפאָניע אַריינפליסן טענער און אַקאָרדן פון לייכטן „סקערצאָ", הומאָר, לוסטיקייט, חוזק. אָבער בראַז אַזוי ווי אַרלעסקאַ איז אומגעקומען אין די גאַזקאַמערן... איך ווייסט נישט: ווילנער פּאַגאַר? אַנדערשוווּ?

קיין חילוק נישט!

מיר ווערן שטום. דאָס האַרץ, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיי געזונגען דאָס שטאָלצע ליד פון אונדזער רענעסאַנס, ווערט איינגעשרומפּט. די סטרונעס פון יענער האַרפע צערייסן זיך. עס קלינגען אָבער אין אויער די טענער פון דער מוזיק, וואָס מיר האָבן געשפּילט בעת די אַקטן זענען פאָרגעקומען אין אָוונט, און הינטער די קוליסן איז געגאַנגען די פאָרשטע- לונג אין פּאַפּאַ בריקעס צירק: רימסקי-קאָרסאַקאָווס אַ פראַגמענט פון „שעכעראַזאַדאַ"; דער וווּנדערבאַרער טרויערדיקער טאַנגאָ-מאָטיוו, וואָס מיר האָבן אים אין פריערדיקן באַגד געהאַט באַשריבן. דערציילנדיק וועגן אונטערגאַנג פון דער „טיטאַניק" מיט 6 יאָר צוריק; בעקאַטשעווס פיל- מאָל דערמאָנטער וואַלס און... דער „טילי-פּאָלי-מאַרש", וואָס איז געווען דער ערשטער שפּריץ פון אונדזער שעפערישן שטראָם, די ערשטע מע- לאָדיע פון דער זיך רייך-צעוואַקסענער סימפאָניע... דער ספּעקטאַקל איז געווען אַ סימפאָניע!

אַ בלעטל פון וויטערדיקער יידישער דראַמאַטורגיע האָט פאַרשריבן די סצענע פון צווייטן אַקט אין יענער אויפפירונג, בעת אויף דער בינע דערשיינט הינטערוווילעכץ בריקע און רעדט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אין אַפּגעריסענע פראַזן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער אַרענע: זיגידע האָט אַריינגערוקט איר קאָפּ דעם לייב אין געמבע. אויף דער בינע געפינען זיך דריי געשטאַלטן: „דער", גראַף מאַנטשיני און בריקע, אַלץ ווערט פאַרגליווערט אין אימה, וועלע גיסט זיך אַריין אין צושויער-רוים, וואָס ווערט אַ טייל פון פאַרשטיינערטן עולם אין צירק...

די שטילקייט און פאַרשטיינערטקייט האָב איך בעת די פּראָבן איינ- געשטעלט, האַלטנדיק אין האַנט דעם זייגער, און אין משך פון עטלעכע מינוט פאַלן פון בריקע אייגצלנע זילבן פון אימה, פון יאוש, און טרערן פליסן פון זיינע אויגן, וועלכע ער קאָן נישט האַלטן אָפּן.

אין גאַנצן בנין פון טעאַטער איז אין די מינוטן בעת דער פּראָבע פאַרבאָטן געווען צו אָטעמען הויך.

(דאָ האָט אויף איינער פון די לעצטע פּראָבן זשעליאַזאָ געמאַכט אַ טריק און אַראָפּגעריסן די שטילקייט... איך בין פון טעאַטער אַנטלאָפן).

מיטאַמאָל — לויט אַנדרעיעווס רעמאַרקע — איז הינטער דער בינע אַזוי ווי איינגעפאַלן אַ וואַנט: די טויטע שטילקייט האָט פאַרביטן אַ רעש און געטומל פון טויזנטער ברוסטן, און נאָך עטלעכע מינוטן פון דונערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן און טומלענדיקן עולם קומט אַריין אַ צעפּלאַמטע, מיט צעשויבערטע האָר, אויפגעריסענעם זשאַקעט און צעבראָכענעם הרע־סור־בייטש — זינידע... און דאַן ברעכט אויס אַ דונער אין עולם, וואָס קוקט אונדזער ספּעקטאַקל.

אין 4 יאָר אַרום האָט אַלטער קאַציזנע אָנגעשריבן זיין „דוכוס" און די באַשריבענע סצענע מיט זינידעס קאָפּ אין לייבס געמבע הינטער דער בינע האָט ער איבערגעחזרט אין צווייטן אַקט פון זיין שטיק. אָבער דאָ איז אַלץ געבויט אויף דער געשטאַלט פון „אַלטן דוכוס", וועלכער שטייט ביים פענצטער און קוקט ווי אויפן הויף האָט זיך פון שטאַל אַרויסגעריסן זיין באַליבטסטער בער און די משרתים יאָגן זיך אַרום נאָך אים...

— „גישט שיסן! נישט שיסן! מיט דרענגער! נאָר מיט דרענגער! איך וועט אים קאַליע מאַכן די פעל!"

די דאָזיקע סצענע געהער צו די בעסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז זוכה געווען צו באַווייזן פאַרן יידישן צושויער אויף ביידע זייטן פון אַטלאַנטיק. דער פּאַראַלעל ווערט דאָ געבראַכט, כדי צו אונטערשטרייכן דעם אונטערשיד צווישן די צוויי סצענישע מאָמענטן: ביי פּאַפּאַ בריקע איז די סצענע אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט אַ טראַגישע און די גאַנצע סיטואַציע איז — אַ קולמינאַציע פון געשפּאַנטקייט און דראַמאַטיזם אין דער שילדערונג פון דער לעבנסגעפאַר, מיט וועלכער די אַרטיסטן אויף דער צירק־אַרענע אַמוזירן דעם עולם און באַפרידיקן זיין האַרשטיקייט נאָך פאַרווייַלונגען.

די סצענע מיטן בער, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון שטאַל, איז, להיפוך צו זינידעס טויט־געפאַר, אַ סאַרקאַזם, אַ חוזק און אַ פאַראורטיילונג פון אַלטן מאַגנאַט און איז אין פלוג אַ קאָמישע סצענע, אין וועלכער עס ווילט זיך דער דוכוס.

אָבער ביי דער פאַרשידנאַרטיקייט פון די אַקצענטן — דאָרטן טראַגיש, דאָ קאָמיש — איז אידענטיש די אָנגעשפּאַנטקייט וצוליב דעם, וואָס

די סצענע שפּילט זיך אָפּ נישט פאַרן צושויער, נאָר הינטער דער בינע. אָט די נעשפּאַנטקייט האָט דעם יידישן דראַמאַטורג אָנגערעגט אויסצודיכטן די סצענע מיטן בער אויך הינטער דער בינע. אָבער אין „דוכוס" איז דער צושויער אַריינגעצויגן געוואָרן און מיטגעלעבט די סיטואַציע אַדאַנק דעם שפּילן פון אַלטן מאַגנאַט ביים פענצטער, בעת אין ספּעקטאַקל ביי די „ווילנער" איז דער איינדרוק באַשאַפן געוואָרן דורך מיטלען פון רעזשי און אַדאַנק דעם אַלגעמיינעם בילד. די פּאָזיציעס פון אַלע דריי אַקטיאָרן אויף דער בינע, די טויטע שטילקייט, אין וועלכער מען האָט געפּילט ווי אין צירק קוקט די פאַרשטיינערטע מאַסע אויף זינידען, דער ווילדער אויס־ברוך פון התפּעלות נאָך דעם, ווי עס איז „כמו איינגעבראָכן אַ וואַנט", און ענדלעך די דערשייננונג פון זינידען און דעם המון אַרטיסטן נאָך איר — דאָס איז אין ספּעקטאַקל געווען אַ סצענישע דערגרייכונג, וועלכע האָט אָנגעזאָגט דעם טעאַטער אַ נייעם ברייטן שליאַך... איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי צו מיר איז צוגעלאָפן די ערלעכסטע פון אַלע לייט אין טרופּע ל א ר ע ס, וועלכע איז אין ספּעקטאַקל נישט געווען באַ־טייליקט. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט טרערן אין די אויגן, האָט לאַנג געהאַלטן מיינע הענט אין אירע און האָט געזאָגט:

— מאָרעווסקי! ליבינקער! דאָס איז אונדזער טעאַטער? דאָס זענען מאַגין? נאכבוש? קאַדיסאַן? דער נעכטיקער אַמאַטאָרן־קרייז? עס האָבן דאָך אויף דער בינע געשפּילט אויסגעשולטע מייסטערס!

— דאָס איז נאָר אַן אָנהייב, לאַרעס! לאָמיר נאָר קאָנען געמיינזאַם זיך טרויען, שעצן און פאָלגן.

מיר האָבן זיך ארומגענומען. זי האָט זיך אויף מיין שולטער צע־וויינט.

* *
*

אַן אַנסאַמבל — אַן אויסגעצייכנטער אַנסאַמבל! — איז שוין באַ־שאַפן געוואָרן. אַ געפיל, אַז מען האָט פאַר זיך אַן עדה פון „מדברים" מיט אַ „ראש המדברים" האָט מיט יעדן טאָג נאָר טיפער זיך איינגעע־וואָרצלט אין יעדן איינעם, ווען מען די צוקונפט פון דעם טעאַטער איז געווען נאָענט צום הארצן.

צו וואַקסן אין דער ברייט, אין דער הייך, אין דער טיף זענען איצט בייטיק געווען באַדינגונגען, וועלכע אַנטוויקלען זיך מחוץ דעם טעאַטער.

די פּרעסע — קאָנסעקווענט, אויסגעהאַלטן און אומפּאַרטייאיש, שאַצנדיק די ווערטן און דערגרייכונגען אויפן סמך פון אוממיטלבאַרן איינ־דרוק, אָן זייטיקע איינפלוסן — דאָס קאָן פאַרצייכנט ווערן א יי נ צ י ק — לגבי אַפּענשלאַקן, דעם רעדאַקטאָר פון „גאַש פשעגלאָנד“. אויף אַלע אַנדערע באַריכטן וועגן די פאָרשטעלונגען איז פון מיין ערשטן שריט גע־לעגן דער חותם פון „טעאַטער־פּאָליטיק“.

געפירט דאָס טעאַטער־זייטל האָבן: ב. קאַרלינסקי אין „מאָמענט“, אהרן איינהאָרן אין „הײנט“ און יוסף איזביצקי (מיכאַלעוויטש) אין „די לעבנספראַגן“ (שפּעטער — „פאָלקסצייטונג“).

די אויפפירונג פון אַנדרעיעווס ווערק איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג. עס האָט אויסגעזען ווי אַן „אַלגעמיינע אָנערקענונג“, ביי וועלכער עס האָט אומהיימלעך געשוויגן קאַרלינסקי... לאָמיר עס פאַר־גאָטירן, ווייל אין ווייטערדיקן דעצידירנדיקן מאָמענט וועט זיין באַציונג זיין אַ יסוד צו מאַכן אויספירונגען, וועלכע זענען דערווייל געווען בלויז — „השדים“.

די פּרעמיערע איז געווען דעם 15 יולי. דעם זעלביקן טאָג איז די רויטע אַרמיי אַריין קיין ווילנע. און דאָ קומט דער דריטער און ווינ־טיקסטער פאַקטאָר, וואָס האָט באַשלאָסן דעם גורל פון דער נייער אויפ־פירונג: עס איז פריער שוין באַמערקט געוואָרן, אַז מען האָט געלעבט ווי אויף אַ ווולקאַן און געוואַרט, אַז יעדע מינוט קאָן אַוועק מיט רויך יעדער דערגרייכונג פון פרידלעכן טאָג.

אַזוי איז עס געשען מיט דער פאָרשטעלונג.

די פאַקטן האָבן אויסגעזען אַזוי: דעם 16 יולי אין דערפרי האָב איך באַקומען אַ צעטל, אַז אויף די „פּאַוואָנזקעס“ אין לאַגער פון די געקו־מענע פון ווילנע מיטן לעצטן פּוילישן צוג זיצט אַרעסטירט מיין פרוי...

איך געדענק, אַז זי איז באַפרייט געוואָרן אַדאַנק די באַמיונגען פון ה. ד. נאָמבערג, וועלכער איז געווען אַ סיים־דעפּוטאַט.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קיום, ווי מען וואָלט געלעבט אין אַ קאָכנדיקן קעסל. אין טעאַטער האָט מען געשפּילט יעדן טאָג „די פּעטש“ מיט אַ וואַקסנדיקן דערפאָלג. אָן שום ספק האָט אָט דער פאַקט אויסגעפילט מיין לעבן אויף ¾ — אין צייט און גייסט... „דער“ איז געווען אַ ראָל, וואָס האָט מער ווי יעדע אַנדערע פון די אַלע, וועלכע איך האָב ווען עס איז געשפּילט 15 יאָר פאַר דעם און 35 יאָר נאָך דעם, אויסגעפילט אַלע קעמערלעך פון מיין האַרץ, מאַרך און געמיט. קיינמאָל,

אין קיין שום אַנדער געשטאַלט האָבן זיך די איבערלעבונגען אויף דער בינע אַזוי קאָנקרעט נישט צונויפגעגאָסן מיט דעם, וואָס איך האָב געשפילט און געטראַכט אַלע 24 שעה פון טאָג און נאַכט — אויסער דער בינע... און איינגעהילט איז עס אַלץ געווען אין די אַקאָרדן פון צערמאָל, און זייער לעבעדיקע טרעגערין איז געווען מאַניע לענצנער. איר געשטאַלט האָט געשוועבט פאַר מיינע אויגן אין אַ קראַנץ פון צעשפּילטע שטראַלן, ווען איך פּלעג קוקן אויף איר, און איינגעהילט אין בענקשאַפט, ווען איך האָב זי פאַר מיינע אויגן נישט געהאַט... און זי האָט זיך געגרייט אַוועק צו פאָרן קיין ווין! וועל איך זי נישט קאָנען אָנקוקן און אַרויסגיין אין אַן אַנדער צימער? וועל איך נישט קאָנען צוזעטיין און צווינגען זי אָפּצושפּילן בעטהאָווענס אַקאָרדן?

ווי אַזוי זשע וועל איך לעבן?

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב „געלעבט“!

אָבער געאָטעמט מיט איר געשטאַלט אויך דאַן, ווען זי איז שוין דערבײַ נישט געווען.

אין 10 (צ ע ן!) יאָר אַרום איז צעריסן געוואָרן מיין „הרי את“, איך בין געוואָרן אַ קאַנדידאַט אויפן חרם דרבינו גרשון, הגם קיין צוויי ווייבער נישט געהאַט... די פּאַקטן („וואָס שטויסן און פירן“) וועלן דעם לייענער באַקאַנט ווערן בהדרגה, שריט נאָך שריט.

דאָ האַלטן מיר ביים עטאַפּ פון הויכן שעפערישן אויפשוווּנג ביי די „ווילנער“ און נאָטירן דעם ווילדן קאָכנדיקן סומבור — אַרום און אין מיר.

אין סאַמע אָנהייב אויגוסט האָט זיך אָנגעהויבן די מהומה אין שטאָט: מען האָט געוואַרט, אַז יעדן טאָג, יעדע שעה וועט זיך באַווייזן אויף אַ ווייסן פערד דער הויפּט פון דער רויטער אַרמיי...

מיר האָבן שוין דערציילט ווי אויף די גאַסן פלעגט מען כאַפּן מענטשן און אין גרופּן צו הונדערט, צווייהונדערט פאַרשוין אָפּשיקן גראָבן אָקאָפּעס...

די פאָרשטעלונגען זענען איבערגעריסן געוואָרן: וואַרשע איז געווען אין „באַלאַגערונגס־צושטאַנד“...

נאָך דעם ווי דער מצב אויפן פראָנט האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט, האָבן זיך אַלע וואַרשעווער טעאַטערס געעפנט, בלויז דאָס טעאַטערל אויף קאַראָוואַ האָט זיך נאָך נישט באַשלאָסן צו עפענען זיינע טירן.

די טרופּע האָט זיך אַריבערגעפּעקלט קיין לאָדזש.

און דאָ האָט די פאָרשטעלונג פון אַנדרעיעווס שטיק זוכה געווען צו אַזאַ שטורמישן בייפאַל, אַז מיר האָבן אַלע דערפילט דעם פולם פון אַ גייעם לעבן, אָנגעהויבן אָטעמען מיט פולע ברוסטן. מיר האָבן זיך ממש געבאָדן אין די אויסדרוקן פון התפעלות פאַר אונדזער טעאַטער, פאַר דער אויפפירונג, פאַר די שוישפילער, צווישן וועלכע מיר איז אויסגעפאַלן אַ בכבודיקער חלק.

מיר האָבן זיך מיט בליענדיקע לאָרבערס אומגעקערט קיין וואַרשע. אין אָקטאָבער אויפגעפירט הערצלס „גייע געטאָ“ און פאַרנאָטירט אַ דערפאָלג ביים עולם, אין דער פרעסע. דאָ האָט צום ערשטן מאָל זיך אָפּגערופן ב. קאַרלינסקי אין אַן אַרטיקל, וווּ מיך האָט ער באַצייכנט אַלס אַ „פּרעכטיקן אילוסטראַטאָר“. וואָס איז לויט מיין מיינונג געווען דער היפּוך פון מיין סצענישן מהות.

מיר האָבן זיך פאַרטראַכט וועגן דער אויפפירונג פון „דיבוק“ און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: עס איז פאָרגעשטאַנען דער פינפיעריקער יובילעי פון „פאדא“. האָבן מיר זיך פאַרטראַכט: פון די צוויי אָנגעמערקטע גרויסע אויפפירונגען — „אוריאל אַקאָסטאַ“ און „דער דיבוק“ — מיט וועלכער עפענען דעם ווינטער־סעזאָן? וועלכע באַווייזן צום יובילעי?

עטלעכע וואָגיקע מאָטיוון האָבן געבעט פאַר אָפּלייגן דעם „דיבוק“ — צום יובילעי. קודם איז דער יובילעי פון פינף יאָר „ווילנער טרופּע“ — אַ קולטור־דאַטע און האָט מער רעכט צו ווערן פאַרבונדן מיט אַן עטאַפּ אין דער יידישער דראַמאַטורגיע, וואָס אַנ—סקים ווערק האָט — לויט מיין שוין רייף־געוואָרענער איבערצייגונג — מיט זיך פאָרגעשטעלט... „אַקאָסטאַ“ איז דאָך נישט מער ווי מיין „קאַפּריז“ — זאָל זיין באַרעכטיקטער, זאָל זיין — שעפערישער, אָבער — סוביעקטיווער...

דער צווייטער מאָטיוו איז געווען מיין נויטווענדיקייט צו האָבן צייט אויף צוגרייטן אַ רעזשי־פּלאַן צום „דיבוק“. רעזשיסירן „אַקאָסטאַ“ האָט מען געדאַרפט לויט מיין שוין אויסגעפּרוווטער מעטאָדע: בלויז פאַרטיילן די ראָלן און צוטרעטן צו פּראָבן...

דאָס ווערק איז געלעגן אין מיין איינגעווייד שוין אַ צענדליק יאָרן.

צום „דיבוק“ האָב איך קיין „שליסל“ נישט געהאַט און האָב געמוזט די ווונדערבאַרע מאָטיוון אין זיך איבערקאָכן און געפינען דעם וועג זיי אַרויסצוברענגען.

איך האָב עס אַלץ אַנ—סקין אויספירלעך דערקלערט. ער האָט עפּעס אומצופרידן אַרויסגעמורמלט כמו: „אַליין טענהט איר כסדר, אַז מען

דאַרף נאָר באַהערשן דעם מחברס טעקסט, אַריינהויכן אין אים דעם אָטעם פון אַקטיאָר און דער ספּעקטאַקל וועט זיך צעבליען. טאָ וואָס זוכט איר מיטאַמאָל שוואַרצן כּישוף? מאַכט דאָס, וואָס איר האָט מיר באַוויזן אין אָטוואָצק יענע נאַכט!“

אין גרונט איז ער געווען גערעכט, אָבער... יענע נאַכט אין אָטוואָצק האָב איך מיט אַלע פּעדים פון האַרץ דערפילט — איין סצענע פון ערשטן אַקט. דער ספּעקטאַקל האָט אַזעלכע סצענעס — צענדליקער. זיי צו דער־פילן מוז איך דאָס ווערק שטודירן און אין קורצע טעג קאָן עס מיר נישט געלינגען.

ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ...

מיר האָבן באַשלאָסן צושטרעטן צו „אַקאָסטאַ“.

און... עס איז אָנגעקומען כ׳ מרחשון: דער קבר צווישן פּרצן און דינעזאָנען. מזאהם נדר ביים אָפענעם קבר —

צו אַנ—סקים שלושים מוז די „טרופּע“ אויפהייבן דעם פאָרהאַנג פון „צווישן צוויי וועלטן“.

# זעקסטער קאַפּיטל

## מחמת וואָס, מחמת וואָס?

די זיצונג פון רעזשיסער־ראַט, וועלכע איז פאָרגעקומען נאָך דער לוויה — דעם זעלביקן טאָג אָדער אויף מאָרגן, דאָס געדענקט איך נישט — האָט אויפן סדר היום געהאַט איין פּונקט: צו שלושים „דער דיבוק“! איך געדענק בולט, אַז מען איז צוגעטרעטן צו דער ראָלן־פאַרטיילונג האָב איך געפרעגט, ווער עס וועט שפּילן, און אויף קאַדיסאָנס ענטפער: „דעם צדיק! פאַרשטייט זיך!“ האָב איך קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז אין טרופּע געפינט זיך אַ שוישפּילער, וועמען די ראָל איז מיט אַ האַלב יאָר צוריק אָנפאַרטרויט געוואָרן, דאָס איז קאָוואַלסקי, און עס איז נישטאָ קיין שום גרונט איצט ביי אים די ראָל אַוועקצונעמען. עס איז געקומען צו אַ שאַרפן סכסוך. מען איז מיך חושד געווען, אַז איך וויל דורכויס שפּילן „חנען“. איך האָב עס טאַקע געוואָלט, אָבער אָנגעפירט האָט מיט מיר נישט מיין „איך וויל“, נאָר מיין אויפריכטיקע כוונה אויסצומיידן יעדן פאַל פון „שפיכת דמים“ אין די שבעה־טעג.

נאָך דעם ווי איך בין מסכים געווען צו שפּילן „רב עזריאלקען“ מיטן תנאי, אַז קאָוואַלסקי זאָל דובלירן, איז אויסגעבראָכן אַן אָפענער סקאַנ־דאַל, וואָס האָט זיך צעטראָגן ווייט איבערן שוועל פון טעאַטער. די ראָל פון „משולח“ איז אָנפאַרטרויט געוואָרן זשעליאַזאָן, און נח נאַכבוש, וואָס האָט זי געהאַט באַקומען פריער, האָט נישט געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס לאָזן זיך „שפּייען אין קאַשע“ און טרעטן אָפּ פון זייערע פּאָזיציעס צוליב דעם, וואָס עמעצן האָט זיך „פאַרגלוסט“ צו ענדערן פריערדיקע באַשלוסן. אַפילו דובלירן האָט ער זשעליאַזאָן נישט צוגע־לאָזט!

נישט אויף דעם האָט ער דורכגעמאַכט דאָס „פּאָקן און מאָזלען“ אין די ווינדעלעך פון זיין טעאַטער!! — האָט ער געליאַרעמט מיט זיין

אַלץ פֿאַרהילכנדיקן קול און געשליידערט בענקלעך און אומגעוואָרפֿן טישן — נישט אויף דעם געהונגערט און געליטן, אַז צו דעם יומא דפּגרא פֿון זיין טעאַטער זאָל מען אָפּגעבן די „פּתיחה" פֿרעמדע יחסנים, מענטשן, זיי זיין אין זייער רוים פֿויפֿסטן. דאָ איז ער כהן גדול און ער וועט זיין עבודה נישט אָפּטרעטן!

מען האָט אים געפֿרעגט, פֿאַרוואָס האָט ער נישט אויפֿגעהויבן זיין קול צוליב „עזריאַלקען"... און זיין תשובה האָט מיך אַזוי טיף גערירט, אַז איך האָב אויף אַלע מיינע ווייטערדיקע עטאַפּן, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט די „ווילנער" שטענדיק זיך גערעכנט מיט זיין וואָרט און דעה. ער איז געווען אין פֿולן זין פֿון וואָרט אַ פּערזענלעכקייט, הגם אָפּגעטונקען אין באַגריפֿן און געוווינהייטן פֿון זיינע סוחרישע קרייזן.

די עצם שאלה וועגן „עזריאַלקען" איז נישט אויפֿן אָרט, ווייל....

„מאָרעווסקין איז דאָך די ראָל געוואָרן אָנגעוואָרפֿן", און ער האָט תיכף געמאָלדן, אַז העכסטנס קאָן ער זי אָננעמען אָנשטאָט שניאורן, וועלכער האָט געזאָלט שפּילן פּאַראַלעל מיט קאָוואַלסקין.

איך האָב אויך געפֿאָדערט צו געבן מיר אַן עפּיזאָד אין ערשטן אַקט, כדי צו באַזייטיקן יעדן חשד, אַז מיין פּערזענלעכע צוגעבונדנקייט צום נפֿטר און דער פֿרויערדיקער כבוד ביים קבר האָבן געהאַט אַ ווירקונג ביים פֿאַרטיילן די ראָלן און ביים אָפּגעבן אין ספּעקטאַקל דעם „אויבנאָן".

מיר געהער דער איינפֿאַל צו באַצייכענען און פּראָגראַם די פּערסאָנאַזשן און זייערע אויספֿירער — לויט די אַקטן, כדי צו פֿאַרמאַסקירן די באַגרענעצטע צאָל אַקטיאָרן ביי דער גרויסער צאָל ראָלן אין שטיק. באַצייכענענדיק די פּערסאָנאַזשן פֿון אַקט צו אַקט, האָט מען דעם צושויער געצוווּנגען צו זוכן דעם אַקטיאָר אין געגעבענעם אַקט און נישט איבערן גאַנצן פּראָגראַם יעדעס מאָל פֿון אָנהייב.

די אַלע פּרטים האָבן זיך אָנגעזאַמלט אפֿשר אין גאַנג פֿון די שפּעטערדיקע זיצונגען פֿון רעזשיסער־ראַט.

אויף דער ערשטער זיצונג באַלד נאָך דער לוויה בין איך אַרוים מיט אַ פֿאָרשלאַג, וואָס איז געווען אומגעריכט און האָט אַלעמען איבערראַשט. איך האָב געמאָלדן, אַז אין דער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן מיט אַנ—סקים פּריציייטיקן טויט, האַלט איך פֿאַר געוווּנטשן אָפּצוגעבן די רעזשי — דוד הערמאַנען.

קאַדיסאָן האָט נאָך אַ פּויזע, פֿול מיט חידוש און אומצופֿרידנקייט, געמאָלדן, אַז חוץ מיין שוין גוט באַקאַנטער נטיה צו „קריכן אויף גלייכע

ווענט דאָ, ווו מען קאָן גיין אויף די פּאָדלאָגע" און מאַכן קאָמפּליקאַציעס, וועלכע זענען נישט אויף אַ האָר באַרעכטיקט, וואָרנט ער מיך, אַז אין צווייַ, העכסטנס דריי טעג אַרום וועל איך מיר שלאָגן „קאָפּ אין וואַנט" און וועל אַנטלויפן פון טעאַטער. מעלדעט ער מיר, אַז פון טעאַטער וועט מען מיך בשום אופן נישט באַפרייען און הערמאַנען אַ צווייטן מאָל אין משך פון אַכט חדשים וועט מען נישט הייסן אַוועקגיין. בעט ער מיך זיך צו פאַרטראַכטן און צוריקציען מיין פאָרשלאַג, און צוליב דעם לויַנט אַפילו אָפּצולייגן די ערשטע פּראָבע אויף אַ טאָג און צווייַ.

— דער מענטש האָט איבערן ווערק געאַרבעט — האָב איך געענט־פערט נישט טראַכטנדיק — זיין אַרבעט און זיינע פעיקייטן קאָנען דער זאַך נאָר ברענגען נוצן, און פאַרמשפּטן אים אויף עגמת־נפש איז לכל הדעות נישט אין איינקלאַנג מיט אונדזער חוב און כוונה אַרומצוריינגלען אַנ—סקים זכר מיט די ליכטער און שטראַלן, וואָס אים קומט...

— זייער דערהויבענע געפילן און שיינע דיבורים, אָבער געדענק, אַז דו זאָגסט קדיש נישט אויף אַנ—סקים קבר, נאָר אויף דיין קאַפּיטל „ווילנער טרופּע". מיט דוד הערמאַנען וועסטו מער ווי איין פּראָבע נישט אויסהאַלטן.

איך בין נישט אָפּגעטראָטן. עס האָט געהייסן, אַז אויפן פּראָגראַם וועט זיין געמאָלדן: „רעזשי דוד הערמאַן — אברהם מאָרעווסקי"; אַז ער וועט שאַפן די אַטמאָספער פון ספּעקטאַקל: די ראַם, דעם ריטם, די מיזאַנסצענעס, און איך... וועל טאָן מיין פּעדאַגאָגישע עבודה: לערנען מיינע „ווילנער" ש פּ י ל ן, אויפריכטיק פילן, אויסדרוקפול אָפּשפּיגלען דאָס, וואָס וויברירט אין געדאַנק, מאַכט ציטערן דאָס האַרץ און וואַכזאַם דעם געוויסן און וואָס דאַרף צונויפשמעלצן די ביינער און דעם עולם אין איין מצב פון התרוממות. אַזוי האָב איך מיר פאָרגעשטעלט אונדזער צו־זאַמענאַרבעט, איך האָב עס אומגעפּער אַרויסגעזאָגט פאַר קאַדיסאָנען און מזאהן. איך געדענק נישט ווער עס איז געווען חוץ די צוויי. קאַדיסאָן האָט מיט אַ זיפץ פאַרלאָזן די זיצונג.

מיר זענען צוגעטראָטן צו די פּראָבן.

*  *

*

די זייטלעך ווערן געשריבן אין דער צייט, ווען אַנ—סקים ווערק האָט אין דער גאַנצער וועלט דערגרייכט די העכסטע שטופן פון אָנערקע

נונג, איז איבערגעזעצט ישיעור נישט אין אַלע שפּראַכן, געשפּילט אין אַלע לענדער, געהאַלטן זיך אַ צייט אין רעפּערטואַר פון באַרימטן טעאַטער „לאַ סקאַלאַ" אין מילאַן נאָך דעם, ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר האָט עס באַאַרבעט און געמאַכט אַן אָפּערע, אריינפלעכטנדיק מאָטיוון פון ספּעקטאַקל ביי די „ווילנער". איצט, 40 יאָר נאָך דער פּרעמיערע, ווערט „דער דיבוק" געגעבן אין ראַדיאָ־אווידיציעס אין דער שווייץ און אין טשיקאַגאָ אילוסטרירט מען אָפּט דעם פילם, וואָס איז בשעתו אין די יאָרן 1937 — 1942 געווען די סענסאַציע אין אַלע הויפּטשטעט פון דער וועלט...

בעת מיר זענען צוגעטראָטן צו די פּראָבן איז דאָס ווערק געווען אַ „טאַבולאַ ראַזאַ", און מיר האָבן אין די הערצער געטראָגן נישט מער ווי דעם פרומען ווונטש, אַז דער ספּעקטאַקל זאָל דערגיין צום צושויער, נישט זיין קיין דורכפאַל, נישט אַריינפירן אונדז אין אַ מצב פון פאַרלוירנקייט, ווי עס טרעפט בעת גרויסע אָנשטרענגונגען אין טעאַטער ענדיקן זיך מיט פוסטע האָפענונגען, לאָזן איבער אנטוישונג און פאַרביטערונג, נאָך וועלכע עס איז שווער צו קומען צו זיך...

מיטן רעזשיסער, קעגן וועלכן, ווי דערציילט, איך האָב אויסגעהערט אַזעלכע שווערע באַוואָרעניש, בין איך געווען באַקאַנט גאַנץ אויבערפלעכלעך. פאַר דעם קורצן פּעריאָד אין וואַרשע נאָך אָטוואָצק האָט ער מיך אַמאָל איינגעלאַדן צו זיך, אויפגענומען מיט וואַרעמער גאַסטפריינדשאַפט. מיר האָבן פאַרבראַכט אַן אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין אין אַ שמועס וועגן טעאַטער, קלאַסיק, טעאָריעס און פּראַקטיק...

בפה מלא וועל איך דאָ מיט פולער אויפריכטיקייט זאָגן, אַז ער האָט אַ „ליניע" געהאַט און דאָס ווערק איינגעפאַסט אין אַ רייכער, פאַרביקער ראַם, באַשאַפן מאָמענטן פון באַצווינגענדיקע איינדרוקן, וואָס האָבן געמוזט פאַרבלייבן ביים צושויער אויף שטענדיק.

אָבער — איין „קלייניקייט"!

יעדער שריט, יעדער גאָטע, יעדער דעטאַל איז געשטאַנען אין אַ גרילצנדיקער סתירה צום מחבר!

איך וועל דאָ נישט לייקענען: דוד הערמאַנס ספּעקטאַקל איז געווען און פאַרבליבן אַ געשעעניש, וואָס האָט אויסגעפילט די הערצער און געמיטער פון צענדליקער טויזנטער צושויער.

און עס איז געווען: „דער דיבוק"!

אָבער אין דער מינימאַלער מאָס נישט — אַנ־סקים „דיבוק"!

און גישט אויף איין סעקונדע — אַ נ — ס ק י ס סטיל! און גישט אויף איין מילימעטער — אַנ—סקים וועלט!

די גרילצנדיקע סתירה אויף יעדן שריט האָב איך דעמאָלט גישט געזען. דער האַרצרייסנדיקער ווייטיק פאַר אַנ—סקים געשטאַלט און כבוד איז מיר קלאָר געוואָרן חדשים שפּעטער. מיר וועלן נאָך קומען צו דעם. אויף די ערשטע פּראָבן האָבן מיך באַלד פון סאַמע אָנהייב גענומען שאָקירן קלייניקייטן, וועלכע האָבן גישט קיין שייכות צום ווערק און צום דיכטער, נאָר צום יסוד פון סצענישן אַלף־בית...

די בינע האָט אירע פעסטע געזעצן פון סצענישער פּערספּעקטיוו, פון אַקוסטישע און וויזיאָנעלע אָבליגאַטאָרישע נויטווענדיקייטן, פון קאָנווענציעס, אָן וועלכע די אַקציע אויף די ברעטער הערט אויף צו זיין אַ סצענישע אַקציע און ווערט אַ פּשוטער פאַקט פון דער ווירקלעכקייט. דער צושויער זעט עס גישט, ווייל די קונסט פון ספּעקטאַקל איז מיט די רעאַלע אָביעקטן פון דער ווירקלעכקייט ענג צונויפגעפלאָכטן, אָבער דאָס פאַרפליכטעט דעם מייסטער פון טעאַטער אָפּצוהיטן די געזעצן פון דער בינע נאָך מער, ווי עס היט אָפּ זיינע געזעצן דער מאָלער, דער שרייבער, דער מוזיקער, ווייל — גאַנץ איינפאַך: אַ בלאַט, וואָס איז פאַרשריבן פון אונטן אַרויף וועט דער לייענער אָפּשליידערן ביים ערשטן קוק; אַ קאַקאָפאָניע נעמט גישט אויף דאָס אויער. אָבער אַ סצעניש בילד, ווו די קאָמפּאָזיציע פון קינסטלער איז אָפּגעווישט דורך חפצים און פונקציעס פון דער ווירקלעכקייט, נעמט דער צושויער אויף מיט געגנים און „לעקט די פינגער"... איז עס דער סוף פון קינסטלערישן אויפטו!

און אָפּהיטן דעם צוקוקערס חוש פאַר די ווערטן פון קונסט, דערציען זיינע פאָדערונגען צום אמת פון קונסט, גישט אונטערשטיצן קיין אַנטיקינסטלערישעס איז אַ פּראַגע פון קינסטלערס געוויסן.

און דאָ איז דער תנאי קודם למעשה — באַוווסטזיניקע באַציונג צו די אותיות פון סצענישן אַלפאַבעט.

אַז איך האָב דערזען ווי עס זעט אויס דער „בית מדרש" אין רעזשיסערס צייכענונג, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז ער איז באַגאַנגען אַ טעות, וועלכן ער מוז אַליין פאַרריכטן, און איך וועל זיך גישט אַריינמישן, ווייל, ווי געזאָגט, מיין אויפגאַבע איז דאָ — די אַרבעט מיט די שפּילער.

מיר זענען צוגעטראָטן צו דער „בטלנים"־סצענע... איך האָב, באַקומענדיק די ראָל פון צווייטן בטלן, געבעטן, אַז מען זאָל דעם טעקסט

קירצן ביז אַ פּאָר זאַצן, ווייל מיין האַלדז־קאַטאַר איז געווען פאַרשאַרפט ביז ווייטיק ביי יעדן וואָרט, און מיר איז פאָרגעשטאַנען גישט אַראָפּצו־גיין פון דער בינע אין משך פון גאַנצן דריטן און פערטן אַקט, שפּילנדיק „ר׳ עזריאלקען״.

דער רעזשיסער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער וועט די פראַזן פון צווייטן בילן פאַרטיילן צווישן ערשטן און דריטן און מיר איבערלאָזן דעם מינימום... צו מיין באַדויערן איז אים געפעלן געוואָרן מיין טאָן און האַלטונג, און וועגן „קירצן״ האָט ער נישט געוואָלט הערן...

די סצענע איז פון ערשטן אַטעמצוג אַוועק ווי אויף געשמירטע רע־דער: זשעליאַזאָ און מאָרעוווסקי האָבן דעם פּרעכטיקן פאָלקלאָר פון טעקסט דערפילט מיט אַלע אברים און מתקן געווען מיט דער מייסטער־שאַפט פון אויסגעפרוווטע שטייגער־אַקטיאָרן. ווייסליץ איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ קעלבל נאָך דער מאַמען. עס איז תיכף געוואָרן אַ בלעטל גוט טעאַ־טערשפּיל. דער רעזשיסער האָט געקוואָלן, געמאַכט קאָמפּלימענטן. דער וואָגן איז אַוועק איבערן גלאַטן פעסטן שליאַך.

אָבער ווי נאָר דער „משולח״ האָט אַרויסגערעדט זיין ערשטע פראַזע (דער אַקטיאָר האָט אָן ספק געהאַט מיטן רעזשיסער אַ שעה פון צוגרייי־טונג שוין פריער), האָט זיך דערפילט אַ מוראדיקער דיסאָנאַנס צווישן דער בטלנים־סצענע און דעם, וואָס דער משולח שפּילט. „סטיל״ איז אין סצעניש מהות נאָך וויכטיקער ווי אלף־בית. מישן פאַרשידענע סטילן אין דער אויפפירונג קאָן זיין — אַ דרייסטער, געוואַגטער גאַנג פון רעזשיסער, אָבער מיטן תנאי, אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן חשבון וועגן זיין יעדן זשעסט, קאָנען באַרעכטיקן די אומפאַרמיידלעכע אין אַזאַ פאַל דיסהאַר־מאָניעס און ווערן אָפּגעהיט פון די דראָענדיקע שטרויכלונגען...

אויב אַזאַ קלאָרער חשבון פעלט דעם רעזשיסער, און ער פאַלט אַריין פון איין סטיל אין אַ צווייטן, נישט וויסנדיק אַפילו, אַז אַזוינס איז געשען, דאַן הייבט זיך אָן אַ קאַקאַפאָניע.

דערהערנדיק ווי אַזוי נאָכבוש רעדט די ערשטע פראַזע („דער היי־ליקער רב זיסיע אַניפּאָליער״ א. א. וו.), האָב איך זיך נישט ווילנדיק שאַרף אויסגעדרייט צום רעזשיסער און געוואַרט, ער זאָל אים אָפּשטעלן. אגב, איז „רעדן״ שוין געווען מיין פּרעראָגאַטיוו... אָבער איך האָב ביי זיך נישט געפונען זיך אַריינצומישן און געוואַרט וואָס וועט ווייטער זיין... און ווייטער איז אַוועק אַ סדרה אַמאַטאָרישע אומבאַהאָלפנקייט, וועלכע קאָן נישט באַצייכנט ווערן אַפילו ווי „עם־הארצות״, ווייל עם־הארצות איז

בטבע אומשולדיק, פרעטענדירט נישט אויף „בגדי מלכות“, און דאָ איז געווען פון ערשטן אָפּזאַץ אַ פּרעטענזיע אויף „נייע פאָרמען“. אַז אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן „די יידענע אין ארון קודש“ — אַנ—סקים פון לעבן אַרויסגענומענע געשטאַלט, וועלכע איז טראַגיש און דאַרף דער־שיטערן — האָב איך דערפילט די צווייטע כוונה פון רעזשיסער צו קול־טיווירן אין ספּעקטאַקל די טענער און ליניעס פון סימבאָליזם. איך בין געוואָרן אויפגעשוידערט, ווייל ערשטנס איז עס שוין אַלס „סטיל“ געווען אַן איבערגעקערט און אָפּגעשאַפּט בלאַט פון טעאַטער... און צווייטנס — און דאָס איז דאָ געווען דאָס וויכטיקסטע — האָט סימבאָליק אומפּאַר־מיידלעך געמוזט מאַכן צוגישט אַנ—סקים דיכטערישע געשטאַלט. און די דאָזיקע געשטאַלט איז אויסגעוועבט פון —

א) פאָלקלאָר, און דאָס איז, סצעניש גענומען: שטייגער;

ב) מאָטיוון פון פאַרליבטע און בענקענדיקע הערצער, און דאָס איז: ראָמאַנטיק;

ג) פּראָבלעמען פון גיריקייט און גערעכטיקייט, און דאָס איז: דראַמאַטישער קאָנפליקט.

אין פאַרגליווערטע און אייגפאַרביקע טענער און ליניעס — פון סימבאָליק — קאָנען די עלעמענטן פון אַנ—סקים „דראַמאַטישע לעגענדע“ (אַזוי איז באַצייכנט אויפן שערבלאַט) באין שום אופן נישט באַקומען קיין אויסדרוק, קיין תיקון, קיין לעבן אויף דער בינע.

אויף מיינע קורצע אַלגעמיינע באַמערקונגען האָט מיר דער רעזשי־סער כמעט נישט געענטפערט, אָננעמענדיק, אַז די „פילאָזאָפיע“ וועט בלייבן „פילאָזאָפיע“, און זיין אויפטו וועט ריעדן העכער ווי אַבסטראַקטע רעזאָנירונגען.

עס וואָלט אפשר אַזוי געשען, ווען פאַקטן פאָדערן נישט זייער אָרט און רעכט אין גאַנג פון די אַקטן.

אין סוף פון אַקט נאָכן משולחס מאָנאָלאָג וועגן רבינס משל, גיט סנדר אַ פרעג: „דאָס האָט איר מיר געוואָלט אַ שטאָך טון?“

און אויף דעם ענטפערט דער משולח: „חס ושלום!“

דערהער איך, אַז די פראַזע האָט דער רעזשיסער אויסגעמעקט. און אויף מיין פראָטעסטירנדיקער שאלה: „היתכן?“ דערהער איך קורץ און שאַרף, אַז די פראַזע איז נישט מער ווי אַ שטריך פון בית־מדרשדיקן שטייגער, און זי צעשטערט די שטימונג פון מאָנאָלאָג.

די פראַזע איז אָבער אַ שטריך פון משולחס כאַראַקטעריסטיק, אויב

מען זאָל שפּילן דאָס, וואָס אַנ—סקי האָט אין דער דאָזיקער געשטאַלט אויסגעמאָלט. אויב דעם רעזשיסער געפעלן נישט די פאַרבן און טענער פון שטייגער בכלל און ער וויל בויען אַ פאָרשטעלונג פון סימבאָליק, טאָ זאָל ער אַראָפּנעמען די בטלנים־סצענע, ווייל צוזאַמענפלעכטן די געשטאַלטן, וואָס באַקומען זיך ביי זשעליאַזאָ, וויסליצן און מאָרעווסקין אין איין געוועב מיטן „לעקיש" פון מעטערלינקס „בלינדע", „דאָרטן, אינעווייניק", אָדער לעאָניד אַנדרעיעווס סימבאָליסטישע חטאים — וועט זיך נישט לאָזן. אָדער די שטייגער־פיגורן וועלן אויסזען ווי קליינשטעטלדיקע געסט אויף אַ קאָסטיומירטן באַל אין פּאַריז, אָדער נאַכבוש וועט זיין אַ „שרעק־גולם" אין פעלד, פאַר וועלכן קיינער וועט זיך נישט שרעקן, ווייל די לעבעדיקע פיגורן פון אַנ—סקיס פאָלקלאָר וועלן אַלעמען באַרויִקן און ערוב זיין, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ מענטשן פון דער וועלט.

ס'האָט מיר נישט געהאָלפן: אין ספּעקטאַקל זענען פון פּראָבע צו פּראָבע אָנגעוואַקסן אַלץ מער און מער „סימבאָלן".

ענדלעך האָב איך נישט אויסגעהאַלטן און זיך אָפּגעריסן פון קייט.

— מען קאָן זיך דערלויבן מאַכן פון מחברס ווערק אַ „דריט געריכט", שטרייכן, מעקן, ענדערן, איגנאָרירנדיק אַפילו דעם זין פון טעקסט. אָבער איגנאָרירן די עלעמענטאַרע געזעצן פון די בינע־ברעטער קאָן מען נישט! פאַרוואָס שפּילט די „יידענע אין ארון קודש" הינטער דער בימה, און דער עולם הערט בלויז אירע פאַרשטיקטע רייד און זעט נישט איר פּאָזע פון יאוש, פון רחמים־בעטן, פון שטורמישן פּראָטעסט? („איך וועל איינרייסן וועלטן! איך וועל שפּאַלטן הימלען!") און, אויב דאָ איז אויך טאָנגעבנדיק דעם רעזשיסערס כוונה צו פאַרהילן די טענער פון אָפּענעם קאַמף קעגן עמעצנס ווילקיר אין פאַלדן פון בלאַסער סימבאָליק, איז דאָך שוין אַן אומדערלאָזבאַרער אומזין צו האַלטן חנ'ען הינטער דער בימה און די גאַנצע סצענע ביים אָרון קודש, ביי די ספרי־תורות, זאָל דער עולם אין זאַל בלויז הערן און נישט קאָנען זען!

אויף דעם האָב איך אויך קיין תשובה נישט אויסגעהערט. איך האָב שוין נישט געהאַט קיין חשק און קיין באַדערפעניש צו הערן די תשובות. מיר האָט בלויז אַ קלאַפּ געטאָן איבערן ווייער און איבער די נערוון אַ מעלדונג, אַז די אַלע כללים פון אלף־בית האַלט ער נישט פאַר זיך פאַרפליכטנדיק, ווייל

— די אויסגעדראָשענע זאַגנעץ פון אַלטן טעאַטער־פעלד האָט ער נישט קיין לוסט צו „פאָרשן און קענען".

איך האָב מזאהן קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז אויף די פראָבן וועל איך מער נישט קומען, אויסער דער בטלנים־סצענע, און געוואָרנט, אַז אויב ער האָט בדעה „רב עזריאלקען" צו „טראַקטירן" ווי אַ „סימבאָלישע פיגור", וועל איך צו די פראָבן נישט צוטרעטן און וועל בעטן נאָך דער פרעמיערע מיך באַפרייען אויך פון „צווייטן בטלן"...

— זיי נישט קיין קינד — האָב איך דערהערט מזאהס שטילע טענער — דיין אָנטייל אין „דיבוק" דאַרף זיין אַ צווייטע גרויסע דערגרייכונג פון טעאַטער מיט דיר צוזאַמען. די רייבונגען מיטן צופעליקן אורח וועלן מיר פאַרגעסן אויף מאָרגן.

קיין רייבונגען זענען מער נישט געווען, אָבער מיינע דערגרייכונגען מיטן טעאַטער זענען פאַרשאָטן געוואָרן...

*                *

*

מיר וועלן נאָך האָבן צו דערציילן פאַלן פון „קאָליזיעס" פאַר די קנאַפע פיר וואָכן ביז דער פרעמיערע, אָבער דאָמינירט האָט שוין מער — חוזק. איך וויל דערמאָנען, אַז מיר שילדערן דאָ אַ קאַפיטל וועגן אַנ—סקי־עטאַפּ. און דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז איך קאָן מיר דאָ דערלויבן עפּעס פון אַ מין „רכילות", וואָלט הייסן פאַרמשפּטן מיך אויף פאַראַכטונג און מיין לעבנסגעשיכטע האַלטן פאַר אַ זאַמלונג פון שקרים און פוילע וויצן.

לאָמיר שילדערן און לייענען מיט פולן קעגנזייטיקן צוטרוי צווישן לייענער און מחבר און לאָמיר נישט איין אויגנבליק פאַרגעסן ווו מיר האַלטן: די פראָבן פון אַנ—סקיס ווערק פאַר שלושים.

*                *

*

מיר האָבן זיך פריער אָפּגעשטעלט אויף דעם, וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט די ווירקונג פון אַבסטראַקטן געדאַנק אויפן שפּיל פון אַקטיאָרס שעפערישער פאַנטאַזיע, וואָס פאַר אַ מין טרייבקראַפט עס זענען „סתם־רייד" אין פּראָצעס פון העלפן דעם שוישפּילער זיך צו פאַרוואַנדלען אין דער געשטאַלט, וואָס דער מחבר האָט אויסגעדיכטעט. „רעזשיסירן הייסט רעדן" — מיין איך און פאַרזיכער דעם לייענער... אָבער אויך אין דעם פאַל האַלט איך מיך נישט פאַרן באַזיצער און טרעגער פון א יי נ־

צ י ק ן אמת. עס זענען פֿאַראַן אויך אַנדערע מיטלען צו פֿירן דעם אַק־טיאָר, צו באַלויכטן אים די נעפּלען אַרום דער געשטאַלט, וואָס ער דאַרף מתקן זיין דורכן ציטער פֿון זיין גייסט און גוף, אַרום דעם פּראָבלעם, וואָס ער האָט צו ברענגען פֿאַרן צושויער דורך זיין געדאַנק.

איין וועג איז: קאָנקרעט צו אַנאַליזירן דעם מחברס טעקסט און פֿאָרשן די געשעענישן... פֿאַר מיר איז עס תמיד אַ וועג — פֿון מוראַשקעס, אָבער ס'איז אַ וועג!

אַ צווייטער אופֿן איז: באַווייזן דעם אַקטיאָר די געשטאַלט, דאָס שפּיל — און זאָל ער נאָכמאַכן דעם רעזשיסער. דאָס איז אייגנטלעך די ליניע פֿון קלענסטן ווידערשטאַנד. אָבער דערצו מוז דער רעזשיסער אַליין זיין אַן אויסגעצייכנטער שוישפּילער. אין קעגנפֿאַל קומען פֿאַר סצענעס פֿון חוזק, וואָס פֿאַרניכטן דעם רעזשיסערס אויטאָריטעט. אַזעלכע פֿאַלן האָב איך אויף מיין וועג געזען אין די צענדליקער...

זאָגט אַזאַ „גרויסמייסטער“ צום אַקטיאָר: „וואָס טוט איר? וואָס שפּילט איר דאָ אַזאַ מין פֿאַרקריפּלונג פֿון טעקסט, פֿון זין, פֿון עצם לעבן?“

דער שוישפּילער בלייבט שטיין: „אדרבא — זאָגט ער — באַווייזט, וואָס איך האָב צו טאָן!“

נעמט יענער און — „באַווייזט“. נעמט דער אַקטיאָר און מאַכט נאָך דאָס באַוויזענע פּונקט נאָך פּונקט, נאָטע נאָך נאָטע. ברעכט אַרום אויס אַ געלעכטער, און די פּראָבע ווערט איבערגעריסן.

כדי צו העלפֿן דערזען דעם „מיראַפּאָליער צדיק“, אַנטוויקלען די גאַנ־צע טיפֿקייט פֿון דעם פּראָבלעם, וואָס האָ האָט מען געדאַרפֿט באַלויכטן און ברענגען פֿאַרן צושויער — האָט דער רעזשיסער באַדאַרפֿט זיין אַ טיפֿער דענקער, אַ פֿילאָזאָף לויט זיין מהות און דערצו נאָך אַ מייסטער פֿון וואָרט: אַ רעדנער אין פֿולן זין פֿון באַגריף.

די וועלט פֿון חסידיזם מאַכן לעבעדיק אין בילד פֿון פֿאַרביקן, מיט פֿלאַם באַלויכטענעם וואָרט — אָט דאָס האָבן געדאַרפֿט האָבן אויף די פּראָבן די אויספֿירער און מער ווי אַלע — די שפּילער פֿון „עזריאלקען“! און וועגן דעם האָט ביי אונדזער רעזשיסער קיין רייד נישט געקאָנט זיין. — קאָנקרעט פֿאָרשן די סיטואַציעס? איך ווייס נישט: מעגלעך, אַז דאָס האָט ער געפּרווט טאָן. אָבער דאָ איז מיין שולד: מיך פֿירט אַוועק אַזאַ פֿאָרשונג פֿון „גענויער אויפֿגאַבע“ אין געגעבענעם מאָמענט פֿון שעפּע־דישע אַנטפּלעקונגען.

איינמאָל בעת אַ פּראָבע האָט דער רעזשיסער באַוויזן אַ סצענקע מיט אַ שיכור, וואָס שטעהט זיך אויס וועגן עפּעס... דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער באַזיצט איבערדורכשניטלעכע אַ ק ט י אָ ר י ש ע פֿ ע י ק ײ ט ן און ווײַט... ב אַ װ י ז ן וואָס מיר דאַרפֿן שפּילן. —

אַ וועג — ווי געזאָגט — נישט קיין געוווּנטשענער, אָבער — אַ וועג.

אָבער אויסערן „שיכור" האָט מען פֿון אים קיין אַקטיאָרישע „לייסטונגען" זיך נישט דערוואַרט.

און מיר קומען צום לעצטן פּונקט: אַ מיטל צו פֿירן דעם אַקטיאָר, צו העלפֿן אים — איז קוקן מיט אָפּענע, ניכטערע אויגן אויף זײַן יעדן שריט, אויפֿנעמען זײַן יעדע נאָטע, קער, אַקצענט, קאָנען אָפּזיפּן דאָס נייטיקע פֿון אומנייטיקן. קערנער פֿון שטרוי. —

אַ רעזשיסער מוז זײַן ניכטער, עקזאַקט, פּינקטלעך ווי אַ מעכאַניזם, מוז אומאויפֿהערלעך קאָנטראָלירן סעקונדעס און פּונקטן אין פּראָצעס פֿון ספּעקטאַקל, און אויך פּראָבן — צענפֿאַכיק.

דוד הערמאַן איז געווען אַ פֿאַנטאַזיאָר ביז דער מדרגה פֿון מאַניאַקאַלישקייט, פֿאַנטאַזיע איז געווען דער איינציקער קוואַל פֿון זײַן שעפֿערישן אויפֿטו.

מיר האָבן נישט איינמאָל באַטאָנט, אַז באַאָבאַכטונג איז נישט קיין קוואַל פֿון שעפֿערישקייט.

אָבער די אויפֿגאַבע פֿון רעזשיסער איז — אָרגאַניזירונג, און דאָ איז פֿאַנטאַזיע אָפֿט אַ צעשטערנדיקער פֿאַקטאָר. מיר האָבן שוין געהאַט אונטערגעשטראָכן, אַז ביז מאָמענט פֿון שעפֿערישער קולמינאַציע, ווען דער קינסטלער ווערט בלינד און שעפּט כּוחות פֿון עקסטאַז און אומבאַוווּסטזיניקייט (עס ווירקט פֿאַנטאַזיע און אינטויציע) — גייען די שאַפֿונגספּראָצעסן דורך צענדליקער עטאַפּן פֿון קלאָרער שכלדיקייט, עקזאַקטע אויסרעכענונגען, מעכאַנישע אויסמעסטונגען. און אויף די עטאַפּן האָט אין הייגטיקן טעאַטער די הויפּט־דעה דער רעזשיסער. אַ רעזשיסער וואָס „שוועבט" אין זײַנע פֿאַנטאַזיעס, נישט זעענדיק אַלץ אַרום זיך, איז אַז אומזין.

נאָך דער פּרעמיערע פֿון „דיבוק" האָט די „טרופּע" געמאַכט אויפֿנאַמעס: צענדליקער סצענעס, גרופּעס, געשטאַלטן, מאַסן־פּאָטאָס.

אַלטער קאַציזנע איז געווען אַ גרויסמייסטער אין דעם פֿאַך, און ער האָט דעם רעזשיסער דערקלערט, אַז די טעכניק פֿון אַפּאַראַט פֿאָדערט געוויסע אָפּווייכונגען פֿון דעם, ווי די און יענע סצענע האָט אויסגעזען אויף

דער ביגע. הערמאַן האָט אָפּגעטראָטן די „לייטונג"... מאַכט מען די סצענע פאַרן שלום פון ערשטן אַקט. די דריי בטלנים שטייען יעדער אין זיין כאַראַקטער און פּאָזע, דער ערשטער האַלט דאָס ספרל און מעלדעט: „ביי אים פון האַנט איז אַרויסגעפאַלן דער ספר רזיאל המלאך".

זשעליאַזאָ, מאַרעווסקי און ווייסליץ קאָנצענטרירן זיך, קאַציזנע באַטראַכט די גרופּע:

— אויסגעצייכנט, קינדער. איך פאָטאָגראַפיר. איינס, צוויי...

פליט אַריין הערמאַן —

— וועלכע סצענע?

— שטערט נישט: די בטלנים סוף אַקט.

נישט קוקנדיק אויף אונדז דרייען שעפּטשעט הערמאַן אַרויס:

— שטימונג, שטימונג, חברים, טויט-שטימונג. אויף דר'ערד ליגט חנן... אָט וועל איך זיין — דער טויטער חנן —

און ער איז אַ פאַל געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע — צו שאַפן די שטימונג.

אַלע (אויסער מאַרעווסקין) האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט... די אויפנאַמע איז נישט צושטאַנד געקומען. קאַציזנע האָט אויסגעגלאָצט די אויגן:

— „אוי, אין דר'ערד זאָל ער אַריין! געהערט אַזאַ אידיאָט?"

אַרום האָט מען זיך געהאַלטן ביי די זייטן.

און דער בעל דבר האָט זיך אויפגעהויבן פון דער פּאָדלאָגע, אַרומגעקוקט אויף זיין און אונדז און נישט אָנגעהויבן באַגרייפן — „פון וואָס זיי מאַכן זיך לוסטיק" און... פאַרוואָס איז אַלטער אַזוי אומצופרידן?

עס וואָלט געווען אַ גליק ווען די מעשה איז
si non e vera e ben travato

אָבער דאָס איז אַ פאַקט!...

און פּונקט אַזאַ סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף אַ פּראָבע פון ערשטן אַקט, בעת פּאָליע וואַלטער איז אַרויס און אָנגעהויבן איר מאָנאָלאָג ביים ארון-קודש.

— מיסטיש, מיסטיש — שעפּטשעט דער רעזשיסער און גלאָצט די אויגן: אין דער לופט פלאַטערן די פליגלען פון מלאך-המות — טויטע שטילקייט.

* אויב ס'איז אמת, איז עס גוט צוגעטראַכט (אויטענט'ש).

און צו שאַפן די שטימונג און די שטילקייט האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד הינטער דער בינע ביים ארון=קודש.

די דריי אַקטיאָרן ביים טיש אויפן פּאָדערגרונט האָבן זיך נישט צעלאַכט. פּאָליע וואַלטער האָט עפּעס אויסגעמורמלט: „וואָס טוט איר? לאָזט רעפּעטירן“.

עס איז געוואָרן — „אַז אָך און וויי צו אונדז!“

# זיבעטער קאַפּיטל

## דעם רבינס ניגון

איך שרייב נישט קיין „היסטאָריע" פון טעאַטער, פון קולטור, אַפילו נישט פון דער „ווילנער טרופּע". איך שרייב קאַפּיטלען וועגן מיין לעבנס־לויף, און איך דערצייל דאָ וועגן דראַמאַטישן עטאַפּ פון מיין אויפשטייג אין שעפערישן באַרג־אַרויף מיט די „ווילנער" און די פאַקטן, וואָס האָבן דעם אויפשטייג צונישט געמאַכט.

איך דערצייל, און זאָל מיך משפטן די צייט און דער לייענער.

איך האָב מורא זיך אָנצושפּאַרן אויפן זכרון, ברענגענדיק איינצלנע פאַקטן, וועלכע האָבן — אַזוי ווי טראָפּן עקבערן אַ שטיין — איינער נאָכן צווייטן געבויערט מיין געפיל פון אָנגעהעריקייט צו דער „טרופּע"...

ווי דערציילט, האָב איך מיך פון די פּראָבן געהאַלטן ווייט, מיט קיינעם וועגן דעם נישט גערעדט און ווען מיר פלעגט אויסקומען צו כאַפּן אַ סצענע, וואַרטנדיק אויף מיין אויפטריט, בין איך נישט איינמאָל אויפגעציטערט געוואָרן, דערהערנדיק ווי מיינע ליבע טייערע „קינדער" ווערן אַריינגעשלעפּט אין שטראָם פון אויסערלעכער אַפעקטאַציע דאָ, וווּ דער טעקסט איז אַ באָדן פון טיפע מענטשלעכע עמאָציעס. איך האָב דער־הערט די סצענע „חנן — העניעך", וועלכע איך האָב אָפּגעשפּילט פאַר אַנ—סקין אין דער באַשריבענער נאַכט אין אָטוואָצק. שטיין האָט חנן'ען געשפּילט מיט דער פּרעכטיקער צאַרטער ליריק, וואָס איז געווען זיין אַק־טיאָרישע נאַטור; בולאַוו האָט מיט דעם אים אָנגעהעריקן כוח פון באַ־צווינגענדיקער סוגעסטיע מיטגעשפּילט אין דער סעצנע דעם באַגלייט־מאָ־טיוו, אָבער איך האָב נישט דערהערט קיין שפּור פון דעם, וואָס מיך האָט אין דער סצענע אַזוי מיטגעריסן און פאַרטראָגן אין דער וועלט פון אַנ—סקים פערסאָנאַזשן און מאָטיוון...

אַזוי זענען געגאַנגען די וואָכן. עס זענען שוין אָנגעוואַקסן „הויט און פלייש" אויף די סקעלעטן פון ערשטן פראָבן־פעריאָד. מיר האָבן דערזען בילדער, סצענעס, געשטאַלטן; דערפילט שטימונגספולע עפּיזאָדן... איך האָב געזאָגט, אַז אַ „נאַר ווייזט מען נישט קיין האַלבע אַרבעט", און אַז דער רעזשיסער בויט אַ ווערטפולע גאַנצקייט און ער — „ווייס, משמעות, וואָס ער וויל"...

איך האָב אָנגעהויבן באַקעמפן אין זיך די געפילן פון „אָפּאָזיציע", אָבער קיין מנוחה האָב איך נישט געפונען: אַנ—סקים ווערק האָט דאָ זיין תיקון נישט געפונען! עס איז שיין, ערטערווייז — דערהויבן, עס נעמט דורך, אָבער — פ ר ע מ ד איז עס!

דעם צווייטן אַקט, דעם באַרימטגעוואָרענעם „טויטנטאַנץ", האָב איך אויפגענומען ווי אַ מתנה פון אַ פרעמדן און נישט פריינדלעכן אורח... דאָ מוז באַצייכנט ווערן, אַז די מוזיק פון ערשטן ביזן לעצטן מאָטיוו האָט אַריינגעשטעלט קאַדיסאָן, ווייל יענער איז אין דעם פרט געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער „בעלמום": קיין איין נאָטע האָט ער נישט געהערט, קיין איין מאָטיוו נישט געווען פעיק אָפּצוטיילן פון אַן אַנדערן...

איך געדענק אַבסאָלוט נישט ווי די ערשטע צוויי אַקטן האָבן אויס־געזען, ווען מיר זענען צוגעטראָטן צום דריטן. די סצענעס ביים צדיק, די גאַנצע סביבה פון די חסידים, די שטימונג פון „מלוה־מלכה" ביים רבינס טיש זענען פאַר מיר געווען אַזאַ „טעררא אינקאָגניטא", אַזאַ אומ־באַקאַנטע וועלט, אַז איך האָב געמוזט נאָכגיין נאָכן רעזשיסערס יעדער אָנווייזונג. און איך בין — נאָכגעגאַנגען! און וואָס מער איך בין נאָכגע־גאַנגען, אַלץ ווייניקער האָב איך געוווסט וואָס איך טו און פאַרוואָס איך טו אַזוי און נישט אַנדערש. אָבער טאָן אַנדערש האָב איך נישט געקאָנט, ווייל כ'האָב נישט געוווסט וווּ איך בין אין דער וועלט און וואָס מען וויל פון מיר האָבן... דער רעזשיסער האָט מיר באַוויזן, אַז דער צדיק גייט אַרום איבער דער בינע מיט אַן אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט, בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט, אָבער עס איז נישט געווען אָרגאַניש, און איך פלעג אָפט פאַרגעסן און נישט וויסן וווהין מיין רעכטע האַנט צו פאַרשטעקן... פלעגט ער מיר אַ זאָג טאָן: „די האַנט, די האַנט!" פלעג איך זי אויסשטרעקן. אָבער איינמאָל האָב איך נישט אויסגעהאַלטן.

— האָס קאָפירט איר אַ געוויסן לעבעדיקן רבין, וועלכער האָט גע־האַט אַ הרגל אַזוי צו האַלטן זיין רעכטע האַנט? האָט איר דאָך אים

אוודאי געזען, קאָנט איר אים גאָכמאַכן, איך האָב אים דאָך אָבער נישט געזען, און קאָן אים נישט נאָכמאַכן...

און דאַן האָט מיר דער רעזשיסער באַגריגדעט דעם זשעסט („מאָ־טיווירט", לאָמיר זאָגן, דערמאָנענדיק מיינע טעג ביי די „שווערע נסיונות" מיט 10 יאָר צוריק אין גראָדנע) — מחמת „מוציא זרע לבטלה" טראָגן זיך אין דער לופט אַרום כּל מיני בייזע רוחות. שטויסט זיי דער צדיק צוריק אָפּ מיט דער אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט!

די דערקלערונג איז געווען ממש אַ גרויס געווינס, ווייל די באַוועגונג האָט באַקומען דעם יסוד פון אַ פּסיכאָלאָגישן אמת.

אין דער סצענע מיט לאהן בין איך געוואָרן אויפגעטרייסלט, ווען איך האָב דערהערט וואָס ער מאַכט פון אָרלעסקאָן... אָבער נישט רעאַ־גירט און געזוכט מיין אָנשפּאַר צו רעדן דעם טעקסט...

„יגעתי ו ל א מצאתי"!

איך וועל דאָ פאַרלויפן דעם וועג דעם לייענער און זיך אַליין און דער־ציילן קורץ: שפּילן „עזריאלקען" האָב איך אָנגעהויבן אויף דער פינפטער פאָרשטעלונג!

פרטים וועלן נאָך קומען. דערווייל בין איך געשווומען ווי אַ האַלב־פאַרחלשטער פיש אין אַ שטאַרק פאַרשמוצטן אַקוואַריום, און... איין נאַכט האָט געקאָנט מיר זאָגן: „מאין יבוא עזרי?

אַ פּאָר טעג פאַר דער פּרעמיערע געשעט אַזאַ מין פאַל: מיר האַלטן ביים סוף פון ערשטן אַקט. סנדר רופט אוים: „זאָגט דעם רבינס ניגון". די בטלנים הייבן זיך אויף און דאַרפן אָנהייבן זינגען, נאָר וואָס מיר דאַרפן זינגען ווייסן מיר נישט.

האַלט נישט אוים זשעליאַזאָ: „געוואַלד געשריגן! אַ חודש ווי מיר קוועטשן זיך איבער דער סצענע, וואָס פאָדערט בטבע צוויי־דריי פראָבן, און וואָס צו זינגען ווייסן מיר נישט. אָבער מען דאַרף דאָך איבערמאָרגן שוין שפּילן פאַרן עולם! איז ווען זשע וועלן מיר כאָטש איין מאָל דורכ־גיין דאָס געזאַנג?

שילדערן דעם רעזשיסער אין די פאַלן פון זיין רונדער אומבאַהאָלפנ־קייט וויל איך נישט. איך וועל נאָר באַמערקן, אַז אַלץ, וואָס ער האָט נישט געקענט, האָט ער געהאַלטן פאַר „נישט וויכטיק".

אָבער מען דאַרף דאָך דאָ זינגען! אָדער — אויסשטרייכן סנדר ברי־ניצערס פאָדערונג?

שטייט די פראָבע אַ פאַרפרווירענע.

און מיטאַמאָל, נישט טראַכטנדיק, נישט זוכנדיק, אַזוי ווי אויף „די פעטש“, דערזעענדיק „טילי־פאָלי“ — גיב איך אַ זאָג: „וואַרט! אָט האָט איר אַ ניגון“.

און אין דער געשטאַלט פון 2־טן בטלן מיט פאַרזשמורעטע אויגן פאַרדרייט איך דעם קאָפּ, הייב אָן קראַצן די באָרד און —

פאַרצי דער „רבינס ניגון“... און אַלע ציען נאָך, און די סצענע אַנט־וויקלט זיך, דער טאַנץ ווערט לעבעדיק. אַז סגדר רופט אויס: „איצט אַ פריילעכס!“ זאָגט קאָוואַלסקי: „איך קען אַ ניגון נאָך פון דער ישיבה“, און מיר דערהערן די צווייטע מעלאָדיע, דאָס ריקודל...

פאַרוואָס האָט דער רעזשיסער, האָבנדיק זיך אַנטציקט פון ביידע ניגונים, געהייסן דעם „פריילעכן“ פירן אין אַ פאַרלאַנגזאַמטן ריטם און פון „ריקודל“ געמאַכט אַ בפירושן מאַקאַבר־טאַנץ? — דאָס וועל איך דאָ נישט פרוון דערקלערן. איך מיין, אַז גיכער ווי אַלץ האָט ער נישט זייער געשפּירט דעם אונטערשייד צווישן איין ריטם און צווייטן און דער עיקר איז, וואָס ער האָט געווייכט ווי אַ שד פון וויירויך פון יעדן פונקט, וואָס דערמאָנט שטייגער. „מיסטיק“, „מיסטיק“ — האָט געפאָדערט זיין „מוזע“. און צום פּרעכטיקן איבערגאַנג פון פריילעכן ריקודל צו מאירם: „ער איז געשטאָרבן!“ איז זיין מוזע אויך נישט דערוואַקסן, ווייל דאָס איז דיאַלעקטיק פון סצענישע אינהאַלטן, און ער איז געווען באַנומען פון קאַלטער סימבאָליק.

דער אַקט האָט זיך פאַרענדיקט, און ביי מיר אין געמיט איז פאַר־בליבן דער ערשטער צוג פון צדיקס אָטעם: דער ניגון!

אַ זייער פילזאָגנדיקער פּרט: אויף מאָרגן, אַז מען איז דערגאַנגען צו סגדרס פראַזע: „זאָגט דעם רביגס ניגון!“ און אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן און אָנגעשטעלט די אויערן, איז איינגעטראָטן אַ טויטע שטילקייט. אויף דער ווענדונג צו מיר, אַז איך זאָל זינגען מ יי ן ניגון, האָב איך בלויז געקאָנט ענטפערן, אַז איך ווייס נישט וואָס נעכטן איז געווען. היינט קיין ניגון האָב איך נישט. דער רעזשיסער האָט עס אויפגענומען ווי אַ בייז־וויליקן סאַבאָטאַזש. פון דער לאַגע האָט אַרויסגעפירט זשעליאַזאָ:

— אָט האָסטו דעם נעכטיקן ניגון!

ער האָט אויפגעזונגען. די פּראָבע האָט זיך בשלום פאַרענדיקט.

מער האָב איך שוין דעם ניגון קיינמאָל נישט פאַרגעסן...

* *

*

עס איז געגאַנגען די לעצטע גענעראַל־פּראָבע. אין טעאַטערל אויף קאַראָווע זענען געווען אַרויסגענומען פון פּאַרטער אַלע שטולן אויסער די ערשטע פּאָר רייען, און וועלכע עס זענען געזעסן אַ 30 איינגעלאַדענע ערן־געסט. די פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעוואַשן לכבוד דער מאָרגנדיקער פּרע־מיערע. איך האָב מיט האַסטיקע טריט אַרומגעשפּרייזט איבערן ליידיקן פּאַרטער הין און צוריק, געיאָגט און באַהערשט פון אַ שטורעם אין האַרצן... נאָכן דריטן אַקט איז צוגעגאַנגען אַלטער קאַציזנע, האָט מיך אָפּגערופן אין אַ ווינקל און זאָגט, קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע גרויסע ווייסע אויגן, אין וועלכע איך האָב דערזען אַן אויסדרוק פון לייכטער שרעק:

— אברהם! דו מוזט עפּעס צוטראַכטן! אַזוי ווי דער אַקט האָט היינט אויסגעזען, קאָן עס נישט פּאַרבלייבן! עס איז לאַנגווייליק ביז הלשות...

איך ווייס נישט וואָס צו טראַכטן! אַלץ, וואָס קומט דאָ פּאָר און וואָס מאַכט, ווי איך זע, אַן איינדרוק אויף אַלעמען, איז דער היפּוך פון דעם, וואָס אַנ—סקי האָט אָנגעשריבן. איך בין אים מקנא, וואָס ער קוקט עס אַלץ נישט אָן... און וואָס שייך מיר, קאָן איך דיר זאָגן קורץ: איבער־לעבן אַ מפּלה אין אַנ—סקיס ווערק איז מיר נישט נאָר ביטער! איך וויל עס נישט און וועל עס נישט אַראָפּשלינגען! איך מוז בלית ברירה אָפּשפּילן די פּרעמיערע, און ווייטער זאָל שפּילן קאָוואַלסקי. מיט אים וועט זיך דער־רעזשיסער אָן ספק צו עפּעס דערשלאָגן. מיין קאַפּיטל „ווילנער טרופּע“ איז פּאַרענדיקט.

— האָס זענען אַלץ זאָרגן אויף מאָרגן — האָט ער אַרויסגע־רעדט — מען דאַרף ראַטעווען די סטוּאַציע היינט!

איך האָב פּאַנאַנדערגעפירט די הענט און מיט אַ זיפץ אַוועק פון אים.

מען האָט באַשלאָסן איבערחזרן דעם אַקט. היות נאָך האַלבער נאַכט האָט מען אָן „פּשעפּוסטקעס“ נישט געקאָנט גיין אַהיים, איז באַשלאָסן געוואָרן צו נעכטיקן אין טעאַטער און רעפּעטירן די אַקטן (ביי הערמאַ־נען — פּאַראייניקטע אין איינעם) אַזוי לאַנג ווי...

מען האָט געמאָלדן אַ הפסקה אויף אַ האַלבער שעה און אָרגאַניזירט אָוונטברויט פּאַר די אָנטיילנעמער: הערינג מיט קאַרטאָפל — איך געדענק עס קלאָר.

איך בין נישט אַוועק עסן אָוונטברויט און אַרומשפּאַצירט איבערן ליידיקן פּאַרטער. עפּעס האָט מיר פּאַר די אויגן פּאַרבייגעשוועבט קאַ־

דיסאַן און געזאָגט, אַז די פּאָדלאָגע איז פייכט, און איך וועל זיך פאַרקילן אין לייוונטע מעשטעס...

—"דאַרפסט דאָך שפּילן די פּרעמיערע, משוגענער!" — קלינגט מיר אין אויער.

און איך לויף אַרום פון איין וואַנט צו דער צווייטער, פון הינטער־גרונט צו דער בינע און צוריק און ווידער, און איך דערזע — שעפּטלען. ער קוקט מיך אָן מיט ווילדע אויגן.

— וואָס טוט זיך מיט אייך, חבר מאָרעווסקי! מען האָט שוין גע־מאָלדן: „דער רבי גייט!" און איך זוך אייך אַרום שוין דריי מינוט!...

ווי אַ פייל בין איך דורכגעפלויגן דעם פאַרטער, דורכגעלאָפן די קו־ליסן, אַרויסגעלאָפן אויף דער בינע, און אין דעם ריטם אָנגעהויבן: „מען דערציילט וועגן בעל שם טוב הקדוש, זכותו יגן עלינו".

אַז איך האָב פאַרענדיקט דעם מאָנאָלאָג, האָב איך דערהערט אין זאַל אַ געדיכטן אַפּלאָדיר און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פון אַ צושטאַנד, וועלכן איך האָב ביז יענער מינוט נישט געפילט.

איך האָב דערזען ביים טיש די פּאַרטנערן און אַוועק — ווייטער.

דאָס איז נאָכן „רבינס ניגון" געווען דער צווייטער מאָמענט פון מיין „עזריאלקעס" קומען צום ליכט פון ספּעקטאַקל.

דער דריטער מאָמענט איז געקומען אויף דער פינפטער פאָרשטעלונג.

און מעשה שהיה כך היה:

איך בין פון מיין ערשטן אויפטריט אויף די ברעטער אין מאָמענטן פון העכסטן עקסטאַז אַ „באַלעבאָס" איבער זיך און איבער אַלץ, וואָס אַרום מיר...

איך האָב געהאַט אַ פאַל אין ווילנע: בעתן צווייטן אַקט פון „דער, וואָס קריגט די פּעטש" איז אינמיטן פון מיין פלאַמענדיקן מאָנאָלאָג מיט קאָנסועלאַן אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט אויף דער בינע. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ביי פּאַפּאַ בריקע אויפן טיש דאַרף זיין אַ קעסטל מיט צינדהעלצלעך... נישט איבעררייסנדיק דעם מאָנאָלאָג, בין איך אין דער אפלה צוגעגאַנגען צום טיש, דערטאַפּט דאָס קעסטל, אָנגעצינדן אַ שוועבעלע און אַ צווייטע, געפונען אַ קאַנדעליאַבער מיט 5 ליכט צווישן רעקוויזיט, אָנגעצונדן אַלע ליכט, צוגעטראָטן צו קאָנסועלאַן און, באַ־לויכטנדיק איר פּנים, גערעדט מיין מאָנאָלאָג ביזן סוף.

אויף דער פּרעמיערע פון „דיבוק" האָב איך אין מיטן אַקט מיט־אַמאָל דערפילט כמו איך בין אומגעפאַלן אויפן רוקן מיט די פיס אַרויף

און גליטש זיך באַרג־אַראָפּ צו אַן אָפּגרונט... איך האָב, זיצנדיק אויפֿן רבינס פּאָטעל, ספּאַזמאַטיש זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס און זיך אָנגעשפּאַרט אין טיש. דאָס שוידערהאַפֿטע געפֿיל איז פֿאַרשוווּנדן... איך האָב אין דעם פֿאַרגעסן. אָבער אויפֿן צווייטן טאָג האָט עס מיך ווידער באַהערשט, און ווידער — אויפֿן דריטן. נאָכן ספּעקטאַקל האָב איך געוואָלט זיך דערמאָנען אין וו ע ל כ ן מאָמענט פֿון דער אַקציע בין איך דריי מאָל אַזוי אַרייַנגעפֿאַלן אין דער שוואַרצער נעץ? נישט געקאָנט פֿעסטשטעלן! אויפֿן פֿערטן ספּעקטאַקל האָב איך זיך באַמיט נישט צו פֿאַרלירן די ניכטערע קאָנטראָל איבער זיך, נישט ווערן „עזריאלקע“ נאָר בלייבן — איך בעצמי. און איך האָב עס געכאַפּט. נאָכן ספּעקטאַקל האָב איך אין גאַרדעראָבע אויפֿגעמישט אין טעקסט מיין רעפּליק, ביי וועלכער איך בין 4 מאָל איינגעזונקען אין תהום...

איך האָב פֿעסטגעשטעלט, אַז נאָך דעם משולחס „דער חתן וועט קומען באַצייטנס“ און פֿאַר עזריאלקעס „נעם מיין שטעקן, גיי אויפֿן בית עולם“ איז אין טעקסט אַ רעמאַרקע: „דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט“...

מאַכנדיק פֿון די צוויי אַקטן איינעם, האָט דער רעזשיסער אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן צוויי וועלטן!

אָבער עזריאלקעס איבערמענטשלעכער קאַמף אויף אָט דער גרענעץ איז דער גאַנצער תמצית פֿון דער ראָל. אין דריטן אַקט פֿאָרשט ער מיטן שכל הישר די גרונטן פֿון אומגליק מיט זיין חסידס בת־יהידה. נאָך דעם, ווי רב שמשון האָט אים „אַנטפּלעקט אַ סוד, וואָס האָט אַ שייכות צום ענין“ און ער האָט דערהערט, אַז דאָס שטעקט אויסער די גבולים פֿון שכל הישר, האָט ער אַ דערשיטערטער אויסגערופֿן: „אויב אַזוי, אויב אַזוי...“ זיינען די חשבונות מיטן שכל אויסגעשעפּט, און ס׳הייבט זיך אָן אַן אַנדער עובדה...

און דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט: דער אַקט איז פֿאַרענדיקט.

צווישן ביידע מאָטיוון אין איינעם האָט מען געקאָנט נאָר בויעדיק אַ פֿאָרשטעלונג פֿון אויסערלעכע עפֿעקטן — „ביליקע“, „טייערע“ — לאָמיר נישט פֿאָרשן! אָבער דאָס איז — פֿאָרמעלע טעאַטראַליק!

אַנ—סקי האָט אָנגעשריבן אַ ווערק פֿון טיפֿע גייסטיקע קאָנפֿליקטן, פֿון פּסיכאָלאָגישע אַנטפּלעקונגען, פֿון פֿילאָזאָפֿישער פּראָבלעמאַטיק.

אין יענער פֿאָרשטעלונג איז פֿון דעם אַלעם קיין זכר נישט געווען, קיין מינימאַלע אָנדייטונג, מחמת דעם האָט דער אַקטיאָר נישט געוווּסט — „וואָס צו טאָן“ און, זייענדיק פֿון די ווינדעלער געהאָדעוועט אויף

מענטשן־געשטאַלטיקונג, אויף שעקספּירס רעאַלע אמתן פון מענטשלעכע איבערלעבונגען, אויף רעאַליזם, אין ליכט פון הומאַניסטישע פּראָבלעמען („ראָמאַנטישער רעאַליזם" — רופן מיר עס), איז ער געוואָרן „אויס באַלעבאָס" איבער זיך, איבער דער גאַנצער סצענישער סיטואַציע — אין דער אָנגעוואָרפענער געקינצלטער אויפגאַבע צו מאָלן אַ „סימבאָל" (פון וואָס — ווייס איך עד היום נישט, און קיינער האָט עס קיינמאָל נישט געוווּסט, ווייל געווען איז עס — נאַקעטער אומפאַרהילטער פ אָ ר מ אַ ל י ז ם!)

אויפן פינפטן ספּעקטאַקל האָב איך ערשט אָנגעהויבן זוכן און געפינען דעם צדיקס פ ס י כ ל אָ ג י ש ן י ש, זיין צעשפּאָלטנקייט צווישן דער תקיפות פון וועלטשטירצער („וועל איך ברעכן דעם גזר דין!") און דער איינגעבראָכנקייט נאָך „פּערציק יאָר אויפן שאַטנס, זכרונו לברכהם, שטול".

די דיכטערישע שיינקייט, די אומאויסשעפּנדיקע טיפקייט, דעם דערשיטערנדיקן טראַגיזם פון דער געשטאַלט — און ראָל! — וועל איך דאָ נישט פּרווון באַשרייבן. איך וועל דאָ אויך נישט פּרווון דערציילן וועגן אָפּקלאַנג אין די פּאָלקסמאַסן, וועגן רעזאָנאַנס אין דער ווייטער וועלט...

דאָ וועלן מיר שילדערן דאָס, וואָס עס ווייסן נישט „אַלע".

די פּרעמיערע איז געגאַנגען צו שלושים. דעם באַשלוס צו מאַכן בעתן ספּעקטאַקל אַ הזכרה דעם דיכטער פּאַרן אָפּענעם פאָרהאַנג האָט מען נישט געקאָנט אויספירן, ווייל עס איז געווען דאָס ערשטע חנוכה־ליכטל... נאָכן צווייטן אַקט האָט דער עולם געשמאַק אַפּלאָדירט. נאָכן דריטן איז מען זיך אין איילעניש צעלאָפן פון טעאַטער, כדי נישט צו בלייבן נאָך צוועלף אָן „פּשעפּוסטקעס" אונטערוועגס. דעם פאָרהאַנג צום אַפּלאָדירן וואָלט מען סיווי נישט געהויבן לויטן באַשלוס צו האַלטן דעם אָוונט אין שטימונג פון אבלות.

קיין קלענסטן אויסדרוק פון „דערפאָלג" האָב איך אין דער ראָל נישט געהאַט. די פאָרשטעלונג איז געגאַנגען ביי אויספאַרקויפטע הייזער... האָט עס דאָך נישט קיין שייכות צו וועלכער עס איז ראָל!

מען האָט מיך געלויבט אין דער פּרעסע. קאַרלינסקי האָט דאָס מאָל געפונען ביי מיר אַ סינטעז „פון גריכישן קלאַסיציזם מיט שאַרפסטער מאָדערנער ראַפינירטקייט". אַן אויסשעפּנדיקן אַנאַליז האָט געגעבן אין זיין אָפּהאַנדלונג — זרובבל.

אָבער באַפליגלט האָט מיך אַן עפּיזאָד, וואָס קלינגט ווי אַן אַנעק־
דאָט.

נאָך דער פּרעמיערע האָב איך אין גאַרדעראָבע אויסגעהערט כך וכך
מיינונגען, לויב־געזאַנגען, באַמערקונגען. מיר איז טייער געווען צו דערזען
אַלטער קאַציזנעם צעשטראַלטן פּנים נאָך זיין נעכטיקער פאַרצווייפלונג.
מיר האָבן זיך געפרייט און געוויינט, אונדזערע ווייבער — מיט אונדז:
נישטאָ אַנ—סקי!

מיטאַמאָל דערהער איך: סעגאַלאָוויטש טענהט, אַז „אַלץ איז גוט
און וויל, אָבער אַזאַ צדיק האָט אין ערגעץ נישט געלעבט און לעבט נישט:
מאָרעווסקין קומט אַ „בראַוואָ“ פאַר זיין לייסטונג, אָבער דאָס איז אַן
אַקטיאָרישער דערפאָלג, וואָס האָט מיט ווירקלעכקייט קיין געמיינזאַמען
פינטל נישט“...

איך האָב מיך נישט געפילט געטראָפן, נישט געהאַט קיין מינדעסטן
געפיל פון פאַרדראָס. דאָס, וואָס איך האָב פאַר די לעצטע פראָבן אָנגע־
הויבן צו „מאָלן“, איז געווען באַזירט אויף אַזוי דערפילטע מאָמענטן פון
טעקסט, אויף אויגנבליקן פון אַזוי פאַרשטאַנענע סיטואַציעס. און דאָס
איז דער אמת פון קונסט — אומאָפּהענגיק פון דעם, צי עס לעבט ערגעץ
„אַזאַ“ צדיק צי — נישט...

וואָס אָבער טוט גאָט?

איז אונדזער חבר יעקב ווייסליץ אַן איידעם אויף קעסט ביי אַ וואַר־
שעווער חסיד. און שבת צום טשאָלנט קומען אורחים פון פאַרשידענע
שטעטלעך: פון גער, פון סאָכאַטשעוו, פון וואַנען איר ווילט... מאַכט מען
אַ כוס, פילפלט מען זיך, דערציילט מען זיך נסים פון רבינס הויף — פון
אַמאָליקע ציימן, פון היינטיקע...

לאָזט זיך אויס: צוויי חסידים זענען געווען אויפן „דיבוק“, זענען
מלא התפעלות פון „צדיק“ —ביידע! אָבער צעאַמפּערט האָט מען זיך
איבער דעם ביי וועלכן צדיק האָט זיך דער אַקטיאָר געהאָדעוועט? ווייל —
„פּישטייט איר מעך“ — לויטן הילוך איז עס אַ קאָפּיע פון סאָכאַטשעווער
צדיק און די האַלטונג, די הענט, דער בליק איז כולו — גערער!

דערציילט מיר ווייסליץ (נאָכן ספּעקטאַקל! ווייל בעתן ספּעקטאַקל
רעד איך נישט און הער נישט אויס קיין איין וואָרט. אויסערן טעקסט) די
מעשה, און אַלע לאַכן לוסטיק, און עס הערן זיך אויסרופן: „וווּ איז סע־
גאַלאָוויטש? וואָס וועט ער זאָגן צו זיין „אַקטיאָרישן דערפאָלג אָן באַרעכ־
טיקונג פון לעבעדיקער ווירקלעכקייט?“

מיר איז אָבער באַשערט געווען צו דערפילן דעם אָפּקלאַנג אין גאָר אומגעריכט ווען איך האָב אים צום ווייניקסטן דערוואַרט.

אין דורכהויף פון זאַמעטהאָף (שיינט מיר: נומער 16) צו די גאַלעוועס איז געווען אַ מין קערמאַש, עטלעכע צענדליק קלייטלעך מיט בלעכיי סחורות און קונים אין די הונדערטער. עס האָט זיך געטומלט און געקאָכט, עס איז געשטאַנען אַן אומאויפהערלעכער רעש און געפּילדער. רעדן מיט עמעצן צווישן זיך האָט מען געמוזט — שרייענדיק, און האָרכן — צולייגנדיק דעם אויער צו יענעמס ליפּן...

איך בין אַריין קויפן שנירלעך צו די שיך. גענומען מיין סחורה, געבעטן אַ שטיקל פּאַפּיר איינצוּוויקלען. געמוזט, משמעות, זיך אויסשטעגהן, ווייל דאָס רוב קונים האָט דאָ פון אַזעלכע „ראַפינירטע" המציאות, ווי איינפּאַקן שנירלעך, נישט געוווסט... האָט מען מיך אָנגעקוקט מיט חידוש, און ס'האָט מיין נישט־גאַלעוועקער לשון אויך אַרויסגערופן פאַרשפּיצטע נייגיריקייט. קוקט מען אויף מיר, און עס ווערט אַרום איינגעהאַלטן דער טומל, עס דויערט אַ מינוט, צוויי, און עמעצער זאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און נישט־איינגעהאַלטענער פרייד: „זעט נאָר, זעט, זאָל יאַד אַזוי געזונט זאַן! ווער שטאַיט עס דאָ באַם קלאַיטל מאַנעם? ס'איז האָך... דער מיראָפּאָלער צדיק! ער, בכבודו ובעצמו! יידן! וואָס שטאַיט עץ פינדערוואַטנס?

באַשרייבן די ווייטערדיקע עטלעכע מינוט — קאָן איך נישט!

אין לאָדזש שפּעטער האָב איך איבערגעלעבט אַ מינוט, ווען צו מיר איז אין אַ קנאַפּ־באַלויכטענעם ווינקל הינטער די קוליסן צוגעגאַנגען אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט באָרד און פאות און האָט געמאַכט די ברכה: „שחלק מכבודו לבשר ודם"... ער האָט נישט געזאָגט: „ה'", ער האָט געזאָגט: „השם", ווייל מאַכן אַ ברכה אויף אַ „גדול שבתיאטרון" איז קעגן די כללים פון יהדות, אָבער איך האָב דערזען מיט מיינע אויגן און דערפילט אין מיין האַרצן, אַז ספּעקטאַקל איז אין יידישן לעבן געוואָרן אַ פאַקטאָר נישט פון פ אַ ר וו יי ל ו נ ג; אַז די שעפערישע טעטיקייט אויף דער בינע ווערט אויפגענומען ווי אַן ע ב ו ד ה; אַז טעאַטער איז אַרויף אויפן שליאַך, וווּ עס קאָן — עס מ ו ז! — אויף זיין פאָרטאַל אויסוואַקסן: „ביתי בית התפילה יקרא".

אין פּראָגראַם־העפט האָב איך אָנגעשריבן אַן עסיי — זעקס קורצע קאַפּיטלען — „אַ ספּעקטאַקל צו שלושים"...

אויף דער בינע האָב איך שוין אַמאָל 90 געהאַט געשפּילט די ראָל, און אַלע מיינע אברים האָבן געלעבט אין דער טראַגישער געשטאַלט, וואָס וויל אַרויסרייסן ביי דער אייביקייט די מאַכט איבער פאַרבייגייענדיקע מינוטן און ווערטן און — פאַרשפּילט. ווייל דאָס אייביקע איז — „אַלץ“, בעת דאָס צייטווייליקע איז — „עפּעס“: "ברוך דיין אמת!„ און אין דורכהויף אויף די נאַלעוווקעס צווישן דעם המון פאָלקסמענטשן און אין טונקעלן ווינקל הינטער די קוליסן אין לאָדזש האָב איך — ווידער מיט אַלע מיינע אברים דערפילט, אַז מיינע 90 אָוונטן פון סצענישער עבודה זענען געוואָרן טאָג נאָך טאָג אַ י ש פון יידישן גייסט, אַ ווערט פון יידישן אוצר, אַ רגע פון יידישע יאָרטויזנטער.

איך האָב נישט געהערט דעם רעש פון אַפּלאָדיסמענטן נאָכן סוף פון ספּעקטאַקל אויף קאַראָווע; איך האָב נישט געהאַט קיין קלענסטן סימן פון אַקטיאָרישן בייפאַל אין דער ראָל, און גראָד דאַן, ווען אָט די וועלקנ־דיקע בלומען פון דערפאָלג האָבן אויסגעפעלט, איז מיר באַשערט געוואָרן צו געווינען דעם בטחון, אַז טעאַטער איז געוואָרן אַ פאַקטאָר פון יידישער וועלט־קולטור.

דאַרף איך דען דאָ מיט אָרעמע ווערטער שילדערן ווי גרויס און ווי טיף עס איז געווען מיין גדולה און מיין פרייד, בעת איך בין נאָך טעג און נעכט אַרייננטראַכטן אין דעם עפּיזאָד אויפן דורכהויף געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז טעאַטער איז געוואָרן אַ פּונקט פון קדושה אין דער יידישער מאַסע?

זיי האָבן דאָך נישט געמיינט, אַז די שנירלעך קויפט אַ צדיק!
זיי האָבן דאָך געוווסט, אַז דאָס איז אַן אַקטיאָר!
זיי זענען דאָך דערהויבן געוואָרן — דורך דער אילוזיע!
איז עס דאָך — ק ו נ ס ט !

דעם קונסטווערק זינגען זיי לויב! איבערן קינסטלער מאַכן זיי ברכה!
וואָס זשע האָב איך געקאָנט מער פאַרלאַנגען אויפן 16־טן יאָר פון מיין קינסטלער־וועג?

איך האָב געטראַכט וועגן די ווייטערדיקע פּלענער פון דער „ווילנער טרופּע“; געטרוימט וועגן נייעם אויפטו, אויף וועלכן יידן זאָלן ווידער מאַכן ברכות.

אָבער —

„די נשמה איז פון העכסטער הויך אַראָפּ אין טיפסטן גרונט“.

*        *

*

איך וועל זיך שוין נישט אָפּשטעלן אויף מיינע ווייטיקן, וועלכע זענען געוואַקסן און זיך פאַרטיפט מיט יעדן טאָג: די שלום־סצענע, אין וועלכער ער האָט אויסגעשטראָכן די פּערל פון פאָלקלאָר און ווידער אַרויס מיט אַ ביליקן פאָרמאַליסטישן עפעקט; דער איינפאַל צו לאָזן דעם „משולח" רעדן בעת דער דין־תורה פאַר ניסן בן רבקה און דערמיט פאַרוואַנדלען די גאַנצע סצענע אין אַ מין ספּיריטיסטישן סעאַנס, אָפּווישנדיק די רעַ־אַלע געשטאַלט פון מרא דאתרא, וועלכע באַרעכטיקט פּסיכאָלאָגיש די געשעעניש...

איך בין אַרומגעגאַנגען אַזוי, ווי אַ קנויל נישט אויסגעוויינטע טרערן וואָלטן מיר געשטאַנען אין גאָרגל און געשטיקט...

און ס'איז געשען אַ פאַקט, וואָס האָט איבערגעפולט די מאָס פון געדולד.

מען האָט געדרוקט אַנ—סקים געזאַמלטע ווערק. דער רעדאַקטאָר איז געווען אַלטער קאַציזנע. ביי מיר ליגט עד היום דער ערשטער דרוק־בויגן, וועלכן אַלטער האָט מיר אַוועקגעשאָנקען.

מען איז צוגעטראָטן צום דריטן באַנד: דראַמען!

דערציילט מיר אַלטער, אַז הערמאַן איז געקומען פאָדערן, אַז „דער דיבוק" זאָל ווערן געדרוקט אין דריי אַקטן:

— אַנ—סקי האָט דאָך אָנגעשריבן אין פ י ר! — גלאָצט אַלטער די אויגן אויפן „גרויסמייסטער".

— וואָס מיר אַנ—סקי! וואָס דרייט איר אַ קאָפּ מיט אייער אַנ—סקין? די גאַנצע וועלט קען מ יי ן „דיבוק", נישט אַנ—סקי...

האָב איך אַוועקגעלייגט מיין רעכטע האַנט אויפן טיש און געזאָגט צו אַלטערן:

— זאָל אָט די האַנט ווערן אָפּגעדאַרט, אויב מיין פוס וועט באַטרעטן די בינע פון דרייאַקטיקן „דיבוק".

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון ס ו ף אין מיין אָנגעהעריקייט צו דער „ווילנער טרופּע".

נאָך לענגערן פּופּציק פאָרשטעלונגען האָב איך אויפגעפאָדערט די לייטונג, אַז מען זאָל ענדלעך אַריינפירן קאָוואַלסקין אין צדיק... קאַדיסאָן האָט זיך מיט אַלע כוחות אַנטקעגנגעשטעלט: „אין אַ נייעם קאַפּעליוש דער ערשטער קנייטש, איז שוין צום קאַפּעליוש אַ סוף" — האָט ער געמאָלדן מיט דער אים אייגנטימלעכער שאַרפזיניקייט...

ענדלעך האָב איך געמאָלדן, אַז מען זאָל קאָוואַלסקין לאָזן מאַכן

פּראָבן און קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז דעם נאָענטסטן זונטיק קום איך נישט אין טעאַטער...

— איז דאָך נישטאָ קיין „סנדר בריניצער“, משוגענער! — האָט קאַדיסאָן זיך צעשריגן.

— וועל איך שפּילן „סנדרן“!

אַזוי איז דעם נאָענטסטן זונטיק געשען. איך האָב אין „סנדרן“ גע־כאַפּט אַ בראָך, אַז באַהיט און באַשירעמט זאָל מען ווערן.

מזאה און קאַדיסאָן האָבן געטענהט, אַז איך זאָל נישט דערהרגענען דעם ספּעקטאַקל און שפּילן „עזריאלקען“, כּדי — נישט צו שפּילן „סנדרן“...

נישט שפּילן סנדרן האָבן זיי ביי מיר געפּועלט, און די ראָל האָט אָנגעהויבן שפּילן קאַדיסאָן, (וועלכער האָט מער איבערצייגט ווי קאָוואַל־סקי).

אָבער מכוח „עזריאלקען“ האָב איך געמאָלדן, אַז אין ד ר יי אַקטן וועל איך דעם „דיבוק“ נישט שפּילן און וואָרן, אַז איך וועל בלויז פאַר־ענדיקן דעם סעזאָן.

אויפן לעצטן עטאַפּ פון מיין אָנגעהעריקייט צו דער „טרופּע“ איז אויפגעפירט געוואָרן שלום אַשם „אמנון און תמר“. די אויפפירונג האָט געמאַכט מענדל עלקין, וועלכער האָט דאָ אַלס רעזשיסער דעביוטירט.

אין טעאַטער איז אַ געזעץ, אַז נאָך אַ שטורמישן בייפאַל קאָן די נאָענטסטע אויפפירונג קיין הצלחה נישט האָבן.

אַריינגלייגן אַן אוצר אין „אמנון און תמר“, אַרויסלאָזן אַ נייעם דע־קאָראַציע־ביוטאַנט אויפן פּאָן פון ספּעקטאַקל, אַרום וועלכן עס האָט געשטורעמט די שטאָט — דאָס איז געווען אַן אומזין מצד מזאהן און אַ סימן פון זיין אומגעניטקייט ביים טעאַטער־רודער.

די אויפפירונג איז דורכגעפאַלן. איך האָב, אַנטקעגנקומענדיק דעם ווונטש פון מיין פריינד מענדל עלקין, געשפּילט „דוד המלך“. סיי מיין „דוד“־געשטאַלט, סיי שטיין — „אמנון“, סיי די עצם אויפפירונג האָבן נישט געהערט צום ציקל „שלעכטע סצעניש אַרבעטן“. אפשר — פאַר־קערט!

דער אָפּקלאַנג אין דער פּרעסע, בפרט עלקינס „שוואַרצער סוף“ — האָט באַוויזן, אַז די לופט אַרום טעאַטער איז פאַרסמט.

פּונקט צום יאָר נאָך מיין אַריינטרעטן אין דער „טרופּע“, אויף מאָרגן נאָך פּסח, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע.

# ערשטער קאַפּיטל

## זיך אָפּגעריסן

אין פינף יאָר אַרום איז אין עטלעכע שריט פון אוהל פּרץ געקומען צו איר אייביקער רו — אסתר רחל קאַמינסקאַ...

ווידער זענען די גאַסן פון וואַרשע געווען געדיכט באַדעקט מיט אַ המון פון אַן 80 טויזנט מענטשן. דעם טרויער־צוג האָבן דאָס מאָל באַגלייט די איינוווינער און דורכגייער פון אַ ריי גאַסן אויסער די יידישע. אסתר רחל האָט געוווינט אויף אָבאָזשנע, עטלעכע שריט פון קאָפּערניק־דענקמאָל, און דער אָרון איז געגאַנגען דורך קראָקעווער פּאָרשטאָט אי־בערן „פּילסודסקי"־פּלאַץ, וויערזשבאָווע, סענאַטאָרסקע, רימאַרסקע, זיך פּאַרהאַלטן נעבן אַרטיסטן־פּאַריין און פון דאָרטן אַוועק דורך פּשעיאַזד, נאַלעווקעס און גענשע — צום בית־עולם.

נאָכגייענדיק אין המון פון צענדליקער טויזנטער וואַרשעווער יידן נאָכן אָרון, האָב איך זיך פּאַרטיפט אין דעם, וואָס איז געווען מיט פינף יאָר צוריק בעת אַנ—סקים לוויה און דער ווירקלעכקייט פון די לויפנדיקע טעג...

די געשעענישן, די סיבות און פּועל־יוצאס פון די אָדער יענע האַנד־לונגען מצד לעבעדיקע מענטשן פון אונדזערע קרייזן, דאָס גאַנצע געוועב פאַר די יאָרן און זיינע איינצלנע פעדים — דאַרף זיין דער אינהאַלט פון אונדזער לויפנדיקן קאַפּיטל, וועלכן אָ נ ה ײ ב ן וועל איך מיך דערלויבן פון זיין שלום־אַקאָרד:

מיך האָט די ידיעה וועגן אסתר־רחלס פּטירה געטראָפן אין ווילנע, ווו איך האָב דעמלט גאַסטראָלירט. די טרויעריקע טעלעגראַמע איז אָנגע־קומען נאָכן צווייטן אַקט פון „דוכוס". די פאָרשטעלונג איז געוואָרן אי־בערגעריסן. צו דער לוויה איז אַרויסגעפאָרן אַ דעלעגאַציע פון עטלעכע

חברים, בתוכם — איך און משה קאַרפּינאָוויטש, אַלס פּאַקטישער לייטער פון קאָלעקטיוו. מיר האָבן געבראַכט צוויי גרויסע קרענץ: איינעם פון קאָלעקטיוו, דעם צווייטן — פון מיר פּערזענלעך.

אָט דעם קראַנץ פון מיר פּערזענלעך האָט דער פּאָרזיצער פון פּאַריין (דאָקטאָר מיכאַל ווייכערט) — נישט דערלויבט צו טראָגן נאָכן ארון צוזאַמען מיט אַנדערע קרענץ! דער מאָטיוו: „פּאַר אינדיווידועלע מאַניפעסטאַציעס איז דאָ נישטאָ קיין אָרט! בלויז קאָלעקטיווע אויסדרוקן זענען דערלאָזבאַר!“

און קיין וואָרט האָב איך נישט באַקומען — נישט אין איר ווינונג, נישט ביים פּאַראיין, נישט ביים קבר. ד״ר ווייכערט האָט דאָ אויך געפונען א „גלאַטן“ תירוץ... איך וועל אָבער צום עצם פּאַקט צוגעבן, אַז דאָס איז געווען נישט ז יי ן פּערזענלעכער קאַפּריז אָדער בייזער ווילן לגבי מיר (הגם סימנים פון אומווילן צו מיר האָבן דאַן נישט אויסגעפעלט). דאָס איז געווען אַ „צייכן פון דער צייט“ לגבי מיר: עס זענען געווען „טאָנגעבער“ אין דער יידישער טעאַטער־גאַס, באַלעבאַטים, וועמען עס האָט זיך נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז איך זאָל אויסזען צווישן אַנדערע ווי עפּעס אַ „יחסן“, זיך ווי עס איז אויסטיילן פון „כל הנערים“... אין וואַרשע האָבן זיך צו יענער צייט געהאַט איינגעוואָרצלט טעאַטער־אָרגאַניזמען, וועלכע האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער זכר פון די „ווילנער“ זאָל אַרויסטויכן פון די אַמאָליקע יאָרן, פאַרזונקענע אין נעפּל פון שכחה. בין איך געשטאַנען איבערן פרישן קבר נישט ווייט פון אוהל פּרץ... און מיין צער פון מיין אַלטן פריינדס פּריציייטיקן טויט האָט זיך געוויקט אין געפיל פון שאַרפער באַליידיקונג.

וואָס איז פאַר די פינף יאָר געוואָרן „ווא ר ש ע“??

ווער בין איך דאָ צווישן „זיי“?

אַ פ ר ע מ ד ע ר! קלאָר!

ווידער אַזאַ איינער, וואָס איז אַוועק ערגעץ אין די מרחקים — א ה י ן!

ווער איז ער? וואָס וויל ער? וואָס טוט ער דאָ? ווידער — צ ו ר י ק?

ווער רופט אים? ווער דאַרף אים?

אויף ד ע ר לוויה נעבן אוהל פּרץ — האָט אים קיין איין מענטש נישט געדאַרפט...

* *
*

דער פֿאַרקריפּלטער „דיבוק“ האָט מיך פֿון וואַרשע פֿאַרטריבן... איך האָב געמיינט, אַז איך אַנטלויף פֿון דער גאַנצער „דיבוק־אַדע“. דער ווילדער, אומבאַשרייבלעכער און אומגלויבלעכער דערפֿאָלג פֿון דער פֿאָרשטעלונג האָט אויסגעזען ווי אַן אומגליק, ווי אַ מגפֿה: קיין שום אַנדער שטיק אין קיין איין יידישן טעאַטער האָט נישט געגעבן קיין האַלבע, קיין דריטל איינגאַמע. אין וואַרשע (דאָס זעט אויס ווי אַן אַנעקדאָט) פֿלעגט נאָך 7 אין אָוונט דער טראַמוויי נומער 9 פֿאָרן אָנגעשטאָפּט ביז נישט קאָנען אָטעמען און ביים האָטעל „בריסטאָל“ (די סטאַציע נעבן קאַראָוואַגאַס, וווּ דאָס טעאַטער איז געווען) פֿלעגט דער קאָנדוקטאָר אויסרופֿן: „קטאָ נאַ „דיבוקאַ“ גיעד ווישאַדאַ!“, און דער טראַמוויי פֿלעגט ווערן ליידיק...

די מגפֿה האָט געדויערט מער ווי אַ יאָר צייט. איך בין פֿון וואַרשע אַוועק פֿיר חדשים נאָך דער פּרעמיערע.

דאָס שטיק איז אין הערמאַנס רעזשי קורץ נאָך וואַרשע אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין לאָדזש.

דער ספּעקטאַקל אין לאָדזש האָט פֿאַר מיר געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג: פֿאַרן חודש פֿראָבן אין וואַרשע, אונטערן דרוק פֿון מיין פֿאַרביטערטקייט, האָב איך אַ סך פּאָזיטיווע מאָמענטן נישט געזען...

שפּילנדיק דעם „צדיק“ און זייענדיק טריי מיין טבע, פֿון וועלכער אָפּטרעטן איך בין נישט געווען בכוח, ווען איך וואָלט אַפֿילו געוואָלט, וויל דער עצם טעקסט האָט געשטויסן צו מיין סצעניש סטיל, שול, נאַטור, בין איך בלית ברירה אַריינגעפֿאַלן אין אַ שאַרפֿער אָפּלייקענונג פֿון דעם, וואָס דער ספּעקטאַקל האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט. עס איז אויפֿגעקומען אַ פֿראַגע: „אָדער אָט דער אַקטיאָר, און דאַן איז אַלץ אַרום — נישט־דערלאָזבאַר, אָדער אָט דער ספּעקטאַקל און זיין גאַנצן פֿאַרנעם? און דאַן איז נישט־דערטרעגלעך אָט דער אַקטיאָר!“

קוקנדיק דעם ספּעקטאַקל אין לאָדזש, האָב איך באַשיינפּערלעך, מיט אָפֿענע אויגן דערזען דעם גאַנצן לייוונט אָן פֿרעמדע צעשטערנדיקע פֿלעקן... דעם „צדיק“ האָט דאָ געשפּילט שניאור. מען וואָלט געדאַרפֿט אָננעמען, אַז די רעזשי וועט דאָ באַווייזן אַ געשטאַלט, אַ פֿיגור אין איינ=

קלאַנג מיטן גאַנצן קאָעפיציענט פון דער אויסגעהאַלטענער סימבאָליק, וועלכע האָט אין איינצלנע מאָמענטן פון איר קולמינאַציע געהאַלטן דעם צושויער אין צוואַנגען פון פאַרגליווערונג. אָבער — שוין פריער נאָך, אין וואַרשע, קוקנדיק קאָוואַלסקין, איז געוואָרן קלאָר, אַז די רעזשי האָט קיין שום כוונה צו טראַקטירן די ראָל „סימבאָליש“ נישט געהאַט. אין ספּעקטאַקל איז דער „מיראָפּאָליער“ אַרויס אויפן ערשטן פּלאַן צוליב די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון געגעבענעם שוישפּילער. אין לאָדזש, קוקנדיק דעם ספּעקטאַקל, האָב איך דערזען, אַז חוץ עטלעכע מאָמענטן פון אויסערלעכער אַ פּ ע ק ט אַ צ י ע און אַ פּאָר פּרטים, וואָס מאַכן אַן איינדרוק, אָבער זענען אין סתירה מיט דער עצם וועלט פון ווערק און דיכטער, קאָן די פאָרשטעלונג באַווייזן ווערן אַזוי ווי דוד הערמאַן האָט זי אויסגעבויט (מיטן פאָרהאַנג צווישן דריטן און פערטן אַקט, פאַרשטייט זיך!)

דערביי איז דער רעזשיסער אין לאָדזש, נישט האָבנדיק צו טאָן מיט די „פּראָטעסטאַנטן“, ווי פריער אין וואַרשע, אַוועק אין געוויסע אומגעלומפּערטקייטן אַ ז ו י ווייט, אַז יעדער בלינדער האָט ג ע מ ו ז ט דערזען די לאַפּסוסן.

ההיינו: דעם „משולח“ האָט ער „טראַקטירט“ שטרענג־סימבאָליש. אין וואַרשע האָט נאָכבוש אויסגעזען ווי אַ ליבער, ווילער גוטמוטיקער ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס רעדט ווי עמעצן אויף צו להכעיס שטילער ווי אַלע אַרום...

אין לאָדזש האָט גאָט צוגעשיקט דעם רעזשיסער — פּעדערן. אַן אַקטיאָר מיט אַ הויכער, שלאַנקער פיגור, מיט אַ פּנים, וואָס לאָזט זיך אַריינשטופּן אין אַ „סטיליזירטן“ גרים. און עס האָט געקאָנט זיך אַרייםבאַקומען די געשטאַלט פון לעאָניד אַנדרעיעווס „עמעצן אין גרויען“ פון „אַ מענטשנס לעבן“ — דאָס וואָלט געווען דער „שפּיץ“ פון סימבאָליזם און דאָס האָט זיך דעם רעזשיסער, משמעות, געגלוסט. איז עס דאָך אָבער אונדזער ליבהאַרציקער מאַניאַק, וואָס „וואָג“ און „מאָס“ איז פאַר אים נישט שייך... הייסט ער פּעדערן זיך באַוועגן — נישט מיטן פּנים צו די פאַרטנער, נייערט מיט פּ ר אָ פ י ל צו זיי און מיטן פּנים — צ ו ם ע ו ל ם!! דאָס האָט געמסרט אַלע אַנדערע המצאות פון זיין „פאַנטאַזיע“.

איך האָב גוטמוטיק געלאַכט און וואָלט געווען גרייט צו זאָגן אים,

אַז אויב ער האָט נישט דאַקעגן, וועל איך, שפּילנדיק דעם „דיבוק“, שרייבן אויפן אַפיש: „לויט דוד הערמאַנס רעזשי“ (מאַכנדיק עטלעכע ענדערונגען)

* *
*

דער פילם „דער דיבוק“ איז רעאַליזירט געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1937, אַלזאָ: 17 יאָר נאָך דער פּרעמיערע און נאָך דעם, ווי דאָס ווערק איז געוואָרן אַ „שלאַגער“ אין דער גאַנצער וועלט...

וואָלט מען געדאַרפט אָננעמען, אַז קיינעם איז פריער נישט איינגעפאַלן די המצאה צו שאַפן אַזאַ פילם. אָבער אַזאַ השערה וואָלט געווען נישט ריכטיק, ווייל מיטן פלאַן צו פילמען דעם „דיבוק“ האָט זיך צו מיר געמאָלדן אַ מענטש קורצע וואָכן נאָך דער פּרעמיערע.

זיין נאָמען איז געווען דוד גורוויטש. זיין פלאַן האָט ער פאָרמולירט קורץ און קלאָר: ער וויל דערווערבן ביי די צוואה-פאַרוואַלטער דאָס רעכט צו פאַרפילמען אַנ—סקים דראַמאַטישע לעגענדע. האָבנדיק דעם אָפּמאַך מיט די פאַרוואַלטער, וועט ער שליסן אַן אָפּמאַך מיט מיר, לויט וועלכן איך זאָל זיך פאַרפליכטן צו שטיין צו זיין דיספּאָזיציע אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט זיין נייטיק ביז דער פילם וועט אַרויס אויפן עקראַן... ער וועט זיך פאַרפליכטן צו צאָלן מיר מיין דורכשניטלעכן חודש-געהאַלט אין טעאַטער אַזוי לאַנג, ווי איך וואַרט אויפן צוקונפטיקן אָפּמאַך מיט די פּראָדוצענטן פון פילם. מיין האָנאָראַר פאַרן שפּילן „דעם צדיק“ אין צוקונפטיקן פילם וועט ווערן פעסטגעשטעלט שפּעטער. לעת עתה לייגט ער מיר פאָר צו פאָרן מיט אים קיין בערלין און זיצן דאָרטן ביז דער ענין וועט אָננעמען קאָנקרעטע פּראַקטישע פאָרמען. אַ תנאי פון זיין זייט: איך טאָר נישט רעזשיגירן לויט מיין איניציאַטיוו, און אויב ער וועט רעזשיגירן, קריג איך אַ חודש-געהאַלט פאַרגיטיקונג און רייזע-הוצאות קיין וואַרשע.

ווען מען וואָלט מיר פאָרגעשלאָגן אַזאַ מין „גאָלדענעם עסק“, ווי זיצן אויף אַ גאַראַנטירטן געהאַלט אין בערלין און וואַרטן, בעת איך האָב געהאַלטן, אַז מיין אַרבעט מיט די „ווילנער“ איז אַ בלאַט פון פאָרמאַרש אין יידישן טעאַטער, וואָלט מען מיך נישט „אָפּגעקויפט“ פאַר קיינע שום געלטער: אין דער עפּאָכע פון „די פעטש“ און שפּעטערדיקן פעריאָד וואָלט איך פון דער טרופּע נישט אַוועק. אָבער נאָך דעם חודש צוגרייטונג צום

„דיבוק“ איז מיין געפיל פון צוגעבונדנקייט צו דער טרופע געווען פאר־לעצט און פארבישערט. די פאפולאריטעט און די ברייטע מאסן האב איך נישט געפילט, און אין די ערשטע חדשים נישט געוווסט דאס, וואס מיר איז קלאר געווארן א סך שפעטער.

איך האב גורוויטשן געענטפערט, אז פרינציפיעל בין איך גרייט זיין פארשלאג אנצונעמען, אבער פון דער גאנצער פילקעפיקער עדה, וואס האבן געשאפן דעם ספעקטאקל, זיך אפרייסן און מאכן א „גוט געשעפט“ — דאס קומט מיר אויס עפעס נישט חבריש, נישט עטיש, נישט מעשה „קינסטלער“.

האב איך דערהערט, אז ער איז גרייט צו מאכן א רשימה פון מיינע חברים, וועלכע ער זאגט צו פארצולייגן אלס קאנדידאטן אין פילם, אבער קיין גאראנטיע, אז זיי וועלן שפילן זאל איך נישט פארדערן...

נאך א ישוב־הדעת, וואס האט געדויערט 2 חדשים, האב איך געגעבן מיין הסכם.

אינגיכן האט ער מיר מודיע געווען, אז ער האט באקומען די ליצענץ אויף 5 יאר און אז אלטער קאציזנע שרייבט א סצענאר.

קיין ווילנע אנהייב מאי 1921 בין איך געפארן אין דער שטימונג פון מוזן זיך אפרייסן פון פראקטישער טעטיקייט אויף די יידישע טעאטער־ברעטער... איך וויל דא נישט פארשפרייטן זיך וועגן דעם, אז נאך די צוויי מיט א האלב יאר האב איך געהאט א גרונט צו האלטן, אז מיין ארבעט האט געלאזט זיך איינוואָרצלען אין באדן, אז איך האב מיך געפילט אין א געוויסער מאס אויפגענומען, אנערקענט און... אז מיר האט שטארק ווי געטאן, וואס איך פארלאז די „טרופע“ און רייס מיך אפ פון דעם „פעלד“, ווו איך האב געמיינט צו האבן פארזייט לעבעדיקע זוימען פון אמתער, ליבטיקער, פינקלדיקער אקטיארן־קונסט...

אין וואגאן פון צוג ווארשע — ווילנע האב איך געטראפן א סך מיט־רייזנדיקע, וואס האבן געזען מיינע פארשטעלונגען אין לאדזש, ווארשע... איך האב געהאט מינוטן פון טיפער באפרידיקונג, געזען בליקן, געהערט רייד — פון אנערקענונג און —

נאך שפעטער איז געווען מיין וויטיק ביים געדאנק, אז איך רייס מיך אפ פון דעם, וואס איז שוין מיין לעבן, מיין עשירות, מיין ווערק און מיין ווערט...

פארפאלן!

איך האָב געקוקט דורכן פענצטער פון לויפנדיקן צוג, זיך דערנענ=
טערט צו ווילנע, טראַכטנדיק מיט האַרצווייטיק, אַז איך דערווייטער מיך
פון דער יידישער בינע אויף מי יודע ווי לאַנג.

און געשען איז, איינע פון מיינע צאָלרייכע מעטאַמאָרפאָזן. און דער=
וואַרט האָט מיך אַ גרויסער סיופריז.

אין ווילנע האָט געוווינט מיין יוגנט=פריינד מאַקס רובין. אין די
קינדער=יאָרן איז ער געווען אין יענעם אַמאַטאָרן=קרייז, וואָס האָט מיך
נישט צוגעלאָזט צו שפילן אין זייערע פאָרשטעלונגען; שפּעטער האָב איך
אים געטראָפן אין דווינסק, און ער איז געוואָרן איבערראַשט, דערזעענדיק
מיך אין דער ראָל פון „משאַצקי"; שפּעטער איז אונדזער קינדער=פריינד=
שאַפט געוואָרן — „שטאָל און אייזן". איצט האָט אים משה קאַרפּינאָ=
וויטש צוגערעדט, אַז ער זאָל פינאַנסירן די אונטערנעמונג פון מיינע צוויי
וואָכן גאַסטשפּילן. איך האָב וועגן דעם קיין מינדעסטן באַגריף נישט
געהאַט און דערוווסט זיך וועגן דעם צום סוף.

* *
*

משה קאַרפּינאָוויטש איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ פּיקח. די ווײַ=
טערדיקע 20 יאָר יידיש טעאַטער אין ווילנע זענען ענג פאַרבונדן מיט
זיין נאָמען, ענערגיע, געשיקטקייט און טיפן יראת הכבוד צו אַלץ, וואָס
האָט געטראָגן אין זיך זוימען פון ערנסט און ערלעכקייט אויפן געביט,
וועלכן ער האָט געדינט מיט אַלע כוחות. דערביי מוז באַטאָנט ווערן, אַז
ער האָט געהאַט פאַרביסענע שונאים, וועלכע האָבן נישט געקאָנט הערן
זיין נאָמען אָן קללות און ציין=קריצעניש. מיט פולער אחריות פאַר דעם,
וואָס דאָ ווערט געזאָגט, דערלויב איך מיך צו באַמערקן, אַז די שנאה
צו קאַרפּינאָוויטשן שטאַמט פון דעם, וואָס ער האָט נישט פאַרטראָגן די
אַלע, וואָס האָבן פון דער פּראָפעסיע געזוכט וואָס מער צו נעמען, נישט
האָבנדיק וואָס צו געבן, און נישט געזאָרגט וועגן זייער וווקס און אַנט=
וויקלונג. אָט די פאַררירסנקייט, אומבאַרעכטיקטע גאווה, גיריקייט פלעגט
ער האסן און פאַרפאָלגן מיט דער אים אָנגעהעריקער קאַטעגאָריקייט,
וואָס האָט אים באַשאַפן די רעפּוטאַציע פון אַ „קאַלטן גזלן".

איך קאָן פון מיין דערפאַרונג פאַר די צוויי יאָרצענדליקער פאַרזי=
כערן, אַז קאַרפּינאָוויטש איז געווען דער פיינפילנדיקסטער און זויבער=

סטער מענטש, וועלכן איך האָב געהאַט די געלעגנהייט אויסצופּרוּוון אין פאַרשידענע אומשטענדן און נישט אויף איין רגע זיך ווען עס איז אַנטוישט אין מיין צוטרוי און באַציונג צו אים... געווען אַ צייט, ווען איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַזאַ „צדיק" ספּעציעל אין באַצוג צו מיר, אָבער שפּעטער האָב איך מיך איבערצייגט, אַז מיט דער זעלביקער ערנסטקייט און פיינקייט האָט ער זיך באַצויגן צו אַלע אַנדערע פאָרשטייער פון אונדזער פאַך, וועלכע ער האָט אָפּגעשאַצט לויט זייערע אויפטוען און אַנזעעוודיקייט: צו קוטנער, צו סאַמבערגן, צו זיגמונט טורקאָוו און צו אַ סך אַנדערע פון די יידישע טעאַטער=לייט האָט ער געהאַט די באַציונג, וועלכע מאַכט אים לויט מיין געוויסן פאַרן פאַרדינסטפולסטן אַדמיניסטראַטאָר פון יענעם עטאַפּ.

מיר וועלן נאָך האָבן די געלעגנהייט צו שילדערן זיינע שריט אין די עטלעכע טורנייען מיט אים, אין די פילמאָליקע גאַסטראָלן מיינע, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט אין ריגער פּעריאָד, ווען ער איז געווען דירעקטאָר פון „מעוטים=טעאַטער".

אין ווילנע האָב איך מיך מיט אים געטראָפן צום ערשטן מאָל אין פּראַקטישער צוזאַמענאַרבעט: מיינע צווייוואָכנדיקע גאַסטשפּילן אין מאַי 1921 זענען געווען זיין ע ר ש ט ע סאָלידע אונטערנעמונג, און פאַר מיר איז עס געווען אַן אָנהייב פון אַ נייעם באַדייטונגספולן עטאַפּ אין פּראַקטישן טעאַטער=לעבן, איך האָב אָנגעהויבן זיך באַקענען מיטן לעבעדיקן מאַטעריאַל פון דער אַקטיאָרן=מאַסע, און דאָס האָט מיך אַרויסגעפירט פון דעם יאוש=אימפּאַס, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען נאָך דער אַנטוישונג ביי די „ווילנער".

אין לאָדזש ביי קאָמפּאַניעצן, ווי דערציילט, האָב איך מיטגעבראַכט דריי פּאַרטנערן פון ווילנע און אויסער זיי, געהאַט אַ פּאָר מיטגלידער פון דעם דירעקטאָרס משפחה. קיין מאַטעריאַל, וואָס זאָל אויסזען ווי אַ יסוד צו בויען די צוקונפט, איז עס לכל הדעות נישט געווען. אין דער „דיבוק"=פאָרשטעלונג אין לאָדזש האָב איך דערזען יוסף סטרוגאַטש, און מיך האָט איבערראַשט זיין אוממיטלבאַרקייט, אויפריכטיקייט — אין טאָן און האַלטונג. עס זענען אויך געווען אַנדערע שוישפּילער, וואָס האָבן אַרויסגערופן צוטרוי צו זייער אופן פון פּילן, רעדן, געשטאַלטיקן, אָבער די לופט פון רעזשיסערס „סימבאָליק" האָט פאַרשטעלט די לעבעדיקע מעגלעכקייטן פון די אָנטיילנעמער, און קיין איינדרוק פון אַקטיאָרן=מאַטעריאַל האָב איך נישט אַרויסגעטראָגן...

איצט אין מיינע גאַסטשפּילן אין זאַל פֿון קינאָ „העליאָס“ בין איך געוואָרן דערשטוינט פֿון דער לעבעדיקער שפּיל־אַטמאָספֿער, וואָס איך האָב דערזען פֿון די ערשטע שריט אויף דער פּראָבע פֿון אַנדרעיעוום שטיק: מענטשן שלינגען יעדע אָנווייזונג; באַגרייפֿן, אַז לעבן אויף די ברעטער איז עפּעס גאָר אַן אַנדער ענין ווי לעבן — פּיזיש, פּאַקטיש. זיי זענען אַנטציקט פֿון יעדער פּלאַסטישער ליניע, וואָס זיי ווערט באַוויזן; זיי כאַפּן אויף ווי אַן אבן טוב יעדע נאָטע, טאָן, אַקאָרד; זיי הייבן אָן לעבן ווי פֿייגל, וואָס האָבן דערפֿילט פֿליגל...

איך מוז מודה זיין, אַז פֿון די פּאָר צענדליק אָנטיילנעמער אין די צוויי אויסגעפֿירטע פּיעסן געדענק איך היינט אַ פֿינף... דאָס זענען — אָסיאַ קאַמיען, פֿראַניע ווינטער, שלמה קאָן, זובאַק און וורוֹנסקי. פֿראַניע ווינטער איז געוואָרן מיין פּאַרטנערין אין אַלע ווייטערדיקע גאַסטראָלן אין ווילנע, און דעמלט האָט זי מיך ממש באַצויבערט מיט איר „קאָנסועללאַ“ אַזוי, אַז ביידע וואַרשעווער קאָנסועללאַס זענען פֿאַרבליבן אין שאָטן.

דאָ וויל איך באַמערקן, אַז פֿון מיין ע ר ש ט ע שריט אין טעאַטער בין איך געווען אַ קעגנער פֿון אַקרעדיטירן עמעצן אין ספּעקטאַקל צוליב ז יי ט י ק ע אויסזיכטן: איך האָב שטענדיק געקוקט מיט אָפּענע אויגן אויף דעם, וואָס אויף דער בינע קומט פֿאָר און פֿלעג אומאָפּהענגיק פֿון זייטיקע „פּראָ“ און „קאָנטראַ“ אָפּשאַצן דאָס ווערטפֿולע און ווערטלאָזע. די „יחסנים“ פֿון פֿאַך האָבן מיך פֿאַר מיין דאָזיקער מידה זייער נישט געלויבט. אין געגעבענעם פֿאַל האָב איך מיך געפֿרייט, וואָס אין ווילנער שנעל־געבאַקענעם ספּעקטאַקל פֿון מיין געליבטן ווערק האָבן די פּירנדיקע פֿיגורן פֿון אַנדרעיעוום ווערק מיר געהאָלפֿן צו שאַפֿן די געהעריקע אַטמאָספֿער אין אַזאַ מאָס, אַז די פֿאָרשטעלונג איז נישט אָפּגעשטאַנען פֿון דער וואַרשעווער.

אויסער „קאָנסועללאַן“ האָט שטאַרק אויסגענומען אָסיאַ קאַמיען אין דער ראָל פֿון „גראַף מאָנטשיני“, הגם ער האָט באַשאַפֿן אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט ווי בולאַוו. און אויסער די צוויי הויפּט־פֿיגורן איז מיר דאָ געלונגען צו קאָמפּאָנירן די גאַנצקייט פֿון אַלגעמיינעם בילד, אַדאַנק דער שוין באַצייכנטער התמדה פֿון דער אַרומיקער באַציונג צו דעם, וואָס איך האָב געפֿאָדערט און געזוכט און — געפֿונען ביי די יונגע אָנטיילנעמער.

איך דאַרף נישט זאָגן, אַז דער ספּעקטאַקל איז געווען אַ טריומף פֿון יידישער קונסט אין שטאָט; אַז אַלץ אַרום האָט געשיינט און געיובלט, אַז איך האָב מיך דערפֿילט ווי נייגעבוירן. די נסיעה קיין בערלין איז גע=

ווען פאַרויסבאַשטימט; אָפּרופן זי אָדער אָפּלייגן איז געווען נישט דענקבאַר, אָבער עס האָבן זיך באַוויזן פּלענער וועגן שאַפן אויפן ווינטער־סעזאָן אין ווילנע אַ שטענדיקע טעאַטער־אונטערנעמונג.

איך וועל נישט פּרוּוון רעדן וועגן דעם וואָס וואָלט געווען, ווען די פּלענער קומען צושטאַנד...

נאָך די „פּעטש" האָב איך אויפגעפירט „דעם דיבוק". די פּאָרשטעלונג איז אויפגענומען געוואָרן מיט פלאַמענדיקע התפעלות, אָבער אין צייטונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַן אַרטיקל וועגן דעם, אַז איך האָב מיט אַן אַכזריותדיקער האַנט אַראָפּגעריסן דעם גאַנצן מיסטישן שלייער, וואָס איז אַזוי „נישט אָפּצושאַצן ביי די „ווילנער" אין וואַרשע און וואָס האָט צוגעגעבן אַנ—סקים ווערק אַ רייץ פון... א. א. וו"....

איך וויל האָ באַמערקן, אַז קיינע שום שנויים האָב איך דאַן נאָך נישט אַריינגעטראָגן: איך האָב געענדערט דעם „מחמת וואָס", ווייל ער האָט ביי הערמאַנען געקלונגען ווי אַ ריין־קאַטוילישער קירכן־מאָטיוו; איך האָב דעם טלית באַוויזן לויט אַנ—סקים רעמאַרקע: „מאיר וויקלט צונויף טליתים"; איך האָב דעם ארון קודש אַרויסגעפירט אויפן ערשטן פּלאַן. איך האָב אין דריטן אַקט געהאַלטן מיכאל גבאי רעכטס פון עזריאלקען (מיכאל מימינו) און איך האָב, פאַרשטייט זיך, אַראָפּגעלאָזט דעם פּאָרהאַנג נאָכן דריטן אַקט אויף 2 — 3 מינוט און אָפּגעגעבן דעם מרא דאתרא דעם מאָנאָלאָג בעת דער דין תורה.

איך האָב נישט געהאַט קיין אייגענע קאָנצעפּציע פון דער גאַנצער אויסערלעכער איינראַמונג, אָבער איך האָב זיך באַמיט צו שאַפן די שטימונג נישט דורך אויסערלעכע עפעקטן, נאָר דורך די אַקצענטן פון אַנ—סקים עצם טעקסט, פון זיין פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל. שוין דאַן איז מיר געלונגען אַריינצופירן עטלעכע מאָטיוון, מ ע ל אָ ד י ע ס, וועלכע זענען געווען אין איינקלאַנג מיטן שטייגער און מיט דער שטימונג פון דער לעגענדע און דער סביבה...

אָבער אַרום דעם ענין האָבן געקאָכט די אַמביציעס און אינטערעסן פון „צד שכנגד".

איך האָב פאַרענדיקט די גאַסטשפּילן און בין אַנטלאָפן קיין בע־לין אַראָפּצוטרייסלען פון זיך אַלץ, וואָס מיך האָט געיאָגט און געפּלאָגט אין דער אַטמאָספער, וואָס האָט מיט קונסט קיין געמיינזאַמעס נישט געהאַט.

אין וואַרשע איז מיר אָבער געווען באַשערט צו קומען מיטן טעאַטער אין אַ קאָנטאַקט אויף עטלעכע וואָכן: די ליטווינג האָט געזען, אַז איך

קאָן מיין „שטעטל“ באַשטיין אָן דער „פירמע“ און האָט געוואָלט מיך איינשפּאַנען צוריק אין איר געשפּאַן.

מען האָט זיך געקליבן אויף זומער־גאַסטראָלן קיין לעמבערג און מען האָט מיך צוגערעדט אָפּלייגן בערלין אויף קורצע וואָכן און פאָרן קיין לעמבערג. איך האָב איינגעשטימט. און אַרויסגעקומען איז — „אַ בוידעם“.

אָפּטיילן דעם דריטן אַקט פון פערטן איז די לייטונג שוין מסכים געווען, און איך האָב געזאָלט אין לעמבערג שפּילן „עזריאלקען“, אָבער אַן אַנדער בייזע אָנשיקעניש האָט צעשטערט מיין „שידוך“ מיט דער טרופּע.

אין טעאַטער איז אַנגאַזשירט געוואָרן אַ נייער מענטש: סלאָבאָדסקי. ער האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַן אַקטיאָר פון רוסישן טעאַטער. אַזאַ איז ער, משמעות, געווען. ווי גרויס עס איז געווען זיין סטאַזש קאָן איך נישט זאָגן. אַלט איז ער געווען אַ יאָר דרייסיק, גערעדט האָט ער אַן עקזאַקטן רוסיש מיט אַ לייכטן אַקצענט, גראַסירנדיק דעם „ר“. גערופן אין פריוואַטן לעבן האָט ער זיך — „אַלעקסיי קוזמיטש“. איך וואָלט נישט געפילט צו אים קיין שום אומווילן. אין געוויסע פרטים וואָלט איך מיט אים געפונען אַ געמיינזאַמען לשון גיכער ווי מיט אַ סך אַנדערע.

האָב איך אָבער פון זיין ערשטן דערשיינען אין אַרטיסטן־פאַריין דערזען, אַז מען האָט פאַר זיך אַן אויסגעשפּראָכענעם עזות פּנים, אַ „מצח נחושה“, וואָס האָט נישט קיין שום דרך ארץ־געפיל צו דער סביבה, אין וועלכער ער איז אַקאָרשט אויפגענומען געוואָרן. זעענדיק, אַז ביים ערשטן באַזוך אין פאַריין איז ער, נישט פרעגנדיק, תיכף אַריין אין פאַרוואַלטונגס־צימער הינטער דער הילצערנער פאַרצוימונג און געוואָרן אַ „פאַן־בראַט“ מיט די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, האָב איך זיך דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל, אַז מען דאַרף אים האַלטן פון זיך אויף אַ שטח...

ער האָט צו מיר תמיד אַרויסגעוויזן סימנים פון שענסטן „יראת הכבוד“. אין 30 יאָר אַרום האָב איך אים געטראָפן אין לענינגראַד... ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין טעאַטער פון „לענינישן קאָמסאָמאָל“; האָט מיך מקבל פּנים געווען אויפן שענסטן אופן און פאָרגעשטעלט פאַר די אַרומיקע אין ממש „אָפּקויפנדיקע“ פראַזן... דערציילט, אַז ער קלייבט זיך פאָרן קיין פוילן. עס זענען שוין געווען די צייטן נאָך מיכאָעלס טראַגישן אומקום, און איך האָב באַמערקט, אַז אַ ייד האָט קנאַפּ שאַנסן צו קריגן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין אויסלאַנד... אויף דעם

האָט ער מיר געענטפערט: „יאַ פּראַוואָסלאַווני“! — מיט אַזאַ תּקיפות, אין אַזאַ טאָן, אַז איך האָב מיך לעבעדיק דערמאָנט די עטלעכע טעג אין לעמבערג אין יאָר 1921...

די לייטונג האָט באַנייט ווייטערס „שטומען“ און איינגעשלאָסן אים אין רעפּערטואַר פון לעמבערגער גאַסטראָלן. דער לייענער דאַרף געדענקען, ווי אַזוי דאָס שטיק האָט געשפּילט אויף די סטרונעס פון מיין האַרץ נאָך מיט 10 יאָר צוריק ביים ערשטן פאָרלייענען, נאָכדעם אין ווילנע ביי ליפּאָווסקין און ווידער נאָך ווייטערס טויט, אין מיין אַרטיקל: „דעם שטומען פון פריינד“.

דערהער איך, אַז שפּילן דעם „פריינד“ גייט מען מיר נישט; אַז דער ספּעקטאַקל גייט אַזוי ווי ער איז בשעתו געגאַנגען ביי זיי, הגם די הויפּטראָל שפּילט שטיין, וועלכער האָט די ראָל איינגעשטודירט אונטער מיין רעזשי אין ווילנע.

דאָס זענען אַלץ געווען סימפּטאָמען פון אַ קלאָרן באַשלוס מיך איינצופּאַסן אין ראַמען פון באַשרענקטן אויטאָריטעט; ה אַ מ ע ו ע ן; אַרומהובלען... אַזאַ לאַגע אין טעאַטער איז פאַר מיר געווען אומדערטרעגלעך. און דערצו דערהער איך, אַז דעם „פריינד“ שפּילט... אַלעקסיי קוזמיטש סלאָבאָדסקי (אין פּראָגראַם האָט ער געהייסן: „אַברהם“...).

אַז דאָ איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער בייזער ווילן מיך צו דיסקוואַליפיצירן און האַלטן וואָס ווייטער פון דאָמינירנדיקער פּאָזיציע אין טעאַטער איז געווען אויסער יעדן ספק, אָבער... וו יי ט ע ר ן זאָל פּערזאָניפיצירן אָט דער — „יאַ, פּראַוואָסלאַווני!“?? איך האָב מיט 30 יאָר פ אַ ר זיין מעלדונג אין לענינגראַד אָנגעשריבן אַ בריוו צו מזאהן און געמאָלדן, אַז איך האָב דאָ נישט וואָס צו טאָן און אויף וואָס צו וואַרטן און איך פאָר אַוועק, אָבער איך וואָרן די לייטונג, אַז אין פּערסאָנאַל האָט זיך אַריינבאַקומען דער גייסט פון שמד, און זאָל מען דעם משומד זוכן און אויסראָטן זיין גייסט פון טעאַטער. איך פאַרזיכער דערביי, אַז דאָס איז לכל הדעות — נישט נח נאַכבוש.

איך בין אַוועקגעפאָרן, האַלטנדיק נאַכבושן פאַרן איינציקן און ערלעכסטן מענטשן מיט אַ יידיש האַרץ און מיט אינטענצן צו זען דאָס טעאַטער אין הענט פון מענטשן מיט געוויסנס פון אַרטיסטן.

# צווייטער קאַפּיטל

## בין השמשות

אין בערלין איז מיר באַשערט געווען איבערצולעבן חדשים פון שאַרפער בענקשאַפט נאָך דער בינע. ביי גורוויטשן האָט זיך דער ענין פאַרצויגן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַנסאַמבל, וואָס האָט זיך אָנגערופן „ווילנער טרופע“. אין אַנסאַמבל זענען געווען די אַמאָליקע מיטגלידער פון „פאַדאַ“. דער שטורמישער בייפאַל פון „דיבוק“ אין וואַרשע האָט צוגעגעבן חשק, האָט מען צוגעצויגן הערמאַנען און פאַרדרייט אַ ראָד. עלמית אין „לאהן“ איז אָן ספק געווען אַן „אַטראַקציע“. די דייטשישע אָפיצירן, וועלכע האָבן אַמאָל פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פון „פאַדאַ“, האָבן געהאָלפן, און עס האָט זיך אין בערלין אָנגעהויבן די סדרה „דיבוק“.

אָבער קיין חשק צו מאַכן אַ פילם האָט עס ביי קיינעם נישט דערוועקט... די שאַנסן, וועלכע האָבן אין וואַרשע אויסגעזען צו זיין זייער גרויסע, זענען איצט אַראָפּגעפאַלן ביז זעראָ.

צום אומגליק האָט דער באַרימטער פילם־רעזשיסער ערנסט לוביטש, האָבנדיק איבערגעלייענט קאַציזנעס מאַנוסקריפּט, קורץ און שאַרף מיר געמאָלדן, אַז וועגן דעם מאַנוסקריפּט קאָן קיין רייד נישט זיין. מענטשן, וועלכע האָבן געזען די פאָרשטעלונג אין וואַרשע, האָבן אים פאַרזיכערט, אַז עס קאָן זיין אַ פילם פון הויכער קוואַליטעט; ער וויל גערן גלייבן, אָבער... אַליין זעט ער גאָרנישט...

שמעיצער איז געקראָכן פון דער הויט אַריינצופירן מיך אין דער פאָרשטעלונג. איך געדענק אַפילו, אַז איך בין געווען פאַרבעטן צו סעמי גראָנעמאַן, דעם פּאַטראָן פון יענעם טעאַטער. וועגן וואָס מיר האָבן געשמועסט אין משך פון צוויי שעה — געדענק איך נישט, אָבער וועגן מיין מיטאַרבעט אין דעם אַנסאַמבל האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין...

אַזוי זענען דורך די ווינטער=חדשים סוף 1921: איך בין געווען אומעטיק, פאַרבענקט, מוטלאָז. מיינע טעג און נעכט האָבן דערמאָנט די ביטערע יאָרן פון אומעטעקייט בעתן „לעבן אָן לעבנסרעכט“ מיט צען יאָר צוריק.

אָבער — ב ע ר ל י ן! איך האָב מיך געבאָדן אין זיינע טעאַטער=לייסטונגען, געגאַנגען אין בלוטנער=זאַל אויף סימפאָנישע קאָנצערטן, געזעסן ווי מיט 15 יאָר צוריק אין די געמעל=גאַלערייען.

אין זעלטענע טעג פלעגן צו מיר אַריינדרינגען עפּעס סימנים פון לעבן: גורוויטש האָט געזוכט פינאַנסיסטן פאַרן פילם, און צו מיר פלעגן זיך מעלדן מאָלער מיט פּראָיעקטן פאַרן צוקונפטיקן פילם...

איינער פון אָט די סוביעקטן האָט פאַרשריבן אַ מערקווירדיק בלאַט אין מיינע איבערלעבונגען פון יענע חדשים.

אין אַ האַרבסטיקן אָוונט האָט אָנגעקלונגען אין טיר אַ מענטש פון אַ יאָר פינף און דרייסיק. גישט אַריבערטרעטנדיק די שוועל, ביי דער אָפענער טיר, האָט ער אויף אַ צעקאַליעטשעטן „דייטש“ אַ פרעג געטאָן: „ביר וואָנט כער מאַרכעווסקי?“ און, באַקומענדיק אַ פּאָזיטיוון ענטפער, אָנגעהויבן אָפטרייסלען זיין דורכגעווייקטן רעגנמאַנטל און ווישן די שיך אין שטרויענעם אָפווישער ביי דער שוועל. דאָ איז אויפן אָרט צו באַמערקן, אַז די האַרבסטיקע וואָכן אין בערלין שטעלן פאָר אַ בילד פון אומגעמיטלעכקייט, וואָס איך געדענק נישט ערגעץ אַנדערשוו אין דער וועלט. אומעטום איז האַרבסט מיט זיינע פאַרכמאַרעטע הימלען, וואָס גיסן אָן אויפהער, מיטן שניידיקן ווינט — אַ פּלאָג מן השמים, אָבער אין בערלין איז עס אַ פּלאָג אָן טרייסט, אָן אויסזיכט אויף אַ שטראַל... אַזוינס איז אָנגעקומען צו טראַכטן וועגן לאָנדאָנס שווערע נעפּלען, אָבער מיר איז עס אויסגעפאַלן איבערצולעבן דווקא אין בערלין יענעם אָקטאָבער — נאָוועמבער 1921.

דער אומגעריכטער גאַסט מיט זיין אויסגעווייקטן רעגנמאַנטל און שלעכטן לשון איז געווען אַ מין לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער דרויסנדיקער אומהיימלעכקייט.

איך האָב אים פאַרגעלייגט אַריבערטרעטן די שוועל, אַראָפּנעמען זיין בגד, אַריינגיין אין צימער... ביים קאַרגן ליכט פון טישלאָמפּ האָב איך דערזען אַ ריז מיט אַ קאָפּ שוואַרצע געקרייזלטע האָר, מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַקאָרשט פאַרלאָשענע צוויי קוילן.

איך האָב אים פאָרגעלייגט זיך אַוועקצוזעצן: „נעהמען זי פּלאַץ, ביטע!“.

ער האָט אויף מיין פאָרשלאָג נישט רעאַגירט מיט קיין שום באַוועגונג און בליק, און איך האָב באַשלאָסן, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען מיין דייטשן זאַץ. האָב איך אים צוגערוקט אַ שטול און אָנגעוויזן... ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און ווידער נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

— אפשר איז אייך שווער צו רעדן דייטש? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן — וועלכע אַנדער שפראַך קענט איר?

ער האָט מיט אַן אויסדרוק פון שווערער שולד אַריינגעצויגן דעם קאָפּ אין זיינע שולטערן און מיט אַ זיפץ שטיל אַרויסגעפּליסטערט:

— מאָלקאָ פּאַ־רוסקי!

און צוגעגעבן: „איך ביטע אום פערצייכונג“...

דער מאַטעריאַל, ליבער לייענער, איז מעלאָדראַמע אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, און דעריבער וועל איך מיר פאַרשפּאָרן צו באַשרייבן די פּרטים פון די נאָענטסטע 10 — 15 מינוט: טרערן, „באָזשע מילאָסטיווי!“, „גאָספּאָדי, בלאַגאָסלאַווי!“.

מען זיצט שוין ביים עס־טיש; מען טרינקט שוין טיי מיט פרישן דייטשן „קייזערקוכן“; מען ווייסט שוין ווער פונוואַנען עס שטאַמט און קומט.

ער איז, לאָזט זיך אויס, אַ סיביריאַק, אַן אָפיציר פון דער צאַרישער אַרמיי, מיט גענעראַל רוזסקי געקומען אין יאָר 1915 קיין לעמבערג, דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן פון נצחון, פון מפּלה; געווען אין געפאַנגענשאַפט; אַנטלאָפן און... שוין יאָרן ווי ער וואַלגערט זיך.

אָן אַ היים, אָן אַ באָדן אונטער די פיס, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אפילו אָן אַ דאָקומענט, ווייל ער פאַרמאָגט נאָר דאָס צעטל פון געפאַנגענעם אין לאַגער, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן...

וואָס האָט אים געבראַכט צו מיר?

לאָזט זיך אויס: ער איז אַ מ אָ ל ע ר! געענדיקט אַ שולע (אין אירקוטסק אָדער וולאַדיוואָסטאָק...); זיין פּענדזל איז זיין איינציקע פּרנסה, אָבער מער ווי טרוקן ברויט מיט וואַסער גיט עס אים ביי די איצטיקע אומשטענדן נישט. האָט ער זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ פילמרעזשיסער, און גרייט זיך מאַכן אַ פילם פון אַ רוסישן שרייבער... איז ער געקומען פרעגן, בעטן: „אפשר?“

אפשר וועט מען אים דערלויבן צושטעלן זיינע פּראָיעקטן? אין זיינע כוחות גלויבט ער! ער צווייפֿלט בלויז אין זיין... מזל! צי מיט ליגט ער אין די גריבער...

איך האָב געענטפֿערט, אַז איך גיב אים מיינע אַלע הונדערט פּראָצענט גאַראַנטיעס, אַז ער וועט ווערן אויפֿגענומען און אָפּגעשאַצט און באַהאַנדלט לויטן אָביעקטיוון ווערט פֿון זיין אַרבעט...

אָבער — דער גאַנצער ענין איז נאָך זייער ווייט פֿון ווערן פֿאַרווירקלעכט, ווייל דערווייל זענען קיין פּראָדוצענטן נישט פֿאַראַן און ווען זיי וועלן זיין קאָן איך אים נישט זאָגן...

מיך האָט ממש אויפֿגעטרייסלט זיין אומגעריכטע מעלדונג:

— ציט צוריק אייער גרייטקייט מיך צו באַשעפֿטיקן, ווייל צוליב מיר וועט דער ענין נישט מקוים ווערן: איך בין אַ שלים־מזל און שלעפּ אַריין אין אומגליק יעדן, וואָס פֿאַרבינדט מיט מיר זיין גורל.

איך האָב אים באַרואיקט, און ער האָט מיר געבעטן אים געבן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן ווערק, וואָס מיר קלייבן זיך צו פֿילמירן: די עפּאָכע, די אידיי, דעם מחבר, דעם אַלגעמיינעם סטיל?

ער וועט אין קורצע טעג ברענגען די ערשטע עטלעכע סקיצן.

איך האָב אים געפֿרעגט, צי ווייסט ער וואָס עס איז דער סטיל און די עפּאָכע פֿון „הײדאַמאַטשינע“?

אויף זיין פּאָזיטיווער תשובה האָב איך אים קורץ באַמערקט, אַז אַנ—סקי איז אַ דיכטער פֿון דער זעלביקער עפּאָכע און סטיל, מיטן חילוק, וואָס זיינע העלדן זענען נישט די הײדאַמאַקעס און זייערע שפּיזן, נייערט די, וועמען די פֿערד טרעטן מיט זייערע קאָפּיטעס און וועמען די שפּיזן שטעכן און וואַרפֿן איבער די קעפּ...

ער האָט בעת מעשה זיך פֿאַרטראַכט, נישט קלאָר פֿאַרשטאַנען און מיר האָבן זיך פֿרייגדלעך צעשיידט.

בעת זיין צווייטן באַזוך האָב איך אים אַריינגעפֿירט אין דער אַטמאָספֿער פֿון „דיבוק“, געגעבן געשילדערט אַנ—סקיס פֿאַרליבטקייט אין יידישן פֿאָלקלאָר, געלייענט אַ פּאָר זייטלעך פֿון „חורבן גאַליציע“... ער האָט געהאָרכט, מאַכנדיק בעת מעשה סקיצן, צווישן וועלכע איך בין געוואָרן ממש דערשטוינט, דערזעענדיק אַ צייכענונג פֿון אַ סאַמעטענעם פּרוכת...

— דער סקיץ אַליין גאַראַנטירט אייך, אַז די פּראָיעקטן צום פֿילם וועלן ביי אייך באַשטעלט ווערן אָן ווייטערע וואַקלענישן און דיסקוסיעס.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט ווילדע בליקן; זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט אַ צופלוס פון צעקאָכט בלוט... ער האָט נישט געענטפערט אויף מיין פאַרזיכערונג, וועלכע האָט אים געדאַרפט צופרידנשטעלן אין דער העכסטער מאָס... נאָך אַ קורצער ווילע האָט ער זיך שטיל געזעגנט, אָפּגעזאָגט זיך פון וואַנטברויט און איז אַוועק.

עטלעכע טעג האָב ער זיך נישט באַוויזן און ווידער אין אַ רעגנדיקן אָוונט זיך געמאָלדן, אַוועקגעזעצט אויף „זיין“ שטענדיקן אָרט און נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגן מיר געמאָלדן:

— איך בין אייך געקומען זאָגן אַבראַם וועניאַמינאָוויטש, אַז די אַרבעט צו אַג—סקיום ווערק זאָלט איר מיר נישט אָנפאַרטרויען, און אויב איר וועט עס מיר יאָ אָנפאַרטרויען, וועל איך זי נישט איבערנעמען...

— וואָס איז געשען? — האָב איך קוים אַרויסגערעדט, דערפילנדיק דעם אָטעם פון אימת מות.

— „וואָס איז געשען?“ — האָט ער איבערגעחזרט, נישט אויפהייבנדיק זיין קאָפּ, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיינע הענט, אָנגעשפּאַרט אויף די קני — „וואָס איז געשען?“... הערט אויס וואָס עס איז געשען:

און ער האָט דערציילט פון וואַנען ער האָט גענומען דעם מאָטיוו פון זיין פּרעכטיקן פּרוכת. אין אַ פינצטערער פראָסטיקער נאַכט אַרום ניי־יאָר 1916 איז ער געפאָרן אין אַ שליטן איבער די צעשמעטערטע דערפלעך פון גאַליציע... חורבות. אָפּטע טויטע קערפּערס אונטער דינע שיכטן פון פרישן שניי, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו שיטן... איז ער געזעסן איינגעהויקערט, דורכגענומען פון ברענענדיקן פראָסט און געקוקט אַרום זיך, צי איז ערגעץ נישטאָ אַ פונק פון לעבן, פון וואַרעמקייט... כאָטש עפּעס אַ שמאַטקע איינצוּוויקלען די פיס...

מיטאַמאָל האָט זיין דיענשטשיק, וואָס האָט געפירט דעם שליטן, אויסגערופן: „וואַשע בלאַגאָראָדיע! דאָרט שמילקעט אַ פייערל. כ'וועל גיין אַ קוק טאָן: אפשר אַ געהייצטע שטוב?

ער איז אַ וועק, האָט זיך געזאַמט אַ מינוט צען, געקומען צוריק מיט אַ גרויסן געוואַנט פון סאַמעט... „אָט האָסטו, וואַשע בלאַגאָראָדיע, פאַרוויקל דיינע פיס“. האָט ער פאַרוויקלט די פיס און זיך געלאָזט ווייטער. אָנקומענדיק אין נאָענטסטן שטעטל, האָט ער זיך אין אכסניא אַריינגעוואָרפן אויפן געלעגער און איינגעשלאָפן.

אַז ער האָט זיך אויף מאָרגן אויסגעשלאָפן און דערזען די סאַמעטענע „שמאַטע“, אין וועלכער ער האָט געהאַט פאַרוויקלט זיינע

פאַרפרוירענע פיס, האָט ער צוגערופן דעם דיענשטשיק און אָנגעהויבן פונאַנדערפרעגן די פרטים. און דאַן דערהערט, אַז די באַלויכטענע כאַטקע איז געווען אַ בית מדרש און דאָרטן איז געשלאָפן אַן אַלטער שמש. דער־זעענדיק דעם רוסישן סאָלדאַט, האָט ער זיך געלאָזט לויפן, דער סאָלדאַט האָט מיט אַ קויל אים אַוועקגעלייגט אויפן אָרט און גענומען זוכן מיט וואָס איינוויקלען ביים אָפיציר די פיס... דערזען אויפן וואַנט אַט די סאַמע־טענע פיראָנקע, האָט ער זי אַראָפגעריסן און געבראַכט צו זיין „וואַשע בלאַגאָראָדיע" —

האָס איז דער פרוכת מיטן וואונדערבאַרן אָרנאַמענט, פון וועלכן ער האָט געמאַכט זיין סקיץ.

— ווען איך וואָלט נישט געהאַט אויסגעהערט פון אייך אַליין, וואָס שילדערט די געשטאַלט פון אַנ—סקין, פון זיין באַציונג צום יידישן פאָלק־לאָר; ווען איך וויים נישט וועגן זיין „חורבן גאַליציע", וואָלט מיר אויך מיין געווויסן נישט דערלויבט צו זיין אַ מיטשעפער אין דעם פילם... די קויל פון מיין דיענשטשיק אין יענער פראָסטיקער נאַכט איז נישט דאָס איינציקע פאַרברעכן, וואָס באַלעסטיקט אונדזערע געוויסנס... און, געהער־דיק צום מין „הייהאַמאַקעס" אויף די פערד, נעמען אויף זיך די מיסיע צו שאַפן קונסטווערק וועגן די, וואָס די פערד טרעטן, דאַרף מען האָבן אַ געוויסן פון אַ... הייראַמאַק — ניין און ניין!

איך האָב נישט באַוויזן צו רעאַגירן אויף זיינע רייד. אַ שווערער קנויל האָט געדריקט מיין קעל... ער האָט זיך אויפגעהויבן, געמאַכט אַ פּאָר טריט צו דער טיר און זיך אויסגעדרייט צו מיר.

— אונדזער באַקאַנטשאַפט און אייער באַציונג וועל איך אייביק־נישט און קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַ דאַנק אייך, אַבראַם ווענעאַמינאָוויטש!

ער איז שנעל פאַרשוואונדן. איך האָב אַרויסגעקוקט דורך די פאַר־רעגנטע שויבן און האָב דערזען נישט מער ווי דאָס „טיזבינגער" געסל, איינגעהילט און דורכגענעצט אין דער אומהיימלעכקייט פון האַרבסטיקן בערלין...

* *
*

אַרום ניי־יאָר האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון מזאָה'ן... איך געדענק לחלוטין נישט דעם טאָן און אינהאַלט. איך בין געווען דערשטוינט — און מען דאַרף זיין ערלעך מיט זיך: שטאַרק דערפרייט — לייענענדיק, אַז „די

טרופּע“ רופט מיך צו באַגייען אונדזער געמיינזאַמע אַרבעט. דעם פּרינציפּיעלן הסכם האָב איך אָן שום פאָרבאַדינגונגען תיכף געגעבן, אָבער די קאָרעספּאָנדענץ מיט מזאָהן האָט זיך פאַרצויגן אַ פּאָר וואָכן, ווייל ער האָט געהאַט פאָרגעלייגט, אַז מיין ערשטע אויפפירונג זאָל זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“, און איך האָב מער געהאַלטן פון „אוריאל אַקאָסטאַ“, וואָס איז געווען פּלאַנירט מיט אַ יאָר צוריק — ווי איך האָב בשעתו דערציילט — צום פינפיאָריקן יובילײ פון „פּאַדאָ“.

סוף יאַנואַר 1922 בין איך געקומען קיין וואַרשע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַפּיטל פון מיין מיטאַרבעט מיט דער „ווילנער טרופּע“, וואָס האָט פאַרשאַפט נחת ביידע צדדים, אָבער נישט געהאַט קיין אריכת ימים, ווייל דאָס, וואָס איך האָב מיט צוויי יאָר צוריק פאַרזיכט און געהאַלטן פאַר אַן אָנהייב פון אַ גרויסן וועג, איז געווען אויסגעוואָרצלט פון באָדן און די קערנער צעזייט אויף די ווינטן פון צופעליקייט: די אינסטיטוציע האָט נישט געהאַט קיין אידעאָלאָגישן און שעפערישן חוט השדרה.

מיר מוזן זיך דאָ אומקערן צו דעם, וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן: טעאַטער איז אַ קאָנגלאָמעראַט פון סתירות, אַ געוועב פון אלפים פעדעם, אין וועלכן איין פאָדעם שליסט אוים דעם צווייטן. צוזאַמענשמעלצן די קעגנזאַצן, באַהעפטן „פונקען“ און „טראָפּנס“ אין איין סובסטאַנץ — אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון דער אָנפירונג אין אַ טעאַטער־אינסטיטוציע!

איך האָב נישט איין מאָל אויפן מהלך פון אונדזערע בענדער באַמערקט, אַז טעאַטער איז קודם כל — אַ „פילאָזאָפישע שיטה“... אָפּגעריסן פון אַבסטראַקטן געדאַנק, פון דער אידיי, וואָס שאַפט אַן אידעאָלאָגיע, און פון איר אָפּשטאַמיקע פּראָגראַם און פּלאַן, מוז טעאַטער אומפאַרמיידלעך זיך פאַרוואַנדלען אין אַ... קלייטל! „ווירטשאַפטלעכקייט“ איז אין טעאַטער פּונקט אַזאַ וויכטיקער פאַקטאָר ווי „פילאָזאָפיע“, אָבער אָן „פילאָזאָפיע“ קאָן אין טעאַטער נישט ברענען דער נר תמיד פון שעפערישן און עטישן געוויסן.

נאָך דער פּרעמיערע פון „דיבוק“ איז די ליטונג באַגאַנגען אַ ריי פעלערהאַפטע שריט. די אינסטיטוציע איז אַרויף אויף אַ גליטשיקן באָדן און שריט נאָך שריט זיך געגליטשט צו י ר י ד ה. און דאָס אומגליק איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס קיינער אין דער „טרופּע“ האָט עס נישט געפילט און נישט געוווסט, ווייל די אומגעלונגענע און אומגעווונטשענע שריט האָט מען געשאַצט ווי איינצלנע מאָמענטן, וואָס וועלן אויף מאָרגן

פאַרגעסן ווערן. דאָס זענען אָבער געווען — נישט „מאָמענטן", נייערט געזעצמעסיקע עטאַפּן פון ירידה.

איך האָב דאָס מזאָהן שאַרף און קאַטעגאָריש דערקלערט... מיין קול איז געווען אַ קול קורא במדבר.

צום יאָרצייט פון אַנ—סקים טוט האָט מען אויפגעפירט — „טאָג און נאַכט".

תוך כדי דיבור, ביים ערשטן זאָג וועל איך דאָ באַטאָנען, אַז דאָס שטיק איז אַריינגענומען געוואָרן אין רעפּערטואַר פון דער „טרופּע"; איז באַוויזן געוואָרן אומעטום בעת די ווייטערדיקע גאַסטשפּילן אין גאַנץ אייראָפּע; אַלעקס שטיין האָט די ראָל פון „צדיק רב דן" געהאַלטן פאַר זיין קרוינראָל... מיט איין וואָרט: דאָס שטיק האָט באַקומען אַלע „בירגער־רעכט" אין קיום פון טעאַטער.

דאָס איז געשען שפּעטער, און עס איז אַ „שפּעטערדיקע מעשה".

איצט האַלטן מיר ביים ערשטן יאָרצייט נאָך אַנ—סקים טויט!

אונדזערע געמיטער זענען נאָך נישט אויסגעהיילט פון אונדזער אומ־געריכטן פאַרלוסט... טויזנטער און טויזנטער וואַרשעווער יידן געדענקען נאָך די לוויה, דעם פרישן קבר ביים אוהל פּרץ; מאַסן זינגען דעם „רבינס ניגון" פון דער פאַרשטעלונג, וואָס איז פאַר יעדן ייד אַ תפילה, אַ ליטור־גיע, אַ קדושה.

אָבער די לייטונג פון דער „טרופּע" ציט פון דעם גאַנצן ענין אַרויס איין־איינציקן באַשלוס, דהיינו: היות צו אַנ—סקים שלושים איז געלונגען צו „אָרגאַניזירן" אַזאַ דערפאָלג, וואָלט דאָך געווען אַז אומזין נישט אויס־צונוצן די דאַטע פון אַנ—סקים יאָרצייט!...

גערעדט און געטאָן!

דעם... „חילוק" צווישן דעם, וואָס פאַראיאָרן איז געווען און וואָס איצט איז פאַראַן, וועלן מיר דאָ נישט פּרווון בריייט און אויספירלעך מאָלן פאַרן לייענער.

מיר וועלן אויף דעם אָרט אויך נישט מרבה בדברים זיין וועגן דעם, אַז אַלתר קאַציזנע איז אַ רייך און נישט אָפּגעשאַצט בלאָט אין דער יידישער דראַמאַטורגיע; אַז אין דעם בלאַט זענען פאַראַן נישט ווייניק אָטעמצוגן פון דעם, וואָס שרייבט די שורות.

דאָ מוז נאָר קורץ געזאָגט ווערן, אַז אַלתר קאַציזנע, עליו השלום, פלעגט האָבן די מידה צו זען פאַר זיך אַ פּינטל, אַ ציל, און שטרעבן צו

דעם פינטל, האָבנדיק פאַרלוירן יעדע שפור פון געפיל פאַר דעם, וואָס ליגט אויפן וועג אָדער ביי דער זייט...

וויפל איז אין דעם שטיק, פון וועלכן אַנ—סקי האָט אָנגעשריבן אַ טייל און קאַציזנע האָט צוגעשריבן דעם סוף, געבליבן „אַנ—סקי“?

דאָ ליגט דער שווערפונקט פון גאַנצן „אויפטו“. דער תמצית איז געווען — מ ס ח ר!

אָבער די מאַסן האָבן זיך אויף דער „סענסאַציע“ נישט געלאָזט פאַרפירן; דער ספעקטאַקל האָט געהאַט אַ דורכפאַל.

די ליטונג וואָלט באַדאַרפט דערפון עפעס לערנען, ווען זי וואָלט פאַרמאָגט דאָס לעבעדיקע געוויסן פון שעפערישע אידייען־טרעגער.

# דריטער קאַפּיטל

## עס שלוכצן אַקאָרדן אויף סטרונעס געפּלאַצטע

די חדשים פון בין השמשות אין בערלין — ביי מיר, און דער געבענטשטיקער אָנהייב פון ווינטער־סעזאָן — ביי די „ווילנער“, האָבן געקאָנט שאַפן אַ געהעריקן באָדן פאַר אַ נייעם אויפשוווּנג פון דער „טרופּע“, וואָס זאָל באַזירן נישט אויף „סענסאַציעס“, נאָר אויף נאָרמאַלע יסודות פון געזונטע שעפערישע אינטענצן און פון אַ דורכגעטראַכטן פּלאַן...

פרעצעס דראַמאַטורגיע איז מיר נישט געווען צום האַרצן צוליב די שטאַרקע איינפלוסן פון די דעמלטיקע מאָדערנע מאָטיוון פון אויסערלעכן סימבאָליזם. סיי מעטערלינק, סיי פּשיבישעווסקי האָבן געקאָנט האָבן זייערע ווינקלען אין דער קונסט פון טעאַטער האָרטן, וווּ די וואָרצלען זענען געווען פעסטע און האָבן געקאָנט אַריבערטראָגן די פיבערס פון עקספּערימענטן. אויף אַלע בינעס פון רוסלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך האָבן אָנגעהויבן בליען און נישט צעבליטערהייט פאַרוועלקט די פּרוּוון אָפּצורייסן די טעאַטער־קונסט פון איר נאַטירלעכן שורש: דעם לעבעדיקן, לייזעגדיקן און זיך טרייסטנדיקן מענטש.

עס האָבן געקאָנט אויפקומען זוכענישן פון אַנדערע פאָרמען, אָבער דער יסוד פון ספּעקטאַקל האָט נישט געטאָרט אָפּווייכן פון מענטשן — דעם כלל האָבן די דראַמאַטורגן פון יענער שיטה נישט בלויז „פאַרגעסן“: זיי האָבן אים באַקעמפט!

אין ייִדישן טעאַטער איז דאָס געפיל פאַר אַ וועלכער עס איז „פאָרם“ געלעגן אין די ווינדעלעך: אָדער מען האָט „געריסן קוליסן“ (מיר ווען, פאַרשטייט זיך, נישט טייטלען מיט די פינגער אויף די „טראַגיקער“), אָדער מען איז געלעגן אין די אָרעמס פון גאָלדפאַדענס פרעכטיקער אָבער — אויסערלעכער! — טעאַטראַליק, וואָס איז שוין געוואָרן אַ באַנאַליטעט, אָדער מען האָט קולטיווירט מעלאָדראַמע: גאָרדין! דאָ זענען געווען

גרויסמייסטער! אין אַמעריקע — דזשייקאָב אַדלער, דוד קעסלער; ביי אונדז — אסתּר רחל קאַמינסקאַ — דאָס זענען געווען די העכסטע פּונקטן פון יידישער טעאַטער־קונסט. פון זיי גיין צו מער ראַפינירטע פאָרמען, גישט אָפּוווייכנדיק פון זייער תּוך — איז פאָרגעשטאַנען יעדן איינעם, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך די אויפגאַבע פון אַרטיסטישן פּראָגרעס אויף די יידישע ברעטער!

„סימבאָליזם“ איז דאָ געווען אַ טויט־געפאַר.

פּרצעס געשטאַלטן זענען איינגעוויקלט אין געוואַנטן פון סימבאָלי־שער פּאָעזיע! מען קאָן אין זיי זוכן און געפינען מאָטיוון פון סאָציאַלע קאָנפליקטן, פון נאַציאָנאַלן אויפברויז, פון אַבסטראַקטן הומאַניזם. אָבער דער מענטש — אָט דער מענטש, וועלכער אָטעמט און צאַפּלט זיך אין זיינע נאָוועלן — אים האָט פּרץ אויף דער בינע נישט אַרויסגעפירט. אין גאָרהדינס מעלאָדראַמע שפּילן — פאַרפלאַכטע, באַנאַליזירטע, אָבער שעקס־פּיר־מאָטיוון!

און פירן דעם יונגן דור יידישע אַקטיאָרן האָט מען געקאָנט, האָבנ־דיק פאַר די אויגן דעם גאָרהדין־עטאַפּ און פון דעם גיין העכער און ווייטער.

דער שליאַך פון סימבאָלישן מאָדערניזם איז געלעגן אין אַ זייט.

איך האָב מזאָהן, ענטפערנדיק אויף זיינע בריוו, געמאָלדן, אַז אַר־בעטן מיט דער „טרופּע“ וועל איך באַטראַכטן ווי אַ פריידע, און אויפשטייג און אַ כבוד פאַר מיר, אויב איך וועל געפינען אַרום זיך דעם צוטרוי, וואָס מיר איז צוגעטיילט געוואָרן אין ערשטן פּעריאָד פון אונדזער צו־זאַמענאַרבעט און וועל קאָנען טאָן צווישן די אַקטיאָרן מיין דערציערישע עבודה: האָדעווען, לערנען זיי, פירן זיי איבערן שליאַך פון אַקטיאָרישן אויפשטייג, ממילא — שלייפן זייער טעכניק, הייבן און פאַרטיפן זייערע שפּיל־געפילן; אַנטוויקלען און פאַרשאַרפן ביי יעדן דעם באַוווסטזיין צווישן קאָנקרעטער עקזיסטענץ, פּראַקטישן פונקציאָנירן און — לעבן אין בר־ען און שפּיל פון פאַנטאַזיע, פון פּראָבלעם, וואָס באַלויכט די ראָל.

איך בין געקומען קיין וואַרשע אין דער איבערצייגונג, אַז פאַר מיין פּאָזיציע און פּראָגראַם וועל איך נישט דאַרפן „קעמפן“. מצד מזאָה'ן האָב איך פון ערשטן טריט אָנגעטראָפן די בעסטע באַציאונג. ער האָט ווידער געשטעלט די פראַגע וועגן „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ (צו וועלכן אַ לייענשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונג עס האָט געהאַט דאָקטאָר יצחק שיפּער). איך האָב קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז ווי נאָר איך וועל האָבן די זיכערקייט, אַז די שוישפּילער זענען פריי פון דעם, וואָס איז ווי אַ שלעכ־

מער שוים אָנגעוואָקסן פאַרן פעריאָד פון די פּראָבן צום „דיבוק“ (און פאַר די 150 פאָרשטעלונגען), וועל איך גערן מאַכן אַ פּרווו מיטן „אַלטן מאַרק“, אויף וויפל מיר וועלן אין אים געפינען שטאָף פאַר מענטשן־געשטאַלטונג און נישט מוזן בויען דעם ספּעקטאַקל אויף טויטע, אַנטי־שוישפּילערישע עפעקטן.

דערווייל איז אונדזער אויפגאַבע — „אַקאָסטאַ“!

און מען איז צוגעטראָטן צו די פּראָבן פון „אַקאָסטאַ“.

אָבער מזאָה האָט מיר געמאָלדן, אַז רעזשי, עובדה פון פּעדאַגאָגיק און אַלע אַנדערע „זיבן זאַכן“ — דאָס זענען אַלץ הויכע ענינים, זייער וויכטיקע און געווונטשענע, אָבער „מאָרעווסקי איז דאָך אַן אַקטיאָר“, און וואָרשע וואָלט געהאַט חשק אים צו זען אויף דער בינע, און דאָס מעאַטער איז נישט אַזוי רייך צו קאָנען זיך אָפּזאָגן פון אַ פּאָר גוט־באַזוכטע הייזער...

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך מיך דערצו נישט געגרייט און מיר האָט זיך געוואָלט אָנהויבן אַ „ניי בלעטל“, אָבער מזאָה האָט נישט געוואָלט הערן וועגן האַלטן מיך „הינטערן אויוון“ ביז דער פּרעמיערע פון „אַקאָס־טאַ“. ער האָט פאַרגעלייגט דעם נאָענטסטן שבת אויפטרעטן אין „דיבוק“...

איך האָב געהאַט ידיעות, אַז דאָס שטיק איז לחלוטין „אויסגעשעפּט“. אין „קאַמינסקי־טעאַטער“ — ווו די טרופּע האָט זיך אויפן ווינטער־סעזאָן באַזעצט — פלעגט אַן „אויספאַרקויפט הויז“ ביי די דעמלטיקע פּרייזן געבן עפּעס לערך 70 טויזנט מאַרק. די לעצטע פאָרשטעלונגען פון „די־בוק“ שבת האָט איינגעבראַכט... 19 („טאָג און נאַכט“ האָט, משמעות, געגעבן נישט מער). מיר האָט אויסגעזען אַז אומזין אויפצוטרעטן ביי אַזעלכע אומשטענדן, שפּילן פאַר אַ ליידיקן זאַל צוליב עטלעכע טויזנט זהובים... און ווער ווייס, צי וועט מיין אָנטייל די עטלעכע טויזנט זהובים נאָך איינברענגען?

— זיי נישט קיין קינד — האָט איך זאָגן מזאָה'ן — מען וועט געהעריק רעקלאַמירן, אַז דו שפּילסט דעם „צדיק“; מען וועט צוויי טעג פאַר דעם נישט שפּילן, און אַ האַלבער זאַל איז געזיכערט. האָט זיך אויס־געלאָזט: דער זאַל איז געווען געפּאַקט איבער יעדער מאָס, די איינגאַמע האָט אַרייגעטראָגן מיט צען פּראָצענט איבערן קאָמפּלעט, און דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען: די ווייטערדיקע פאָרשטעלונגען אין די וואָכנ־טעג זענען געגאַנגען ביי גוטבאַזוכטע הייזער (איך וויל נישט איבערטרייבן און זאָגן: „אָנשלאַגן“).

ווי אַ וויץ וועט קלינגען אַזאַ עפּיזאָד: בעת אַ פּראָבע קורץ נאָך מיין קומען האָב איך זיך אָנגעשטויסן עפּעס אויף אַ דיסציפּלין־ברוך און אַ געשריי געטאָן, אַז האָס מוז ווערן באַשטראָפט מיט אַ מינימום אַ טאָג געהאַלט... דערהער איך פון דער קוליסע אַ מעלדונג פון יעקב ווייסליץ — האַלב ערנסט, האַלב חוזק:

— גאָלדענע רייד, חבר רעזשיסער, אָבער קיין ממשות האָט עס נישט, ווייל שוין אַ פּאָר חדשים איז דער ענין „געהאַלט“ ביי אונדז נישט קיין רעאַלע דערשיינונג...

איצט האָט מען זיך אומגעקערט צום אַמאָליקן „סטאַטוס־קוואָ“: געהאַלט איז געוואָרן אַ „רעאַלע דערשיינונג“.

* *
*

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אַלגעמיינע שטימונג איז געוואָרן אַ הייטערע, אַ געהויבענע, און צו דער נייער אויפפירונג איז מען צוגעטראָטן מיט פלייס און היץ. און דאָס, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פאַרלויף פון די נאָענטסטע צוויי חדשים, בין איך אויף אָט די זייטן מחויב צו שילדערן אונטער צוויי צווישן זיך צעקריגטע קאָפּיציעגטן: פון איין זייט — „אַקאָרדן“, פון דער צווייטער — „געפּלאַצטע סטרונעס“! דאָס פּערזענלעכע וועל איך לאָזן אויף צולעצט. צוערשט — וועגן דאָזיקן בלעטל אין פּנקס פון „דער ווילנער טרופּע“.

איך וועל זיך דאָ נישט פאַרשפּרייטן וועגן דעם, וואָס איז אַזוינס קאַרל גוצקאָווס ווערק אין דער געשיכטע פון אייראָפּעישן טעאַטער און אויף ווי ווייט האָס שטיק האָט געפעלט אין רעפּערטואַר פון מאָדערנעם יידישן טעאַטער. „אַקאָסטאַ“ האָבן געשפּילט אַ ריי אויסגעצייכנטע פאַרשטייער פון דער יידישער בינע; ס'האָט אים געשפּילט זאַסלאַווסקי, וועלכער איז געווען אַ גדול, אָבער די אַלגעמיינע סצענישע קולטור איז נישט דערוואַקסן צום ווערק. נישט רעדנדיק וועגן אַרומיקן אַנטוראַזש; וועגן דער ריי געשטאַלטן אַרום דער צענטראַלער פיגור, וואָס מען האָט באַהאַנדלט אָן שום ערנסט אויך אויף נישט־יידישע בינעס, האָט אין יידישן ספּעקטאַקל געפעלט דער וואונדערבאַרער פערז פון גוצקאָווס ווערק...

אויסדריכטן דאָס שטיק אין זיין גאַנצן פאַרנעם איז געווען אַן אויפגאַבע פון פאָרגעשריטענעם יידישן טעאַטער, און איך בין צוגעטרעטן צו דעם מיטן גאַנצן ציטער פון מיין שעפערישן געוויסן און בין געווען גליק־

לעד צו פילן אַרום זיך די געהעריקע אַטמאָספער — פון צוטרוי, אַכטונג און גלויבן, אַז דאָ וואַקסט ווידער אַ דופטיקע, פאַרביקע בלום פון בינע־קונסט.

קיין געדיכטפאַרשריבענעם העפט מיט ציפערן, נאָטיצן, מיזאַנסצענעם — ווי צו אַנדרעיעווס „פעטש“ מיט קנאַפּע צוויי יאָר פריער — האָב איך דאָסמאָל נישט מיטגעבראַכט...

דעם גאַנצן באַגאַזש האָב איך דאָס מאָל געטראָגן אין מיין האַרץ און געמיט; די מאָטיוון זענען געווען דורכגעטראָגן דורך יאָרצענדליקער; דעם טעקסט האָב איך געפילט אויף אַלע סטרונעס פון מיין שוישפּילערישן אינסטרומענט! דאָלסקים גאַסטראָלן אין גראָדנע מיט 12 יאָר צוריק זענען פאַרבליבן אין מיר, ווי נישט אויסגעלאָשענע פונקען און אויך די אַפּריל־נאַכט אין ווילנע 1919, ווען איך האָב פאַרענדיקט מיין איבערזעצונג אונטערן צייכן פון ווייטערס אומקום מיט דער אויפשריפט: „דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין אייגנאַם־פאַרשטאָרבענער מוטער איז געווידמעט די איבערזעצונג פונעם געליבטן ווערק“.

וועלכער לייענער וועט נישט באַנעמען מיין צושטאַנד, בעת איך בין צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן דעם „אַקאָסטאַ“־טרוים אויף די ברעטער פון דער „ווילנער טרופּע“!

זאָל מיר פאַרגעבן ווערן אַ זייטיקער און צופעליקער, אָבער אומהיימלעכער פּרט: בעת איינער פון די ערשטע פּראָבן, האָט מיך אָפּגעריסן פון דער אַרבעט אַ טעלעגראַמע. מיין פרוי פאָרט דורך פון בערלין קיין ווילנע, האָבנדיק באַקומען אַ ידיעה, אַז עס איז געשטאָרבן איר מוטער...

דער פינעבר־מאָטיוו און די אָנוועזנהייט פון חנהלען אין מצב פון טיפער אבלות האָבן געמוזט לייגן אַ חותם אויף געוויסע מאָמענטן און אַקצענטן אין ספּעקטאַקל.

די דעקאָראַציעס האָב איך אָנפאַרטרויט — בערלעווין און ווייַנטרויבן: די נעמען רעדן וועגן דער ערנסט פון מיינע אינטענצן אין הלכות אויסשטאַטונג; די מוזיק האָט געשריבן ווײַנבערג. איך האָב אים מער אין לעבן נישט געטראָפן, אָבער די וואָכן מיט אים זענען מיר פאַרבליבן ווי אַ שעפערישער נחת און איינצעלנע מאָטיוון פון זיין מוזיק צום ספּעקטאַקל זענען געווען — פּרעכטיק (בפרט — אין 5 אַקט). און אָנגעהייבן די ערשטע פּראָבע האָב איך — פונקט ווי אין „די פעטש“ מיטן „טילי־פּאַלי־מאַרש“ — ווידער מיט אַן אימפּראָוויזירטן מאָטיוו, וואָס האָט פון מיר אַרויסגעזונגען ביים ערשטן אָטעמצוג פון ספּעקטאַקל...




קאמיען — „בן יוחאי“, וויסליץ — „רע־סילווא“

לויט גוצקאָווס טעקסט הויבט זיך דער אַקט אָן פון דעם, וואָס עס קומט אַריין דע סילוואַ און לאָזט נישט בן=יוחאָי אַוועקגיין. האָב איך באַוויזן, אַז בן=יוחאָי וואַרט אַ געוויסע ווײַלע און וואַרטנדיק קוקט ער אַרויס דורכן פענצטער, הינטער וועלכן עס הערט זיך אַ פידל, וואָס שפּילט אַ מאָטיוו. מיט דעם מאָטיוו ווערט דער צושויער אַרײַנגעצויגן אין אַ שטימונג פון לומדישער פאַרטיפונג, פאַרוויקלט אין יידישן קומער...

דע=סילוואַ קומט אָן, שוין לעבנדיק און צושויערס פאַרשטעלונג...

יעקב ווײַסליץ איז אין ספּעקטאַקל געווען אײנער פון די אַמבעסטן זיך אײַנגעגעבענע געשטאַלטן. אינגאַנצן באַפרײַט פון שטאַמפּ, וואָס דע=סילוואַ שלעפּט אויף זיך יאָרצענדליקער צוליב דעם, וואָס די ראָל שפּילן תמיד די אַזוי גערופענע „נאָבעלע פאָטערס“... גלענצנד איז געווען אָסיאַ קאַמען און — „בן=יוחאָי“. אין די שאַבלאָנען פון דורכשניטלעכע טעאַטערן ווערן אַ סך געשטאַלטן פאַרלאָרן צוליב דעם, וואָס זיי ווערן געשפּילט דורך אַקטיאָרן פון „צווייטן פּלאַן“... וויפל אמתע פּערלען פון קלאַסישע ווערק בלײַבן ליגן פאַרשימלטע און דערגייען נישט צום צושויער!

איך האָב מיר געשטעלט פאַר מײַן וויכטיקסטער אויפגאַבע צו באַוויזן אין ספּעקטאַקל דעם גאַנצן אַנטוראַזש פון גוצקאָווס ווערק. איך האָב אין פּראָגראַם=העפט וועגן דעם געשריבן, און דאָס איז מיר אין פולער מאָס געלונגען.

ניי אין פאַרגלײַך מיט אַלע אויפפירונגען פון שטיק זענען געווען עטלעכע פּרטים פון דער אויסשטאַטונג. קודם האָב איך (ווי ווײַט מיר שײַנט — צום ערשטן מאָל און וואַרשע) געמאַכט די אויסשטאַטונג, סינטעטיזירנדיק צוויי פּרינציפּן: קאָטאַרן און אויף זייער פאָן פראַגמענטן אין סטיל און כאַראַקטער פון געגעבענעם מאָמענט. אין ערשטן אַקט האָבן מיר אויפן פאָן פון קאָטאַר באַוויזן דע=סילוואַס קאַבינעט דורך די רעקוויזיטן, מעבל א. ד. ג.

אין צווייטן אַקט — האָט דער צושויער דערזען אין וואַנדערסטראַטענס גאָרטן אויפן ברעג פון ים (דאָס געדענק איך אויך נישט ערגעץ פריער) די גראָטע, וועגן וועלכער בן=יוחאָי האָט דערציילט, און אין וועלכער אוריאל זיצט געוויינלעך מיט יהודיתן... אין די אַלייען — פיגורן, סקולפּטורן, ביוסטן...

מנשהס קאַבינעט — דער דריטער אַקט! — אילוסטרירט פון ערשטן בליק, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ מעצענאַט, וועלכער איז פאַרליבט אין רעמבראַנטן און וואַן=דעיק׳ן.



יצחק קאַדיסאָן קאָוונער — יואל, לאה נעמי — מוטער, ש. קאַהן — ראובן

דער פערטער אַקט איז געווען אין פרט פון אויסשטאַטונג דער שוואַכ־סטער, ווייל מיין אָרגאַנישער מים אין רעזשי איז געווען און פאַרבליבן מיין אומפאַרצייַלעכע גלייכגילטיקייט ביים דערלאָזן אין בילד „בלויזן", „לעבער" אין די פאַלן, ווען איך האָב נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם מאַקסימום פון אָנגעמערקטן פּלאַן.

(אין די „פּעטש" איז דער גאַנצער פערטער אַקט געווען אַזאַ בלויז! דאָס האָט מיט רעכט אָנגעוויזן אין ניו־יאָרק א. גלאַנץ־לעיעלס, האָבנדיק אויסגעטיילט דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ווערטפול, דער עיקר — אין ערשטן אַקט).

דעם פערטן אַקט „אַקאָסטאַ" האָב איך געוואָלט באַווייזן אַזוי ווי איך האָב אים בשעתו געזען אין „בערלינער שוישפּילהויז" און שפּעטער — אין פּעטערבורגער „אַלעקסאַנדרינסקי טעאַטער": אַמסטערדאַמער סינאַ־גאָגע — גאַטורעל".

אַזוינס האָב איך באַווייזן נישט געקאָנט און זיך באַגרענעצט מיט אַ נעבעכדיקן מינימום...

אָבער אין זיין גאַנצער גרויס איז דער ספּעקטאַקל געווען אַ „גרוי־סער", אימפּאָזאַנטער און האָט געקאָנט פאַרבלייבן אַ דאַטע אין לעבן פון דער „טרופּע".

אויסער די דערמאָנטע אויספירער, וואָס זענען געווען אויף דער „הויך" פון זייערע אויפגאַבעס, איז געווען פרעכטיק לאה נעמי — „אוריאלס מוטער". פול מיט חן — ליובע קאַדיסאָן — „ספּינאָזאַ". שוואַ־כער זענען געווען די צוויי געשטאַלטן: „דע־סאַנטאָס" (טאַניו) און „וואַנ־דערסטראַטען" (סלאָבאָדסקי), נאָר דאָס האָט דאָס בילד נישט צעשטערט. דער רושם פון ספּעקטאַקל האָט אָבער נישט געקאָנט זיין אַזאַ ווי ער וואָלט געדאַרפט זיין צוליב... די צענטראַלע פיגורן. לחלוטין נישט אויף דער הויך איז געווען בולאָוו אין „בן־עקיבא". און איבערן דורכשניט האָט זיך נישט דערהויבן — אוריאל.

געשפּילט האָבן אים — מאָרעווסקי און שטיין.

וועגן ערשטן פון די צוויי מוז געזאָגט ווערן קורץ און בינדיק: אַ דורכפאַל!

ראשית הבר איז דער טעקסט געלעגן אין זיינע „ביינער" — פון פּיאָטר וויינבערג: דאָס הייסט — אויף רוסיש! מיר האָבן שוין בשעתו, רעדנדיק וועגן דער איבערזעצונג באַמערקט, אַז דער טעקסט איז אין דער ראָל אַרויסגעקומען אָרעמער און האַרטער ווי אַלע אַנדערע, ווייל איך האָב



~~מרים אָרלעסקאַ~~ — יהודית

חנה בראַן



~~חנה בראַון~~ — יהודית

מרים ארלעסקאַ

אין פּראָצעס פון איבערזעצן אַלע געשטאַלטן געשפּילט, און אוריאַלן שפּילן אַנדערש ווי אויף רוסיש בין איך נישט געווען ביכולת...

און נאָך שווערער ווי „שפּילן אַנדערש“ איבערזעצנדיק, איז פאַר מיר געווען דאָס שפּילן אַ נ ד ע ר ש — שפּילנדיק. איך האָב געמוזט אָנהויבן פונדאָסנײַ שטודירן די ראָל, בויען זי פערז נאָך פערז, שריט נאָך שריט... וועגן דעם האָט נישט געקאָנט זײַן קיין רייד בעת איך האָב געבויט דעם ספּעקטאַקל, געלעבט אין יעדער געשטאַלט, פירנדיק די אויספירער. איך האָב מיך פאַרלאָזט אויף דעם, וואָס די ראָל איז בײַ מיר פון לאַנגאָן „געמאַכט“, אָבער אויפן ספּעקטאַקל (וועגן אַנדערע פּלאַנען זײַן אַ רייד שפּעטער) האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איך בין פאַרנומען מיט „איבערגיסן די משקה“ אין נײַע כלים און וועגן „טרינקען“ איז קיין רייד נישטאָ. קורץ: מאָרעווסקי איז פון דער אויספירונג אַרויסגעפאַלן.

איז געבליבן שטיין... עס וואָלט געווען אַ נאָנסענס צו באַהויפּטן, אַז שטיין איז געווען אַן ערגערער, אַ קלענערער אַקטיאָר ווי ווייסליץ אָדער קאַמען, וועלכע זענען אין ספּעקטאַקל, ווי באַטאָנט, געווען פּרעכטיק. אָבער די ראָל האָט געפאָדערט אין אַ סך אַ גרעסערער פּראָפּאָרץ שווישפּילערישע טיפקייט, באַהאַוונטקייט, פאַרנעם, ווי די פּראָפּאָרץ „שטיין־קאַמען“. יענע צוויי, געבנדיק זייער מאַקסימום, האָבן די געשטאַלטן אויסגעפילט אויף הונדערט פּראָצענט; שטיין מיט זײַן מאַקסימום האָט דערגרייכט ביז... „דרייסיק“ פון דער אויפגאַבע.

דער ספּעקטאַקל האָט אימפּאָנירט; האָט אויסגענומען — אַפילו שפּעטער אין ווין! — אָבער עס איז געווען אַ דערפאָלג פון „גאַנצן“ מיט... אַ שמייכל פון ליבנסווירדיקן „מיטגעפיל“ צו דער שוואַכקייט פון דער צענטראַלער פיגור.

איך האָב געמוזט אויסהערן פאָרווורפן פון זאַכקענער, וואָס איך האָב דעם ספּעקטאַקל אַרויסגעלאָזט, נישט האָבנדיק „קיין אַקטיאָר פאַר דער טיטלראָלע“.

איך האָב אָבער געהאַט גאַנצע צוויי אַקטיאָרן, בעת איך בין צוגעטראָטן צו די פּראָבן. און היות מײַן אויפגאַבע איז געווען אויסצודיכטן דעם ספּעקטאַקל אין דער גאַנצער גרויס און פאַרביקייט פון ווערק, איז אין צענטער פון מײַן אויפמערקזאַמקייט נישט געשטאַנען די שאלה וועגן דער „הויפּטפיגור“, ווי דאָס איז געווען אין די פאַלן בעת מען פלעגט גיין אין טעאַטער זען — „זאָנענטאַלן אין „אַקאָסטאַ“ „דאַלסקין אין




יוסף בולאָוו — בן עקיבא

„אַקאָסטאַ“, זאַסלאַווסקין אין „אַקאָסטאַ“. מיר איז געגאַנגען אין איינ־שפּילן דאָס ווערק אין רעפּערטואַר פון דער „ווילנער טרופּע“; מאַכן עס פאַר אַ באַשטאַנדטייל אין אייזערנעם רעפּערטואַר פון נייעם יידישן טעאַטער.

און דערצו האָט דער קאָלעקטיוו געהאַט אַלע מעגלעכקייטן און די צ ו יי שוישפּילער אין דער טיטלראָל האָבן אין אַ פולער מאָס געקאָנט באַרעכטיקן די שאַנסן פון דער „טרופּע“.

אָבער... „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט“!

און דאָ הויבט זיך אָן דאָס בלעטל אין פּנקס, וואָס מוז געשריבן ווערן אונטערן צייכן פון אונדזערע „צווישן זיך צעריסענע קאָעפּיציענטן“. ביז איצט האָבן מיר, פאַרצייכנט — „אַקאָרדן“; ווייטער קומען — „סטרונעס געפּלאַצטע“.

די פּראָבן זענען געגאַנגען אין פעברואַר. דער ריזיקער אומהיימלעכער בנין פון טעאַטער איז געווען נישט גענוג באַהייצט און די איבער די כוחות אָנגעשטרענגטע אַרבעט מיטן אַנסאַמבל האָט פאַר מיר געהאַט פאַטאַלע פאָלגן, וועלכע מען האָט — אגב — געקאָנט פאָרויסזען: איך בין געוואָרן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט — הייזעריק, אַבסאָלוט אַטראָ־פירטע שטימבענדער! אין גאַנג פון די פּראָבן פלעג איך הערן ווי אין חלום שטימען פון פריינדלעכער וואָרענונג, בפרט — געדענק איך — מצד נעמי און קאַדיסאָנען: „משוגענער, דו דאַרפסט דאָך שפּילן אוריאלן“! לאָז איבער עפּעס פון דיינע כוחות פאַר זיך! ביסט דאָך נישט ווייניקער באַרעכטיקט צו געניסן אַקטיאָרן־פרייד פון ספּעקטאַקל ווי אַנדערע“ —

אַזאַ לערך „מאָנאָלאָג“ געדענק איך ווי דורך אַ נעפּל פון לאה נעמי, זי האַלט מיין קאָפּ, ווישט דעם הייסן שוויים פון מיין שטערן און דער־לאַנגט מיר מילך מיט סאָדאַ־וואַסער... איך קוש צעשטרייט איר האַנט און רייס זיך אָפּ צו דער בינע...

דער ספּעקטאַקל איז פאַרטיק; פאָר־אַנאָנסן זענען אַרויסגעלאָזן, הענ־גען אין די פענצטער... (אויף די קיאָסקן האָבן זיך יידישע אותיות באַ־וויזן ערשט יאָרן שפּעטער, בעת קיין ווארשע זענען געקומען אַנשי... „הבימה“!) מען דאַרף באַשטימען דעם טאָג פון דער פּרעמיערע, און מזאָה מעלדעט מיר: — דו וועסט 2 וואָכן לאָזן אויסרוען דיין האַלדז אין אָטוואָצק, און דאַן וועלן מיר געבן די פּרעמיערע... אין אַ וואָך אַרום וועט שוין זיין קלאָר, צי קאָנסטו אין 2 וואָכן אַרום שפּילן.

און אויף דעם האָט ער אויסגעהערט מיין תשובה בזה הלשון:



[illegible]שבוים, מאַרעווסקי, האַן, בוזגאַן, שעפּסעל (בעת אַ פּראָבע)

— אין פּראָגראַם שטייט שוואַרץ אויף ווייס: „אוריאל אַקאָסטאַ — אברהם מאָרעווסקי — אליהו שטיין“. דאָס איז נישט מיין גאַסטראָל און נישט מיין „דעביוט“ (ווי עס זענען געווען בשעתו — „די פּעטש“). דאָ איז אַ נייע אויפפירונג אין פּראָגראַם פון דער „טרופּע“, און אויב די לייטונג און די רעזשי האָט באַשטימט צוויי אויספירער פאַר אַ ראָל, און איינער קאָן נישט שפּילן די פּרעמיערע, דאַרף זי שפּילן דער צווייטער. האַנדלען אַנדערש וואָלט הייסן אים באַליידיקן!

מזאָה האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן אויסגעקרימטן שמייכל אויף די ליפּן.

— פאַרוואָס האָסטו אין די „פּעטש“ פאַרגעסן, אַז שטיין איז געווען באַשטימט צו דובלירן, „געשטאַנען“ אין פּראָגראַם און דו האָסט אים נישט פאַרגעלייגט שפּילן „דערן“?

— ראשית האָט שטיין אין יענער פאָרשטעלונג געשפּילט אַן אַנדער ראָל, און וועלכער ער האָט בוכשטעבלעך באַשייגט דעם ספּעקטאַקל... צווייטנס, איז אים „דער“ צוגעטיילט געוואָרן לכתחילה אויס אַ „פּסיכאָלאָגיש=פּאָליטישן“ גרונט, נישט אויס דער איבערצייגונג, אַז די ראָל איז זיין שוישפּילערישע אויפגאַבע: איך האָב אָפּגעגעבן בולאַוון „מאַנטשיני“ און געוואָלט באַפרידיקן שטיינס אַמביציע אין פּראָגראַם. קיין גלייכע רעכט אויף „דער'ן“ האָט אים נישט געקאָנט געהערן שוין צוליב דעם, וואָס די אויפפירונג איז געווען מיין „דעביוט“. און דריטנס: ווייל אין יענעם פאַל האָט זיך לגבי אים באַקומען אַן עוולה. טאָר מען אין דעם פאַל עס נישט איבערהזרן! מאָרעווסקי איז קראַנק, דאַרף שפּילן שטיין!

ביים שמועס איז געשטאַנען קאַדיסאָן און נעמי.

— די פּרעמיערע פון „אוריאלן“ טרעפט אָפּ? — האָט זי קוים אַרויסגעמורמלט מיט אַ מין שרעק=אויסדרוק אין די אויגן — צייט די וועלט שטייט, איז נאָך אַזוינס נישט געהערט געוואָרן: די כלה אין דער חופּה=נאַכט?...

קאַדיסאָן האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס: „ווידער אויף גלייכע וועגט אָן אַ לייטער!“ מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט.

די פּרעמיערע איז באַשטימט געוואָרן. איך האָב אַליאָשען געקושט אין קאָפּ, געדריקט צום האַרצן מיט דער פולער אויפריכטיקייט. דער ספּעקטאַקל איז געווען פאַר מיר אַ גרויסער פריידיקער יום=טוב. די פּרעסע האָט זיך אָפּגערופן מיט לויב=געזאַנגען, די פּרעקוועניץ איז געווען אַן אויסגעצייכנטע (מיר שיינט, אַז קאָמפּלעטן אַלע טאָג), אָבער לויט דעם פון

פריער שוין געשלאָסענעם אָפּמאַך האָט די „טרופּע“ געמוזט אָפּטרעטן דעם בנין פּאַר — מאַלי פּיקאָן...

גוצקאָווס ווערק האָט זיך נאָך אַ 15 פאָרשטעלונגען געמוזט אַריבערפּעקלען קיין ווילנע. אויף די ברעטער פון קאַמינסקים טעאַטער האָבן זיך צעגאָסן די לוסטיקע טענער און לייכטע זשעסטן פון מאַלים קונסט...

ווען די לייטונג וואָלט געהאַט אַ שעפּעריש געוויסן און שכל פון טעאַטער־פירער, וואָלט מען דעם אָפּמאַך מיט יעקב קאַליך נישט געהאַלטן, אַפילו פאַרן פּרייז פון צאָלן דעם פאַרגעזעענעם קנס, וואָס איז אין יעדן אָפּמאַך אַ פּונקט.

מען איז אַוועק אויף אַ חודש קיין ווילנע און זיך אומגעקערט קיין וואַרשע אויף פּסח. מען האָט אָנגעהויבן מיט „אַקאָסטאַ“. שפּילן „אוריאלן“ האָט געזאָלט מאָרעווסקי. ער האָט געשפּילט, און דאָ —

האָבן אויף די „סטרונעס“ געפּלאַצטע „די אַקאָרדן אָנגעהויבן ציטערן און שלוכצן“.

עס איז פּשוט נישט צו גלויבן, עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אָבער אַזוי איז עס געשען.

אָנגעהויבן האָט זיך פון דעם, וואָס אהרן איינהאָרן אין „היינט“ האָט געהאַט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן דער פּרעמיערע, אָפּגעגעבן דעם טעאַטער אַלס גאַנצעם און יעדן באַטייליקטן באַזונדער וואָס אים קומט און, באַהאַנדלענדיק די איבערזעצונג, די רעזשי — ווייסנדיק וויפל מאָרעווסקי האָט אין דעם ווערק בכלל און אין דער פאָרשטעלונג בפרט אַריינגעלייגט בלוט, שוויס און טרערן — האָט איינהאָרן פאַרענדיקט זיין אָפּהאַנדלונג מיט אַן אויסדרוק פון האָפענונג, אַז מען וועט זוכה זיין צום טאָג, ווען „מאָרעווסקי וועט אַליין שפּילן די ראָל“, וועלכע איז אָן ספק אַ טייל פון זיין האַרץ...

און דער אויסדרוק: „מאָרעווסקי אַליין“ איז געווען גענוג, אַז שטיין זאָל זיך אָנצינדן מיט ווּט און גלוט...

מיין האַרץ און געוויסן איז אין דעם פּרט געווען אַזוי ריין, אַז אין ווילנע, דערפילנדיק אַ פאַרלייכטערונג אין האַלדז, בין איך אַריינגעלאָפן אין גאַרדעראָבע און אַ געשריי געטאָן: „אַליאָשקאַ, אַ סוף צו דיינע יאָרן, איך הייב אָן קריגן אַ קול און וועל שפּילן „אוריאלן“ אַ טאָג איבער אַ טאָג!“...

אַזוי זעט אויס בייזוויליקייט? איך האָב דעמלט נישט געמיינט און מיין איצט נישט!

קיין „געשעעניש“ איז עס נישט געווען! מיר האָבן שוין בפּרטיות דערציילט, אַז איך האָב דעם מאַטעריאַל נישט באַהערשט, איבערן טעקסט — „געשווומען“. אפשר — אין איינצלנע, צעוואָרפענע מאָמענטן ארויסגעבליצט מיט אָפּגעריסענע אַקצענטן, וואָס האָבן געקאָנט מאַכן אַן איינדרוק אויף צושויער, ביי וועלכע איך בין געווען פון פאָרויס אַקרעדיטירט, אָבער קיין רייד וועגן אַ באַדייטנדיקע „נייע“ שעפערישע דערגרייכונג האָט נישט געקאָנט זיין. און קיין יסוד צו „אייפערזוכט“, קנאה, בייזבלוט האָב איך נישט געקאָנט געבן. אפשר, אַפילו — פאַרקערט? אַ געוויסע באַפרידיקונג: „אָט אָ האָט איר — „אים אַליין!“.

אָבער די שנאה קעגן מיר איז געווען אַ פאַרביטערטע און...

לאָמיר הערן ווייטער:

דער ספּעקטאַקל, אין וועלכן איך האָב מיך געזאָלט באַטייליקן, איז פאָרגעשטאַנען אין אַ זונטיק, די ערשטע טעג פּסח. איך האָב געווינט — אפשר נאָר געגעכטיקט יענע עטלעכע טעג, נישט האָבנדיק דערווייל געפונען קיין אייגענע וווינונג? — ביי קאַציזנע, אויף שוויענטאָיערסקע גאַס. אין הויז איז געווען אַ קאָלאָניאַל-קלייט.

אויפשטייענדיק אין דער פרי, האָב איך דערפילט אַזאַ ווייטיק אין גאָרגל און אַבסאָלוטע אַטראָפּירטקייט פון יעדן קלאַנג, אַז באַשליסן זיך דעם אָוונט אויפצוטרעטן האָט מיר אויסגעזען פאַר אַן אומזין. קאַציזנע האָט אויף מיין בקשה אָנגעזאָגט מזאָהן, יענער האָט געענטפערט, אַז איך זאָל פערזענלעך בעטן שטיינען שפּילן אין סדר פון אַ חברישער טובה.

דאָס געשפּרעך אין טעלעפאָן (פון קאָלאָניאַל-קלייטל, וואָס איז צוליב זונטיק געווען געשלאָסן) האָט זיך געצויגן אַ קנאַפּע שעה. איך האָב געבעטן — רחמנות האָבן אויף מיר, ווייל איך בין נישט אימשטאַנד ארויסצוקריגן פון האַלדז קיין דריי שורות, און דעם ספּעקטאַקל דערציען ביזן סוף וועל איך בשום אופן נישט. ער וועט מוזן מיך פאַרבייטן אין מיטן פון אַן אַקט...

— ביי מיין העכסטער אַכטונג צו אייך קאָן איך אייך מיינע שטימבענדער נישט אויסבאָרגן — געדענק איך זיין קאַלאַמבור — און שפּילן אָ נ ש ט אָ ט אייך בין איך נישט מחויב: דער עולם קומט היינט זען אין דער ראָל א יי ד, און איך וויל באין אופן נישט זיין קיין אָביעקט פון עולמס אַנטוישונג.

איך געדענק, אַז נאָכן דריטן אַקט האָט דער עולם געדונערט, און נעמי האָט מיך הינטער די קוליסן געקושט און אויפן קול געוויינט... נאָר אין

מיטן פון פערטן אַקט, בעת דער סצענע מיט „בן=עקיבאָ“, האָט עפּעס געפּלאַצט: היינט וואָלט עס געווען אַ „האַרץ=אָנפאַל“, דעמלט — איך בין אַלט געווען 36 יאָר — איז עס געווען עפּעס אַנדערש, אָבער אויסהאַלטן האָב איך נישט געקאָנט, און אין מיטן מאָנאָלאָג בין איך אַוועקגעפאַלן ווי אין חלשות, מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פאָרהאַנג... נאָך אַ לענגערער הפסקה האָב איך פאַרענדיקט דעם אַקט, דעם ספּעקטאַקל.

אין לאָדזש האָב איך געזאָלט שפּילן אַ טאָג איבער אַ טאָג, אָבער יעדעס מאָל צו מיין ריי פלעגט אויסברעכן אַ שטרייק: דאָ די מוזיקער, דאָ — דער טעכנישער פּערסאָנאַל. איך האָב דעמלט נישט געוווּסט און ווייס היינט נישט — וואָס דאָ האָט געשטעקט: צופאַל? אָדער אָרגאַניזירטע אינטריגע? איך האָב קאַדיסאַגען געמאָלדן, אַז צו ד ע ם ספּעקטאַקל קיין שייכות וויל איך מער נישט האָבן...

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מיין „אַקאָסטאַ“=ליד אין יידישן טעאַטער.



מאָרעווסקי — „אַקאָסטע“ (אין לעצטן אַקט)

## פערטער קאַפּיטל

### עס בליען די בלעטער און — פאַלן פון בוים...

עס איז מיר אָבער באַשערט געווען צו האָבן אין פנקס אַ בלעטל פון דערהויבענער שעפערישער פרייד פאַרן האַלביאָריקן עטאַפּ — פון פעברואַר ביז יולי 1922 — ביי די „ווילנער"... האָט מען נאָך פּסח אויפגעפירט לייוויקס „שמאַטעס". די רעזשי האָט געפירט לייב קאַדיסאָן.

דאָ איז שוין צייט צו פאַרנעמען זיך מיטן פּאָרטרעט פון אָט דעם סצעניש[ן] טוער, וועלכער האָט אין אַלץ, וואָס די „ווילנער טרופּע" האָט באַוויזן פאַר די ערשטע צען יאָר פון איר קיום, באמת דעם „לייבן־טייל" פון אויפטו.

ערשטנס, האָט קאַדיסאָן נישט געהאַט די מידה צו בלענדן די אויגן מיט זייפנבלאָזן; מיט דער באַשיידנקייט פון אַן אמתן פּיקח פלעגט ער קוקן און זען אַלץ, וואָס איז געווען ווערטפול און פלעגט אָן שום פּרעטענזיעס אָפּמערטן יעדן, וואָס האָט מיט זיך עפּעס געקאָנט צוטראָגן צו די ווערטן פון קונסט און באַרייכערן די „טרופּע"... דערביי איז ער אַליין געווען אַ מאָלער און פלעגט מאַכן צו די אויפפירונגען סקיצן. צו ראַפינירטע פאָרמען פלעגט עס נישט דערגרייכן: קיין „טאַלאַנט", קיין „מייסטער" איז ער נישט געווען און האָט נישט פּרעטענדירט אויף קיין טראָן צווישן די תושבים פון „אָלימפּ". ער איז געווען ניכטער און פּראַקטיש, אָבער מיט יענער ניכטערקייט און פּראַקטישקייט, וואָס זענען אין טעאַטער מסוגל צו געבן די שענסטע רעזולטאַטן, אויב — ווידעראַמאָל — זיי זענען איינגעשפּאַנט אין רייטוואָגן פון באַפליגלטער פאַנטאַזיע; אויב זיי זענען אין דינסט פון אידייען...

קאַדיסאָן איז געווען דער פּראַקטישער זייל ביי די „ווילנער" און אויף אים האָט זיך אַלץ געהאַלטן און וואָלט זיך געהאַלטן יאָרצענדליקער.

אָבער אים האָבן נישט אָפּגעשאַצט די מיטגלידער, און די „טרופּע“ פּלעגט כּסדר פּאַרקריכן אין זומפּן — קינסטלעריש, אידעיש, מאָראַליש — ווייל דער צווייטער זייל, מרדכי מזאָה, זכרונו לברכה, איז געווען אויף הונדערט פּראָצענט אַ „געזעלשאַפּטלעכער טוער“: רעזאָלוציע, דעמאָנסטראַציע, אילוסטראַציע, באַנקעט, „קולטור־מאַכונג“. און וואָס טוט זיך אין „קעסל“? וואָס קאָכט זיך: אַרבעט אָדער קראָפּעווע? וועגן דעם האָט ער זיך קיינמאָל נישט געקימערט, ווייל ער האָט אויפן 18־טן יאָר פון דער „טרופּעס קיום וועגן דעם געהאַט נישט מער באַגריף ווי — אין ערשטן יאָר, ווען ער האָט אויסגעבעטן זיין פּאָסטן פון ספּאָרט־אינסטרוקטאָר אויף דער שטעלע פון אַדמיניסטראַטאָר אין „פּאדא“: געשעפטספירונג? אדרבה! און וואָס באַשטייט די פירונג? וואָס איז עס פאַר אַ מין געשעפט?

מיט קרבנגרייטקייט — און פעריאָדן פון הונגער און נויט, מיט דער אויסגעהאַלטנקייט פון אַ קנאי, אַן עקשן, אַ פאַנאַטיקער — האָט ער געשלעפּט דעם וואָגן איבער די שטחים פון גאַנץ אייראָפּע און אָפּגעהיט דאָס פּנים פון ספּעקטאַקל.

אָבער ער האָט נישט געטראַכט וועגן תוכן פון ספּעקטאַקל.

מזאָה האָט מיט ווערדע און אויסהאַלט — רעפּרעזענטירט!

קאַדיסאָן — האָט געאַרבעט, האָט לויט זיינע באַשיידענע אָבער עפעקטיווע כּוחות — געשאַפן.

און אַלס שעפערישער אַרבעטער, איז ער אין טעאַטער געווען פאַרמשפּט אויף זויסטער איינזאַמקייט.

ער האָט מיר אַמאָל אַ זאָג געטאָן, אַז מיין גרעסטער חסרון איז דאָס, וואָס איך בין נישט פעיק צו באַטייליקן זיך אין דעם, וואָס איז אין טעאַטער אומפאַרמיידלעך און רופט זיך: „אינטריגע“.

ער איז געווען אַ חכם מחוכם!

לגבי דעם ענין „אינטריגע“ האָט ער פאַרזעו, אַז אויף מיר שטיצן קיין אינטריגע קאָן מען נישט אַפילו ווען איך שטיי צו צום „געהיימען אָפּמאַך“, ווייל מיין קראַנקער האַלדז האָט מיך געמאַכט פאַר אַ „צעפּוילטן אָנשפּאַר“. דאָס האָט מיר אין אַ געוויסן מאָמענט ערלעך און אָפנהאַרציק געזאָגט מזאה.

— אוי, אברהמעלע, געזונט זאָלסטו מיר זיין! איך וואָלט נאָכגעגעבן אַלע דיינע קאַפּריזן און משוגעתן, בפרט, אַז זיי זענען אומשולדיקע און אומשעדלעכע, אָבער מיטאַמאָל ווערסטו הייזעריק, און איך מוז לויפן

צו דיינע קאָלעגן, פאַלן צו זייערע פיס און בעטן רחמים זיי זאָלן דיך פאַרבייטן... און דו קענסט האָך דיינע קאָלעגן: „גייט צו אייער בן יקיר, צום ווילנער בן־יחיד, און זאָל ער אייך אַרויסהעלפן!“

מזאָהן האָב איך געליבט ווי מען ליבט אַ געגאַרטע שיינהייט; איך פלעג זיין אייפערזיכטיק צו זיין דערפאָלג ביי פרויען, וועלכע פלעגן זיך צו אים קלעפּן, ווי פליגן צו זיסקייטן.

קאַדיסאָגען האָב איך טיף געאַכט, געשעצט, געהאַלטן פאַר דער נשמה און מאַרך פון טעאַטער, און דאָס טעאַטער איז געווען — מיין לעבן.

מיין נישט געלונגענער שריט אין דער ראָל פון „אוריאלן“ האָט מיר געקאָסט געזונט, האָט צעשטערט נישט איין נאַכט מיין שלאָף; די האַנד־לונג פון „קאָלעגן“ — האָט מיר פאַרביטערט וואָכן... איך האָב געטראַכט, אַז אַזוי אַוועקגיין פון דער טרופּע הייסט שוין אויף שטענדיק צעשטערן מיין אָנגעהעריקייט צום טעאַטער.

און דעם פאָרשלאַג צו שפּילן די הויפּטראָל אין לייוויקס פּיעסע, וועלכע איז געגאַנגען מיט אַ שטורמישן בייפאַל אין ניו־יאָרק ביי מאָריס שוואַרץ, האָב איך אויפגענומען ווי אַ רוף צו נייעם אויפשטייג, דער עיקר צוליב דעם, וואָס מיר איז פאָרגעשטאַנען צו דערשיינען בלויז אַלס אַקטיאָר.

„די שמאַטעס“ געהערן לויט מיין אָפּשאַצונג צו די טיפסטע ווערק פון לייוויקס פעדער און זענען לכל הדעות אַ מאַטעריאַל פאַרן שוישפּילער, וואָס אין דער יידישער דראַמאַטורגיע קאָן מען איבערציילן אויף די פינ־גער: אַ קאָלאָסאַלע ראָל!

און דערביי איז דאָס שטיק — ביים אויסערלעכן „לבוש“ פון אַ נאַ־טוראַליסטישן שטייגער־בילד — אַ קאָמפּליצירט פילאָזאָפיש פּראָבלעם: עס הויבט אָן די אידייען פון איבסענס „בראַנדט“; עס שפּילן די מאָטיוון פון „אָדער גאָר אָדער גאָרנישט!“; די צענטראַלע פיגור פון „מרדכי מאזא“ איז טראַגיש אין דער אַבסאָלוטער אומפעיקייט זיך צוצופּאַסן צו דעם, וואָס איז נישט אין איינקלאַנג מיט זיינע מאָראַלישע און פסיכאָ־לאָגישע מאָדוס וויוועגדים.

איך געדענק, אַז אויף דער לעצטער פּראָבע האָט מיר קאַדיסאָן גע־זאָגט, אַז איך שפּיל דעם אַלטן פון דימאָווס „שמע ישראל“, און זע נישט און באַווייז נישט די וווּנדערבאַרע ניואַנסן פון לייוויקס ווערק.

אָבער קאָנקרעט — אין וואָס באַשטייען די ראָזיקע ניואַנסן? — האָב איך נישט דערהערט...

און דאָ האָט זיך איבערגעחזרט דאָס, וואָס איך האָב אין מיין שוישפּילערישער פּראַקטיק שוין אָפּט געהאַט איבערגעלעבט: איך בין געשוואומען „אָן אַ רודער און אָן זעגלען“ ווי אויף „גאָטס באַראָט“ — ביז איך האָב דערפילט אַן אומגעריכטן דעטאַל, אַן אָנדייטונג, אַ „ווינק“ — און פון יענער מינוט אָנגעהויבן וואַקסן.

אין דעם פאַל איז עס געשען, בעת איך האָב אָנגעטאָן דעם „שבתדיקן מלבוש“ — אַ שוואַרצער ראָק... די פיגור האָט זיך אַזוי ווי אויסגעצויגן אין דער הייך, דער קאָפּ האָט באַקומען אַן אויסדרוק כמו פון באַליידיקטער גאווה, און איך ווייס נישט פאַרוואָס איך האָב אומגעריכט געמאַכט אויף דער קלאַפּע מיט דער לינקער האַנט אַזאַ באַוועגונג, ווי אַראָפּטרייסלענדיק פון דער קלאַפּע עפּעס שיריים פון עסנוואַרג: אַזאַ מין מענטש — אַ „צוכט“, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין צופעליקן זייטיקן ברעקל אויף זיך... און די געשטאַלט איז געבוירן געוואָרן... און די ראָל האָט געהערט צו מיינע גרעסטע דערגרייכונגען פאַרן גאַנצן לעבן...

איך האָב ווידער געפייערט איינעם פון מיינע גרויסע עטאַפּן. דערפילט האָב איך עס באַזונדער שאַרף און בולט — אין לעמבערג, וווהין די „טרופּע“ איז ווידער געקומען אויף זומער. דאָס מאָל האָב איך שוין געשפּילט דעם „צדיק“ (אַלע מיינע ענדערונגען זענען אָנגענומען געוואָרן אָן שום דינגעניש), און מיין מיטבאַטייליקונג אין אַנסאַמבל, נאָך דעם ווי מיט אַ יאָר צוריק בין איך נישט געווען, האָבן באַשאַפן אַן אַטמאָספער פון וואַרעמקייט, וועלכע איך האָב געפילט און וועלכע מיר איז געווען אַ קוואַל פון פרייד און גענוס.

דער עיקר אין יענע טעג איז געווען דער דערפאָלג פון „די שמאַטעס“. הענריק העשעלעס האָט אין דער „כווילאַ“ אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר אַ מוסטער פון קריטישן אַנאַליז פון אַן אַקטיאָרישער לייסטונג... מזאה איז אַרומגעגאַנגען אַ צעשטראַלטער. צווישן פּוילישע צושויער און אַקטיאָרן האָט ער דערהערט שבחים פאַרן ספּעקטאַקל און מיך... ס'איז געווען — „ליהודים!“.

מיינע התחייבותן לגבי דוד הורוויטשן האָבן מיך גערופן קיין בערלין. איך האָב פריער מיט אַ יאָר באַקומען לאַנגע חדשים געהאַלט פאַרן „זיצן און וואַרטן“. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אינטענסיווע געשפּרעכן וועגן פילם און איך בין פשוט נישט געווען באַרעכטיקט זיך צוריקצוציען פון אָפּמאַך מיט הורוויטשן און האָב איינגעשטימט אויף דריי חדשים צו קומען קיין בערלין... די אָנפירונג פון טעאַטער איז געווען קעגן מיין פאַרלאָזן די

„טרופע“. די „שמאטעס“ זענען אראָפּגענומען געוואָרן פון אַפּיש אין רעכטן „ברעג“ פון דערפאָלג, און מיין אַוועקפאָרן האָט גורם געווען פאָלגן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר „פּאַטאַלע“ און דערפירט צו אַן ענדגילטיקן ריס צווישן מיר מיט דער „טרופע“.

אַנטוויקלט האָבן זיך די געשעענישן בזה האופן:

אַרום ימים־נוראים — אַ חדשים צוויי לערך נאָך מיין אַוועקפאָרן קיין בערלין — האָב איך דערהערט, אַז די „טרופע“ פאָרט אויף גאַסטראָלן קיין ווין... איך געדענק לחלוטין נישט די פּרטים וועגן מיינע קאָנטאַקטן מיט דער „טרופע“ אין יענע חדשים... איך געדענק, אַז איך בין אַרומגעגאַנגען איבער בערלין אַ צעפלאָגטער, געציילט די טעג, די שעהן, נישט געוווסט וואָס צו טאָן, כדי מיין קאָנטאַקט מיטן טעאַטער זאָל זיך באַנייען. שרייבן, „בעטן“ — האָב איך געהאַלטן פאַר צוועקלאָז, ווייל מען וואָלט מיר אַרויסגעוואָרפן אַ שטריק אויפן האַלדז, איך וואָלט געמוזט קומען ווי אַ „בעל־תשובה“, און דאָס איז פאַר מיר בכלל נישט קיין „מאָדוס וויוועגדי“...

אין אַ העלן פרימאָרגן קריג איך פון מזאָהן אַ בריוו, אַז איך זאָל תיכף אַרויספאָרן קיין ווין, ווייל אין דער ערשטער פאָרשטעלונג איז מיין אָנטייל דורכויס געוונטשן: מען הויבט אָן מיטן „דיבוק“. ער וואָרנט מיך, אַז פאַר אונטערהאַנדלונגען, אפילו טעלעגראַפישע, איז קיין צייט נישטאָ און בעט בלויז טעלעגראַפירן, וועלכן טאָג ער זאָל אָפּוואַרטן.

איך האָב געענטפערט, אַז איך פאָר אַרויס מאָרגן, ווייל די וויזעס — פון דייטשלאַנד קיין עסטרייך — פאָדערן דאָך אַ טאָג לפחות...

פון דעם מאָמענט וועט מיין דערציילונג פליסן אין טעמפּ פון אַ שנעלצוג: קיין שילדערונגען און אויפקלערונגען זענען דאָ נישט נויטיק. זאָלן רעדן פאַקטן.

מזאָה האָט מיך געטראָפן אויפן באַן אין פולער פאַרצווייפלונג: דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט אויף פיר שעה... עס איז פאַרבליבן אַ קנאַפּע צוויי שעה ביז דער פאָרשטעלונג. דאָס טעאַטער איז אויספאַרקויפט ביזן לעצטן פלאַץ; די שטימונג אַ דערהויבענע, און ער בעט מיך „רחמנות האָבן“ און נישט צעשטערן דעם יום־טוב.

מיר זענען געפאָרן פון באַנהאָף מיטן טראַמוויי און גערעדט שטילערהייט. איך האָב אים אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט חידוש: פאַרוואָס דאַרף איך „שטערן דעם יום טוב?“

— אויף קיין זיצונג און דיסקוסיע איז שוין איצט נישטאָ קיין צייט. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן שפּילן די פאָרשטעלונג אין דריי אַקטן!

נישט וואַרטנדיק קיין רגע אויף מיין ענטפער, האָט ער איילנדיק צו־געגעבן:

— אַלע אַנדערע ענדערונגען ביז קלענסטן פּרט זענען אָנגענומען געוואָרן; נאָר קיין הפסקה צווישן די אַקטן וועט נישט זיין...

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— וואוהין גייסטו?

— איך פאָר מיטן ערשטן צוג צוריק!

— משוגענער! דו דאַרפסט דאָך דערצו האָבן אַ וויזע!

איך האָב קיין צוויי פּרוטות מזומנים אויך נישט געהאַט... און... מיין פּאַס בעצם איז יענעם טאָג אויסגעגאַנגען: ער האָט געמוזט אין פּוילישן קאָנסולאַט באַנייט ווערן!

אַ דערשלאָגענער בין איך אַריין אין צוגעגרייטן צימער פון האָטעל. די מינוטן זענען געלאָפן. מזאָה האָט געמוזט זיין אין טעאַטער מאַכן די לעצטע פאָרבאַרייטונגען צו דער פּרעמיערע. אָבער ער איז געווען ווי געליימט...

— איז וואָס־זשע, מאָרעווסקי? דו וועסט דאָך נישט אַראָפּרייסן די פּרעמיערע און מאַכן אַלעמען צו שאַנד און שפּאָט! דער עולם וואַרט אויף דיר אין „צדיק“!

— איך וועל דעם „דיבוק“ אין ד ר יי אַקטן נישט שפּילן! און, אויב דו וועסט נאָך איין וואָרט אַרויסרעדן וועגן דעם, וועסטו מיך דער־פירן צו אַ פאַרברעך! הער אויף מיך צו פּייניקן!

ער איז אַוועק.

אַ פּרט: קומענדיק פון באַן, זענען מיר פאַרן האָטעל אַריין אין טעאַ־טער. (די „ראָלאַנד־בינע“ — אַן אָרעם טעאַטערל, נישט ווייט פון דער „היאַנאַ־באַד“) און דער ערשטער מענטש, וועלכן איך האָב דערזען אין וועסטיבול איז געווען — הירש פּינסקי. מזאה האָט מיך אים פאָרגעשטעלט... איך, דערהערנדיק דעם נאָמען: „פּינסקי“, האָב זיך געוואָרפן אים קושן און האַלדזן. ער האָט עס אויפגענומען, ווי אַן אויסדרוק פון פאַרשטענדלעכער פאַרערונג מצד אַן אַקטיאָר פאַר דעם באַרימטן מחבר פון „יעקל שמיד“. אַזוי איז עס באמת געווען. אָבער איך האָב פון אים נישט דערפילט קיין סימן באַציונג צו דעם אַקטיאָר.

די מעשה איז, וואָס וועגן מיין קומען (אָדער נישט־קומען) האָט די לייטונג פון דער „טרופּע“ אויסגעמיטן צו לאָזן פאַלן אַן איבעריקן וואָרט. איך האָב שפּעטער זיך דערוווּסט וועגן „פּיקאַנטע“ פּרטים, וועלכע האָ קאָנען נישט געבראַכט ווערן, ווייל — ווי אָפט שוין באַטאָנט — איך דער־צייל דאָך נאָר אַזעלכעס, וואָס איך האָב בעצמי בייגעוווינט... איך ווייס נאָר, אַז, נישט האָבנדיק די זיכערקייט, אַז איך וועל אויפטרעטן, האָט מען וועגן מיר אויסגעמיטן צו רעדן עפנטלעך. אין לעצטן מאָמענט וואָלט מען געמאָלדן, אַז — „קראַנק געוואָרן, געליימט, געחלשט“. לעת עתה האָט מען געשוויגן.

ווי אַן אַנעקדאָט זעט אויס אַן עפּיזאָדע, וואָס מיר איז דערציילט געוואָרן מן הצד. יענעם זומער האָב איך פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „דער חודש“ אַן אַרטיקל וועגן רעזשי־פּראָבלעמען... אַז „די טרופּע“ איז אָנגעקומען קיין ווין, איז געקומען אַ גרופּע סטודענטן מיט בלומען — פאַרן מחבר פון אַרטיקל אין „חודש“.

דעם קראַנץ זאָל האָבן צוגענומען לייב קאַדיסאָן, האָבנדיק לגמרי פאַרשוויגן, אַז דער „מחבר“ איז נישט געקומען.

און מען האָט נישט געוווּסט, צי וועט ער קומען און, אַז ער איז געקומען, האָט מען 15 מינוט פאַרן אָנהייב נישט געוווּסט, צי וועט ער אויפטרעטן.

נאָך מזאָהם פאַרלאָזן מיין האָטעל־צימער האָט זיך צו מיר געמאָלדן גח גאָכבוש. צו באַשרייבן דעם וויזיט און דעם „שמועס“ דאַרף מען האָבן פעדערן, פּענזלען און פאַרבן פון עטלעכע גדולים, שלום־עליכם׳ס פאָלקס־טימלעכקייט, פּרץ׳עס פּאַטאָס, מאַרק שאַגאַלס פאַנטאַזיע און הומאָר... ער האָט געשריען, געליאַרעמט, געפּלאַקערט, געטענה׳ט, אַז איך פאַרגיס האָט בלוט פון דער גאַנצער „טרופּע“ און שפּיי אין פּנים „גאַנץ ווין“, צאָלנדיק מיט פאַראַכטונג און פאַרנישטיקונג פאַר דער האַרציקער, פייער־לעכער אויפנאַמע, וואָס די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ האָט אַזוי בולט און פריידיק אַרויסגעוויזן אונדזער טעאַטער...

— און דו מאַכסט מיט דיין עקשנות אַלץ צו־נישט! ווישסט אָפּ מיט איין פינגער דעם גאַנצן „פּאַראַד“! ווילסט באַווייזן, אַז דיין אייג־ציקער קער מיטן רוקן מאַכט פון אַלץ און אַלעמען — חוזק, אַש און בלאָטע.

זאָל מיר אַזוי קיין בייז נישט געשען ביז מיין לעצטער שעה, ווי איך האָב נישט אין קלענסטן מאָס באַגריפן, וואָס ער האָט פון מיר געוואָלט...

איך זאָל שפּילן „עזראַלקען“ קלאָר! אָבער פאַרוואָס איז פון מיין זייט — „שפיכת דמים“, אויב איך וועל נישט שפּילן! און ווי אַזוי „שפּיי איך“ אין פּנים אַריין — גאַנץ ווין?“

עפּעס איז מיר קלאָר געוואָרן אין גאַנג פון די פאַרשטעלונגען, אָבער דאָס איז אויך נישט קיין טעמע פאַר מיינע זכרונות.

דער זייגער איז געווען אַ מינוט 10 פאַר 8...

— איך גיי זיך גרימירן — האָט נאַכבוש געמאָלדן, זיצנדיק אַן אויסגעשעפּטער, און האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

עס איז אַריינגעקומען מזאָה.

— וואָס זיצסטו דאָ? — האָט ער אויסגעגלאָצט די אויגן אויף נאַכבושן — מען האָט שוין געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל. אין 10 מינוט אַרום הויבט מען דעם פאָרהאַנג.

נאַכבוש איז ווי אַ פייל אַנטלאָפן. די טיר האָט ער פאַרקלאַפּט אַזוי, ווי אַ דונערדיקע קללה וואָלט אויסגעפּילט דעם חדר.

— די פּראָגראַמען האָבן מיר אַרויסגעלאָזט מיט דיין נאָמען, מאָזרעוויטסקי, אויב דו וועסט אין 15 — 20 מינוט זיך נישט מעלדן, וועט זיך גרימירן קאָוואַלסקי, און פאַרן דריטן אַקט וועט מען דעם עולם פון דער בינע זאָגן, אַז דו ביסט קראַנק.

— נאָר דו קאָנסט פאַר דער האַלבער שעה באַטראַכטן און באַגרייפן וואָס פאַר אַן עוולה דו טוסט דער „טרופּע“, דעם ווינער עולם און — זיך אַליין. אויב דו וועסט קומען בעתן צווייטן אַקט, וועט קאָוואַלסקי אָפּווישן דעם גרים און — אָפּטרעטן פאַר דיר. דאָס וועט זיין אַ טאָפּלטע שפיכת דמים לגבי דעם איידעלן ליבן חבר... אפשר וועסטו פאַר דעם אָפּטרעטן און פּאַסן תיכף דעם פּאָזיטיוון באַשלוס?

דאַן וואָלט קאָוואַלסקי זיך נישט אָנגעהויבן גרימירן.

איך בין געזעסן פאַרזונקען אין תהום פון ספקות און יסורים.

— שפּילן די 2 מאָטיוון — לעבן און טויט — אָן אַ הפסקה וועל איך נישט!

מזאָה איז אַוועק צו דער טיר.

— וואַרט!

— אויב דער באַשלוס גישט צו געבן דעם פאַרהאַנג נאָך „דער חתן וועט קומען באַצייטנס!" איז אָנגעקומען אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג — האָב איך אָנגעהויבן...

— עס איז גישט צייט צו רעדן וועגן דעם. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג איז נאָר אַ תירוץ.

— הער אוים קוריץ! נאָך דער פראַזע ווערט פינצטער אויף דער בינע און הינטער די קוליסן. איז פולער אפּלה פאַרציט מען דעם פאַרהאַנג. ביים ליכט פון איין לעמפּל טוען אַלע, וואָס שפּילן די דין תורה אָן די קיטלען און פאַרנעמען די ערטער ביים טיש. דאַן אין פולער אפּלה עפנט מען דעם פאַרהאַנג און מען באַלויכט די בינע ווי צום אָנהויב פערטן אַקט. און דאַן —

— מיכאל, נעם מיין שטעקן!

— אויב דו וועסט אַזוי פאַראָרדענען, קום איך שוין אין טעאַטער. אָבער, איך וואָרן דיך: זאָלסט מיך גישט אַרייננאַרן אין זאַק!

— אויב נאָך דעם משולח׳ס פראַזע וועט נישט ווערן פינצטער, וועל איך אויף דער בינע אַראָפּנעמען די באָרד און אַוועקגיין!

ער האָט געכאַפּט מיין האַנט.

— לאַנגע יאָרן זאָלסטו האָבן! אַזוי וועט זיין, ווי דו האָסט דאָ געזאָגט.

דער ספּעקטאַקל איז דורך בשלום. וועגן זיך וועל איך נאָך זאָגן אויף דעם אָרט, אַז ה י י נ ט וואָלט דאָס האַרץ בשום אופן נישט אויסגעהאַלטן די אויפרעגונג פון יענע עטלעכע שעה — פון באַן־הויף ביז „ברוך דיין אמת" און די קלאַנגען פון „מחמת וואָס" ביים לעצטן פאָרהאַנג.

ווי אַזוי דער עולם האָט אויפגענומען דעם ספּעקטאַקל — דאָס לאָז איך אויך איבער דעם לייענער אָן שילדערונג פון מיין זייט. אָבער מיין גדולה נאָכן ספּעקטאַקל איז געווען — דוד פינסקי!

די היציקייט, מיט וועלכער איך האָב אים באַגריסט אין וועסטיבול פון טעאַטער מיט פיר שעה צוריק איז געווען —„גלייכגילט" און „קאַלטבלוטיקייט" לגבי דעם, וואָס מיט אים האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען ער איז אַריינגעלאָפן אין גאַרדעראָבע...

דאָ קומט ווידער אַ „העכסט אינטערעסאַנטער" פּרט.

היות די גאַרדעראָבע איז געווען אַ קליינע, און אַלע אָנטיילגעמער האָבן פאַרנומען די פּלעצער פון אָנהויב אָן, איז פּ אַ ר „ע ז ר י א ל־ ק ע ן“ ק יי ן פּ ל אַ ץ נ י ש ט ג ע ו ו ע ן...

צום גליק איז אין ווינקל געשטאַנען אַ ט ו ן... אַ ליידיקע טון אָן אַ צודעק פון אויבן. אויפן ראַנד פון אָט דער טון בין איך געזעסן, זיך גרימירט, קוקנדיק אין אַן אָפּגעבראָכן שטיקל שפּיגל־גלאָז. דאָ האָט מיך געטראָפן פּינסקי. פון דאַנען האָב איך אין עטלעכע טעג אַרום באַגריסט מאַקס ריינהאַרטן.

דעם עפּיזאָד אַ ביסל בפּרטיות.

אין אָנהייב פאָרשטעלונג האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אין זאַל זיצט מאַקס ריינהאַרט. דערביי האָט ער געוואָרנט מזאה'ן, אַז היינט וועט ער קוקן בלויז צוויי אַקטן און נאָכן צווייטן אַקט זיך גענומען געזעגענען, אויסדריקנדיק „בראַוואָ“.

מזאה האָט אים געזאָגט, אַז אין דריטן אַקט טרעט אויף נאָך אַ שוישפּילער... ריינהאַרדט האָט זיך פאַראינטערעסירט און געבעטן אים דערלויבן זיצן האַרט ביים אַרויסגאַנג, כדי ער זאָל נאָך דער ערשטער סצענע קאָנען אַוועקגיין (ער האָט אַ וויכטיקע זיצונג...)

מזאה האָט מודיע געווען אין גאַרדעראָבע, אַז... ריינהאַרדט איז געבליבן צום דריטן אַקט...

מיר האָבן געשפּילט... אין די קוליסן זענען געשטאַנען די אָנטיילגעמער און געקוקט „עזריאלקעס“ סצענעס... דאָס פלעגט מיך שטענדיק אַריינברענגען אין מצב פון איבערערדישער באַגייסטערונג... איך האָב יענעם אָוונט געשפּילט „פאַר ריינהאַרדטן“, „פאַר בולאָוון“, „פאַר וויסליצן“, „פאַר נח'ן“, פאַרן כביכול, פאַר זיך, „פאַר דער אייביקייט“.... „פאַרשפּילט“! „ברוך דיין אמת“, „מהמת וואָס“!

איך בין אַוועק אין דער גאַרדעראָבע... זיך אוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון מיין טון... אַראָפּגענומען מיין באָרד... און — ווי מיין שטייגער איז — געבליבן זיצן און אָנגעהויבן — „קומען צו זיך“, אַרויסשוועבן פון יע נ ע ם קיום... זיך אָפּקילן, זיך אויסלעשן, אויסמונטערן, קריגן מיין אָרט — אין אַ ר ו ם.

פּליט אַריין מזאה —

— „פּראָפעסאָר ריינהאַרדט גייט אַהער!“

און תיכף באַווייזט זיך אין טיר — ב ע ע ר ה אָ פּ מ אַ ן, דער באַרימטער דראַמאַטורג, מחבר פון דעמלטיקן שלאַגער אין „בורג־טעאַ־

טער" („גראַף פון שאַראָלע", ווו ריינהאַרדט האָט געשפּילט דעם „ראָטן איציק", די ראָל, וואָס האָט אים געפירט צום אָנהייב פון זיין גרויסן רום, ווי שפּעטער אין גאָרקים — „נאַכט-אַזיל" — „לוקאַ").

בעער האָפמאַן האָט געזאָגט: „גוטן אַבענד „מיינע הערשאַפטן" און האָט זיך אומגעדרייט צוריק צום טרעפּ, ברייט עפענענדיק די שמאָלע טירלעך:

— פאַרזיכט הער פּראָפעסאָר! די שטופן זינד אומזיכער אונד שלעכט בעלויכטעט.

אין טיר האָט זיך באַוויזן מאַקס ריינהאַרדט!

אַלע זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע בענקלעך, איך ביי מיין טון בין האַלב-געשטאַנען און פאַרשפּאַרט אויפצושפּרינגען.

עס איז אַריינגעטראָטן אַ לאַנגע, פּיינלעכע פּויזע: קיינער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

איך האָב געשוויגן, ווייל דער געדאַנק, אַז זיי אַרום זענען אויף מיר אש להבה פאַר דעם, וואָס איך „טייל זיך" כסדר אוים פון „כל הנערים" האָט מיך געבונדן.

אָבער נאָך עטלעכע מינוט שווייגן האָט עס אויסגעזען ווי אַ „קאַטאַסטראָפע", איך האָב אומדרייסט אַרויסגעפּליסטערט:

— הער פּראָפעסאָר, וויר שווייגן, ניכט וויל ווירר ניכטס צו זאַגן האָבן, זאָנדערן, וויל ווירר אין איר געגענוואַרט ניכט רעדן דירפן...

— יאַ... האָט ער מיט אַ שמייכל געענטפערט... זעהר ליבנסווירדיק, אַבער... ווער האָט דען גרייז געשפּילט?

בלית ברירה האָב איך געמוזט ענטפערן, אָבער אָנשטאָט צו זאָגן „איך", האָב איך אויפגעהויבן די באָרד, וואָס כ'האָב געהאַלטן אין האַנט...

ער איז צוגעגאַנגען, האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט, לאַנג מיך אָנגעקוקט און שטיל אַרויסגערעדט:

— הער מאָרעווסקי! צוועלף יאַהרע האַב איך אים טעאַטער ניכט ערלעבט, וואַס זי הויטע געלייסטעט האַבען... דאַס קאַן איך קאַאום יע פאַרגעסן...

נאָך דעם האָט מיר בעער האָפמאַן, ביי וועלכן איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע שעה, דערציילט, אַז ריינהאַרדט האָט אים געזאָגט... אָבער דאָס קאָן איך אויך בשום אופן נישט ברענגען. עס איז נאָך פאַרבליבן אין

האַרצן און האָט געטרייסט און דערמוטיקט נישט איין מאָל — אויף די גליטשיקע וועגן אין די פינצטערע ווינקלען.

---

און אין רעכטן בלי פון צעגרינטן בוים, בעת איך האָב די „טרופּע" געפילט אין האַרצן, געטראָגן אויף מיין געמיט, בין איך פון דאָזיקן בוים אָפּגעריסן געוואָרן און געבליבן לעבן צווישן די צעפּוילטע בלעטער פון טיפן, פייכטן האַרבסט...

מען איז צוגעטראָטן צו דער באַנייונג פון „אַקאַסטאַ" און „די פּעטש". היות פון „אַקאַסטאַ" — ווי בפּרטיות איז שוין דערציילט געוואָרן — האָב איך רעזיגנירט נאָך מיט 9 חדשים צוריק, האָב איך איצט פאַרגעלייגט, אַז שטיין זאָל שפּילן „אוריאַל'ן" און איך — „דערן".

שטיין האָט געפאָדערט ביידע ראָלן.

איך בין נישט איינגעגאַנגען און בין אַרויסגעפאַלן פון ביידע אויפפירונגען... אַלץ — די קראַנקע האַלדז, מזאה איז געצוווּנגען נאָכצוקומען אַלע ווונטשן פון די „געזונטע העלדזער".

ביז אַהער איז אַלץ — כדרך הטבע: ליכט איז העל, שאָטן איז טונקל, הערצער זענען וואַקלדיק, געוויסנס — גליטשיק.

וויפל געזונט, כוחות, טרערן איך האָב אַריינגעטאָן אין די צוויי אויפפירונגען! — ווער עס געדענקט, דער ווייס עס. ווידער אַ מאָל עס שילדערן, איז דאָ נישט מיין כוונה.

גרייט מען „אוריאַל'ן" און „דער'ן" — אָן מיר!

זיץ איך אין „קאַנצעלאַריע" — אַ 2-מעטערדיקע שטייג הינטער דער קאַסע. אויפן טיש ליגן 2 רעזשיסור-עקזעמפּלאַרן [?] — ווירינגעס פון ביידע אויפפירונגען. מזאה פּרישט זיי אָפּ, קלעפּט, ווישט דעם שטויב. און — ענטפּערט צעשטרייט אויף פראַגעס. און איך זיץ און — קוק זיך צו.

זע איך: ער רייסט אַראָפּ מיין פּאַטאָ פון אוריאַל'ן און קלעפּט אַריין דעם, וואָס שפּילט...

איז מה רעש? יענער שפּילט דאָך!...

גיב איך אַ זאָג: „לכל הפּחות וועל איך דאָך קאָנען איינהייצן מיין אויוון. איך האָב אַ קאַלט צימער! און טאַנטיעם פאַר די איבערזעצונגען איז אַ גרויסע זאַך"...

זאָגט ער צו מיר מיט אַ קרומען שמייכל:

— טאַנטיעם איז אַ „גאָט־זאַך“; אַז מען האָט צאָלט מען, אַז נישט, איז עס אַ חוב אָן אַ טערמין.

פון צעבליטן בוים איז דאָס גרינגע בלאַט צו פייכטער ערד אַראָפּגעפאַלן.

מיינע קאַפּיטלעך „ווילנער טרופּע“, זייערע דפים מיט מאָרעוושקין — זענען אַרויסגעריסן פון פּנקס.

אין 5 יאָר אַרום האָב איך מיט זיי ווידער געשפּילט. אין יעקב פּרעגערס „נסיון“ אונטער דוד הערמאַנס רעזשי.

אָבער — דער גילדענער שטול איז קיין שטול נישט געווען, די פּאַנטאָפּעלעך קיין פּאַנטאָפּעלעך: פון מיינע „ווילנער“ איז געבליבן אַ זכר.

מער ווי איין אויפפירונג האָב איך נישט מיטגעמאַכט. אַ חודש צייט לערך.



אויפן פּלאַקאַט אַרויף



פון פּלאַקאַט אַראָפּ

# פינפטער קאַפּיטל

## דיסטאַנצן

אין ווין נאָכן ענדגילטיקן איבעררייס מיט דער „ווילנער טרופּע“ בין איך געזעסן, ווי ווייט איך געדענק, אַן אָנדערטהאַלבן חדשים. דאָס זענען געווען וואָכן אָנגעלאָדענע און איבערגעלאָדענע מיט רייכע איבערלעבונגען. אָבער איך בין געווען אַנטוישט און פאַרצווייפלט פון שווערן באַוווסטזיין, אַז איך האָב ניט — און וועל קיינמאָל ניט געפינען — אין יידישן באָדן קיין אָרט, אין וועלכן איך זאָל קאָנען לאָזן טיפערע וואָרצלען און קריגן פאַר זיך אַ „תיקון“, אַ שטענדיקן „זיצאָרט“, אַ געצעלט צו לעבן און שאַפן...

איך ווייס היינט שוין דאָס, וואָס צו יענער צייט — מיט קנאַפּע 40 יאָר צוריק — האָב איך ניט געוווסט: אַז איך בין אַ „שווערער מענטש“; אַז מיט מיר איז שווער „אויסצוקומען“... איך האָב קיינעם פון די אַרומיקע קיין שום שלעכטס ניט געטאָן, און די שנאה קעגן מיר, וואָס האָט געפונען אַזאַ שאַרפן אויסדרוק מצד געוויסע יחידים ביי די „ווילנער“, איז געווען אַ פועל יוצא — ניט פון מיינע מעשים, נאָר פון זייער באַציונג צו מיר...

איך וויל מיר דאָ דערלויבן צו פאַרנאָטירן צוויי פּרטים: בעת די פּראָבן פון „דיבוק“, ווען איך פלעג אָפט פאַרלירן דאָס געדולד (אויפן ערשטן עטאַפּ, ווי באַשריבן) און מאַכן „גוואַלדן“, האָט דוד הערמאַן, אויסהערנדיק אַמאָל מיינע צו־הילכיקע טענות און אַטאַקעס, באַמערקט: „ער געהער צו יענעם מין משוגעים, וואָס אויף אַלעמען אַרום שרייען זיי בלויז און ביילן פויסטן מיט שוים אויף די ליפּן. אין דער וואַנט שלאָגן זיי דעם אייגענעם קאָפּ און בייסן טוען זיי זייערע אייגענע פינגער — שעדלעך איז עס ניט!“

און מאָרים שוואַרץ, עליו השלום, האָט מיר אין אַ בריוו, וואָס איז מיר אָנגעקומען סאַמע ערב דעם צווייטן וועלט־קריג, באַמערקט, אַז ביי אַלע מיינע (צאָלרייכע?) חסרונות, שטייגן מיינע מעלות אַריבער מיינע חסרונות...

דאָס ברענג איך דאָ נישט לשם „רעקלאַמע“, נאָר אַלס באַווייז, אַז, זיצנדיק אין סוף 1922 יאָר אין ווין אין אַ שלעכט באַהייצטן צימערל הינ־טער דער שטאָט מיט זייער באַגרענעצטע מיטלען צום לעבן און פאָרשנדיק מיט וויטיק און פאַרדראָס די סיבות פון מיין וויסטער איינזאַמקייט און פאַרוואָגלטקייט, האָב איך בהן שלי נישט געקאָנט געפינען קיין מינדעסטע שפור פון שולד אין מיינע מעשים קעגן דער „טרופע“ און קעגן וועלכן עס איז יחיד...

איך בין געווען דערדריקט און האָב שווער ביטער געליטן. אַ פאָר מאָל האָט מיך באַזוכט יהודית לאַרעס. געפינענדיק מיך אין אויבערבגד, איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע (עס זענען געשטאַנען שטאַרקע פרעסט, און דאָס צימער פלעג איך הייצן יעדן צווייטן טאָג), האָט זי פאַרבראָכן די הענט, זיך צעוויינט און גענומען אַריינטענהן, אַז איך זאָל „רחמנות האָבן אויף זיך“ און „נישט זיין קיין עקשן“, אָבער דאָ איז נישט געגאַנגען אין מיין „עקשנות“ און אין מיינע „הסכמות“ אָפצוטרעטן פאַר וועלכע נישט איז פאָדערונגען. דאָ איז געגאַנגען אין דעם, וואָס די סביבה, די אַטמאָס־פער, די עצם אַרטיסטישע וועלט אויף דער יידישער גאַס איז געווען פאַר מיר פרעמד און נישט אָננעמבאַר. איך האָב אַרום און אַרום געזען פאַקטן און דערשיינונגען — אָדער פון מסחר, אָדער פון קליינקעפלדיקע אַמביציעס, פון „קולטורמאַכונג“: באַנקעטן, רעזאָלוציעס, לויב־געזאַנגען, ביי וועלכע די ווערטן פון קונסט האָבן קיין שום באַטייט נישט געהאַט און פאַר וועלכע קיינער האָט זיך נישט געקימערט...

מיין אויפגאַבע און פליכטן פאַר דער זאַך פון יידישער קונסט, וועל־כע איז פון סוף 1918 יאָר, אין גייסטיקער און שעפערישער צונויפפלעכ־טונג מיט ווייטערן, געוואָרן מיין לעבנס־אויפגאַבע און איז מיט אַנ־סקים דערנעענטערונג פאַר די חדשים אין וואַרשע 1920 געוואָרן דער אינהאַלט פון מיינע טעג, נעכט, געפילן און געוויסן —

דאָס איז איצט געלעגן אין שניי און קעלט: אַוועק, און וועט זיך נישט אומקערן!

געוויסע מענטשן טראַכטן אין אַזעלכע צושטאַנדן — וועגן זעלבסט־מאָרד...

דערפון בין איך ווייט געווען, אָבער אַז מיין לעבן האָט זיך גענע־דיקט און איך האָב נישט פאַר זיך קיין שום צוקונפט, קיין שום אויס־זיכט, קיין שום ווייטערדיקן וועג פאַר מיינע כוחות און שטרעבונגען — דאָס איז מיר געווען אומדיסקוטאַבל קלאָר...

איך האָב געהאַט אין ווין אַ צווייי, דריי פאַמיליעס, וואָס האָבן מיר אַרויסגעוויזן וואַרעמע פריינדשאַפט. דאָ מוז איך אויפן ערשטן פלאַץ דער־מאָנען די גאַסטפריינדלעכע פאַמיליע פ אַ ז י ו נ ג. ער איז געווען אַ לערער פון מוזיק (אַזוי געדענקט זיך מיר). אַ טיפיש־ווינער ספּאָרטס־מען פון פראַנץ־יאָזעפס פעריאָד, הגם ער האָט געטראָגן נישט קיין באַקנ־באַרדן, נאָר געכאַלעמטע וואָנצעס אַ־לאַ־ווילהעלם. צו מיר האָט ער זיך גע־מאָלדן באַלד נאָכן ערשטן ספּעקטאַקל, און אין זיין אָפּשאַצונג פון דעם, וואָס ער האָט געזען און וואָס אים איז געפעלן און ווי אַזוי ער האָט אויפגענומען און זיך וועגן דעם אַרויסגעזאָגט — האָב איך דערפילט די „לופט" פון אַלטן „ב ו ר ג ט ע אַ ט ע ר", און זיך דורכגענומען מיט טיפער ערפורכט צו זיין יעדן וואָרט. ער האָט געהאַט אַ פרוי, אַ ווי־נער דאַמע מיט אַלע רייצן און שאַרם, וואָס האָט מיך פון ערשטן אַריבער־טרעטן זייער שוועל ממש באַצויבערט. ביי זיי פלעג איך אָפּזיצן גאַנצע טעג און אָוונטן, נישט איינמאָל פאַרבליבן אויף נאַכטלעגער.

אַן אָנדענק פון ביישפּיללאָזער גאַסטפריינדשאַפט איז מיר פאַרבליבן פון באַזוך ביים שוין דערמאָנטן דראַמאַטורג ב ע ע ר ה אָ פ מ אַ ן. אַז איך בין צוגעפאָרן צו זיין הויז, האָב איך דערזען איבער זיין אַריינ־גאַנגס־טיר פ ו נ ד ר ו י ס ן —אַ...מ ג ן ד ו ד. און אויף מיין פאַר־חידושטער פראַגע וואָס דאָס באַטייט, האָט ער אָן שום סימן פון פאָזע אָדער אַפעקטאַציע מיט ווינער גוטמוטיקייט געענטפערט:

— אַבער עס ווירד דאָך איינמאַל אַאוסברעכן! דאַ מיסן דאָך די לויטע וויסן וואַ זי אַנצופאַנגען האַבן...

ער האָט געמיינט די פּלינדערונגען און רציחות איבער יידישע היי־מען... ווי אַזוי דאָס וועט אויסזען — האָט ער זיך נישט פאָרגעשטעלט און זיך צו דעם באַצויגן מיט יענער געמיטלעכ־קייט, וואָס האָט מיט דער בלוטדאָרשטיקייט פון ווינער יעפרייטער אין צען יאָר אַרום קיין געמיינזאַמעס נישט געהאַט...

איך בין געווען ביי אים צו מיטאָג; מיך האָט ממש פאַרפלייצט דער שטראָם האַרציקייט, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן ביי אים און נאָך מער ביי

זיין פרוי געמאַלין, אַ דייטשקע פון ווינער שניט, עדוקאַציע, אַנטוויקלונג און עספּרי...

פאַרשטייט זיך, אַז אַ לייבנטייל פון די אויסגעהערטע קאָמפּלימענטן פאַר מיין „לייסטונג“ אויף דער בינע (די פאָרשטעלונג האָבן זיי געזען שוין צוויי מאָל, לעצטנס — צוזאַמען מיט ריינהאַרדטן) דאַרף מען פאַרשרייבן צו די העפלעכקייטן און פרטים פון שיקאָזער „מאָלצייט“, אָבער אַ „צענטל“ פון דעם, וואָס איך האָב אויסגעהערט וועגן זיך, אַלס שוישפּילער וואָלט אויך געקלעקט — צו „פאַרדרייען די נאָז“. דאָ איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן ריינהאַרדטס מיינונג, וועלכע איבערחזרן קאָן איך באַין שום אופן נישט, הגם אין אַ צוויי וואָכן אַרום האָב איך עס אויסגעהערט פון אים פערזענלעך. און דאָ האָב איך דערהערט אַ פּרט, וואָס האָט מיר אויסגעזען אומגלויבלעך: סיי די האָפמאַנס, סיי ריינהאַרדט האָבן איינגעפונען, אַז איך דערמאָן לויט מיין אופן שפּילן די איטאַליענער — צאַקאָני און נאָוועללי... דערביי איז מערקווירדיק, וואָס דיביידע זענען איינער פון צווייטן ווייט ווי מזרח פון מערב, און נאָך מער איז צום שטוינען, וואָס שוין מיט יאָרן פריער האָט אַ יונגערמאַן אין ווילנע, האָבנדיק געזען מיין „דער'ן“, פאַרזיכערט, אַז איך בין אונטערן איינפלוס פון... ערנעסטאָ ראָססי, וועלכן איך האָב קיינמאָל נישט געזען שפּילן. און אַז מיר האַלטן דערביי: אין זיינע נאָטיצן בעתן עקזאַמען אין סוואָרינס שול האָט אַרבאַטאָוו פאַרשריבן, אַז איך בין אונטער דער השפּעה פון איטאַליענער טראַגיקער. איך האָב אויסער דעם באַריטאָן באַטטיסטיני און דעם טענאָר קאַרוזאָ (אַ שווידערלעך-שלעכטער אַקטיאָר!) קיין איין איטאַליענער נישט געזען (עלעאָנאָרע דוזע זאָל איך זיי האָבן דערמאָנט?? צו גרויס וואָלט געווען אַזאַ מין קאָמפּלימענט!).

איך מוז נאָך דערמאָנען די פאַמיליעס פון די אַדוואָקאַטן פרענקעל און טאובע, ווייל אין יענע פאַר מיר פאַטאַלע וואָכן וואָלט איך אפשר אומגעקומען אין מיין קאַלטן שטיבל אין עק שטאָט, ווען נישט די הייסע אויסדרוקן פון גרויסער ליבשאַפט און פאַרערונג, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן ביי די איידעלע מענטשן... מאַדאַם פרענקעל האָט דערפירט דערצו, אַז מאַקס ריינהאַרדט האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך און מיר האָבן געשמועסט אַ שעה צייט... וועגן וואָס??

געגוג צוויי מאָמענטן: נאָך מיין ברייטער אָפּהאַנדלונג וועגן מיין „שיילאָק"־קאָנצעפּציע איז ער געבליבן זיצן מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן און נאָך אַ לאַנגער פּויזע אַרויסגעפּליסטערט:

— גאָט אים הימל, ווי פּאַבלהאַפט דאָס איסט! גאַנץ הערפאָר־ראַגענד!...

— וואַרום מאַכן זי דאָס ניכט?? — האָט ער אויסגערופן מיט פּראָטעסט און רוגזה.

אויף דעם ענטפערן וואָלט איך געקאָנט, דערציילנדיק בלויז די פּרטים פון מיין פּאַרוואָגלטקייט... האָב איך נישט געענטפערט.

דער צווייטער פּונקט פון מיין וויזיט איז געווען זיין פראַגע, צי וואָלט איך מסכים געווען אַריינצוטרעטן אין „יאָזעפשטעטער טעאַטער", וואָס ער האָלט ביים אָרגאַניזירן און וועט אָנהייבן באַלד ווי ער וועט זיך אומקערן פון אַמעריקע, וווהין ער קלייבט זיך מאַכן איין אויפפירונג...

וואָס פון דעם פּאָרשלאַג איז געוואָרן איז אַן אַנדער טעמע... אין ווין, אַ וואָך צוויי נאָך מיין וויזיט, האָב איך באַקומען פון אים אַן אייגנהאַנטיקן בריוו, וואָס ליגט ביי מיר צווישן די רעשטלעך גאַנץ־געבליבענע רעליקוויעס פון מיינע פאַרלאָפּענע און... פאַרלוירענע יאָרן. צום אַקטיוו פון יענע שווערע און ביטערע וואָכן געהערן נאָך צוויי רעפעראַטן, וואָס איך האָב געהאַלטן אין גרויסע זאַלן פאַר אַן עולם פון עטלעכע הונדערט ווינער מענטשן. איין רעפעראַט אויף דער טעמע: „עקסטאַטישקייט", האָט געפונען אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער צייטונג „ווינער זשורנאַל" אין אַן אַרטיקל אונטערן זעלביקן קעפּל.

פון צווייטן רעפעראַט („שעקספּיר און זיינע קאָמענטאַרן" — ווי ווייט איך געדענק...) איז כדאי דאָ צו דערמאָנען איין מאָמענט: רעדנדיק וועגן די אויפגאַבן פון טעאַטער אויף דער יידישער גאַס, וועגן מאָדערנער יידישער קולטור, האָב איך אויסגערופן אין טראַנס פון צעשפּילטן געדאַנק: דער אונטערשיד צווישן אייך דאָ און אונדז אין ווילנע איז דער, וואָס איר זענט „נאַציאָנאַל־יודן" און דערצו איז געגוג צו האָבן אייגגעצאָלט דעם שקל, און מיר זענען פּשוט יידן, און דערצו מוז מען טראָגן די ליידן און פריידן פון פאָלק בכל לבבינו ובכל נפשינו און ברענגען אין אונדזערע הערצער די אייביקמענטשלעכע שעקספּיר־מאָטיוון אין די ענגע געסלעך אונטער די טונקעלע געוועלבן, וווּ עס לעבן די מענטשן"...

אויפֿן גאַנצן לעבן איז מיר פֿאַרבליבן דאָס בילד פֿון דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זאַל: אַ דונער פֿון אַפּלאָדיסמענטן און „בראַוואָ"־רופֿן איז אויסגעבראָכן און האָט געדויערט לאַנגע מינוטן...

עס איז קיין ספֿק נישט, אַז ווען איך פֿאַרמאָג אַ ניצוץ פֿון פּראַקטישע פֿעיִקייטן, פֿון „אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט", פֿון ג ע ש ע פֿ ט ס־ פֿ י ר ו נ ג", וואָלט יענער אָוונט געווען אַן אָנהייב פֿון אַ נייעם קאַפּיטל אין יידישן טעאַטער.

איך בין אַוועק אין מיין פֿאַרשטויסנקייט; פֿון די טעאַטער־קרייזן האָט מען געטאָן אַ ל ץ, כּדי מיין פּאָפּולאַריטעט אין די קרייזן פֿון דער אינטעליגענץ זאָל זיך נישט שפּרייטן און נישט לאָזן קיין טיפֿערע וואָרצלען ..

ווי לאַנג די טרופּע האָט נאָך געשפּילט געדענק איך נישט.

די נאַכט אויף ניי־יאָר 1923 בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין בערלין.

ווי דערמאָנט, איז מיר אין אָקטאָבער אויסגעגאַנגען מיין פּוילישער פּאַס. מיין דערפֿאָלג אויף דער בינע האָט גורם געווען, אַז מען זאָל מיר לייכט אַרויסגעבן אַ נייעם קאָנסולאַר־פּאַס, אָבער קריגן אויפֿן פּוילישן פּאַס אַ וויזע איז געווען נישט לייכט, און אין דעם האָט מיר אַרויסגעהאָלפֿן מיין פֿריינד פֿאַן־יונג.

דעם ערשטן יאַנואַר בין איך געקומען קיין בערלין.

* *

*

אין בערלין בין איך געזעסן אָן שום צוועק און זין. איך וויים אפֿילו איצט נישט, צי איז נאָך געווען אַקטועל דער ענין „דיבוק־פֿילם", הגם הורוויטש איז נאָך אין בערלין געזעסן אפֿילו אין יאָר 1924.

די וואָכן זענען געפֿלאָסן לאַנגווייליק און געדריקט מיין געמיט מיט די שווערע איבערלעבונגען פֿון אומעטיקייט. מיין געזעלשאַפֿט איז געווען די שוישפּילערין חנה שערמאַן, וועלכע דער לייענער קען פֿון די טראַגישע אומשטענדן אַרום ווייטערס אומקום מיט 3 יאָר צוריק, אין חנה שערמאַנס ברוסט איז געבליבן שטעקן די קויל, וואָס האָט דורכגעלעכערט ווייטערס קאָפּ: אַזוי האָט מען אין שטאָט גערעדט, די קויל זאָל מען האָבן אַרויסגענומען אין שפּיטאָל פֿון „משמרת חולים", און שערמאַן איז פֿאַרבליבן פֿאַר אַלעמען דער סימבאָל פֿון אונדזער טרויער נאָכן הייסגעליבטן דיכטער, קולטור־טוער און מיין פֿאַרגעטערטער פֿריינד.

אין פיר (קנאַפּע) יאָר אַרום איז זי געווען פֿאַרבונדן מיט אַ ליבן מענטשן, וואָס האָט געהייסן דאָקטאָר שפּיגלגלאַס, און מיר זענען דעמלט אין בערלין געווען געבונדן און געקניפּט אין אינטימער פֿריינדשאַפֿט. עס האָבן זיך געמאַכט עטלעכע פֿאָרשטעלונגען, וואָס אָרגאַניזירט האָט אַ מענטש מיטן נאָמען שידלאָווער — מיינע גאַסטראָלן אין לייפּציק און כעמניץ. מיר האָבן געשפּילט „שמע ישראל“, חנה שערמאַן האָט מיטגעשפּילט.

אָבער פֿאַרשווינדן פֿון די האָריזאָנטן איז מיר נישט באַשערט געווען, און גראָד ווען איך האָב עס צומווייניקסטן דערוואַרט איז מיר געקומען אַ דערהויבונג.

אין אַ העלן טאָג קריג איך אַן איינלאַדונג צו מעלדן זיך אין אַ פֿילם־ביוראָ און דאָרטן ווערט מיר פֿאָרגעלייגט צו איבערנעמען די „קינסטלערישע לייטונג“ אין אַ פֿילם פֿון יידישן לעבן. מיין פֿליכט איז די אָנפֿירונג מיט „דעם פּראָמיגן איינצלהייטן דעם פֿילמס“, דאָס הייסט, נאָכזען, אַז אַלץ זאָל זיין געטריי דעם אמת פֿון יידישן לעבנס־שטייגער, כּדת וכדין...

אויף די ערשטע עטאַפּן איז די „מיטאַרבעט“ געווען פֿול מיט קאָמישע עפּיזאָדן, ווייל דער סצענאַריסט האָט אַנטוויקלט סיטואַציעס, וואָס זענען געשטאַנען אין שאַרפֿער סתירה צום לעבנס־שטייגער פֿון גאַליצישן שטעטל מיט 80 יאָר צוריק... דהיינו: דעם רבֿס בן־יחיד פֿאַרליבט זיך אין אַ מיידל, וועלכע שפּילט די ראָל פֿון „אסתר המלכה“ אין פּורים־שפּיל. אויף מיין קאַטעגאָרישער מעלדונג, אַז קיין מיידלעך זענען צווישן פּורים־שפּילער נישט געווען, האָט דער אויטאָר געמאַכט אַ געוואַלד, אַז איך צעשטער אים די עצם „ליבעסאינטריגע“, אויף וועלכן דער סצענאַר איז געבויט. עס איז געקומען צו עטלעכע צוזאַמענשטויסן נאָך אין אַנדערע פֿאַלן. אויפֿן פֿאָרשלאַג, אַז איך זאָל אַרויספֿירן די לאַגע פֿון געשאַפֿענעם אימפּאַס, האָב איך געמאָלדן, אַז מיין אויפֿגאַבע און חובֿ איז אַ נעגאַטיווע: נישט דערלאָזן צו פֿעלשונגען. בויען סיטואַציעס געהער נישט צו מיין קאָמפּעטענץ. אַז דער מאַנוסקריפּט איז פֿאַרטיק געוואָרן, און מען האָט אָנגעהויבן זוכן שוישפּילער פֿאַר די הויפּט־ראָלן, האָט דער דירעקטאָר מיך געפֿרעגט ווען וואָלט איך אָנפֿאַרטרויט די ראָל פֿון „אַלטן רבֿ“... איך האָב נישט טראַכטנדיק אָנגערופֿן דעם נאָמען: רודאָלף שילדקרויט“. אָבער אויף דעם האָט דער דירעקטאָר געענטפֿערט, אַז שילדקרויט וווינט אין אַמעריקע, אים באַצאָלן

וואָלט מען געמוזט מיט דאָלאַרן, וואָס ביי דעם דעמלטיקן צושטאַנד פון דייטשן מאַרק איז געווען אויסער יעדער מעגלעכקייט. מען האָט גענומען זוכן אַ קאַנדידאַט אויף דער ראָל, און איך בין געוואָרן באַאויפטראַגט צו געפינען אַ געהעריקן שוישפּילער אין יידישן טעאַטער... אָבער וויבאַלד מיין „מאָס" איז געווען „ש י ל ד ק ר ו י ט", טאָ... וועמען זאָל איך אָנרופן? די ראָל איז געווען אַ מאַטעריאַל, וואָס פאָדערט קולטור, מייס־טערשאַפט, טיפע מענטשנגעשטאַלטונג... איך האָב געשוויגן. דער דירעק־טאָר האָט געשריבן קיין וואַרשע, משמעות — צום אַרטיסטן־פאַריין, און אין אַ העלן פרימאָרגן פרעגט ער מיך צי איך קען — סאַמבערגן?

— פאַרשטייט זיך — זאָג איך.

— אַ גוטער שוישפּילער?

— אין איצטיקן וואַרשע איינער פון די בעסטע — זאָג איך.

— זאָלן מיר אים אַנגאַזשירן צו שפּילן די הויפּטראָל?

— מיין אויפגאַבע איז צו געפינען אַ קאַנדידאַט צו דער ראָל, ווי ווייט איך פאַרשטיי, נ י ש ט — צו געפינען אַנגאַזשעמענטן פאַר די אַנדער יענע שוישפּילער. איך זע א יי ן אַקטיאָר: שילדקרויט! פאַר אים גאַראַנטיר איך!

— און קיין שום אַנדערן?

— אָן גאַראַנטיעס פון מיר וואָלט איך אָנגערופן אַ נאָמען. אפשר וועט איר אים אויספּרוּוון?

— אדרבא! ווי איז דער נאָמען?

נאָך אַ קורצער פויזע האָב איך געזאָגט: „פּ ע ט ע ר פּ ע ט".

דער דירעקטאָר האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט.

— איר קענט דעם אַקטיאָר?

— שפּילן האָב איך אים נישט געזען.

— פאַרוואָס רעקאָמענדירט איר אים?

— געהערט זייער באַגייסטערטע מיינונגען.

— איר דאַרפט פאַרשטיין, הער מאָרעוווסקי, אַז אויף דער פיגור שטייט דער פילם, און מיר קאָנען זיך נישט דערלויבן קיין אומזיכערע עקספּערימענטן. וועט איר נישט איבל נעמען, אויב הערן פּעטער פּעט וועלן מיר נישט אַנגאַזשירן...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך דאָס געשפּרעך איבערגעחזרט אַרום דעם נאָמען: „ל אַ נ ד אַ ו".

ענדלעך איז דער דירעקטאָר אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, כדי אויפֿן אָרט זיך צו באַקענען מיטן „לעבעדיקן מאַטעריאַל“ און געפינען דעם פּאַסיקן אַקטיאָר...

אַז איך בין געקומען אַרום צען אין ביוראָ, האָט ער מיך געטראָפן שיעור נישט מיט פויסטן, מיט „קולות וברקים“, אַ האָגל פאָרוווּרפן:

— באַשיידנקייט איז אַ גרויסע מוגנד, הער מאָרעווסקי, אָבער אייער פליכט איז צו שאַנעווען די קאָסטן אין דער אונטערנעמונג. די וואָכן לויפן, מיר קאָרעספּאָנדירן הין אונד הער אָן רעזולטאַט. איך בין געצוווּנגען אַליין זיך צו לאָזן קיין וואַרשע, און דאָרט דערהער איך, אַז פון די יידישע קינסטלער דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט איז — מ אָ ר ע וו ס ק י.

דער רעזשיסער — געהייסן האָט ער: ד י ו פּ אָ ן — האָט מיט אַלע כוחות געוואָלט מיך פון דער ראָל אַרויסשטויסן און אַנגאַזשירן אַן אַקטיאָר מיט אַ וועלטנאָמען, כדי אין זיין „שיין“ אויפלייכטן אויפן וועלט־מאַרק. און הגם די פּראָבן־אויפנאַמען האָבן זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַמ־בעסטן, האָט ער מיך צוויי וואָכן פאַרפּאָלגט מיט דער ריקזיכטלאָזיקייט און ביי־ווייליקייט פון רשע מרושע. אַנדערש ווי „מוישע קאָם מאַל הער!“ פלעגט ער זיך צו מיר נישט ווענדן, און דאָס פלעגט אַרויסרופן לוסטיקייט ביי די טעכנישע מיטאַרבעטער...

איך האָב איבערגעלעבט אַ רעציידיוו פון די ערשטע וואָכן אין סוואָ־רינגם שול אויף יאַנאָווס לעקציעס. איך פלעג בייסן די ליפּן, ווישן די אויגן אין שטילע ווינקלען פון אַטעליע... ביי יעדער סצענע פלעגט ער זיך באַפּן פאַרן קאָפּ, שפּייען מיט שוים אויף זיינע עקלהאַפטע, פליישיק־תאוווהדיקע ליפּן און שרייען, אַז אויב מען וועט אים פון מיר נישט באַ־פרייען, וועט ער ברעכן דעם אָפּמאַך...

וואָס זאָל איך דאָ זאָגן וועגן זיך? קורץ און קלאָר: מ י א ו ס! אַ פאַרשטויסענער, מיבאַלישקער אונטער־שמש! דער זעלביקער סוביעקט, וואָס האָט מיט 17 יאָר צוריק אין אָדעם נישט געהאַט מוט צו פאַרטיידיקן זיין לעבן בעתן פּאָגראָם...

אָבער דאָ האָט עפּעס אין מיר זיך געצאַפּלט אַ פינטל. וואָס אָנרופן, אָנטאַפּן האָב איך נישט געקאָנט, אָבער עס האָט אין מיר געלויכטן: „וואַרט! האַלט אויס! די אפלה וועט זיך ענ־דיקן! עס וועט, עס מוז אַרויסקוקן פון די בלייענע כמאַרעס דיין זון!“

און ס'איז געשען!

די עצם סצענע איז אין מאַנוסקריפּט אַריינגעשטעלט געוואָרן לויט
מיין פאָרשלאַג: דער אַלטער רב איז איינגעבראָכן... יאָרן זענען אַוועק זינט
זיין בן=יחיד האָט פאַרלאָזט די היים. ער איז געוואָרן אַ באַרימטער שוי=
שפּילער... אַ ליבלינג פון קיסר, ירום הודו... וועגן אים רעדט די וועלט.
דער אַלטער זיצט שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אין זיין חדר מיוחד... קוקט
פאַר זיך, און אַ האַרצרייסנדיקע בענקשאַפט שטעקט אין זיינע אויגן... און
מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך: מיט יאָרן צוריק האָט אים אַ שנאָרער גע=
בראַכט עפּעס אַ ביכל, אַ טריף=פּסול, און געהייסן לייענען, כדי צו באַ=
גרייפן וואָס פאַר אַ גרויסע מענטשלעכע און י י ד י ש ע ע ו ב ד ה
עס טוט זיין בן=יחיד... דעמאָלט האָט ער נישט געוואָלט הערן און וויסן דער=
פון און דאָס ביכל אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד און פאַררוקט מיטן
פוס אונטערן ספרים=שראַנק... אַצינד שטויסט אים זיין בענקשאַפט אַריינ=
צוקוקן אין טריף=פּסול. ער שאַרט אַרויס דאָס ביכל מיטן פוס פון אונ=
טערן שראַנק, הייבט עס אויף מיט ציטערנדיקע הענט, בלאָזט אַראָפּ דעם
שטויב פון די טאָוולען... אַ געדיכטער רויך פאַרשטעלט אים די אויגן...
ער זעצט זיך צום טיש, עפנט דעם טאָוול: „ו י ל י אַ ם ש ע ק ס=
פּ י ר, ל י ר ה מ ל ד...“ ער הייבט אָן לייענען, זיין האַרץ קוועלט,
ער איז מלא התפּעלות, ער דערזעט אַ נייע וועלט, ער דערפילט זיין קינד...
אַ שטראַל פון אַנטפּלעקונג לויכט אויף זיין פּנים...„אַל תשליכנו לעת
זקנה“ — שעפּטשען זיינע ליפּן. תורה? נביאים? כתובים?? די אַלטע
קדושות בליען אין די קווייטן פון דער וועלט, וואָס ער האָט פאַרשאָלטן,
און זיין בן=יחיד דינט איר בכל לבבו ובכל נפשו...

דער אַלטער מישט די דפּים פון טריף=פּסול. זיינע ציטערנדיקע פינ=
גער קערן דאָס ביכל אַהער און אַהין, און —

שטראָמען טרערן פלייצן איבער זיין צעשטראַלטן פּנים: פרייד, גליק,
התרוממות...

און מיטאַמאָל דערהער איך אין טראַנס פון מיין צעשפּילטן גייסט:

— מ אָ ר ע ו ו ס ק י! ד ו ליבער, ליבער מאָרעווסקי! קינדער!
קאָמט אַלע הער! שאַאוט אויך אַן: וואַס פיר איינער דאָס איסט!

איך בין אַרויס פון מיין טראַנס, האָב אָנגעקוקט מיין נעבעכיקן צורר
און גענומען ווישן דעם רבס טרערן פון מיינע אויגן...

וואָס פון יענעם טאָג אָן איז אַרום מיר געוואָרן פאַר אַ שטימונג און
וואָס פאַר אַ באַציונג צו מיר מצד קלענסטן ביז גרעסטן — דאָס וועל
איך דאָ נישט שילדערן. אַנדערש ווי אין סופּערלאַטיוון פלעגט קיינער



„דאָס אַלטע געזעץ" ערנסט דויטש, אברהם מאָרעװסקי (בערלין 1923)

נישט רעדן וועגן יעדער אויפנאַמע. און איינמאָל האָט ערנסט דויטש — דער באַרימטער שוישפּילער, וואָס האָט געשפּילט מיין זון — מיר געמאָלדן: „די נעכטיקע סצענע, וועלכע מיר האָבן איגאָוונט דורכגעקוקט, קאָן לויט אַלגעמיינער מיינונג פאַרגליכן ווערן ג אָ ר מיט מיקעלאַנזשעלאָס: „מ אָ ז ע“ אין יעדער איינצלהייט!“

— זי מאַכן מיט אירער לייסטונג איינע איבערראַשונג, די זי צו דען העכסטען שטופן דער אַנערקענונג, די איינעם שאַושפּילער יע בעקאַנט געוואָרן זינט, פירט...

דער דערפאָלג פון פילם אין דער גאַנצער וועלט איז געווען אַזאַ, אַז איך וואָלט געקאָנט פאַרשרייבן גאַנצע בלעטער וועגן דעם, ווי אַזוי איך האָב מיך אויף דעם אָנגעשטויסן אין אַכט יאָר אַרום אין סאַראַטאָווער גובערניע... און וואַרשע איז דער פילם („דאָס אַלטע געזעץ“ האָט מען אין פוילן באַטיטלט: „צ וו יי וו ע ל ט ן“, כדי צוליב רעקלאַמע צו וואַרפן אַן אַספּעקט אויפן „דיבוק“ מיטן „רבין“) געגאַנגען וואָכנלאַנג אין איינעם פון די דעמלטיקע בעסטע קינאָ=זאַלן: „פּ אַ ל אַ ס“ אויף כמיעלנע ראָג „נאָווי=שוויאַט“.

די פּרעמיערע אין בערלין איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די שענסטע געביידעס אויף קורפירסטנדאַם („מאָצאַרט=בינע“, אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך נישט) ביי פייערלעכע אומשטענדן: די איינגאַמע איז געגאַנגען צום וויל פון אַן אָנגעזעענער וווילטעטיקער אינסטיטוציע, און אין טעאַטער איז געקומען אין פולן צוזאַמענשטעל די ר ע ג י ר ו נ ג.

מיין דערפאָלג איז געווען אומבאַשרייבלעך: די פרויען=הויפּטראָל האָט געשפּילט די צו יענער צייט גרעסטע דייטשע פילם=סטאַרין ה ע נ י פּ אָ ר ט ע ן, און איר עולם האָט דעם אומבאַקאַנטן אַקטיאָר אויפגענומען מיטן גאַנצן „טאַראַראַם“ פון דערפאָלג לויט דער מאָס און אופן, וואָס האָט געגילט לגבי די גרעסטע פיגורן פון עקראַן. די ציימונגען האָבן געשריבן סופּערלאַטיוון...

עס איז געווען אַ גליקלעכער אָנהייב פון אַ גרויסער זיכערער פילם=קאַריערע.

אָבער —

אונדזער בעל=הבר — דער „העלד“ פון אונדזערע בענדער — איז אויך אין דעם פאַל געבליבן טריי זיין טבע פון „לאַ=יוצלחדיקייט“: אָנשטאָט צו זיצן אויפן אָרט אין בערלין און געניסן די פּירות פון אין

טרערן דעראָבערטן דערפאָלג, אָנשטאָט „שמידן דאָס אייזן ווי לאַנג עס איז הייס" — לויט דער קלוגער עצה פון אַלטן רוסישן פאָלקסווערטל — איז ער פאַר דער פרעמיערע אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע..

* *
*

צום קאַפּיטל, וואָס מיר האַלטן ביים פאַרענדיקן, געהערן עטלעכע וואָכן, וואָס זענען באַצייכנט מיט מיין באַקאַנטשאַפט, דערנעענטערונג און פריינדשאַפט — מ י ט ב ע ל מ ח ש ב ו ת ן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין „ר אָ מ אַ נ י ש ן ק אַ פ ע".

„ראָמאַנישעס קאַפע" איז געווען אַ גרוים קאַפעהויז אין באַלעבאַטסטן פונקט פון קורפירסטנדאַם, אויפן פּלאַץ קעגן דער „מאַריע־טערעזע־קירכע", צוויי מינוט גאַנג פון „באַנהאָף צ אָ אָ". צו געבן דעם הײַנטיקן לייענער אַ גענוי בילד דעם „ראָמאַנישן" (ווי מען האָט עס קורץ גערופן), איז גענוג צו זאָגן, אַז דאָרטן איז צו יענער צייט — אין די יאָרן 1921—1924 — געווען אַ „נאָמבערג־טיש": אַזוי האָט מען אָנגערופן דאָס ווינקל, וו עס פלעגן זיך האַלטן צוזאַמען די פּילצאָליקע באַזוכער — „ש ט אַ מ ג ע ס ט ע" — פון שטענדיק איבערפולטן קאַפעהויז, וואָס זענען אָנגעפאָרן פון פּוילן... כמעט אַלע אָן אויסנאַם לייט פון פעדער־פאַך מיט אַ גאַר קליינער צאָל מאָלער, אַדוואָקאַטן און אַנדערע „פרייע פּראָפעסיעס" — אויך פון ראַטנפאַרבאַנד. דער ראש המדברים איז געווען — ה ע ר ש ד ו ד נ אָ מ ב ע ר ג, וועלכן די פּאָזיציע פון „לידער" איז געווען צום האַרצן און אויף וועלכער ער האָט געהאַט אַלע רעכט — סיי אַלס אָנערקענטע „צווייטע פיגור נאָך פּרצן", סיי אַלס ספק גלענצנדיקער שרייבער.

אָבער גענוי זיך פאַרנעמען מיט דער טעמע איז לחלוטין נ י ש ט אין מיינע אינטערעסן, און, הגם איך האָב געהערט צו דעם קרייז „דע פאַקטאָ און דע־יורע", בין איך נישט געווען דורכגעדרונגען מיט גענוגנדיקע געפילן פון ג י ס ט י ק ע ר ש ײ כ ו ת צ ו א י ם... מיט נאָמבערגן האָבן זיך ביי מיר פון די ערשטע וואָכן אין וואַרשע איינגעשטעלט גאָר קילע באַציונגען. איך האָב שוין דערציילט, אַז ער האָט זיך, אַלס סיים־דעפּוטאַט מטריח געווען צו באַפרייען מיין פרוי פון אַרעסט אין „פּאַוואָנזקי", מיר פלעגן זיך שפּעטער פריינדלעך באַגריסן, אָבער

ווייטער איז עס צווישן אונדז נישט געגאַנגען... קיין איין שורה וועגן מיינע פאָרשטעלונגען ביי די „ווילנער" האָט ער נישט אָנגעשריבן און קיין קאָנטאַקט מיט אים האָב איך נישט געהאַט. דאָס, וואָס מיך האָט צוגע־שמידט צום נאָמען און געשטאַלט „י. ל. פ ר ץ" אויפן סמך פון דעם, וואָס איך האָב געהערט פון אַנ־סקין, פון אַלטער קאַציזנען און דער עיקר די שעהן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביי העלענע פרץ — דאָס אַלץ איז געווען „מיילנווייט" פון די איינדרוקן, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן, אָבסערווירנדיק, פרצעס „מקורבים", די אַלע „צווייטע פיגורן נאָך אים"...

בין איך אין „ראָמאַנישן" ביים „נאָמבערג־טיש" געווען כמו אַ „פרעמדער מחותן", אָבער אַ שייכות דאָך געהאַט.

און איינמאָל דערהער איך, אַז מען קלייבט זיך איינאָרדענען אַ באַנ־קעט לכבוד ב ע ל מ ח ש ב ו ת ן... און פאָרקומען וועט עס טאַ־קע — ביים „נאָמבערג־טיש".

דער טאָסט־מייסטער — „שר המשקה" — איז געווען ל אַ צ ק י־ב ע ר ט אָ ל ד י. מיט אים האָב איך מיך דעמלט באַקענט... ער איז בלי ספק געווען אַן אינטערעסאַנטע געשטאַלט, אַ גלענצנדיקער זשורנאַ־ליסט, אַ מענטש מיט אַ סך וויסן, אָבער אָן אַ רוקנביין: קאָמפּראָמיס מיט אַלץ, וואָס האָט נעכטן געקאָנט זיין אַן אָביעקט פון שאַרפסטער אַטאַקע...

דער אָוונט איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אויף שטענדיק אַדאַנק אַ סיורפּריז מצד דעם „חתן היובל". נאָך דער גאַנצער פייערונג, ווען אַלע זענען אַרויס אויפן גאַס, און מען האָט זיך שוין ביים קאַרגן ליכט פון מאָרגן־דעמערונג געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון באַנהאָף צאָאָ — „אויף אַ קופּל ביר", נעמט מיך בעל מחשבות אונטער אָרעם, שפּאַרט זיך שטאַרק אָן און זאָגט מיר:

— לאָמיר זיי אַלעמען לאָזן פאָרויס און מיר וועלן נאָכגיין לאַנגזאַם,

און דאָס, וואָס איך האָב פון אים אויסגעהערט פאַר די 10 — 15 מינוט גאַנג, איז געווען פאַר מיר אַן אויסדרוק פון זיין חכמה, טיפקייט און שאַרפזין און האָט מיך באַצויבערט...

— איר פאַרשטייט, מאָרעווסקי... איר וועט אָן ספק פאַרשטיין: אַז איך הער מיך צו צו דעם, וו אָ ס און ווי אַ ז ו י עס רעדן און פרעדיקן אונדזערע בחירי הדור; אַז איך קוק זיך צו צו זייערע מעשים, אויפפירונג, באַציונגען צו זיך, צו אַנדערע, צו זייערע מעשים בכל יום, — ווערט מיר קאַלעמוטנע... זיי קענען שאָפענהאַוערן און דעקאַרטן און דיד־ראָ; זיי האָבן פאַרגעסן און פאַרשאָלטן דאָס שטעטל, אָבער זיי שטעקן

אין שטעטל ווי דער פוקס מיט זיין עק אין פאַרפרוירענעם ברונעם... זיי שאַפן קולטור, זיי רייסן איין וועלטן צוליב קולטור און זענען ווייט פון קולטור ווי פון אויסגעשטערנטן הימל... און די סיבה דערפון איז דאָס, וואָס זיי האָבן זיך נישט אויף איין שעה אָפּגעריסן, נישט אויף איין קילאָמעטער דערווייטערט פון זייער סביבה און אָפּגעטונקט זיך אין אַ פּ ר ע מ ד ע ר סביבה. די מאָס פון קולטור, מאַרעוווסקי, איז — ד י ס ט אַ נ ץ! די דיסטאַנץ, וועלכע אַ מענטש האָט דורכגעלעבט און איינגעזאַפּט אין זיינע אָדערן. זייענדיק דערווייטערט פון זיין סביבה און האָבנדיק דורך דער דיסטאַנץ דורכגעטראָגן און נישט צעשטערט די ווערטן און איינגעשאַפטן פון זיין סביבה — אָ ט ־ד אָ ס א י ז צ י וו י ל י ז אַ צ י ע און פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ע ק ו ל ט ו ר! און זיי אַלע, אונדזערע ליבע, ווילע, באַגאַבטע, ערודירטע און פאַרדינסטפולע קולטור־טרעגער זענען מ י ט מ אַ ר ק ס ן, מ י ט ע נ ג ע ל ס ן, מ י ט ן „הכל, בכל, מכל, כל" פון זייער ערודיציע און אויפטוען און דערגרייכונגען — ק ל ײנ ש ט ע ט ל ד י ק ע ב ט ל נ י ם, וואָס וועלן די מאָסן פון אָפּגעשטאַנענקייט נישט אַרויסשלעפּן, ווייל זיי זענען אַליין „אָפּגעשטאַנענע".

עס איז אַ ביטערע און פינצטערע כמאַרע אויף אונדזער האָריזאָנט!

ווו נעמט מען — ד י ס ט אַ נ ץ? ווי אַזוי שאַפט מען — ד י ס־ ט אַ נ ץ?

* *
*

אין לויף פון מיינע דאָזיקע דפים, קאַפּיטלען און בעטדער האָב איך שוין נישט איין מאָל אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז ק ו ל ט ו ר דערווערבט אַ מענטש פון דער הויפּטשטאָט, זיצנדיק אין דאָרף; אַ דאָרפסמענטש — אין דער רעזידענץ; אַ כינעזער אין פּאַריז; אַ נעאַפּאָליטאַנער אין פּעקין; אַ רוימער אין מאָסקווע; אַ קיעווער אין טשיקאַגאָ.

בעל מחשבות, אַנטוויקלענדיק יענעם באַגינען זיין געדאַנק וועגן דיסטאַנץ, וואָס האָט זיך מיר באַוויזן אַזוי געניאַל ווי פּשוט, האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ סוד, וואָס האָט קלאָר געמאַכט אַ סך ביז דאַן פאַרנעפּלטע פּונקטן פון מיינע איבערלעבונגען... און מיין לעצטער דערהפּאָלג, מיין שעפערישע דערהויבונג אין אָקאָרשט פאַרענדיקטן פילם איז געווען אַן אילוסטראַציע פון דער דיסטאַנץ, דורך וועלכער מיך האָבן געפירט די פאַקטן פון מיין „אַהין און צוריק"־וועג.

איך האָב זיך מיט בעל מחשבותן געטראָפן נאָך עטלעכע מאָל. ער האָט געוווינט אין אַ סאַנאַטאָריום אַ שעה פון בערלין („טעשעלאָוו" — שיינט מיר). איך זען ביז היינט דעם שמייכל פון נחת־רוח אויף זיינע בלייבע ליפּן, דעם אויסדרוק פון אומטרייסטבאַרן קומער אין זיינע פּרעכטיקע סאַמעטענע אויגן. ער איז שוין געווען אין לעצטן סטאַדיום פון זיין שלעכטער מחלה און האָט געוווסט, אַז זיינע טעג זענען געציילטע...

און — וועלכע העלזעווודיקע אמתן האָב איך אויסגעהערט פון זיינע, ווי מיט דעם שאָטן פון טויט שוין באַדעקטע, ליפּן! צו וועלכע הייכן האָט דערגרייכט זיין ליטערער שכל!

רעדנדיק וועגן בינע־קונסט, האָט ער מיטאַמאָל מיר אַ זאָג געטאָן:

— אייער „עזריאלקע", מאָרעווסקי, איז אַ ווערטפולע דערשיינונג, ווייל אויף יעדן שריט דערמאָנט ער האָלמאַטאָוו: איך האָב, קוקנדיק, געפילט, נחמנקע און „אַלעקסאַנדרינסקי"־טעאַטער...

איך בין געבליבן ווי געפּלעפט: ווען האָט ער מיך געקאָנט זען אין „עזריאלקען"? לאָזט זיך אויס: אין „אָוונט פון יידישן וואָרט און ליד", וואָס איך האָב פאַרן אָנהייבן פילם איינגעאָרדנט אין בלייטנער־זאַל!

— עס איז געווען אַ גרויסע פרייד צו דערהערן אין קאָנצערט א ה ר ו ן׳ס פידל, ג ר אָ ס ב אַ ר ט ס פּאָרטראַג און אייך... אַ סך זייטיקן אין האַרצן זענען דעם אָוונט געלינדערט געוואָרן.

איך האָב מיך פון אים געשיידט, בין אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע. אין קורצן געשריבן פאַרן „ט אָ ג" אַ נעקראָלאָג וועגן אים; דער הויפּטמאָטיוו איז געווען: „ד י ס ט אַ נ ץ"...

## זעקסטער קאַפּיטל

### אומבאַהאָלפּנקייט

ענדגילטיק האָב איך מיט בערלין זיך צעשיידט ערשט אין דריי יאָר אַרום, און די יאָרן 1923—1926 זענען אויסגעפּילט מיט פאַקטן פון לעבן און שאַפן, וואָס האָבן אייגנטלעך אַוועקגעשטעלט מיטן „קאָפּ אַראָפּ" מיין ביז־איצטיקן קיום.

עס איז פּונקט אַזוי שווער געווי אָנצוווייזן און צו דערזען סימפּטאָ־מען פון ס ו ף אין אָפּגעלעבטע עטאַפּן און סימנים פון אָ נ ה י ב — אין אָנוואַקסנדיקע, ווי אין כעמישע פּראָצעסן איז שווער צו דערזען ביים ערשטן בליק די ענדערונג פון אַ סובסטאַנץ, ווען זי הייבט אָן קריגן אַן אַנדער צוזאַמענשטעל...

דערציילנדיק וועגן די געשעענישן פון די 4 יאָר, וועלן מיר זיך אָפּט מוזן אומקערן צוריק, פאַרשנדיק פּראָצעסן, וואָס האָבן געהאַט זייערע וואָרצלען אין די פריערדיקע יאָרן און געלאָזן בליטן און קווייטן אין די שפּעטערדיקע.

די יאָרן 23 און 24 האָבן מיר געבראַכט רייכע פּירות אין געשטאַלט פון צ וו יי פילמען, וועלכע האָבן מיין נאָמען געמאַכט באַקאַנט אין דער וועלט — ווייט איבער די ראַמען פון יידישן טעאַטער־עולם.

נאָך דעם ווי דער פילם „דאָס אַלטע געזעץ" האָט זיך באַוויזן אויפן ענגלישן עקראַן, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון בירמינגעם, אין וועלכן די עלטסטע און באַרימטסטע פירמע פון פילמען־פאַרשפּרייטונג אין גרויסבריטאַניע לייגט מיר פאָר צו שליסן אַן אָפּמאַך וועגן אַלע פילמען, וואָס איך וועל שפּילן, די פירמע זאָל האָבן אויף זיי דאָס אויסשליסלעכע רעכט.

צוליבן גרויסבריטישן מאַרק פלעגן פּראָדוציר־פירמעס ספּעציעל אַנ־גאַזשירן פון ענגלאַנד אַקטיאָרן. דער בריוו פון בירמינגעם האָט דעם ענג־

לישן מאַרק מיר צוגעטראָגן אויף אַ טאַץ. אין אַ יאָר אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין מיין צווייטן פילם איז געווען אַנגאַזשירט אַן ענגלענדער (ניגעל בעררי), וואָס זיין פערזענלעכער סעקרעטאַר איז געווען דער בוכהאַלטער אין „אופאַ“, וועלכן איך האָב מיין בריוו פון בירמינגעם איבערגעגעבן אין האַנט, און ער האָט אים דער פירמע אפילו נישט באַוויזן, כדי דער ענגלענדער זאָל קאָנען באַקומען די געשוואָלענע געהאַלט — צוליבן ענגלישן מאַרק...

(איך האָב נישט באַקומען קיין פינפטל האָנאָראַר פון ניגעל בעררי... אפשר אַ צענטל...).

נאָכן ערשטן פילם בין איך געפאָרן קיין ווילנע, ווייל איך האָב געהאַט באַקומען פון אַמעריקע אַ פאָרשלאַג צו קומען אויף גאַסטראָלן. דער פאָרשלאַג האָט מיר געמאַכט מיישע פישזאָן, וועלכער האָט מיך מיט אַ יאָר פריער גערופן קומען צו אים קיין רומעניע. דאָס מאָל האָב איך זיין פאָרשלאַג געהאַט אָנגענומען און זיך געקליבן עבר לים...

אָבער משה קאַרפינאָוויטש האָט אָנגעהויבן טענהן, אַז איך טאָר אפילו נישט דערלאָזן דעם געדאַנק צו פאַרלאָזן פוילן, נישט האָבנדיק זיך פייערלעך אָפּגעזעגנט מיטן עולם...

אויף מיין באַמערקונג, אַז נאָכן איבעררייסן מיט דער „ווילנער טרופּע“ האַלט איך מיין עצם שייכות צום יידישן טעאַטער פאַר אַן אָפּגעלעבט קאַפּיטל פון מיין לעבנסבוך, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט ביטערן פאָרוואורף...

— מען איז געווינט צו אייערע אָפּטע, זייט מיר מוחל, אומגעלומפּערטע אַרויסזאָגונגען וועגן פּראַקטישע ענינים. אָבער דאָס מאָל איז עס דאָך אַ באַליידיקונג פאַר דעם עולם, פאַר דער גאַנצער יידישער סביבה... מיט וואָס האָט ווילנע פאַרדינט ביי אייך אַזאַ גרינגשעצונג? ס׳טייטש איר וועט אַוועקפאָרן עבר לים און נישט געזעגענען זיך מיטן עולם, בעת אַלע ווייסן, אַז איר זענט דאָ?

איך מוז זאָגן, אַז איך האָב זיך טאַקע דערפילט מעשה „נאַר און בעל־עוולה“...

— אין וואָס זאָל איך אויפטרעטן? ווו נעמט מען אַן אַנסאַמבל?

— אָט אַזוי רעדט, וועט איר הערן אַ קלאָרע תשובה. אויפטרעטן וועט איר אין „דיבוק“!

אָבער פון דעם האָב איך זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. דעם „דיבוק" האָט מען דעמלט צעפּויקט אויף אַלע יאַרידים. דאָס שטיק איז געווען אויסגעדראָשן און אָפּגעשלאָגן ווי אַ „הושענא" צו שמיני־עצרת...

— איך וועל נישט שטיצן מיין אָפּשייד־אָוונט אויפן „שלאַגער", וואָס איז געוואָרן די גאַנגבאַרסטע סחורה נעבן „מלכה־סאָלדאַט" און „פּינטעלע ייד".

— ווידער אַ ווילדע און גרונטלאָזע פּרעטענזיע! — זאָגט קאַרפּינאָ־וויטש — און אויפטרעטן אין „עזריאלקען" זענט איר מ ח ו י ב, אויב איר האָט באַציונג צו די ווערטן פון יידישער קונסט און צו די צירונגען פון יידישן טעאַטער־עולם.

— אויב איך וועל זיך איבערצייגן, אַז דער עולם איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר, נישט צוליבן „שלאַגער", דאַן וועלן מיר רעדן וועגן „דיבוק"...

— וועט מען שבת אַ שפּיל טאָן „ק י ן"...

האָט מען „אַ שפּיל געטאָן" „קין" — 23 פאָרשטעלונגען ביי פולע הייזער...

דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל נאָך די דריי יאָר, ווען איך האָב זיך געקאָנט איבערצייגן, אַז דער באָדן פאַר יידישער קונסט איז מסוגל אויפצונעמען זוימען פון פאַרשיידנאַרטיקע פּירות, אַז נישט גראָד עקזאָ־טיק און וואָלגאַרער ש ט יי ג ע ר האַרף האָבן אונדזער טעאַטער־קאָנ־טינגענט.

די ראָל פון „קין" איז בכלל געווען מיין סצענישער נחת־רוח און אַקטיאָרישע דערהויבונג. אָבער יענע פאַר וואָכן אין ווילנע האָבן מיר ממש ווי אויפגעהויבן פון יאוש און רעזיגנאַציע, וועגן וועלכע איך האָב אויבן נאָך מיין קריזיס אין ווין שוין דערציילט.

נאָך „קין" האָבן מיר געשפּילט דעם „דיבוק", „יעקל דעם שמיד" (שיינט מיר), און צום אָפּשיידס־בענעפיס — „די שמאַטעס".

וועגן אָט דעם בענעפיס זענען אַרומגעגאַנגען אַנעקדאָטן, ווי אַזוי קאַרפּינאָוויטש האָט זיך מיט מיר אָפּגערעכנט. כמו איך זאָל האָבן גע־פאָדערט... 90 פּראָצענט פון דער איינגאַמע. ער איז „מסכים געווען" און איך האָב אויף דער האַנט באַקומען ווי ניקער ווי יעדער אַנדער אָוונט, ווייל די מוזיקאַנטן און די בינע־אַרבעטער האָב איך בלומרשט געהאַלטן פאַר נויטיק יענעם אָוונט אויסצוצאָלן אַ דאָפּלטן גע־האַלט... דאָס זענען אַלץ וויצן! דער אמת איז, אַז קאַרפּינאָוויטש האָט

מיר געמאָלדן, אַז היות דער בענעפּיס איז אַנאָנסירט אויף שבת, און זונ־טיק וועט זיין דער „אָ פּ ש יי ד־ספּעקטאַקל, און דאָס קאָן אַראָפּרייסן אַ טייל פון דער שבתדיקער איינגאַמע, לייגט ער מיר פאָר צו באַקומען 50 פּראָצענט פאַרן בענעפּיס פון „ג ר ע ס ע ר ן „סבאָר". אויסגעלאָזן האָט זיך, אַזביידע אָוונטן זענען געווען אויספאַרקויפט.

צוליב דעם, וואָס די גאַסטראָלן אין ווילנע האָבן אָנשטאָט 10 טעג זיך פאַרצויגן אויף 5 וואָכן, איז מיין נסיעה עבר ילים בשל געוואָרן.

דער אַקטיוו פון יענער נסיעה קיין ווילנע איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז ביז היינט ווערט מיין האַרץ אָנגעקוואָלן, ווען איך דערמאָן יענע טעג.

קודם: די פאַרטנערן! יענע וואָכן האָב איך דערקענט — קוטנערן, סטרוגאַטשן (וועלכן כ'האָב געהאַט געזען מיט 2 יאָר צוריק אין „חנן'ען" און אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז ער איז אַן אויפריכטיקער, וואַרע־מער אַקטיאָר, אָבער איצט איז ווילנע האָט ער זיך באַוויזן אין פאַרשידנ־אַרטיקע געשטאַלטן), שריפטזעצערן... אַ גרויס געווינס איז געווען ליט־ווינאַ! די אַטמאָספער אויף די פּראָבן האָט מיך דערמאָנט די בעסטע טעג ביי די „ווילנער". אין פּרויען־פּערסאָנאַל האָבן געפירט די ערשטע פיגורן פּראַגיע וויינטער און צוויי פון אַמאַטאָרן־קרייז: שרה מוואַס און לאה פּאָמעראַנץ.

איך האָב פאַרשריבן אַ קאַפּיטל פון ג ו ט ן טעאַטער.

אָבער קיין „ה יי ם" איז עס נישט געווען און, משמעות, נישט געקאָנט זיין — איך האָב מיך אומגעקערט קיין בערלין פאַרצווזעצן מיין אַזוי גליקלעך אָנגעהויבענע קאַריערע פון פילם־אַקטיאָר...

* *
*

האָבן דען געקאָנט געמאָלט זיין בעסערע באַדינגונגען ווי די, וואָס איך האָב געהאַט, כדי צו קריגן אַן אַנגאַזשעמענט און גיין ווייטער פון שטופּע צו שטופּע?

אַ גאַראַנטירטער אָפּנעם אין ענגלאַנד, אַ צענדליק לויב־געזאַנגען אין צייטונגען פון גאַנץ אייראָפּע, אַן אָפּקלאַנג וועגן איבערגעפּאַקטע היי־זער אומעטום און מיין נאָמען אויף די ליפּן פון אַלע פילם־דירעקטאָרן! פון וואַרשע זענען געקומען און האָבן מיך אויפגעזוכט צוויי פון די לייט.

זיי האָבן לאַנגע טעג נישט געוואָלט זיך מיט מיר צעשיידן און פאַרגעלייגט „פויגל=מילך“.

און איך האָב אויפן צווייטן אַנגאַזשעמענט געוואַרט אַ זעקס חדשים און האָב אים באַקומען גאַנץ צופעליק אַדאַנק דעם, וואָס איך האָב פּסח ביים צווייטן סדר געמאַכט קידוש...

קורץ, קלאָר און שאַרף: אַ רונדער אידיאָט אין הלכות פּראַקטישן לעבן; מאַכט נישט קיינמאָל דעם נויטיקן שריט; שליסט נישט קיינמאָל די נויטיקע באַקאַנטשאַפט; זאָגט נישט אינערגעץ דאָס נייטיקע וואָרט!

אויף מאָרגן נאָך מיין אָנקומען קיין בערלין בין איך אַוועק אין ביוראָ פון מיין דירעקציע. דאָרטן זענען צופעליק געווען צוויי מיטאַרבעטער פון פילם, ווייל די עצם דירעקציע איז שוין געווען ליקווידירט. דער פילם איז שוין געווען אילוסטרירט אויף אַ ריי פון די בעסטע עקראַנען אין גאַנץ בערלין און איז איצט געגאַנגען אויף די קרעסן.

געגנוי שילדערן, ווי אַזוי די לייט פון דער געוועזענער דירעקציע האָבן מיך אויפגענומען קאָן איך נישט. איך וויל דאָ נאָר באַמערקן, אַז דורכשניטלעכע פאַכלייט פון טעאַטער — און נאָך מער, פון דער פילם=בראַנזשע — האָבן אַ באַזונדערן אופן און נוסח צו רעדן מיט גדולים, מפורסמים, יחסנים, אַלגעמיין=אָנערקענטע „גרויסמייסטער“. עפּעס כמו נישט אָט די געגעבענע „פּריצן“, „ווילים“, „אָטטאָס“ און „הייגריכס“ וואָלטן דאָ געלאָזט הערן זייער שטים און וואָרט, נייערט ווי דער גאַנצער ערדקיילעך וואָלט דורך זיי געהערט צום סוביעקט, וואָס מיט אים אין זייער פאָרשטעלונג איז „פול די וועלט“.

— איין בעער איזט מיט דער אוראאופפירונג „דעם אַלטן געזעצעס“ אין דער פילם=אינדוסטרי ענטשטאַנדען, הער מאָרעווסקי! עס איזט קלאַר געוואָרדען ווארום זי זאָ אָפּט דען נאַמען „רודאָלף שילדקראוט“ פיר די ראָלע גענאַנט האַבן. אַבער זי האַבן די שטרענגסטע ערוואַרטונגען איבערשטיגן! איר ערפאָלג איז זייט פילן יאַרן בייספּיללאָז! דיעס איזט אַללגעמיין אַנערקענט. — אָהנע ווידערשפּרוך. זי זאָלן יעצט אירע קאַרטע ניכט פערפּאַסן אונד אירע ווערטע אונד פּלאַץ ריכטיג שאָנען.

איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל אַנאָנסירן אין צייטונג, אַז איך האָב מיך צוריקגעקערט, און דערהערט:

— גאָטט בעוואַהרע זי! גראָעסע דיעזער אַרט דירפן זאָ וואַס ניכט מאַכן! מאַן ווירד זי אָהנע דעם שאָן פינדן!!

די וואָכן און חדשים פון דעצעמבער 23 ביז אַפּריל 24 זענען דאָס

בימערסטע, שרעקלעכסטע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין צושטאַנד פון מיין פּראַקטישער אומבאַהאָלפנקייט.

האַלטן אין האַנט דעם שליסל צו דערוואָרבענער וועלט־קאַריערע, דעם אבן־טוב פון אָנערקענונג, האָבן דערגרייכט צום סאַמע באַרג־שפּיץ, און מיט יעדן טאָג און שעה קוקן ווי אַלץ פאַרשווינדט, פון בריליאַנט ווערט אַ... גלעזל; פון באַרג־שפּיץ אַ פּאַראַאָדיקער שנײַ...

נו... און — וואָס זאָל איך טאָן?

צוויי קורצע עפּיזאָדן:

איך לייען איבער, אַז פון אַמעריקע האָט זיך אומגעקערט — מאַקס ריינהאַרדט... ער וווינט אין „אַדלאָן־האָטעל“... געדענקענדיק זיין באַציונג צו מיר מיט קנאַפּע אָנדערטהאַלבן יאָר צוריק אין ווין, באַשליס איך אָפּצושטאַטן אים אַ וויזיט. אַרום 4 דעם זייגער קום איך אין גרויסאַרטיקן פּאַלאַץ־האָטעל אונטער־דען־לינדען, האַרט נעבן „בראַנדענבורגער טויער“. מען זאָגט מיר דעם נומער. איך קום אַרויף און דערהער: „הער פּראָפעסאָר שלעפט“. לאָז איך איבער מיין וויזיט־קאַרטע מיטן טעלעפאָן און גיי אַוועק...

קיין אָפּקלאַנג האָב איך מיך נישט דערוואַרט: כ'האָב עס דערציילט עטלעכע פון מיינע פריינד. און אויף זיין באַמערקונג: „ס'איז דאָך ריינהאַרדט! פּרוווט נאָך איין מאָל, אַן אַנדער שעה... אין טעאַטער!“ — האָב איך בלויז געענטפערט, אַז „ער האָט מיך איינמאָל געפונען, זאָל ער מיך זוכן אַ צווייט מאָל“. און צוגעגעבן: אויב ער דאַרף מיך נישט, איז צו גרויס דער שטח צווישן אונדז, אַז איך זאָל פּרוּוון אים אַריבערשפּרינגען...

דער־אָ עפּיזאָד איז אַ קאָמישער. לאָמיך דערציילן דעם צווייטן.

אין אַ העלן פרימאָרגן קומט חנה שערמאַן מיט אַ בקשה: זי האָט איבערגעלייענט, אַז אַ געוויסע פילם־געזעלשאַפט דאַרף האָבן „ראַמענקאָמפּאַרזע“ (ס'הייסט: סטאַטיסטקעס), בעט זי מיך, אַז איך זאָל גיין זי רעקאָמענדירן. אויף מיין רחמים־בעטנדיקער מעלדונג, אַז איך גיי פאַר זיך נישט, טאָ ווי אַזוי זאָל איך גיין פאַר איר, האָב איך אויסגעהערט אַ קלאָרע תשובה: „פאַר זיך גייט איר נישט, ווייל איר זענט אַ שוטה, אָבער פאַר מיר קאָנט איר גיין“.

צי איך אַרויף מיין פּאַלמערסטאָן, טו אָן אַ האַרטן קאַפּעליוש, זאַמשענע הענטשקעס, אַ שטעקן האָב איך מיט אַ גאָלדענער גאַלקע און איך

לאָז מיך אויף פריהריכשטראַסע. איך שרייב אָן אַ צעטל: „נאָמע, פאָרנאָמע, אין פערזענלעכער אַנגעלעגנהייט“ און גיי אַריין אין „וואַרטעראאום“. דאָרטן זיצן אַ מאַן 15, און איך גיי אַוועק אין ווייטסטן ווינקל, ווייל צו דריי מינוט וועט דאָך דער דירעקטאָר האַלטן יעדן לכל הפחות... אָבער אין צוויי מינוט אַרום פליען אַרויס פון קאַבינעט צוויי „פאָרנעמע“ פאַרשוינען. דעם הער, וואָס גייט זיי לויט דער ריי אַנטקעגן, פטרן זיי אָפ מיט אַ בליק, דעם צווייטן מיט אַ ביטול-באַוועגונג. איך זיץ אין מיין ווייטסטן ווינקל און הער:

— ווער איזט הער מאָרעווסקי?

ב ו כ ש ט ע ב ל ע ד: פאַר ביידע אָרעמס פירט מען מיך דורך דעם זאַל אין קאַבינעט... איך דערהער דיבורים, וואָס אין חלום וואָלט איך מיר אויך נישט פאָרגעשטעלט... „ווו בין איך געווען די אַלע מאָנאַטן?“ זיי האָבן מיך אַרומגעזוכט! אייערנעכטן האָבן זיי געשלאָסן אַן אָפמאַך אויף אַ הויפט-כאַראַקטער-ראָלע, וואָס „גישט גאָעטציקע, נישט קראַוז, נישט וועגענער, נישט קיינער פון בערלינס גרעסטע וועט נישט אָפשפילן אַזוי, ווי דאָס וואָלט איך געמאַכט לויט דער מיינונג פון רעזשיסער“...

איך זיץ און האָרך און טראַכט, אַז איך בין טאַקע פשוט אַ שוטה, אַ „לא-יוצלה“ (ס'איז נישט קיין גיים פאַר מיר!). מיין פאַרטנערין באַקומט אין זייער פילם אַן אָנגעזעענע אויפגאַבע...

צוויי טעג שפעטער דערוויס איך זיך, אַז עס ווערט געזוכט אַ כאַראַקטער-אַקטיאָר אויף פרידריך שטראַסע נומער איקס.

איך טו אָן דעם זעלביקן פאַלמערסטאָן, דעם זעלביקן קאַפעליוש... וואַרט אָפ אַ שעה, אָנדערטהאַלבן, און אַז איך קום אַריין צום דירעקטאָר און רוף אָן מיין נאָמען מיט אַ געווויסער תקיפות (אויפן סמך פון אייערנעכטיקן קבלת פנים אין שכנותדיקן הויז), לאָזט זיך אויס, אַז... „ער האָט איצט קיין צייט נישט“, מיין נאָמען פרעגט ער איבער און קוועטשט מיט די פלייצעס. און —

איך לעב איבער דאָס, וואָס איך האָב לאַנגע חדשים אויסגעמיטן.

דער „נ מ ש ל“?

יעדער אַקטיאָר אין דער וועלט, אַז ער האָט דערגרייכט צו אַ מדרגה, שטייט ער אויף זיין פונקט מיט ביידע פיס און קאָן פון דערגרייכטן פונקט גיין — ו י י ט ע ר א ו ן ה ע כ ע ר...

אַ יידישער אַקטיאָר קאָן אויף פרידריך-שטראַסע נומער 244 גילטן ווי אַ גדול שבגדולים, און צוויי שטאָק העכער איז זיין נאָמען אַ זעראָ!

און דאָס גרויליקסטע דערביי איז דאָס, וואָס אין זיין אייגענער סביבה גילט אויך — נישט זיין אַרטיסטישער ווערט און אויפטו, נייערט אומשטענדן, וואָס האָבן מיט אַרטיזם נישט צו טאָן.

* *
*

עס איז אָנגעקומען פּסח. דער גרעסטער טייל פילם־מאַנוסקריפּטן צום אָנקומענדיקן פּראָדוציר־סעזאָן זענען געווען באַזעצט, און אויב איך האָב ביז איצט נישט געהאַט באַקומען קיין פאָרשלאַג, איז שוין דער ענין געווען אַזוי גוט ווי פאַרשפּילט.

צום צווייטן סדר ווער איך איינגעלאַדן צו הורוויטשן, וועלכער האָט זיך שוין געהאַט באַזעצט אין בערלין (די „דיבוק“־פּלענער נאָך אַקטועל, אָדער אויפגעגעבן — געדענק איך נישט). אויסער מיר געפינען איך נאָך אַ פּאָר געסט. מען מאַכט קידוש. צוערשט דער בעל־הבית, נאָך אים אַ קליינוווקסיקער הער, וואָס רעדט דייטש נישט ווי די אַנדערע... ער האָט געהאַט אָנגערופן זיין נאָמען, איך — מיינעם, אָבער עס איז פאַרביי זיין אויער ווי מיינעם...

נאָך זיין קידוש — מיט אַ דיאַלעקט, וועלכן איך האָב ביז דאַן נישט געהערט — קוקט הורוויטש אויף מיר און ווייסט נישט: פאָרלייגן מיר מאַכן קידוש? אָדער — נישט?

— וואָס וואַקלט איר זיך? — זאָג איך.

איך פיל אָן מיין כוס און זינג זיך פאַנאַנדער, הגם מיט אַ הייזעריק קול, אָבער מיט דער גאַנצער מתיקות פון מיינע קינדער־צייטן און... מיטן גאַנצן ווייטיק פון צעפלאָגטן האַרץ.

אַלע אַפּלאָדירן.

דער בעל־הבית שיינט און וויצלט זיך:

— אַ רב בלייבט אַ רב!

דער גאַסט איז פאַרחידושט:

— ווי האַבן זי געזאַגט, הער הורוויטש? איזט דער הער ווירקלעך ראַבבי?

— האַבן זי דען פילם „דאַס אַלטע געזעץ“ ניכט געזען?

— נאַטירליך האַבע איך דען פילם געזען אונד ווידערהאָלט איהן באַוונדערט, וואַס האַט עס מיטצוטון?

— דאָס איז דאָך דער „ראַבי“ אאוס דעם „אַלטן געזעצע“! ערקע־נען זי איהן ניכט?

די ווייטערדיקע פּרטים פון יענעם אָוונט וועלן מיר דאָ פאַרשפּאָרן.

דער גאַסט — זיין נאָמען איז געווען: וו אַ כ ע ר — איז געווען דער פאַרליי־דירעקטאָר פאַר מזרח־אייראָפּע אין „אופאַ“.

אין צוויי טעג אַרום בין איך אַנגאַזשירט געוואָרן צו שפּילן די הויפּט־ראָל אין „שטורעם דעם שווייגנס“.

און — אַז עס הייבט אָן „גיין“ — האָבן זיך צוויי רעזשיסערן ביים שעף־דירעקטאָר אין קאַבינעט צעקריגט צוליב מיר. אייגער, דאָקטאָר ראָ־בערטס, וועלכער האָט אָנגעהויבן „דרייען“ דעם באַרימטן פילם „די קאָר־סאַרן“, האָט געטענהט, אַז ער האָט מיך ביי וואַכערן דער ערשטער דערזען און אַנגאַזשירט, און דער צווייטער — דאָקטאָר יאָהאַנעס גוטער — האָט געטענהט, אַז איך וועל קיין עפּיזאָד נישט שפּילן, און ער האָט פאַר מיר אַ ראָל, וואָס ער קאָן קיינעם נישט אָפּגעבן.

דער דירעקטאָר —עריך פּאָממער — האָט געפּסקנט, אַז איך „גע־הער“ צו — גוטערן...

די אַרבעטן אַרום דעם פילם זענען רייך מיט פאַרביקע עפּיזאָדן פון לעבן און שאַפן. מיר וועלן זיך מוזן באַגרענעצן מיט אַ צוויי־דריי פון די שאַרפסטע.

* *
*

עס איז אַלעמען באַוווסט, אַז גאָר אָנגעזעענע און הויך־קוואַליפיציר־טע קינסטלער פון דער בינע שטעלן זיך אָפּטמאָל אַרויס פאַר אומפּעיקע „באַלמעלאָכעס“ אויפן עקראַן. געוויינלעך פּרוווט מען עס דערקלערן מיט דעם, וואָס, „שפּילן פאַרן אַפּאַראַט פאָדערט אַ גאַנץ אַנדערע ט ע כ נ י ק“.

ווייל איך אויף דעם אָרט מיר ווידער דערלויבן אַ דיגרעסיע. מיר ווייסן וויפל בענדער און ביכער זענען פאַרשריבן וועגן אַלע באַזונדערע אָפּצווייגן פון דער בינע־קונסט: טעכניק פון רעדן, טעכניק פון אָטעמען, זשעסט, פּסיכאָלאָגיע... אָפּגערעדט פון טאַנצן, פעכטן וכדומה.

אויפן ערשטן סעמעסטער אין פּעטערבורג, ווען איך בין פּטור גע־וואָרן פון יאנאָוון (איך שיק אָפּ מיין לייענער צום צווייטן קאַפּיטל פון

מיין צווייטן באַנד: „שונאים און שטראַלן“) און בין אַריין אין קלאַס פון וו. וו. סלאַדקאָפּיעווצעוו (אים געהערן עטלעכע לערנביכער וועגן דער טעאָריע פון שוישפּיל־קונסט), האָט ער מיר נאָך די ערשטע 2—3 לעקציעס געמאָלדן: „אייערע שטים־בענדער זענען קראַנקע און העלפן קאָן אייך א פּ ש ר אַ גרויסער ספּעציאַליסט־לאַרינגאָלאָג. וואָס שייך דער עצם שטים, דעם אופן פון זי געברויכן, מאָדולירן, אַרויסבאַקומען קלאַנגען, וועלכע זענען אייך נוטיק אין שייכות מיט די פאַרשידענע אויפגאַבן פון די געשטאַלטן און סיטואַציעס, וואָס איר וועט דאַרפן ברענגען פאַרן צושויער, זאָלט איר וויסן און געדענקען אויפן גאַנצן לעבן: דאָס איז ביי אייך פון דער נאַטור איינגעשטעלט און אויסרעגולירט אויפן בעסטן אופן, און אייך בלייבט בלויז צו אַרבעטן איבער אייערע ר אָ ל ן! דער „אַפּאַראַט“ איז פולקאָם אין אָרדענונג. עס איז צום באַוווּנדערן, ווי אַזוי מיט אַזעלכע שוואַכע, צעקאַליעטשעטע שטים־בענדער קליגט איר זיך אַרויסצובאַקומען אין פאַרשידענע סיטואַציעס גאַנץ פאַרשידענע טענער און קלאַנגען!...

אין 25 יאָר אַרום נאָך אַ פאָרשטעלונג פון „דאַנטאָנס טויט“ האָט דער באַרימטער וואַרשעווער לאַרינגאָלאָג מאַרעק קעניגשטיין באַטראַכט מיין האַלדז און מיט אַ געלעכטער אויסגערופן:

— דאָס, וואָס מיר רופן „שטים־בענדער“ און מיט וואָס מענטשן לאָזן אַרויס פון גאָרגל קלאַנגען, איז ביי אייך אויף 90% אַ ט ר אָ פ י ר ט: אָנגעשוואָלן, פאַרלייגט מיט שמוץ, מיט שליים, מיט 100 אומגליקן... ו י אַ ז ו י ר ע ד ט א י ר?? לויט אַלע כללים פון דער ווּיסנשאַפט ק אָ נ ט איר קיין צוויי ווערטער נישט אַרויסברענגען. און איך האָב געכטן אייך נישט ג ע ז ע ן, נאָר אויך ג ע ה ע ר ט! און איך וויל וויסן: ווען האָט איר מיר זיך... ג ע ח ל ו מ ט: נעכטן אין טעאַטער? אָדער היינט דאָ, ווען איך האַלט אייך אין אונטערזוכן??

שוין מיט אַ יאָר צוריק, בעתן דרייען „דאָס אַלטע געזעץ“, האָב איך בעסטגעשטעלט אַז אַנגעלעגנהייט, וואָס האָט מיך פאַראינטריגירט און... פאַרדראָסן, ווייל איך האָב עס אָנגענומען פאַר אַן אויסדרוק פון גרינגשעצונג לגבי מיין קנאַפּער באַהאַוונטקייט אין הלכות „פילמען“, ס׳הייסט — שפּילן פאַרן אַפּאַראַט.

אָבסערווירנדיק אין דערבייאיקער אַטעליע די אַרבעט, האָב איך געזען, אַז די שוישפּילער ווערן גערופן צו פאַרנעמען די אָדער יענע פּאָזיציע, אָפּהענגיק פון דעם, ווי עס שטייען די אַפּאַראַטן און לאָמפּן. און

מיך האָט דער רעזשיסער כמעט קיין איין מאָל נישט אויפגעפאָדערט „צו־צוקומען נעענטער"... אויף מיין פראַגע — אין אַ מאָן פון אַ געוויסער „פּרעטענזיע", וואָס מען באַהאַנדלט מיך נישט מיט לייטן צוגלייך, האָב איך דערהערט אַ לוסטיק געלעכטער אַרום מיר, און דער רעזשיסער האָט מיר, קלאַפּנדיק אין פּלייצע, געזאָגט, אַז איך בין נאָך צו יונג צו קאָנען אַלץ וויסן און באַגרייפן: „טו דיין אַרבעט און פרעג נישט קיין קשיות".

ביים צווייטן פילם האָב איך ווידער דערזען די זעלביקע „גרינגשעצונג" צו מיר מצד דעם רעזשיסער און מיט עקשנות געפּאָדערט אַן אויפ־קלערונג. און איך האָב דערהערט אַזוינס, וואָס האָט מיך אי איבערראַשט, אי געצוווּנגען צו פאַרטראַכטן זיך.

— דיין אופן שפּילן איז אַזאַ, אַז עס ווילט זיך נישט פאַרלירן געוויסע מאָמענטן, וואָס איבערהזרן זיי וועט זיך נישט לאָזן. יענע אַלע, וועלכע מיר רופן צו די לאָמפּן, ווירקן — מ ע כ אַ נ י ש; מאַכן אַלץ לויט די כללים פון ט ע כ נ י ק, און מען קאָן זיי צו יעדער מינוט אי־בעררייסן און אַ מינוט שפּעטער הייסן פאָרזעצן. ביי דיר איז דער אויס־דרוק פון די אויגן, דאָס שפּיל פון די מוסקולן, די גאַנצע דינאַמיק פון דיין פּנים און באַוועגונגען — א י נ ע ר ל ע כ ע: דו שפּילסט נישט, דו— ל ע ב ס ט, און דיך אַרויסרייסן פון דיין „לעבן" וואָלט הייסן צעברעכן דיין צושטאַנד... דעריבער שלעפּן מיר די אַפּאַראַטן און די לאָמפּן נ אָ ך ד י ר און דיך לאָזן מיר אומגעשטערט לעבן אין דער סיטואַציע.

די קוואַליפיצירטע אַרטיסטן פון ט ע אַ ט ע ר, וואָס ווערן דים־קוואַליפיצירט אויפן ע ק ר אַ ן, זענען אַלע — ט ע כ נ י ק ע ר... און די ט ע כ נ י ק איז אויף דער בינע נ י ש ט די, וואָס אין פילם־אַטעליע.

אָבער יענע קינסטלער, וועמענס לייסטונגען זענען געבויט אויפן אמת פון אינערלעכער איבערגעשטאַלטיקונג, ביי וועלכע עס ווירקט און דאָ־מינירט און — א י מ פּ אָ נ י ר ט — דער פּ ו נ ק פון דער צעשפּילטער פאַנטאַזיע און פילנדיק האַרץ — אין אָט די פאַלן איז „טעכ־ניק" אַן אומנוויטיקער באַלאַסט! *)

---

*) נישט נאָר טעכניק — אפילו דערפאַרונג, געניטקייט איז בלויזער „חומר": „באַנאַלע געניטקייט איז דער שכל פון טפּשים" — האָט געזאָגט וו. פ. קאָמי־סאַרזשעווסקאַיאַ.



אברהם מאָרעווסקי אין פילם „דער טורעם פון שווייגן“, בערלין “UFA„ 1924

אוודאי מוז אַן אַקטיאָר זײַן אַ געשיקטער און געניטער „בעל־מלאָ־כה“: ווי אַ שנײַדער קאָן האַלטן אַ נאָדל, אַ פריזירער אַ שער, אַ סטאָ־ליער אַ האַמער, אַזוי מוז אַן אַקטיאָר הערשן איבער זײַנע מכשירים, צווישן וועלכע די עיקרדיקע זענען זײַנע הענט און פיס, האַלדז און אויגן...

אָבער אויסלערנען זיך די דאָזיקע מלאכה איז ווערט אַ צעבראָכענע פרוטה. דער ערשטער תנאי איז אין אַקטיאָר דאָס, וואָס וואַכטאַנגאָוו האָט טרעפלעך באַצייכנט: „שעפערישע אויפ־רעגונג“; דאָס איז אַ פאָדעם אין גײַסטיקן געוועב! און מיט דעם דאַרף מען — געבוירן ווערן.

איך בין אין טעאַטער אָפּגעווען שוין 17 יאָר ביז מײַן ערשטן פילם. אַז איך בין געקומען נאָכן דערפאָלג קײַן בערלין און האָב דערזען דעם פילם אויפן עקראַן, האָבנדיק אויסגעהערט שבחים און סופערלאַטיוון וועגן זיך, האָב איך איבערגעלעבט שעהן פון ביטערע אַנטוישונג: דער אַקטיאָר, וועלכן איך האָב דערזען אויפן עקראַן, איז מיר אַבסאָלוט נישט געפעלן געוואָרן... לויט מײַן מיינונג איז דאָ נישט געווען קיין ביצוע, קיין טראָפן פון דעם, וואָס איך האָב — ווי מיר האָט זיך געדאַכט — באַוויזן פון דער בינע... אַזוי האָב איך אויסגעזען אין „די שמאַטעס“? אין „קין“? אין „דער'ן“? אַז אָד און ווי איז צו מיר און מײַן גאַנצן לעבן!

אַז איך האָב עס געזאָגט דעם רעזשיסער, האָט ער מיט אַ ביטערן שמייכל געענטפערט: „אַזוי נעמען עס אויף אַלע דײַנסגלײַכן פון ערשטן אײַנדרוק. וועסט אָנקוקן דעם פילם אַ דרײַ־פיר מאָל, דאַן וועלן מיר רעדן“.

בעתן צווייטן פילם פלעגט דער רעזשיסער מיך מיטנעמען אין „פאָר־פירונג־רוים“, וווּ אין אָוונט ווערן דעמאָנסטרירט די קאַדרען פון נעכ־טיקן טאָג.

און מיר איז אויסגעקומען איבערצולעבן אַן עפּיזאָד, וואָס איז פאַר־בליבן אויפן גאַנצן לעבן.

אין פילם איז געווען אַ סצענע, ווען דער אַלטער משוגענער, וואָס וווינט אויפן טורעם, ווערט באַוויזן מיט 25 יאָר צוריק. נאָך אַן אוואַריע מיט זײַן לופטשיף איז ער אָפּגעזעסן פינף יאָר אויף אַ ווילדן אינדזל; על פּי נס זיך אַרויסבאַקומען פון דאָרטן, געקומען צו זיך אַהיים אויפן טורעם, געפאַלן אין די אָרעמס פון זײַן איבערראַשטער פרוי און דערזען אַ צוויי־יעריק עופהלע. אין אָנפאַל פון ווילדער אײַפערזוכט דרייט ער

זיך אוים מיט דער פּלייצע, פּליט צוריק איבער די הונדערט טרעפּ פון טורעם אויפן הויף, דערהערט איר יאוש־רוף צו אים פון אויבן און פאַרשטאָפּט די אויערן... זי גיט זיך אַ וואָרף צו אים אַראָפּ... ער דערזעט איר טויטן קערפּער... פאַלט אויף די קני צו איר, זיינע שולטערן ציטערן און קאָנוווּלסירן... ער הייבט אויף זיין קאָפּ, און —

דער צושויער דערזעט דעם א י צ ט י ק ן פאַרווילדעוועטן תושב פון „טורעם דעם שווייגענס".

די סיטואַציע איז, פאַרשטייט זיך, — מ ע ל אָ ד ר אַ מ ע פון פּרימיטיוויסטן סאָרט, אַזוי ווי דער גאַנצער פילם איז געווען אַ „קינטאָפּ־מעשה", פון וועלכער שאַפן מינוטן פון קינסטלערישן ווערט האָבן געקאָנט נאָר אַ ק ט י אָ ר ן, באַרופענע צו מאַכן „י ש מ א י ן" דורכן א מ ת פון זייער קונסט.

אָבער דאָ זענען מיר אויסן צו דערציילן עפּעס אַן אַנדער זאַך: לויטן פּלאַן פון דער אַרבעט האָט מען געזאָלט אין מאָמענט, ווען ער הייבט אויף דעם קאָפּ איבערן גוף פון דער פרוי, די אויפנאַמען איבעררייסן און מאַכן אַ הפסקה, אַז דער אַקטיאָר זאָל זיך איבערגרימירן: אָנטאָן דעם ווייסן פּערוק, מאַכן געוויסע (לויט דער טעכניק פון פילם) שטריכן אויפן פּנים. מיט איין וואָרט: דערשיינען אין דער געשטאַלט פון א י צ ט י ק ן ווילדן זקן...

אָבער, ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אַרום זיך, האָב איך דערהערט אַ שאַרפן אויסגעשריי פון רעזשיסער: „ראַש, ראַש — פודער הער! וויר פודערן די פּערוקע אונד באַרד איין און דרעהען אָהנע אונטערברעכונג ווייטער!"

ווייל דאָס פּנים, די אויגן, די הענט, דער אויסדרוק פון די ליפּן האָבן גישט געהאַט קיין שפור פון יוגנטלעכקייט... און אַ צוויי־דריי באַוועגונגען, און אַ פּאָר בליקן האָבן באַוויזן דעם צושטאַנד פון דעם, וואָס לעבט שוין אַ פערטל יאָרהונדערט מיט דער אידיי־פיקס, אַז ער מוז אויסבויען אַ נייע לופטשיף און זיך לאָזן פליען צו זיין סענטע אין הימל...

(צו דעם צוועק האָט ער אָנגעזאַמלט אין דער אויבערשטער אַטעליע פון טורעם צענדליקער פייגעלעך, צו שטודירן זייערע פליגעלעך און בויען לויט זיי זיין שיף...).

ווען אויפן עקראַן האָט זיך באַוויזן די סצענע, בין איך געוואָרן אַזוי מיטגעריסן און דערשיטערט, אַז איך האָב מיך אין דער פינצטער צוגע־

דריקט צום רעזשיסער. ער האָט מיך אַרומגענומען מיט איין האַנט און פעסט געדריקט צו זיין אָרעם...

— הער דאָקטאָר! — האָב איך געפּליסטערט, נישט גלויבנדיק מיי־נע אויגן — האָב איך דאָס געשפּילט?

— דו, דו, מיין קערל! דו ביסט עס!! דיין נעכטיקער פּערטראַג איז צוואַנציק טאוזענד דאָלאַר! דו זאָלסט עס ניכט מיט דיינער גוטבעקאַנטן דומהייט פערפּאַסן!

מיטאַמאָל האָט אין אַטעליע אויסגעבראָכן אַן אַפּלאָדיסמענט פון אַלע בייגעווועזענע רעזשיסערן, און עס האָט אין דער פינצטער זיך דערהערט:

— אין פינף פילמען גיבט עס קיינען יאַנינגס מעהר! זאָ וואַס האָט מאַן נאָך גי געזען!

און אָט די סצענע איז ביים צוגויפּשטעלן דעם פילם געוואָרן אויסגעשניטן!

אָבער דער דערפאָלג פון עמיל יאַנינגס איז זיך צוגויפגעפאַלן מיט דעם אָנהייב פון דייטשלאַנדס ווידערגעבורט נאָך די קלעפּ אין ווערסאַל 1918. דער דייטשער פילם איז געווען דאָס ערשטע וואָרט כלפּי חוץ פון דערשלאָגענעם דייטשלאַנד. און געווען זענען עס די פילמען: „מאַדאַם דיו־באַררי“ מיט פּאָלאַ נעגרי, און יאַנינגס האָט מיט גלאַנץ געשפּילט „לודוויק דעם 14־טן“. און דער צווייטער פילם — „אַננאַ באָ־ליען“ מיט הענרי פּאָרטען, ווו יאַנינגס האָט ממש געשיינט אין דער געשטאַלט פון „הענריך דעם 8־טן“.

און היות איך שרייב דאָ מיינע מעמואַרן, וועל איך מיר דערלויבן צו דערציילן, אַז ערנסט לוביטש, דער רעזשיסער, וועלכער האָט ביידע פילמען געשאַפן, איז געוואָרן אַ וועלט־נאָמען און האָט אין בערלין יענע יאָרן ממש „געקיניגט“ (אין אַן אַנקעטע פון „בערלינער טאַגעבלאַט“: „ווער איז אין בערלין די פּאָפּולערסטע פערזענלעכקייט?“ — האָט לוביטש באַקומען די וויט־איבערוויגנדיקע מערהייט שטימען קעגן וואַלטער ראַטענאַו, הערצבערגן און אַנדערע מושלים און פירער פון יענע טעג) — אָט דער ערנסט לוביטש איז מיינער אַ קרוב: זיין פאָטער איז מיין פאָטערס אַ לייבלעכער שוועסטערקינד. זייערע מאַמעס זענען גע־ווען — צוויי שוועסטער.

ערנסטן האָב איך מיט אַ יאָר 15 צוריק באַגלייט אין „דויטשעס טעאַטער" אַריין דעם אָוונט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן ביי רייגהאַרדטן (אין „פּאַאוסט").

ער האָט מיך פּריינדלעך אויפגענומען, זיין וויזיטקאַרטע צום פּאָליצייפּרעזידענט האָט מיר פאַרשאַפט אין משך פון 10 מינוט אַ דערלויבעניש זיך צו באַזעצן אין בערלין...

איז דען אַ פראַגע, אַז יעדער אַנדער סוביעקט אויף גאָטס וועלט וואָלט אין בערלין שוין מיט דריי יאָר צוריק געמאַכט אַ קאַריערע אין פילם?

אין 1921 יאָר האָט לוביטש פאַרענדיקט „דאָס ווייב פון פּרעה" (אויך מיט יאַנינגסן) און איז אַוועק קיין אַמעריקע, האָבנדיק מיר פאַרויסגעזאָגט דערפאָלג אין פילם, „אויב איך וועל ריכטיק האַנדלען". ער האָט מיך געוואָרנט, איך זאָל נישט פּרוון שפּילן יינגער ווי 30 און עלטער ווי 40. אויף מיין באַמערקונג, אַז דאָס איז אַ כלל פאַר די, וועלכע שפּילן מ ע כ נ י ש און נישט גילטיק פאַר שוישפּילער פון א ינ ע ר ל ע כ ע ר ק אָ נ צ ע נ ט ר י ר ו נ ג, האָט ער מיט ביטול זיך צעשמייכלט...

איצט האָב איך געשפּילט דעם צווייטן טיפּן זקן, אין דער האַנדלונג איז אַריינגעפאַלן אַ י ו ג נ ט ל ע כ ע סצענע, און מען האָט מיר די בעסטע סצענע אַרויסגענומען.

איז — ווער זאָל מיך פאַרטיידיקן?? ווער זאָל זיך איינשטעלן פאַר מיין כבוד? ווערט און ווערדע? וועמען איז די אָנגעוועדיקייט פון יידישן אַרטיסט אַזוי „זער גוטיק??

האָט וויכטיקסטע איז געווען דאָס, וואָס אין דער אַרבעט פאַרן אַפּאַראַט האָב איך זיך נאָך קנאַפּע 20 יאָר — ד ע ר ז ע ן... נאָך פאַראַיאָרן אין „אַ ל ט ן ג ע ז ע ץ" איז געשען אַזאַ פאַל: דער רעזשיסער האָט געזוכט ווי אַזוי אָנצוהייבן באַווייזן די סצענע, וועלכע איז אָנגעקינדיקט געוואָרן דורך אַן אויפשריפט (עס איז נאָך געווען דער ש ט ו מ ע ר פילם): „אין יענער נאַכט איז דער רבי קראַנק געוואָרן". צענדליקער פּרטים, המצאות, איינפאַלן, און אַלץ — „נישט דאָס!" דערווייל ליג איך אין בעט. מיך גרייפט אָן אַ שטאַרקער הוסט, און איך הייב אָן זוכן, טאַפּן דאָס טאַשנטיכל אויפן נאַכט־טישל נעבן בעט... דערהער איך אַן אויסגעשריי: „קינדער! שאַוט מאָל דיזע הענדע אַן!"

מיט זיבן יאָר צוריק, אין „האַמלעט“, בעת האָראַציאָ זאָגט, אַז ער האָט געזען מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, האָב איך אים אָנגעקוקט און געמאַכט אַ באַוועגונג מיט די פינגער איבערן פנים. וועגן דער באַוועגונג האָבן מיר צוויי חברים און בעקטאַשעוו נאָכדעם אויפמערקזאַם געמאַכט און געזאָגט, אַז די סצענע איז ווערט אַ גאַנצן אַקט: „די פינגער! די הענט!“

אין אַ העלן פרימאָרגן, קומענדיק צו דער אַרעבט, זע איך: אין אַטעליע, פאַר די אַפּאַראַטן און לאָמפּן זענען אויסגעשטעלט אַ 10—12 שטולן.

אויף מיין פאַרהידושטער פראַגע דערהער איך: מאַדאַם גוטער, דעם רעזשיסערס פרוי געמאַלין איז אַן אָפּערן=זינגערין אין בערלינער שטאָטישער אָפּערע. היינט שטייט פאָר צו דרייען אַן אינטערעסאַנטע סצענע, האָט זי איינגעלאַדן אַ 10 פון אירע קאָלעגן צו זען — „וויזאָ זי דאַס מאַכן“: אירע אַרט געשטאַלטיגונג איז ניכט מער צו פינדן. יעדע גרענצע צווישן „שפּיל“ און ווי ר קל ע כ ק יי ט פערשווינדט שפּורלאָז“.

מיר שיינט, אַז יענעם פרימאָרגן האָב איך... ג ע ש פּ י ל ט, אָבער נאָך דער סצענע אויסגעהערט קאָמפּלימענטן. מסתמא — למען העפלעכקייט.

און דער לעצטער, פרייליכסטער און „שענסטער“ עפּיזאָד.

געווען אין „אופאַ“ אַ פאַרשוין, אַ גאַליציאַנער „עהעמאַליגער יודע“, ווי ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט.

לויט געוויסע סימנים איז ער געווען דער הויפּט=אויפטוער ביים אויסשניידן פון פילם די אויבנבאַשריבענע סצענע. ער זאָל האָבן געזאָגט דעם שעף=דירעקטאָר נאָך דער אָוואַציע פון די רעזשיסערן אין „פּאָרפּירונגסרוים“, אַז „דעם יידן פון וואַרשע דאַרף מען אַ ביסל „איינקלאַמערן“.

איינמאָל נעמט ער מיך אונטערן אָרעם, פירט מיך אָפּ אין אַ זייט און זאָגט, אַז ער האָט מיט מיר צו „בעשפּרעכן“ אַ וויכטיקע אַנגעלעגנהייט. איך האָב אָנגעשטעלט אויג און אויער און דערהער:

— די דירעקציע האָט באַשלאָסן אייער נאָמען צו שטעלן אין אַנאָנס דעם ערשטן... וואַס זאָגן זי דערצו הער מאָרעווסקי? זי נעמען עס, ווי איך זע, גאַנץ גלייכגילטיג אַאוף?

— איך בין זער געשמייכלט...

——עס גיבט אַבער דערביי איינע שטערונג, די וויר אָהנע איהרער הילפע ניכט צו בעזייטיגן אימשטאַנדע זינד...

— נעהמליך?

— אין דויטשלאַנד קאָן דער פירענדע דאַרשטעלער ניכט „אַ ב־ר אַ ה אַ ם“ הייסן! דיעס מוז דאָך איהנען קלאַר זיין!

— וואַס קאָן איך דאַפיר?

— זי מיסן אירן פאָרנאַמע אָהנע ווייטערעס ענדערן!

— איך פערשטעהע ניכט!

— „אַלבערט“! „אַנאַטאָל“! „אַלפרעד“! „אַ ד אָ ל ף“, ענדלעך! זי דירפן דאָך ניכט מער יודע זיין, אַלס עס דער גראָססע אַ ד אָ ל ף זאָ גנ ע נ ט אַ ל וואַר!

איך האָב אים שווייגנדיק אָנגעקוקט מיט צוזאַמענגעפרעסטע ליפן.

— אירע צושטימונג, הער, איז די בעדינגונג דער דירעקציאָן: „אַב־ראַהאַם“ זיט אין דויטשלאַנד ווי איין שלעכטער וויטץ אַאוס!... איך מעכ־טע אירע אַנטוואָרט הערן!

— זאָלאַנגע זי מיר מיינע ב ר י ת־פּראָצעדור און אירע פאָלגן ניכט ענדערן, קאָן איך נ ו ר זאָ הייסן, ווי איך אַם אַכטן טאַגע ביי דער בעשניידונג גענאַנט וואָרדן וואַר.

ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר ווילדע אויגן מיט אַ מין אימה אין בליק און פּלוצלונג אויסגעשאָסן מיט אַ לוסטיקן געלעכטער...

— דיעס איזט פאַבעלהאַפט! זי זינד ווירקליך ענטציקענד, הער מאָרעוווסקי... כאַ־כאַ־כאַ!! אַבער וואָס האָב איך דעם הערן שפּדירעקטאָר אין איהרען נאַמען צוּ מעלדן? זי ווערדן דאָך ניכט אום הימלסווילן אַאוף דען ערסטן פּלאַץ און דער רעקלאַם פערציכטן!!

פאַלט מיר איין אַ המצאה:

— „אַ ב ר אַ ה אַ ם“ איזט איין שלעכטער וויטץ? ווי פינדן זי ד אַ ן „אַ וו ר אָ ם“? פילייכט איז עס איהנען ליבער?

— פאַבעלהאַפט! גאַנץ סקאַנדינאַוויש!! זי זינד געניאַל, הער! וואָ־הער דיזער נאַמען שטאַמט — דיעס קימערט אונדז אַמווענינקסטן! וויר רעקלאַמירן זי: „אַ ווראָם מאָרעוווסקי“ — ווונדערבאַר!

אַז אַזוי האָט מיך גערופן דער עולם אין ווי ל נ ע — דאָס פאַרשפּאָר איך דאָ צוצוגעבן... אַזוי האָבן פון דעמלט אָן מיך גערופן די פילם־פלאַקאַטן פון דער גאָרער וועלט: „דער בעסטער ליגן איז דער אמת“ — פלעגט זאָגן מיין מאַמע.

* *
*

און דער לעצטער אַקאָרד פון מיין בטלנישער אומבאַהאָלפנקייט אין לויף פון יענע חדשים.

אַז דער פילם איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט די דירעקציע איינגע־לאַדן אַלע אָנטיילנעמער צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון דער בערלינער פילם־וועלט, בתוכם קריטיקער אויף אַ באַנקעט. איז עס געווען גראָד ערב יום־כיפור: צו „כל נדרי"... איך דערמאָן, אַז צו כל נדרי האָב איך אויפ־געטראָטן אין אָדעם צום ערשטן מאָל אין פושקינס „רוסאַלקע", אָבער פון 1914 האָב איך אָנגעהויבן פאַסטן. און דאָ האָב איך מיך געשלאָגן מיט דער דעה: גיין אויפן באַנקעט און נישט נעמען קיין טראָפן אין מויל? אָדער נישט גיין בכלל?

איך בין אויפן באַנקעט נישט געגאַנגען!

דאָס איז געווען דער סוף פון מיין אָנגעהעריקייט צו „אופאַ", און אַנדערש האָט עס זיין נישט געקאָנט...

איך געדענק דייטלעך, אַז יענעם אָוונט האָב איך געקוקט דעם פילם: „ק י ן" — מיטן באַרימטן מ אָ ז ש ו כ י ן אין דער הויפּט־ראָל...

איך בין געזעסן אין קינאָ־זאַל און געגאַנגען אַהיים אונטערן שווערן געפיל, אַז איך בין אויף מיין לעבנסוועג אַ פאַרשטויסענער און אומבאַ־האָלפענער סוביעקט...

קורץ נאָכדעם האָב איך מיך געלאָזט קיין וואַרשע.

# ערשטער קאַפּיטל

## קיין וואַרשע

דעם פאָרשלאַג צו קומען קיין וואַרשע אויף גאַסטשפּילן האָבן מיר געמאַכט אין בערלין קלאַראַ סעגאַלאָוויטש און שלמה מענדעלסאָן, וועלכע זענען געקומען אַהין — ער אין שליחות פון „ציִשאָ“ — ווי ווייט איך געדענק — און זי אַלס דעלעגאַטקע פון „צענטראַל־טעאַטער“, אין וועלכן עס האָט דעמלט געשפּילט אַ סאָלידער קאָלעקטיוו, קולטיווירנדיק דאָס אַזוי גערופענע „בעסער“ יידיש טעאַטער.

די „בעסערקייט“ איז באַשטאַנען אין דער אויסגעהאַלטנקייט פון רעפּערטואַר, אָדער נאָך פּינקטלעכער: אין דער געטרייקייט צו די מחברים, וועמענס נעמען עס האָבן געהאַט אַ שייכות צו ריינער ליטעראַטור און צו קיין שום ליטעראַרישן שונד.

מען האָט געשפּילט וועלט־קלאַסיק: וויקטאָר הוגאָ; מען האָט זיך געגרויסט מיטן נאָמען „שלום אַש“ אויפן פּלאַקאַט. די ליטעראַטור האָט געפייערט איר נצחון איבערן שונד. אָבער צי איז דער שונד געווען אויסגעוואָרצלט אויפן סצעניש באָדן? צי איז דער אַקטיאָר, נעשטאַלטנדיק „זשאַן וואַלזשאַנען“ אָדער „זאַשווערן“, ווייט אַוועק פון דעם אופן שפּילן און געשטאַלטיקן, לויט וועלכן ער האָט געשפּילט די „העלדן“ פון לאַטיינערן? — די שאלה איז אויפן סדר־היום פון דער טעאַטער־פּראַקטיק נישט געשטאַנען.

איך האָב, דורכפאָרנדיק וואַרשע, מיט אַ צייט צוריק, אַ קוק געטאָן אַ צוויי פאָרשטעלונגען, און מיר איז געוואָרן ממש פינצטער אין די אויגן. נישט אויף איין צענטימעטער איז די „קלאַסיק“, וואָס איך האָב דערזען, געווען נעענטער צו דער שוועל פון מאָדערנער טעאַטער־קולטור, ווי זינאַ ראַפּפּעלס אָפּערעטע מיט אַ יאָר 8 פריער... אַ מעשה

וועגן עפּעס אַ „אַמעריקאַנער חתונה“, אין וועלכער אַן אַקטיאָר האָט געמאַכט לאַכן דעם עולם, שפּילנדיק דעם שדכן און האַלטנדיק דעם שירעם מיטן קאָפּ אַראָפּ.

איצט האָט דער זעלביקער אַרטיסט געשפּילט „בעסער“ טעאַטער, און איך האָב, קוקנדיק אויף זיין „אַרטיזם“ און „בעסערקייט“, נישט איין סעקונדע אויפגעהערט צו „זען“ דעם אַמאָליקן שירעם מיטן קאָפּ אַראָפּ...

מיר זענען זינדיקע מענטשן: מיין פאַרדראָס און ווייטיק האָבן געקאָנט וואָרצלען אין אַ געפיל פון... „א י פ ע ר ז ו כ ט“... ווי לאַנג איז עס, ווען דער וואַרשעווער עולם האָט אַזוי געפייערט די פאָרשטעלונגען פון „דיבוק“, און איך האָב געהאַלטן, אַז „טעאַטער איז ל י ט ו ר ג י ע“! און דאָ האָב איך דערזען דעם דערפאָלג פון ריינעם נ אַ ט ו ר אַ ל י ז ם, דערפילט ממש דעם טעם פון פעטן „ט ש אָ ל נ ט“, אַ שטיק פאַנעל־סענסאַציע אויף די בינע־ברעטער!

אפשר? אפשר האָט אין מיר „גערעדט“ פערזענלעכער ווייטיק? קנאה?

אָבער אין זעלביקן ספּעקטאַקל האָב איך דערזען, באַוווּנדערט און אַרויסגעזאָגט מיין התפּעלות וועגן דער קונסט, פיינער צייכענונג, אמת־אַרטיסטישער טרעפלעכקייט און מאָס ביי צוויי שוישפּילער, פון וועלכע דאָ וועל איך אָנרופן בלויז איינעם: ז י ג מ ו נ ט ט ו ר ק אָ ו ו. געשולט, באַזינגט, געמאָסטן און געטראָגן פון ערשטן ביזן לעצטן אָטעם סיי דעם צויבער פון שפּילנדיקן אַקטיאָר, סיי די באַשיידנקייט און זעלבסטבאַגרענעצטקייט פון קינסטלער, וועלכער גיט פון די ברעטער דעם אינהאַלט פון דער ג ע ש ט אַ ל ט, וואָס ער פאַרקערפּערט, נ י ש ט — ז י ד אַ ל יי ן, נישט זיין מפורסמדיקן נאָמען. איך רוף דאָ נישט אָן נעבן זיגמונט טורקאָוון דעם צווייטן נאָמען, וואָס האָט אין יענע טעג מיך געטרייסט אין מיין טיפער אויפרעגונג נאָך דעם, וואָס איך האָב דערזען, ווייל איך פיל מיך נישט באַרופן קאָנקרעט אָנצורופן די פאָרשטעלונגען, די עצם אונטערנעמונג, וואָס איז אין פנקס פון יידישן טעאַטער פאַרבליבן ווי אַן עטאַפּ פון סצענישן אויפטו און דערגרייכונג. קיין געשיכטע פון טעאַטער בין איך נישט אויסן צו שרייבן און קיין אָפּשאַצונגען אויפן סמך פון מיינע ווייטיקן נישט באַרופן צו מאַכן. צוויי פונקטן זענען אַ ליניע. צוויי נעמען וואָלטן שוין געווען אַ סימן און אָנגעוויזן וועגן וועלכן קאָלעקטיוו איך רעד דאָ.

לאָמיר בכן בלייבן אין די ראַמען פון בלויזער אָנדייטונג!

קלאַראַ סעגאַלאָוויטש האָט מיר אויפֿגעדעקט אַלע פּרטים פֿון דער ווירקלעכקייט אין זייער טעאַטער און געזאָגט, אַז דער גאַנצער קאָלעקטיוו האָט איינשטימיק — ביי איין מיטגליד, וועלכער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען — מיטן דירעקטאָר ר י ב אַ בראש — באַשלאָסן מיך איינצולאַדן, אַלס רעזשיסער און פֿירנדיקן אַקטיאָר מיטצואַרבעטן. איך האָב געגעבן מיין הסכּמה, באַטאָנענדיק, אַז איך באַטראַכט די ערשטע 2 חדשים, ווי אַ פּרווו־טערמין און וועל זיין אַ „גאַסטראָלער“.

נאָך דעם איז מיט אַ ברייטן און ווייטגייענדיקן אַנטוויקלונגס־פּלאַן אַרויס מיט לשון שלמה מענדעלסאָן...

מיט שלמה מענדעלסאָנען בין איך פֿון די ערשטע טריט אין וואַרשע ביי די „ווילנער“ געווען גוט אויפֿגעטראָגן. זיין ברודער מאיר האָט אין ווילנע געהאַט איינגעאָרדנט מיינעם אַן אָוונט — אין 1923, אויב נישט פֿריער — און מיר איז פֿאַרבליבן אַ וואַרעם געפֿיל אין האַרצן און דער איינדרוק פֿון זיין טיפֿער פֿאַרשטענדעניש צו די פּראָבלעמען, מיט וועלכע איך האָב געאָטעמט.

אַזוי אַרום איז דאָס געשפּרעך מיט שלמהן וועגן די אויפֿגאַבן פֿון טעאַטער און וועגן דעם פּלאַן פֿון מיינע נאָענטסטע וואָכן נישט געווען קיין „אָנהייב“ נאָר אַ מין „המשך“ פֿון אַ וועג, וואָס איז פֿאַר אונדז ביידן געווען אויסער דיסקוסיע.

אָבער פֿון ערשטן פּונקט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אים איז פֿרעמד דער אלף־בית פֿון מיין טעאַטער־קאָדעקס.

שלמה מענדעלסאָן האָט מיט שטראַלנדיקע אויגן געמאָלדן, אַז מיט מיין קומען קיין וואַרשע וועט פֿאַרווירקלעכט ווערן דער טרוים, מיט וועלכן די יידישע אינטעליגענץ אין פּוילן טראָגט זיך אַרום שוין אַ צוויי יאָרצענדליקער.

מען וועט אויפֿפֿירן „די גאָלדענע קייט“. מען וועט געבן אַ תּיקון פּרצן אויף די יידישע ברעטער!

אויף מיין קאַטעגאָרישער מעלדונג, אַז אַזוינס קאָן דורך מיר נישט רעאַליזירט ווערן, איז ער תּחילת געבליבן ווי געפּלעפֿט, האַלטנדיק, אַז דאָ שטעקט אַ וועלכע עס איז „פּערזענלעכע“ אַמביציע... אָבער אַז איך האָב פֿאַר אים אָנגעהויבן ברייט אַנטוויקלען די טעאָרעטישע און פּרינציפּיעלע פֿאָסטולאַטן פֿון מיינע טעאַטער־פּערספּעקטיוון פֿאַרן יידישן עולם; אַז איך האָב אים קלאָר געמאַכט מיין שטאַנדפּונקט וועגן דעם, אַז דער קול־

טור־ווּקס פון יידישן טעאַטער הענגט אָפּ אויף אַלע הונדערט פּראָצענט פון פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ן קולטור־ווּקס פון י י ד י ש ן אַ ק ט י אָ ר, וועלכער קאָן וואַקסן נאָר אין ענגן קאָנטאַקט מיטן מאָדערנעם דראַמאַ־טורג, וועלכער זאָל שרייבן ר אָ ל ן, קוקנדיק מיט אָפענע אויגן אויף די, וואָס דאַרפן די ראָלן פאַרקערפּערן; אַז דער יידישער אַקטיאָר — אַזוי ווי ער זעט אויס היינט צו טאָג — טאָר באַין אופן זיך נישט נעמען שפּילן געשטאַלטן, וואָס זענען פאַרוויקלט אין די שלייערן פון ליטעראַ־רישע סימבאָלן; אַז איך האָב אים אויפגעקלערט דעם ח י ל ו ק צווישן ל י ט ע ר אַ ר י ש ן פּ אָ ר ש ר י ט, וואָס מיר האָבן צו פאַרצייכע־נען מיט שטאָלץ און טיפער סאַטיספאַקציע, אָנרופנדיק די רומפולע נע־מען פון אונדזער שריפטשטעלערישן „אָלימפּ“ צוזאַמען מיט אַ צענדליק דיכטער און נאָוועליסטן, עסעאיסטן פון יונגן דור און דער ס צ ע נ י־ש ע ר אָ פּ ג ע ש ט אַ נ ע נ ק יי ט פון אַקטיאָרן־דור —

האָט ער מיך לאַנג אָנגעקוקט מיט אַן אויסדרוק פון חידוש און התפּעלות, איז אַוועק צום פענצטער און שווייגנדיק געקוקט אין גאַס אַריין...

איך האָב אַ מינוט צען, אויב נישט לענגער, געשמועסט מיט קלאַרען וועגן עפּעס נאָר „לייכטע“ ענינים: „וואָס מאַכט דער?“, „וואָס טוט יענער?“

ערגעץ איז מיר געווען אין האַרצן קאַלאַמוטנע, וואָס מיין נסיעה קיין וואַרשע וועט, משמעות, נישט צושטאַנד קומען, וויבאַלד דער עיקר איז געווען „די גאָלדענע קייט“. און איך וועל נישט פאַרגעסן מיין איבעררא־שונג און געפיל פון טיפן גליק און סאַטיספאַקציע, ווען שלמה מענדעל־סאָן איז פון פענצטער צוגעגאַנגען צום פּאָטעל, האָט זיך אַוועקגעזעצט און, קוקנדיק צו מיר מיט אַ שמייכל פון האַרצן, מיט אַ בליק פון טי־פער אָנערקענונג, שטיל אַרויסגערעדט:

— נישט לייכט איז אין קורצע מינוטן צו באַנעמען דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פראַגן, וואָס איך האָב אויסגעהערט פאַר דער שעה דאָ אין צימער. אָבער איינס איז מיר קלאָר, אויסער יעדער דיסקוסיע: אייער דערווייטערונג פון אונדז איז אַ שווערער חטא!

— וועמענס חטא, חבר מענדעלסאָן?

— לאָמיר וועגן דעם היינט נישט רעדן! וו ע ן ק ו מ ט א י ר ק יי ן וו אַ ר ש ע?

דאָס איז געווען, שיינט מיר, אָנהייב נאָוועמבער.

דעם 2־טן דעצעמבער האָב איך אָנגעהויבן מיינע גאַסטראָלן אין „צענטראַל־טעאַטער“.

*   *

*

איך קרעמפּיר מיך נישט דורך כּללים פון „באַשיידנקייט“ און דער־צייל בּפה מלא אַלע פאַלן פון פּערזענלעכע דערפאָלגן, וואָס איך האָב געהאַט צו פאַרנאָטירן אויף מיינע וועגן — פון די ערשטע קינדער־שריט אין אָדעס מיט צוואַנציק יאָר צוריק ביז די אויסדרוקן פון דערפאָלג אין „וועלט־פאַרגעם“, וואָס זענען געשילדערט אין די לעצטע קאַפּיטלען אין שייכות מיט מיינע פילמען.

שרייבנדיק דאָ וועגן די קנאַפּע 4 חדשים אין וואַרשעווער „צענטראַל־טעאַטער“, וואָרן איך פון פאָרויס, אַז קיין איין שורה בין איך דאָ נישט אויסן צו פאַרלירן אויף די אָדער יענע פאַלן פון מיין פּערזענלעכן בייפאַל אָדער דורכפאַל: דאָ זענען צום אויסדרוק געקומען אַ ריי פאַקטן, וואָס שילדערן שאַרף דעם אַלגעמיינעם מצב פון יידישן טעאַטער, זיינע מעג־לעכקייטן, דערגרייכונגען און... יענע ש ט ע ר ו נ ג ע ן, וואָס זענען געלעגן אויף די שליאַכן פון זיין פאָרמאַרש און האָבן אים נ י ש ט ג ע ל אָ ז ט אַוועקגיין צו ווייט איבער די קולטור־מאָסן פון זיינע פירנ־דיקע יחידים און באַשליסנדיקע טאָנגעבער.

אַז איך בין געקומען קיין וואַרשע, האָט די דירעקציע פון טעאַטער געמאָלדן (דאָס זענען געווען — ריבאַ און ברין, וועלכער האָט זיך פון דער דירעקציע, ווי ווייט איך געדענק, באַלד צוריקגעצויגן), אַז אויפטרעטן זאָל איך אין „דיבוק“, ווייל דאָס איז גאַראַנטירטע עטלעכע אויספאַר־קויפטע הייזער און די אונטערנעמונג דאַרף קודם פאַרזיכערן אַ מאַטע־ריעלן באָדן צו קאָנען מאַכן ווייטערדיקע עקספּערימענטן. מען האָט גע־האָפט, אַז אַ זיכער געשעפט וועט זיין „די גאָלדענע קייט“, אָבער מענדעלסאָן האָט געוואָרנט, אַז וועגן דעם קאָן קיין רייד נישט זיין... בלייבט איבער די צווייטע „קאָרט“ — „דער דיבוק“.

איך האָב איבערגעחזרט דאָס, וואָס איך האָב מיט אַ יאָר צוריק געמאָלדן אין ווילנע: אַז אויף שלאַגערס און סענסאַציעס וועל איך מיינע גאַסטשפּילן נישט אָנשפּאַרן! איך קאָן אָנהייבן ג אָ ר מיט „קין“, אויב

די דירעקציע האָט חשק צו ריזיקירן מיט איין וואָך. און איך קאָן אָן שום טענות זיך בכלל צוריקציען — ווען מען וועט וועלן... (פון שפּילן דעם „דיבוק" אין באַדינגונגען פון „כאַפּ־לאַפּ" האָב איך געהאַט זיך אָפּגעזאָגט, ווען דער באַוווסטער דירעקטאָר צעלמייסטער האָט מיר בשעתו פאָרגעלייגט אַ טורנע איבער גאַנץ פּוילן מיט אַ גוזמאדיק־ריזיקן פּראָצענט פון דער ברוטאָ־איינגאַמע).

מיר האָבן אָנגעהויבן מיט „ק י ן"... דער מאַטעריעלער דער־פאָלג איז נישט ווייט אָפּגעשטאַנען פון דעם, וואָס מיט אַ יאָר צוריק אין ווילנע. וועגן „מאָראַלישער" סאַטיספאַקציע וויל איך נאָר דערציילן, אַז נאָך דער פּרעמיערע האָט אסתר רחל קאַמינסקאַ ביי מיר אין גאַרדעראָב מיר גראַטולירט, קושנדיק מיך אין שטערן און געזאָגט אַזוינס, וואָס איז געבליבן אייַנגעקריצט אין האַרצן. פאַר מיר איז עס געווען ווי באַלזאַם אויף מיין צעוויייטיקטן האַרצן נאָך די אַלע פּעריפּעטיעס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, זייענדיק אָפּגעריסן פון דער בינע. אָבער דער שווערפּונקט פון מיין סאַטיספאַקציע איז געווען — ווי אַזוי דער עולם האָט אויפגע־נומען דעם ערשטן אַקט: דעם סאַלאָן ביי „גראַף קעפּעלד". עס איז געווען טיפער ווינטער. מיין קעל איז געווען פאַרקילט און אָנגעווייטיקט. אָבער איך בין ביזן אָנהייב פון ספּעקטאַקל געזעסן אין טעאַטער און „געשליפן" און „געפיילט" סיי די אויספירער פון די קלענסטע ראָלן, סיי די רעקווי־זיטן, סיי די באַקליידונג...

און מיר האָבן געיובלט אין די צייטונגען, פון וועלכע איך געדענק באַזונדערס אַלטער קאַציזנעס אַרטיקל אין די „ליטעראַרישע בלעטער", אין וועלכן, שילדערנדיק די אַטמאָספער פון ערשטן אַקט, האָט ער גע־שריבן, אַז „ס'איז געווען אַ ברכה צו מאַכן איבער דעם, ווי אַזוי דער „מאַזשאָר ד'אָם" (ל יי ב פ ר י ד מ אַ ן) האָט געצונדן די ליכט אין הענגענדיקן קאַנדעלאַבער".

נאָך „קין" האָבן מיר געשפּילט דעם „דיבוק"... אין דער „לופט" האָבן זיך געפילט די בייזע העויות פון די אָנהענגער פון „נוסח הערמאַן"... מיט אַן אויספירלעכער אָפּהאַנדלונג וועגן נייעם נוסח איז ווידער אַרויס־געטראָטן אין די „ליטעראַרישע בלעטער" אַלטער קאַציזנע... דער עולם איז אין טעאַטער געשמאַק געגאַנגען אַ 30 אָוונטן. די טרופּע האָט זיך צו די פּראָבן און צו מיינע רעזשי־אַספּיראַציעס באַצויגן על הצד היותר טוב... איך האָב מיך ווידעראַמאָל איבערצייגט, אַז דער עצם שווישפּילערי־

שער מאַטעריאַל איז אין יידישן טעאַטער אַן אויסגעצייכנטער, ווען אים וואָלטן נישט געסטמט און קאַליעטשעט די „אויבערשטע פון שטייסל“...

אין שייכות מיט די פאָרשטעלונגען פון „דיבוק“ מוז איך דערציילן אַ פילזאָגנדיקן עפּיזאָד.

„מיכאַל־גבאי“ האָט געשפּילט יצחק נאָזשיק, אַ זאַפטיקע געשטאַלט פון אַלטן טעאַטער, מוזיקאַליש ווי אַ שד, אַ ציניקער, אַ פּיקח, אַ יודע ספר, אַ מחבר פון קופּלעטן, לידלעך, טענצלעך... אַ פאַרביקער, לוסטיק־לעבעדיקער „האָצמאַך“־עקזעמפּליאַר. צו זיין פולער אָפּשילדערונג איז געגנוג צו באַמערקן, אַז ער איז געווען דער מחבר פון... „מ ל כ ה ־ ס אָ ל ־ ד אַ ט“, אַזאַ מין פאַרציע „ה ל ב“, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען אַ שלאַגער אין „שונד“־טעאַטער.

אויף דער ערשטער פּראָבע פאַלט מיר איין, אַז אין דער סצענע צווישן „עזריאלקען“ מיט „מיכאלן“, ווו איך האָב מאָמענטן פון צאַרטס־טער ליריק, קאָן אַזאַ מין לוסטיקער ליץ צעשטערן די שטימונג מיט איין תנועה, מינע, בליק — אפילו אָן שום בייזער כוונה. אָבער צונעמען ביי אים די ראָל וויל איך שוין נישט און קריך פון דער הויט אים איינצו־שפּאַנען אין ענגע קלאַמערן: „געדענקט, נאָזשיק: „רבי“ — א י י ן מ אָ ל, דערנאָך: „רבי, רבי!“ — צ ו ו יי מ אָ ל, דאַן צעווייגט זיך עזריאלקע און איר פאַלט אַריין מיטן מאָנאָלאָג... וועט איר ענדערן אַן אות, דאַן וועט מיין געוויין נישט אַרויסקומען! ט ע כ נ י ש ו וי נ ע ן ק אָ ן א י ך נ י ש ט!!

ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך מעג זיין רואיק; איך האָב אים אויף די פּראָבן בכיוון געפּלאָנטערט, געביטן מיינע רעפּליקן, האָט ער גע־פאָדערט די געהעריקע, די ריכטיקע, און איך האָב געזען, אַז אַלץ גייט כשורה.

אויפן ספּעקטאַקל, ווען ס'איז אָנגעקומען דער מאָמענט — ע ר ש ו ו יי ג ט ווי אַ שטומער... אַ מינוט, צוויי... „נאָזשיק“ — מורמל איך אַרויס אונטער דער באָרד. ער כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ טיפן שלאָף, הייבט אָן עפּעס פּליסטערן... די סצענע איז אַוועק מיט רויך.

אין קורצן אַנטראַקט איז ער צו מיר צוגעלאָפן, עפּעס געוואָלט זאָגן, איך האָב נישט געלאָזט.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז ער אַריין אין גאַרדעראָבע.

— איר קאָנט מיר מוחל זיין, חבר מאָרעווסקי, אָדער נישט, אָבער אויסהערן מיך מ ו ז ט איר!

און ער דערציילט: ער איז א וואַרשעווער חסידס א זון. ביז בר־מצוה פלעגט ער מיטן טאַטן פאָרן צום רבין אויף ימים נוראים, אויף שלוש רגלים, צו די סדרים. פון דעמלט אָן איז ער אין הויף נישט געווען, יענע איבערלעבונגען פאַרגעסן. און היינט אויף דער בינע האָט ער... זיך דערשראָקן פאַרן רבין!

— אויף א ז א מ י ן א י ל ו ז י ע האָב איך זיך נישט גע־ריכט; איך האָב פאַרלוירן ס'לשון.

איך האָב אים געמוזט גלויבן, ווייל ער האָט מיך דערמאָנט אין מאַ־דאַם גוטערס פאַרזיכערונג בעת זי האָט געבראַכט אין אַטעליע אירע קאַ־לעגן פון דער אָפּערע, און מיר געזאָגט, אַז צווישן שפּיל אוןווירקלעכקייט קאָן מען ביי מיר קיינמאָל נישט דערזען די גרענעץ.

מיט נאָזשיקן האָב איך מיך באַפריינדעט. ער האָט געבראַכט אין טעאַטער זיין טאַטן, א בן שמונים, און יענער זאָל אים האָבן געזאָגט, אַז אַזוינס אָנקוקן איז אַ... מצוה און דאָס דאַרף יעדער ייד זען, ווען מען זאָל נאָר נישט זיצן אין טעאַטער צוזאַמען מיט די נשים (אים האָט מען אַוועקגעזעצט אין לאָזשע אָפּגעזונדערט פון די ווייבער). מיט נאָזשיקן איז מיר געשען נאָך א „וונדערלעכע מעשה".

ער פלעגט יעדן אָוונט מיך באַגלייטן אַהיים (פון לעשנאָ ביז פּרוזש־נע) און נישט אָפּשטיין, איך זאָל אים זאָגן ביי וועלכן רבין איך האָב זיך געהאָדעוועט. מיינע פאַרזיכערונגען, אַז איך האָב קיין חסידישן רבין פאַר מיינע אויגן נישט געזען, פלעגט ער אויפנעמען מיט א שמייכל פון ביטול... „אַ מאָדנער מענטש זענט איר! וואָס פאַר אַ חרפּה איז עס, אויב איר האָט י אָ געזען און שפּילט אַזוי! איז דערפון קלענער אייער קונסט?

— איך האָב אָבער נ י ש ט געזען!! איך בין אַ מתנגדיש קינד, קיין חסידים — אויסער איינעם פון רעזשיצע, וואָס פלעגט קומען קויפן שיך ביי מיינע עלטערן, ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר 7. — נישט גע־זען... — פלעגט ער קוועטשן מיט פאַרדראָס די פּלייצעס און מיר נישט געגלויבט...

אין איין אָוונט זאָגט ער צו מיר: „איך האָב אייך געכאַפּט ביי דער האַנט! נאָך דער דין תורה, אַז איר הייסט אַריינפירן די בתולה, האָט איר אַ קורצן מאַגנאַלאָג, אַ פּאָר שורות, און דערנאָך הייבט איר אָן זינגען אַ ניגון, מיט וועלכן חסידים זאָגן „זוהר". אין קעגנוואַרט פון זייטיקע, פון נישט אָנגעהעריקע צו זייער שטיבל, זינגען זיי דעם ניגון נישט! איר

זענט געווען אין חסידים־שטיבל! איר זינגט דעם ניגון מיט אַלע קנייטשן, ווי אַ חסיד, וואָס טראָגט דעם זוהר אין זיין בלוט און געהירן!... וועט איר ווידער לייקענען שטיין און ביין??

איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט — ער איז אַוועק מיט — „אַ גוטע נאַכט, מאָרעוווסקי, אייער נישט וועלן מודה זיין, אַז איר האָט „עזריאלקען“ נאָענט געזען און געטראָגן אין זיך פון די קינדער־יאָרן — דאָס איז פאַר מיר אַ רעטעניש, וואָס איך קאָן נישט לייזן, ווייל איר זענט דאָך אַ מענטש מיט אַ קלאָרן שכל... טאָ וואָס איז די סיבה פון אייער פאַרביטערטער עקשנות אין דעם פאַל?“

איך בין פון זיין מעלדונג וועגן זוהר באמת געווען דערשיטערט. אין חסידים־שטיבל בין איך אָבער גישט געווען און... וואָס קומט דאָ פאָר??

איך פלעג טעג און נעכט זוכן די לייזונג פון דער „מיסטישער“ רעטעניש און איין העלן פרימאָרגן צו איר דערגרייכט.

אין ווילנע אויפן שול־הויף, אַריינגייענדיק פון דער „דייטשישער“ גאַס רעכטס, איז אין הויכן פאַרטער געווען אַ חסידים־שטיבל.

פאַר תפילת זכה ערב יום־כיפור זינגען זיי ניגונים ובתוכם אפשר אויך דעם ניגון.

איך פלעג גיין אַלס קינד — פון זיבן ביז אַכט יאָר — צו כל נדרי מיטן פאָטער... די פענצטער פון „שטיבל“ זענען געווען אָפן...

אַז איך האָב זיך אַריינגעלעבט אין דער סיטואַציע פון „רבין“, וואָס דאַרף „מחרים זיין אַ יידישע נשמה“, און, זיך ווענדנדיק צום רבונו של עולם, געזאָגט מיט אַ צעבראָכן האַרץ:

„פאַרבאָרגן און וווּנדערבאַר זענען דיינע וועגן, אָבער דער וועג, מיט וועלכן איך גיי, איז דאָ באַלויכטן מיטן שטראַל פון פלאַם פון דיין הייליקן ווילן, און איך וועל פון אים נישט אָפּטרעטן — נישט רעכטס — נישט לינקס“ —

האָט פון די טיפענישן נאָך יאָרצענדליקער אַרויסגעטויכט דער מיסטישער ניגון פון זוהר.

און נאָזשיק איז געווען גערעכט, און איך האָב קיין ליגן נישט געזאָגט. ווייל נישט אין ניכטערן מוח פון קאַלטער אָבסערוואַציע שטעקט מיין אמת, מיין סצעניש לעבן, מיין שעפערישער ווילן, מיין שוואַכקייט און כוח. איך מוז דאָ נאָך צוגעבן, אַז דעם ניגון האָב איך אָנגעהויבן זינגען אויף דער לערך צוואַנציקסטער פאָרשטעלונג פון „דיבוק“.

* *
*

נאָכן „דיבוק“ האָבן מיר אויפגעפירט אַלטער קאַציזנעס „דער דוכום“. דער קאַפּיטל האָט 2 אינהאַלטן: דער ספּעקטאַקל איז א יי ן זאַ ד און אַ צ וו יי ט ע זאַ ד א י ז: „די מתנה מיין טייערן פריינט“, ווי אַלטער קאַציזנע האָט זיין דעדיקאַציע באַצייכנט אויפן געדרוקטן עקזעמפּליאַר מיט מיין פּאָרטרעט אין „אַלטן דוכום“:

צווישן די צוויי מאָטיוון איז אַ תהום — מיט ליידנשאַפטן, פריידן, תענוגים און טרערן...




גאַרבאַזש „די זקנה“ און „דוכום“ (צענטראַל־טעאַטער, וואַרשע 1925)

## צווייטער קאַפּיטל

### דער „דוכוס״ אין „צענטראַל־טעאַטער״

די פּרעמיערע איז פֿאָרגעקומען דעם 12 פֿעברואַר 1925. קיין טעות, דוכט מיר, האָב איך נישט, הגם פֿאַר די יאָרן 1957—1960 זינט איך שרייב אָט די בענדער, איז מיין זכרון נאָך די שפּיטאָלן מיט די איינגעפּאַרקטן אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן אָפּגעשוואַכט און אַ סך פּרטים זענען פֿאַרשוווּנדן פֿון די אַלגעמיינע בילדער, וועלכע איך שילדער... מיר האָבן אין דעצעמבער געשפּילט „קין״, אין יאַנואַר — דעם „דיבוק״, אין פֿעברואַר אָנגעהויבן דעם „דוכוס״ ביז מיטן מערץ. פּורים (צום תענית־אסתּר: אַזוי האָבן עס אַראַנזשירט די רעדלפֿירער פֿון טעאַטער!) איז פֿאָרגעקומען מיין אָפּשייד־בענעפֿיס (וועגן „באַנקעט״ אין רעסטאָראַן אונטערן ליטעראַטן־פֿאַריין — באַזונדער!) און סוף מערץ האָב איך פֿאַרלאָזט וואַרשע...

די פֿאָרשטעלונג פֿון „דוכוס״ איז — אָן שום גוזמאות און סוביעקטיווע איבערשאַצונגען — אַן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער דראַמאַטורגיע, סיי אין ווּקס פֿון אַקטיאָר בכלל, סיי אין קוריקולום וויטע פֿון געגעבענעם שוישפּילער, וועמען אין פּנקס פֿון יענע יאָרן איז אויסגעפֿאַלן צו פֿאַרשרייבן אַ פּאָר בלעטלעך — נישט פֿון „ירידה״, חלילה!

איך מוז פֿעסטשטעלן, אַז דער „עטאַפּ״ האָט אָנגעטראָפֿן אויף אַ קאַלטער און שטומער וואַנט מצד דער טאָנגעבערישער „עליטע״ פֿון וואַרשע.

קאַציזנען האָט מען אין די קרייזן געהאַסט. די סיבות דערפֿון זענען געווען צונויפֿגעפֿלאָכטענע פֿון אומשטענדן, וואָס וואָלטן על פּי שכל הישר געמוזט איינער דעם אַנדערן אָפּשוואַכן, אָבער די שנאה צו קאַציזנען האָט זיי, פֿאַרקערט, געשטאַרקט. זייענדיק ערלעך לגבי זיך אַליין,

מוז איך זאָגן, אַז אַלטער קאַציזנע איז געווען אַ מענטשן=עקזעמפּלאַר, צו וועלכן עס האָט געקאָנט אויסוואַקסן אַ דיאַמעטראַל=קעגנגעזעצלעכע באַציונג פון די, וואָס האָבן אים געקענט און באַאָבאַכט. אים האָט געקאָנט ליבן און שעצן ביז „פאַרגעטערונג" יעדער, וועלכער האָט דערקענט, וואָס פאַר אַ טיפן ק ו ל ט ו ר = ג ע וו י ס ן ער האָט געטראָגן אין זיין צעפּייניקט האַרץ פון אַ יי ד און פון אַ ד י כ ט ע ר און ווי ווייט און ווי ברייט עס האָבן געגרייכט זיינע שעפערישע פּראָבלעמען.

מיר איז באַשערט געווען אין סאַמע אָנהייב פון אונדזער באַקאַנטשאַפט — נאָך פאַר אַנ=סקים לעבן — אַריינצוקוקן אין קאַציזנעס אידעען=וועלט און שעפערישע פלענער, און מיר האָט ממש דער אָטעם פאַרכאַפּט פון זייער פאַרנעם, זייער הייך, זייערע האָריזאָנטן... זיין „גייסט דער מלך" האָט מיך איבערגעלאָזט קאַלט און גלייכגילטיק, און איך האָב עס דערקלערט מיט מיין אומהיילבאַרער אומבאַהאָלפנקייט אין ענין „ליטעראַטור". אַלס שאַרפע אילוסטראַציע פון דער דאָזיקער אומבאַהאָלפנקייט מיינער איז מיר אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן אַן עפּיזאָד אין שייכות מיט טאָלסטאָיס „לעבעדיקן מת". דאָס אָקאָרשט אָפּגעדרוקטע בוך האָב איך דערזען דורכפאָרנדיק ראָסטאָוו אויפן ביכערטיש אין וואקזאַל. כ'האָב עס תיכף געקויפט און אין קופּע דורכגעלייענט. געבליבן ווי געפּלעפט פון רושם! דאַרף מען דען רעדן וועגן טאָלסטאָיס פאַרבן? וועגן כוח פון זיין מענטשן=שילדערונג?

קורצע טעג נאָך דעם בין איך געקומען קיין מינסק און אַרויסגעזאָגט פאַר אַן ענגן קרייז מיין איינדרוק וועגן טאָלסטאָיס „שוואַנען=ליד".

דערביי איז געזעסן ווייטער... ער האָט אַזוי צעטראָגן ציגל נאָך ציגל דעם גאַנצן „בנין", אַזוי „באַוויזן" שורה נאָך שורה די „אומוואַרשיינלעכקייט" פון יעדער סצענע און סיטואַציע, אַז איך בין געבליבן זיצן אָן לשון און געמוזט מסכים זיין, אַז די „סוגעסטיע פון מחברס נאָמען האָט מיך פאַרבלענדט" און אַז איך האָב אָנגענומען „שטרוי" פאַר „ווייץ און האָבער"... אָבער איצט ווייסן מיר דאָך אַלע, אַז גערעכט איז געווען מ יי ן איינדרוק און אורטייל, נ י ש ט וו יי ט ע ר ס ניהיליסטישע באַציונג צו טאָלסטאָיען.

דער פועל יוצא מדברינו איז דאָ: איך פאַרשטיי מיך נישט אויף ליטעראַטור און בין נישט פעיק אָפּצוטיילן „שטרוי" און „ווייץ"; אין אָפּשאַצונגען פון אַ ליד, אַ נאָוועלע, אַ גרעסער ווערק באַשליסן ביי מיר ס ו ב י ע ק ט י וו ע פאַקטאָרן. און לייענען „אָביעקטיווי", קאַלטבלוטיק,

בין איך כלל נישט בכוח. דער עצם פּראָצעס פון לייענען מאַכט מיך מיד און צו מיין חרפּה מוז איך מודה זיין, אַז... איך שלאָף איין דאָס רוב אויפן הריטן בלעטל.

אַזוי איז אויך געשען מיטן „גייסט דער מלך" און אויך מיט „פּראָמעטעוסן", און בעת דער מחבר האָט זיך נישט דערוואַרט אויף מיין מיינונג און האָט מיך געפרעגט, וואָס איך טראַכט וועגן די דורכגעלייענטע ווערק, האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געזאָגט, אַז איך האָב זיי נישט דורכגעלייענט, נאָר אָפן און שאַרף אים געפרעגט: פאַרוואָס ציט אים צו די מרחקים און אַבסטראַקציעס פון פאַרלאָפענער טעמאַטיק? פאַרוואָס נעמט ער זיך „אַקטואַליזירן" סלאַוואַצקין און „מאָדערניזירן" עסכילאָסן? פאַרוואָס איז ער גלייכגילטיק צו פּראָבלעמען פון אָרט און צייט?

איך קאָן היינט נישט רעסטאַווירן אין זכרון זיין תשובה אויף מיינע פראַגן... איך ווייס נאָר, אַז אונדזער געשפּרעך איז געווען אַן אָנהייב פון אַ לאַנגן שעפערישן וועג, וועלכן מיר זענען דורכגעגאַנגען האַנט ביי האַנט. איך ווייס, אַז אַלטער קאַציזנע איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אויפגענומען מיינע צעפלאַקערטע רייד און רעיונות וועגן די אויפגאַבן פון יידישער דראַמאַטורגיע; אַז די געוואַגטע און שטאָלצע אַספּיראַציעס צו פלאַנצן אין אונדזערע גערטענער דאָס, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן פון מיינע יאָרן נעבן האַלמאַטאָוון, האָבן אין משך פון די ווייטערדיקע יאָרן געבראַכט דעם יידישן רעפּערטואַר אַ ריי דראַמאַטורגישע מייסטער־ווערק: „דער דוכוס", „הורדוס", „אַסתריקע", „שלום שוואַרצבאַרד" און די פּינקלעכדיקע קאָמעדיע: „דער קריזיס" — דאָס זענען טעאַטער־שטיק, וואָס וואָלטן אין אַ נאָרמאַלער לופט זיך צעבליט נישט ווייניקער, ווי ביי לייטן בליען ווערק — אַ ז ע ל כ ע און אַ סך שוואַכערע ווי אַזעלכע...

אָ ב ע ר — „א י ן אַ נ אָ ר מ אַ ל ע ר ל ו פ ט"!

ווי ווייט די לופט איז נישט געווען קיין „נאָרמאַלע" — דערציילן מיינע קאַפּיטלען איינער נאָכן צווייטן... און אַרום קאַציזנעס פּרעמיערע איז די לופט געווען — אַ פאַרפּעסטעטע.

* *
*

איך האָב דעם „דוכוס" געשפּילט אין משך פון 7—8 יאָר אויף ביידע זייטן פון אַטלאַנטיק. אַ ריי שוישפּילער האָבן אין דער ראָל פון

„יונגן דוכוס“ אַרויסגעשיינט און אָנגעהויבן זייער גרויסן וועג (הבל בוזגאַן — אין ערשטער ריי); מאָשקע אַרענדאַר, „יאָשקע שניידער“, „דער קאַנאָניקער“, צאָדעק“; עפּיזאָדישע ראָלן — אין הדריטן אַקט; די סימבאָלישע פיגור פון דער מאַמען מיטן קריגעלע טרערן — אין פערטן; דער „ליד“ — האָס זענען אַלץ שורות וואָס וואָלטן געדאַרפט פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין פּנקס פון אַקטיאָרישע לייסטונגען, ווען אַזאַ פּנקס וואָלט בכלל געשריבן געוואָרן און געשטאַנען ערגעץ אויף אַ פּאָליצע.

דאָ מוז געזאָגט ווערן, אַז די וואַרשעווער אויפפירונג האָט נישט געהערט צו די ב ע ס ט ע צווישן די אַלע פאַר די יאָרן, הגם „נחמהלע“ האָט אין ערגעץ נישט געהאַט אַזאַ גלענצנדיקע פאַרקערפּערין ווי עס איז געווען ק ל אַ ר אַ ס ע ג אַ ל אָ ווי ט ש, און קלאַראַ סעגאַלאָוויטש איז (חוץ, אפשר, „ציוויען“ אין „יאָשע קאַלב“ צען יאָר שפּעטער) נישט געווען אויף אַזאַ מדרגה אַקטריסע ווי אין אָט דער ראָל („מערי“ אין „מאָטקע גנב“ איגנאָריר איך: דאָס איז געווען — פּשוט אַ שפּרונג פון פּ אַ ג ע ל אויף די בינע־ברעטער), און ממש מאַמענטן פון פונקען און גלאַנץ האָט געגעבן אין פערטן אַקט די גאַרבאַזש פאַר די עטלעכע מינוט מיט דער „מאַמען מיטן קריגעלע מילך“... עס זענען געווען סצענעס פון שיינעם מין טעאַטער־לייסטונג אויך ביי אַנדערע, אָבער דער ספּעקטאַקל איז געפלאָסן אין אַ פ אַ ר ס מ ט ע ר ל ו פ ט.

אויפנעמען קינסטלער פון טעאַטער איז מעגלעך דאָרטן, וו מענטשן זענען פעיק צו ק נ י ע ן פאַר עמעצן, אַנטבלויזן זייערע קעפּ און אויסרופן: „אָ ס אַ נ נ אַ!“

עדמאָנד ראָסטאַנד איז אין פראַנצויזישן טעאַטער געווען ממש אַן „אָפּגאָט“... און זודערמאַן אין דייטשלאַנד!

ביי יידן האָט געהאַט די ברייטע דעה גאָלדפאַדען, אויף וויפל ער איז געווען אַליין דער ד י ר ע ק ט אָ ר; גאָרדינען האָבן געטראָגן אויף די הענט די אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אים געשפּילט... איז דען פאַראַן אין דער ט ע אַ ט ע ר ־ ק ר י ט י ק, אין געדרוקטן פּנקס, אַ קאַפּיטל וועגן זייער קולטור־היסטאָרישן ווערט?

וואָס אַזוינס איז ט ע אַ ט ע ר — האָט מען אין דער יידישער גאַס נישט געוואָלט וויסן, הגם מיר האָבן ערלעכע און ערנסטע פּרוון פון סאָלידער טעאַטער־ג ע ש י כ ט ע...

ווייסן מיר וועגן פּורים־שפּיל, הערן מיר וועגן בראָד, האָבן מיר געביע ידיעות וועגן גאָלדפאַדענס געהאַקטע צרות...

אַן אות, אַן אָנדייטונג וועגן די אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון אַ קטיאָר און זיין וועג לאָמיר נישט זוכן! מיר וועלן נישט געפינען! דער חילוק צווישן דעם, ווי אַזוי עס האָט פאַרשטאַנען און דערפילט זיינע אויפגאַבן דזשייקאָב אַדלער, דוד קעסלער און אויפן פאָן פון זייערע געשטאַלטן, ווי האָט אויסגעזען זאַסלאַווסקי? — דאָס האָט קיינעם נישט אינטערעסירט...

אין ערגעץ איז נישט פאַרנאָטירט, אַז אַלטער קאַציזנע איז אַריין אין יידישן טעאַטער אַן אָנגעלאָדענער מיט שעפערישן האָב און גוטס פאַרן לעבעדיקן אַקטיאָר; אַז זיין צאַפּלדיקער און ברויזנדיקער קולטור־געוויסן האָט אים דיקטירט סצענישע ווערטן פון היסטאָרישע פערספעקטיוון, פון לויפנדיקע טעג, פון פּאָליטיש־פּסיכאָלאָגישע קאָנפליקטן. אַלטער קאַציזנע האָט אָנגעשריבן פּרעכטיקע ראָלן, קוקנדיק מיט פאַרליבטע אויגן אויף די פאָרשטייער פון שאַפנדיקן אַקטיאָרן־דור —

דאָס אַלץ האָט מען אין דער טאָנגעבערישער סביבה פון וואַרשעווער „קולטור־מאַכונג“ נישט געזען, ווייל מען האָט געדאַרפט האָבן אויף טישטשע כפרות דעם לעבעדיקן אַקטיאָר, די פּרעכטיקע ראָלן, דעם דראַמאַטורג מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג פון טעאַטער...

„עפּעס קלייבט זיך דאָ עמעץ אָפּלעקן די סמעטענע אויפן טעפּל זויערמילך“! אַריינשלעפּן די מאַסן אין שטראָם פון זייער איינפלוס און באַווירקונג —

איז ווער דאַרף עס צו האָבן??

נאָך דער פּרעמיערע, וועלכע האָט ביים עולם אויסגענומען לויט אַלע אויסערלעכע סימנים פון דערפאָלג, האָבן אַלע צייטונגען זיך אָפּגערופן על צד היותר טוב. אַפּענשלאַק אין „פּשעגלאָנד“ האָט אָנגעשריבן נישט מער און נישט ווייניקער, אַז אויף די נעבעכדיקע ברעטער פון אָרעמען טעאַטערל האָט אַרויסגעגלאַנצט — מאַטעיקאָ; נאָמבערג בכבודו ובעצמו האָט אַ זאָג געטאָן (אָנגעשריבן נישט איין אות!), אַז אַ שטיק, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ צווייטן אַקט, קאָן שוין וועגן „דורכפאַל“ נישט טראַכטן.

אין „מאָמענט“ האָט דער טונקעלער אָפּגעדרוקט אַ קאַריקאַטור: „עזריאלקע מיראָפּאָלער“ שפּילט אין שאַך מיטן „אַלטן דוכוס“...

דאָס איז אַלץ געווען געוויסע סימנים פון „אָפּשיי" פאַרן... אָנגע־זעענעם גאַסט פון בערלין.

ווי אַזוי האָט מען מקבל פּנים געווען דעם דראַמאַטורג? מיט וועלכע פונקען פון הארצן האָט מען געפּרוווט אָנוואַרעמען די יונגע מוזע, וואָס האָט אַזוי באַשיינט דעם האָריזאָנט?

אין „היינט" האָט זיך באַוויזן אַ קאַריקאַטור: קאַציזנע שלעפּט אַרויס פון פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט אַ טעאַטער־שטיק... ווען איך וואָלט געקאָנט דערמאָנען עפּעס אויסער אָט דעם „אויסדרוק פון אויפ־מערקזאַמקייט" צום דיכטער און צו זיין ערשטן טעאַטער־וואָרט, וואָלט איך בנאמנות עס נישט פאַרשוויגן, אָבער אָט די געמלער טאַקטלאָזע קאַריקאַטור איז געווען דער צייכן פון באַ־ציונג צו קאַציזנען און דער מעסטער פון יענער „פּעסט", וועלכע איך האָב פון פאַרויס געקענט, האָבנדיק אָנגענומען דעם פאָרשלאַג צו קומען קיין וואַרשע...

און אויב דעם קאַפּיטל וועגן בערלין און מיינע שריט אין דער פילם־וועלט האָב איך געקאָנט פאַרצייכענען אויף מיין וועג ווי אַן עטאַפּ פון „דערהויבונג", קאָן איך די חדשים אין צענטראַל־טעאַטער — ביי דער גאַנצער ליבע צום קאָלעקטיוו און ביי דער באַציונג פון עולם צו די פאָר־שטעלונגען פון אַלע דריי אויפפירונגען — גישט אַנדערש פאַרנאָ־טירן ווי אַן עטאַפּ פון ירידה!

ווייל, ווי איך האָב באַמערקט אין אָנהייב פון קאַפּיטל גייט דאָ נישט אין מיינע פּערזענלעכע פריידן און „גדולות" (און פון מיינע „לאָרבערס" פאַר יענעם פּעריאָד האָבן די גאַסטשפּילן נישט פאַרמינערט די צאָל...) —

דאָ גאָטיר איך די אַטמאָספער און עצם לופט פון דער יידי־שער טעאַטער קולטור אין וואַרשע בימים ההם: גישט קיין גאָר־מאַלע! אַ פאַרסמטטע!

דעם דאָזיקן ענין וועלן מיר נאָך באַהאַנדלען נישט איין מאָל.

דאָ לאָמיר פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל וועגן יענע דריי און אַ האַלבן חודש.

* *
*

דער „דוכוס" איז פון דער ערשטער מינוט געוואָרן באַגלייט פון אַ ריי קוריאָזן. אַז אַלטער האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע מיט אַ צענטראַלער

ראָל פאַר מיר, האָב איך געוווּסט מיט אַ צייט צוריק. קומענדיק פון ווילנע קיין בערלין, האָט עס מיר אָנגעזאָגט מיין פרוי און איבערגעגעבן אין קורצע שטריכן דעם אינהאַלט. איך האָב אויפן אָרט געזאָגט, אַז לויט דעם, וואָס איך הער, איז די צענטראַלע פיגור — ד ע ר  ז ו ן פון דער „געשטאַלט“, וועלכע איז מיר אין דעם שטיק אָנגעמערקט. אויף דעם האָט זיך מיין באַקאַנטשאַפט מיטן שטיק דערווייל פאַרענדיקט. איך געדענק היינט אַבסאָלוט נישט וויפל צייט איז אַוועק ביז מיין קומען קיין וואַרשע... אָבער אַ חדשים זעקס לכל הדעות. אַז איך בין געקומען סוף נאָוועמבער קיין וואַרשע, איז דער ערשטער פונקט פון סדר=היום געווען, פאַרשטייט זיך, אויסהערן אַלטערס פיעסע. און מיר האָבן באַשלאָסן דעם זעלביקן אָוונט אַוועקצופאָרן קיין שווידער, ווו ער האָט געהאַט נישט לאַנג פאַר דעם פאַרענדיקט דעם בנין פון זיין ווילע. מיר זענען אַרום זעקס אין אָוונט אָנגעקומען קיין שווידער... דער קורצער שפאַציר פון דער סטאַציע צו דער ווילע איבערן שניי ביז די קני האָט מיר פאַרשאַפט אַן אומגעהויערן גענוס... ראשית, דער קאָנטראַסט נאָך יאָרן בערלינער קיום: די דאָרפישע שטילקייט, די אַרומיקע אידיליע. און צווייטנס, האָב איך מיך לעבעדיק איבערגעטראָגן צו די וואָכן, וועלכע איך האָב אויף אָט די זעלביקע שטעגלעך פאַרבראַכט מיט אַ פינף יאָר צוריק מיט אַנ=סקין: די „סתם רייד“! די „לופטשיפן פון צעשפילטער פאַנטאַזיע“!

די שטימונג איז געווען באמת אַ דערהויבענע, אַ געלייטערטע... און דער געדאַנק, אַז מיר וועלן באַלד לייענען קאַציזנעם ערשט ט ע אַ ט ע ר=וו ע ר ק האָט אויך געלויכטן ווי אַ „ליכט“ אין „גאָלדענעם הענגלייכטער“; ווי אַ פונק אין אונדזער שפעטערישן לעבן און שטרעבן... אַרום זיבן איז מען אַריין אין אַן אָנגעהייצטער שטוב... עס האָט געשמעקט מיט דאָרף, מיט געהילץ... קיין ברעטער אויף דער פאָדלאָגע איז נאָך נישט געווען, און איך בין געטראָטן איבער פריש=אויסגעלייגטן שטרוי... און דאָס האַרץ האָט איינגעאָטעמט טויזנט פרישע, אוממיטלבאַרע געפילן. הנהן האָב איך פון אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפט נאָך מיט אַנ=סקין געליבט ווי אַ טייערע שוועסטער, און דורך אַלע עטאַפן, קאָליזיעס און ענדערונגען, וואָס זענען געוואָרן אָנגעטראָגן פאַר די יאָרן און האָבן אָט אָנגעוואַרעמט אונדזערע באַציונגען, אָט אָפגעקילט — איז די ברידערלעכע האַרציקייט צווישן אונדז פאַרבליבן אומגעשטערט, און דאָס האָב איך דערפילט שוין אויפן שוועל פון דער אָנגעהייצטער שטוב.

אין א פּאָר מינוט ארום האָב איך פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן צוטרעטן לייענען דעם „דוכוס“, אָבער סיי אלטער סיי די באַלעבאָסטע האָבן זיך דערפילט כמו „געטראָפן“ אין די הייליקסטע געפילן פון גאַסטפריינדשאַפט: „געוואַרט חדשים, וועט ער — „דער דוכוס“, הייסט עס — וואַרטן נאָך אַ שעה“! און ער וועט נישט ווערן אָפּגעקילט און נישט אויסגעטריקנט, בעת דאָס עסן אין אויוון קאָן פאַרברענט ווערן — מייסטערשטיק פון כל מיני וועגעטארישע המצאות (חנה איז געווען אויף דעם געביט אַ גרויסמייסטערין פון יאָרנלאַנג: צוליב אלטערס שטרענגער וועגעטאַריאַנישקייט פלעגט זי זיך קליגן צו דערלאַנגען קאָטלעטן פון ש ו אָ מ ע ן, וואָס האָבן געשמעקט און געהאַט דעם טעם פון ענגלישע ביפשטעקסן...)

אַרום האַלב צען האָב איך געזאָגט: „נו! וויפל איז דער שיעור?“

האָט מען מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכן טערקישן טאַפּטשאַן. און טאַקע ווי אין פּסוק שטייט: „כטוב לב המלך ביין“ — האָב איך אָנגעשטעלט אויג און אויער... אלטער האָט אָפּגעבויגן דעם טאָוול, האָט איבערגעלייענט די „פ ע ר ז אָ נ ע ן“, די רעמאַרקע צום ערשטן אַקט און... וויפל שורות ווייס איך נישט, ווייל חוץ דעם, וואָס הארכן ווי אַ מחבר לייענט איז פאַר מיר וכל ימי דאָס שטאַרקסטע מיטל קעגן שלאָפלאָזיקייט, האָט דאָ נאָך געווירקט סיי די אָנגעהייצטע שטוב נאָכן פראָסטיקן שפּאַציר פון באַן, סיי די כוסות.

איך האָב אומברחמנותדיק געכראָפּעט...

אָפּגעשלאָפן אַז ערד ביז אַרום זיבן, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ הארמאַטנשאָס און ביי די ערשטע שטראַלן פון דער ווינטער־זון אויפגעפאָדערט אלטערן ת י כ ף צו לייענען, ווייל אויף צוועלף איז באַשטעלט די ערשטע פּראָבע אין טעאַטער.

ער איז באַלד צוגעטראָטן צום לייענען, און איך... בין באַלד איינגעשלאָפן. ארום ניין האָב איך מיך אויפגעכאַפּט, דערזען זיין ברוגזדיק פּנים, געבעטן אויף מיר רחמנות האָבן, פאַרזיכערנדיק, אַז ביי מיר איז עס אַ מין בייזע קרענק... „לייען ביז האַלב עלף“! ער האָט געלייענט, און איך... געשלאָפן.

צוריקוועגס האָב איך אים נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן... געבעטן ער זאָל מיר אָפּגעבן דעם עקזעמפּלאַר, און איך וועל אים אַליין דורכלייענען.

אַז מען איז נאָך דער פּרעמיערע פון „קין“ צוגעטראָטן צום „דיבוק“, האָט די לייטונג מיך אויפגעפאָדערט צו געבן דעם עקזעמפּלאַר פון „דוכוס“, כדי מען זאָל איבערשרייבן די ראָלן. און איך האָב דעם עקזעמפּלאַר באַקומען אַ טאָג פאַר דער ערשטער פּראָבע. ס'הייסט: אַ פּאָר שעה פאַרן אויפטרעטן אין „צדיק“... קלאָר, אַז לייענען יענעם טאָג האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב גענומען דעם עקזעמפּלאַר אין האַנט ארום 1 ביינאַכט, און... אויפן צווייטן בלעטל — איינגעשלאָפן.

אַז מען איז זיך צונויפגעקומען צו דער פּראָבע, און איך האָב מיך אַוועקגעזעצט ביים טישל פון רעזשיסער און אַוועקגעלייגט דעם העפט, האָט אלטער, מיך אָנקוקנדיק מיט זיינע דערשראָקענע אויגן, אַ זאָג געטאָן:

— דו האָסט דאָך מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגן דער פּיעסע! וואָס געפעלט דיר? וואָס נישט?

— אלטערל! — האָב איך אים געענטפערט מיט פולער אויפריכטיקייט — וואָס גוט איז און וואָס נישט אין אַ סצעניש ווערק באַשטים איך שוין צוויי יאָר צענדליקער אין גאַנג פון פּראָבן, ווייל בלויז ד ע ר אַ ק ט י אָ ר קאָן קאַליעטשען און דערהויבן דעם טעקסט. וועסטו מיר מוזן דערלויבן אויך מיט דיין ווערק זיך באַגיין לויט מיין כלל. דערווייל ד ו כ ט ז י ך מיר, אַז איבערגעלאָדן איז דער טעקסט ביים אלטן דוכוס אין צווייטן אַקט... אָבער האָב אַ דריי־פיר טעג געדולד!

מען איז צוגעטראָטן צו דער פּראָבע, איך האָב זיך געהאַלטן ביי מיין אויסגעפּרוווטן סיסטעם: נאָכגיין דעם אַקטיאָר און זיך אומקערן צו דער סצענע.

אין משך פון אקט האָב איך זיך אייניקע מאָל געוואָנדן צום מחבר מיט דער פּראַגע: צי אַקצעפּטירט ער מיינע מיזאַנסצענעס? און ער האָט מיט אַ טאָן פון פאַרדראָס אויסגערופן:

— צו וואָס די שאלות דיינע, אַז דו האַלטסט זיך אות באות ביים טעקסט??

אַז איך האָב דעם טעקסט געהאַט קוים־קוים בחיפזון דורכגעזיפּט — ווייס דער לייענער פון דעם, וואָס איז דערציילט.

דער צווייטער קוריאָז:

אין מיינע האַנדלונגען און כוונות במשך פון די פּראָבן און נאָך דער פּרעמיערע איז נישט געווען קיין ניצוץ פון „עגאָיזם“, וואָס זאָל שטיין אין מינדסטער קאָליזיע מיט די אינטערעסן, ווונטשן, רעכט פון מחבר...

איך בין געווען אַזוי פאַרטאָן אין אלץ ארום ספּעקטאַקל און אַלטערס דערפאָלג, אַז איך האָב נישט באוויזן צו באַמערקן, אַז די וואָנצעס, וואָס איך האָב אָנגעקלעפּט בעתן אַנטראַקט נאָכן ערשטן אַקט, אין פלאַם פון מיין גליקלעכן געפיל, אַז דער עולם האָט אויפגענומען דעם אַקט מיט אַ לאַנגדויערנדיקער אָוואַציע — זענען זייער שווערע. נאָך די פאָר הונדערט פאָרשטעלונגען פון „דיבוק“ בין איך געוויינט געווען צו „עזריאלקעס“ שטלעכע „פּעדעמלעך“ פון קרעפּע אויף דער אויבערשטער ליפּ; גרישע ראַטשיין האָט אויך נישט באַמערקט, אַז איך האָב קוים־קוים מיט איין פינגער אַ שמיר געטאָן דעם לאַק, אַרויפגעלייגט די שווערע וואָנצעס און אַוועק צום אויפטריט... און ביי דער ערשטער פראַזע איז מיר דער רעכטער געבליבן הענגען אין דער לופט...

ווי אַזוי איך בין פון דער סיטואַציע אַרויס „גאַנץ און געזונט“ איז אַ מעשה פאַר זיך. דאָ וויל איך נאָר באַווייזן ווי ווייניק איך בין געווען פאַרטאָן מיט זיך. און נאָכן ספּעק־טאַקל, ווען איך בין אַ צעפלאַמטער צוגעלאָפן צו אלטערן און געוואָלט אים דריקן צום האַרצן און וויינען מיט טרערן פון גליק — ווייל אין טע־אַטער איז געווען אַ שטימונג פון טריומף — האָט ער מיין פלאַמענדיקע באַגריסונג נישט אויפגענומען און קאַלט אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשפּאָרסט מיך צו באַגריסן, ווייל דעם ספּעקטאַקל און די פּיע־סע און דעם עולם האָסטו אַראָפּגעשלונגען ווי אַ פאָרציע גענדזנס... און קיין איין ביסן איז דיר אין ליינקער קעל נישט אַריין!

צו מיין ווייטיק און פאַרדראָס האָב איך די זעלביקע רעאַקציע אָנ־געטראָפן אויך ביי תנהן... די קנאַפּע פיר וואָכן, וואָס איך האָב געשפּילט דאָס שטיק, זענען געווען צווישן אונדז דער איינציקער חודש פון „גלייכ־גילט“ פאַר אַלע יאָרן... איך האָב די סיבה געוווּסט גאַנץ גענוי: די גע־שיכטע פון טעאַטער פאַרמאָגט גאַנצע בלעטער וועגן אייפערזוכט פון דראַמאַטורג צום אַקטיאָר, וועלכער, האָבנדיק דעם מחבר אַריינגעפירט אין דער אייביקייט, האָט פאַר זיך צוגענומען אַן אויגנבליק פון ספּעק־טאַקל און דער צושויער האָט דערזען בלויז אים און בלויז אים אָפּגעגעבן זיין התפּעלות.

אָסטראָווסקי איז נאָך דער פּרעמיערע פון „אָרעמקייט איז נישט קיין חטא“ אַזוי ווייט געווען מלא רוגזה אויף סאַדאָווסקין פאַר זיין דער־פאָלג בעת דער פּרעמיערע אין „מאַלי טעאַטער“, אַז ער האָט אים באַ־שולדיקט אין פעלשן דעם טעקסט און צושרייבן אַ זאַץ לשם בראַוואַ־

טשעריי. סאַדאָווסקי איז אָבער געווען גאָט די נשמה שולדיק: די פּראָזע איז געשטאַנען אין טעקסט... סאַדאָווסקי האָט זי נאָר אויסגעשפּילט אַזוי, אַז דער עולם האָט אים געמאַכט אַן אָוואַציע, און דער מחבר האָט, בייסנדיק די ליפּן, באַשלאָסן, אַז ער האָט אַזאַ פּראָזע נישט געשריבן...

איך האָב אַלטערן דאָס אַלץ געפּרוּווט דערקלערן: דאָס זענען די גסיונותפולע און פאַרקריפּלטע פּרטים פון סצענישע עליות און ירידות; ער האָט מיך אויסגעהערט און געבליבן ביים זייניקן.

אַז די ראָל האָט איבערגענומען אַ צווייטער אויספירער, האָבן מיר ביידע געקוקט די פאָרשטעלונג. איך שווער ביי באָרד און פאות, אַז מיר איז נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז יענער איז „ערגער“ ווי איך, ווייל איך האָב דאָך „מאָרעווסקין אין דוכוס“ נישט געזען און מאַכן קיין פאַרגלייכן נישט געקאָנט. מיר האָט זיך ערטערווייז געדאַכט, אַז דער „בחור“ איז עפּעס נישט גאָר „מאַגנאַטיש“.

נאָכן ספּעקטאַקל האָט מיך אַלטער צום ערשטן מאָל פאַרן חודש פאַרבעטן צו זיך. איך בין מיט פרייד אַוועק. מיר האָבן נישט באַוויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל, הער איך, ער זאָגט: „חנה! ווען דו זעסט היינט דעם „דוכוס“ וואָלסטו ערשט באַגריפן וואָס אַזויינס דיין גענדזנפרעסער האָט אויפגעטאָן — פאַרן שטיק, פאַר מיר און פאַרן עולם איך האָב זיך צעוויינט, און זיי ביידע האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן מיך האַלדזן און קושן.

עס זענען געווען נאָך אינצידענטן און קאָנפוזן, אָבער מיר ווע֗לן זיך באַגרענעצן מיט צוויי: מיין אָפּשייד־בענעפיס און דער באַנקעט אין רעסטאָראַן אונטערן ליטעראַטן־פאַריין.

# דריטער קאַפּיטל

## מתנות פון פריינד

איך געדענק נישט גענוי ווי לאַנג עס האָט געדויערט ביז „דער דוכוס“ איז דערשינען אין בוך־פאָרם. איך מוז מיט עגמת נפש צוגעבן, אַז ביי מיר האָבן זיך פאַרפלאָנטערט די דאַטעס פון „דוכוס“ און „הורדוס“... אין קאַליידאָסקאָפּ פון לויפנדיקע אייגנדרוקן, פריידן און פאַרדראָסן פון יענע יאָרן אין „צוויבער־לאַבירינט“, וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך מיין לעבן באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ — פלעגן מינוטן פון אויפגעבליצטן נחת מיך באַלויכטן און באַלד פאַרשווינדן פון זכרון... קנייטשן אויפן שטערן און זיפצן אין האַרצן זענען פאַרבליבן אויפן נישט־געשריבענעם „גאָטיץ־טאָוול“ מער און טיפער ווי אויגנבליקן פון „גדולה“.

אָן שום ספק איז געווען אַ שעה פון פרייד, בעת איך האָב דערזען דעם עקזעמפּלאַר פון „דוכוס“ מיט אַ ווייסן שערבלאַט — דאָס שטייט מיר פאַר די אויגן — און די אויפשריפט: „אַ מתנה מיין פריינט“ מיט מיין נאָמען דערביי. דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט אַן איינהאַלט פון עפּעס אַ מין דערגרייכטן באַרג־שפּיץ אויפן לעבנס־וועג. די ווידמונג פון אַ דראַמע, וואָס איז געשפּילט און געקרוינט געוואָרן מיט אָנערקענונג פון עולם אין משך פון אַ 30—40 פאָרשטעלונגען (די ווייטערדיקע דערפאָלגן זענען געקומען שפּעטער) — דערצו איז לאו כל אדם זוכה, און אָן ספק איז עס יענע טעג געווען איבער מיינע אַלע אַנדערע אינטערעסן און פריידן...

אָבער אין זכרון איז עס נישט פאַרבליבן! ווען דאָס איז געשען, און די פּרטים אַרום דעם — געדענק איך לחלוטין נישט. דאַקעגן שטייט מיר פאַר די אויגן דער מאָמענט מיט 15 — 20 יאָר שפּעטער, ווען איך בין געזעסן ביי שמואל האַלקינען אין מאָסקווע (פאַר 17 יאָר אין לאַנד האָב איך אים איין און איינציק

מ אָ ל באַזוכט!), און, שמועסנדיק וועגן פֿאַרשידענע עטאַפּן פֿון אונ־דזערע שעפֿערישע שטרעבונגען און דערגרייכונגען, האָב איך צווישן אַנדערע דערהערט: „איך האָב אייך נישט געזען אויף די בינע־ברעטער, און קען אייך בלויז פֿון דעם, וואָס מיר דערציילט מיין ביכער־שראַנק“...

אויף מיין דערשטוינטן בליק האָט דער דיכטער געענטפֿערט מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זיין צעשטראַלטן פּנים און אַרויסגענומען פֿון שראַנק אַ ווייס בוך...

— אָט דאָס איז גענוג צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף וואָס אַזוינס איר שטעלט מיט זיך פֿאָר.

ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס בוך, און מיר איז געוואָרן באמת ה י י ם אין אַלע גלידער. דאָס איז געווען —„דער דוכוס“ און „הורדוס“ אין איין אויסגאַבע. האַלקין האָט נאָך לאַנג גערעדט וועגן קאַציזנען, וועגן די עטאַפּן פֿון יידישן טעאַטער און בפֿרט פֿון דער יידישער דראַמאַטור־גיע. איך בין געזעסן ווי באַצויבערט פֿון דעם, וואָס איך האָב געהערט, און נאָך מער פֿון דעם, וואָס איך האָב דערזען פֿאַר זיך אַ וויברירנדיק האַרץ פֿון אַ צעפֿלאַמטן קינסטלער.

ביי שמואל האַלקינען אין קאַבינעט איז מיר אויסגעפֿאַלן אַריינצו־קוקן טיף־טיף אין זיך און אין די אינהאַלטן פֿון דעם, וואָס שאַפֿט אונ־דזער לעבנס־ציל: יידיש טעאַטער. מיר האָבן אויבן דערמאָנט, ווי וויטיק־פֿול פֿאַראייגזאַמט אַלטער קאַציזנע האָט זיך געפֿילט אין דער משפּחה פֿון ליטעראַטן... עס איז קלאָר, אַז אויך איך האָב מיך נישט געקאָנט פֿילן ווי איינער, וועלכן מען דאַרף „נייטיק האָבן“, און ממילא זענען די דער־גרייכונגען מיטן לויף פֿון דער צייט אַוועק כמו אין שאָטנס פֿון שכחה און האָבן אויסגעזען ווי פֿאַרלאָשענע קוילן... און אין צוואַנציק יאָר אַרום שטוים איך מיך אָן אויף אַזעלכע פֿונקען פֿון אַ דיכטער־האַרץ! האָרכנדיק וואָס האַלקין האָט גערעדט, האָב איך מיך דערפֿילט אַזוי ווי די צוואַנציק יאָר וואָלטן געווען צוואַנציק מעת־לעת...

אין אָנהייב 1921 זענען מיר — אַלטער, חנה און איך מיט מיין אַניוטקען — געזעסן אין אָטוואָצק. אין דער „ווילנער טרופּע“ — איך האָב עס שוין דערציילט — האָט אָנגעהויבן דובלירן „עזריאלקען“ מתתיהו קאָוואַלסקי; מיר פֿלעגן שפּילן אַ וואָך איבער אַ וואָך, און איך פֿלעג די פֿרייע וואָכן זיצן אין אָטוואָצק.

איין מאָל נאָך מיטאָג האָב איך זיך צוגעלייגט. אַז איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, האָב איך דערזען אַלטערן זיצן אויפֿן בעטל נעבן מיר אין

דער זעלביקער פּאָזע ווי מיט דריי שעה צוריק... ער האָט געהאַלטן אין האַנט א ביכל: אילאווייסקעס רוסישע געשיכטע פון אלטערטום. אַז ער האָט דערהערט מיין גענעץ פון אויפוואכונג, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט זיינע ווייסע אויגן, אין וועלכע דאָס מאָל האָט זיך צעגאָסן אַן אויסדרוק פון חידוש און חוזק...

— גענוג זיך אויסגעכראָפּעט? — הער איך — איך האָב דערווייל איבערגעלייענט דאָס ביכל פון טאָוול ביז טאָוול און מוז דיר זאָגן, אַז געבעל איז אַ גאַנץ פיינער דראַמאַטורג, אָבער זיין „העראָדעס“ איז געבעך א „יעקע“ פון קאָפּ ביז די פיס. מען דאַרף זיך צו דער טעמע נעמען מיט אַלע רמ״ח אברים און אָנשרייבן א הורדוס־געשטאַלט פאַר יידן, און אַז גאָט וועט העלפן, ביסטו, דוכט מיר, נישט חולה אַזאַ געשטאַלט פון דער בינע צו באַווייזן...

מיר האָבן נאָך דעם פאַרבראַכט אין פאַנטאַזירן אויף דער טעמע נישט איין שעה, נישט איין וואָך, און מיר קומט אויס, אַז „הורדוס“ איז אָנגעשריבן פריער ווי „דער דוכוס“, אָבער דער מאָמענט פון זיין דערשיינען עפנטלעך איז ביי מיר פאַרווישט און פאַרפלאָנטערט אין געווירבל פון מיינע פאַרדראָסן און עגמת־נפשן פון יענע יאָרן. דער לייענער ווייסט שוין פון די לעצטע קאַפּיטלען, אַז פון גרויסן שעפערישן וועג בין איך געוועזן אָפּגעריסן; פון דער סביבה געפילט זיך ווי אַרויסגעשטויסן, און ערשט ביי האַלקינען יענעם נאָכמיטאָג, דערוואַרעמט און דערוועקט פון זיינע רייד, האָב איך דערפילט מיינע „אמפוטירטע גלידער“!

מיין באַזוך ביים גרויסן מאָסקווער דיכטער האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס שמואל האַלקין האָט מיר דערלאַנגט אַן עקזעמפּלאַר פון זיינע לידער — „ערדישע וועגן“ — מיט אַן אויפשריפט: „דעם אמתן דיכטער“... איך ווייס נישט גענוי, צי איז עס געווען אין יאָר 1941 אָדער 1946? אָבער איך ווייס, אַז איך בין אַוועק פון אים און, גייענדיק איבערן גאָגאָל־בולוואַר, דערפילט אין האַרץ און געוויסן אַ שטורעם פון זעלבסטאַנאַליז: „ווער ביסטו??“ „מה שמיך??“ וווהין גייסטו?? און — דער עיקר פון וואַנען קומסטו??“

וואָס „הורדוס“ איז געבליבן ליגן אויף דער פּאָליצע און איז געוואָרן פאַרשטויבט און פאַרגעסן, נישט דערזען דאָס ליכט פון לעבעדיקן ספּעקטאַקל — דאָס איז מיין חטא, ערגער; מיין פאַרברעך! אָבער גלייכצייטיק איז עס אויך — מיין שווע=

ד ע ש ט ר אָ ף. ווײל די ר אָ ל וואָלט געקאָנט זײן אַזאַ מין דער=
הויבונג; דער ספּעקטאַקל — אַזאַ באמת ק ו ל ט ו ר=ה י ס ט אָ ר י ש ע
ג ע ש ע ע נ י ש, וואָס וואָלט אפשר געווען די ק ר ו י ן פון טעאַ=
טער=דור... וווּ האָבן מיר ערגעץ נאָך אַזאַ פּערז אין ווערק פון דראַמאַ=
טורג! וווּ — אַזאַ פאַרבנרייכן היסטאָרישן „לייוונט“! וווּ איז אין דער
יידישער טעאַטער=ליטעראַטור פאַראַן אַזאַ אויפשוידערנדיקע סצענע, ווי
הודרוסעס רוף: „מ ר י ם!“, „מ ר י ם!“, און אין דער אַמפילאַדע
פון די קאָרידאָרן אין בײנאַכטיקן פּאַלאַץ נאָכן מאָרד הזרט זיך איבער
דער ווײגעשריי פון פאַרברעכער אין אַ צענדליק אוניסאָן=שטימען... אוודאי
איז עס אַ „טעאַטראַלער עפעקט“! אָבער ווען אָט דער עפעקט און אַ צענד=
ליק זײנסגלײכן וועלן זײן אַקאָמפּאַניאַמענט=אַקאָרדן צום שפּיל פון אַק=
טיאָרן, וואָס וועלן זײן דערוואָקסן צום פּרעכטיקן פּערז, וואָס וועלן פאַר=
מאָגן די מאָס סצענישע קולטור צו געבן אַ תיקון דעם ע צ ם א מ ת
פון היסטאָרישן בילד — דעמלט וועלן זיך באַהאַלטן אין די ווינקלען די
טאַדלער פון אַלטער קאַציזנעס פאַרמעסטונגען!

עס איז נישט געשען, ווײל איך בין געלעגן אין הינערפּלעט, און
חלשות... אלטער האָט „הורדוסן“ געשריבן, האָט די ראָל געדיכטעט, האָט
דעם גאַנצן לייוונט געמאָלט, באַווירקט און אָנגעצונדן דורך אונדזערע
לאַנגע שמועסן וועגן די וועגן פון יידישן טעאַטער, וועגן די נויטן און האָ=
ריזאָנטן פון אונדזער יונגן אַקטיאָרן=דור. ער האָט אַ ריי געשטאַלטן אָנ=
געמאָסטן אויף לעבעדיקע פּאָרשטייער פון אַקטיאָרן=קרײז. אָבער די,
וועגן וועלכע מיר האָבן געטראַכט און גערעדט, האָבן מיך מיט זײערע
עלנבויגנס פאַרטריבן פון טעאַטער און פאַרמשפּט אויף אומטעטיקייט...

איז ווי אַזוי האָב איך געזאָלט פאַרווירקלעכן דעם טרוים פון דיכ=
טער? מיט וועמען זיך זעצן צום טיש? א ו ן צ ו ו ע ל כ ן
ט י ש“?

איז מײן אומטעטיקייט געווען כ ש ו נ ג מײן — פאַרברעך!
אָבער הארב און שווער איז געווען מײן ש ט ר אָ ף!

אָט די אַלע איבערלעבונגען זענען אַ דף פון גייסטיקע, שעפערישע
פאַרדראָסן, וואָס האָבן אַ שייכות צום פּנקס „ה ו ר ד ו ס“...

אָן אַ שיעור קאָמפּליצירטער איז דער „פּראָצעס דעם ווערדנס“ פון
„ד ו כ ו ס“! און דאָ וואָלטן מיר געמוזט אַוועקגיין ווײט=ווײט פון אונ=
דזערע טעאַטער=מאָטיוון און זיך פאַרטיפן אין די ענינים, וועלכע דער לײ=
ענער דערוואַרט נישט, אָבער אָ ן ו ע ל כ ע מעמואַרן קאָנען נישט

זיין קיין אומפאַרהילטע אמתן פון אַ לעבנס־באַשרייבונג, נאָר נישט מער ווי אַ סכום אָפּגעקליבענע עפּיזאָדן. אונדזער כוונה איז פון ערשטן דף — אַן אַנדערע!

* *
*

דער אָפּשיידבענעפּיס אין „צענטראַל־טעאַטער" און דער באַנקעט נאָך אים וואָלטן נישט ווערט געווען דאָס פּאַפּיר, וואָס איז נייטיק צו זייער באַשרייבונג, ווען נישט אַ פּאָר ביז גאָר מערקווירדיקע עפּיזאָדן, וועלכע זענען צופעליק מיט דיביידע פאַקטן געוואָרן פאַרפלאָכטן.

דער ערשטער עפּיזאָד: קיין וואַרשע איז גראָד יענע טעג געקומען פון לענינגראַד דער נאָך פון די צאַרישע צייטן באַוווסטער טעאַטער: „דער קרומער שפּיגל", בראש פון וועלכן ס'איז געשטאַנען דער באַקאַנטער טעאַטער־קריטיקער און זשורנאַליסט אַלעקסאַנדער ראַפאַילאָוויטש קוגעל („האָמעאָגאָווס").

אין קאַפּיטל „מכאָט" (1 באַנד, 2 טייל) — האָבן מיר גערעדט וועגן זיין עקשנותדיקער שנאה צום מאָסקווער טעאַטער, און דאָ וועלן מיר זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין גענויערער כאַראַקטעריזירונג פון דאָזיקן אָנגעזעענעם זשורנאַליסט. מיר וועלן נאָר דערציילן, וואָס פאַר אַן אומגעריכטער עפּיזאָד האָט זיך אָפּגעשפּילט אין שייכות מיט זיין דערשייַנען אויפן וואַרשעווער האָריזאָנט אַרום מיין צעשיידן זיך מיט וואַרשע.

„דער קרומער שפּיגל" האָט באַוויזן צו געבן אין וואַרשע געציילטע עטלעכע פאָרשטעלונגען און געהאַט אַזאַ מפּלה, אַז די טרופּע האָט נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו לאָזן אין וועג צוריק. ווי אַזוי דער קאָלעקטיוו האָט זיך אַרויסבאַקומען פון דער קריטישער סיטואַציע געדענק איך נישט. איך געדענק, אַז פון דער הויט איז געקראָכן יאַקוב אַפּענשלאַק, וועלכער האָט זיך באַפריינדעט מיטן באַרימטן טעאַטער־מאַן און באַגאַבטן דראַמאַטורג נ. נ. יעווריאינאָוו, וואָס האָט אויך געהערט צום „קרומען שפּיגל".

אַזוי צו אַזוי — דער קאָלעקטיוו איז אַוועקגעפאָרן, און איבערגעבליבן איז בכבודו ובעצמו — קוגעל...

געווען איז ער — א זון פון מאָזירער „מרא דאתרא“. איז נישט קיין ווונדער, וואָס אין זיין איצטיקער סיטואַציע אין וואַרשע, אָן אַ פּרוטה אין טאַש, צווישן פרעמדע מענטשן, האָט זיך דער בן־הרב אַ קער געטאָן אין דער זייט פון יידישן ליטעראטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13... און דאָ האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז עס געפינט זיך גראָד אין וואַרשע שלום אַש, וועלכן קוגעל האָט בשעתו — מיט א יאָר 20 צוריק — אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, בעת אַש, נאָך אַ יונגערמאַנטשיק, האָט געבראַכט קיין פעטערבורג זיין „גאָט פון נקמה“, און אין טעאַטער פון דער גרויסער וו. פ. קאָמיסארזשעווסקאַיאַ איז צום ערשטן מאָל אַרויס אויפן פאָרום פון דער פרעמדער וועלט דער יונגער גאון פון דער יידישער ליטעראטור.

א. ר. קוגעלס וואָרט אין דער קריטיק איז געווען וואָגיק און האָט געגעבן דעם טאָן אויף דער גאַנצער ליניע.

קלאָר, אַז שלום אַש האָט איצט דעם אורח באַוויזן די גרייטקייט אָפצודינען אויפן שענסטן אופן... אויסער דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין וואַרשע, צוויי טריט פון טלאָמאַצקע 13 זיצט נאָך אַ סוביעקט, וואָס וועט בלי ספק נישט שטיין פון דער וויַיט, בעת א. ר. ק ו ג ע ל דאַרף האָבן אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן אין אַ שעה פון נויט: אין „צענטראַל־טעאַטער“ שפּילט גראָד, אַלס גאַסט, אַן אקטיאָר, וואָס האָט פריער יאָרנ־לאַנג געשפּילט אויף דער רוסישער בינע, האָט שטודירט אין פעטערבורג און איז ד אָ ל מ אַ ט אָ ו ס א ו ן ס א ו י נ א ס א תלמיד.

ביים ערשטן האַנטדרוק אין פאַריין האָב איך דערהערט אַ פראַגע: „פאַרוואָס זענט איר אַוועק פון רוסישן טעאַטער? אָפּגעפאַלן נאָך דער מלחמה עטלעכע גובערניעס, האָט שוין דער עסק נישט געלוינט?“

פאַר מיר איז אַזאַ זאַץ געווען גענוג, אַז די באַקאַנטשאַפט זאָל זיך אָפּהאַקן, אָבער ראשית האָב איך געטראַכט, איז ער אין אַן עת צרה, והשנית האָב איך געהאַט פאַר די אויגן — ק ו נ ע ל ן!!

און קוגעלס אַרטיקלען וועגן טעאַטער זענען אַמאָל אין משך פון אַ יאָרצענדליק געווען מיין שלחן־ערוך, מיין קאָראַן, מיין תנ"ך... ער איז געווען אַ בליצאַרטיקער זשורנאַליסט. יאָרן שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער לייענער פלעגט ווערן פאַרבלענדט און פאַרכלינעט פון זיינע קאַפּשווינדלערישע פּאַראַדאָקסן און מעטאַפאָרעס, הינטער וועלכע קיין אויסגעהאַלטענע אידעאָלאָגיע איז אפשר נישט געווען, אָבער, דערזעענדיק פאַר די אויגן דעם מחבר פון יענע הונדערטער טעאַטער־אָרעס, דעם לײַדנשאַפטלעכן באַזינגער פון אַ ק ט י אָ ר — אקטיאָר פ אַ ר

אַ ל ע ם, נ אָ ד אַ ל ע ם א ו ן א י ב ע ר אַ ל ע ם — האָב איך פאַרבייגעלאָזט די שאָקירנדיקע שאלה וועגן „עסק“ און בלויז געטראַכט, וואָס איך קאָן פאַר אים טאָן?

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „צוזאַמענטרעף מיטן באַרימטן רוסישן טעאַטער־קריטיקער“ אין זאַל פון ליטעראַטן־פאַריין. דער פאָרזיצער איז געווען שלום אַש. דעם רעפעראַט וועגן גאַסט האָט מען אָנפאַרטרויט מיר. איך האָב געוואָלט געפינען אַ זאַמלונג פון „טעאַטער אי איסקוסטוואָ“ (קוגעל איז געווען דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער פרעכטיקער וואָכנשריפט). מיר איז עס נישט געלונגען.

אַש האָט אין זיין קורצן באַגריסונגס־וואָרט געשילדערט, ווי אַזוי ביי דער טיר פון רעדאַקטאָר פון פאָפולערן זשורנאַל פלעגן זיצן גאַנצע „טאָלפעס“ אינטערעסאַנטן... אַריינקריגן זיך צו קוגעלן אין קאַבינעט איז געווען נישט לייכטער ווי צו אַ מיניסטער... אין דער שילדערונג איז אפשר געווען אַ היפשע דאָזע גוזמא, דער גאַסט האָט געשמייכלט אונטער זיינע געדיכטע רויטע וואָנצעס, אָבער עס איז געווען צו דער צייט און אויפן אָרט.

נאָר ווייטער איז אַוועק א פרשה, צו וועלכער דער גאַסט האָט זיך צוגעהערט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, און איך האָב געוואָלט אַנטלויפן און זיך באַגראָבן ניין איילן טיף אין דר'ערד. אַש האָט אָנגעהויבן זיך פאַרשפרייטן אויף דער טעמע „מאָסקאָווסקי כודאָזשעסטווענני טעאַטער“ און געגוי שילדערן די ראָל, וואָס קוגעל האָט אָפּגעשפּילט אין דער „פּאָפּולאַריטעט“ פון דאָזיקן טעאַטער... און דאָס איז געווען פשוט עם־הארצות, ווייל קוגעל האָט פון ערשטן טראָט ביז דער לעצטער אויפפירונג דאָס מאָסקווער טעאַטער געשאָלטן, גערודפט און זיך באַמיט עס עוקר מן השורש זיין... איך געדענק נישט ווי אַזוי אַש האָט פאַרענדיקט זיין פאַנעגיריק פאַרן גאַסט, ווי אַזוי יענער האָט אויפגענומען די „שבחים“.

איך האָב דערהערט דעם „יעמוד“ צום רעפעראַט, זיך אויפגעהויבן, געבליבן שטיין מיט פאַרמאַכטע אויגן און... אומגעריכט פאַר זיך אַליין אָנגעהויבן אויף רוסיש:

— „א. פ. טשעכאָוו האָט מיר פאַרשאַפט דעם כבוד און געגעבן איבערלייענען אין כתב־יד זיין נייע פּיעסע: „דער קאַרשנגאָרטן“...

מיט דער שורה האָט קוגעל בשעתו אָנגעהויבן זיין אַרטיקל וועגן טשעכאָווס שטיק און וועגן דער פרעמיערע אין מאָסקווער טעאַטער...

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז קוגעל, דערהערנדיק אַ לאַנגן ציטאַט פון זיין אַרטיקל מיט 21 יאָר צוריק, האָט זיך אויסגעדרייט צום רעדנער און אָנגעהויבן הארכן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. איך האָב גערעדט וועגן דעם, ווי קוגעל האָט אין אַרטיקל באַוויזן, אַז אין ספּעקטאַקל זענען דערלאָזט געוואָרן המצאות און טריוקן, וואָס שטייען אין סתירה מיט טשעכאָווס לירע בכלל *) און מיט דער עלעגיע פון „קאַרשנגאָרטן“ בפרט און געשילדערט קוגעלס פּלאַמעדיקע אַרטיקלען וועגן „אַקטיאָר“, זיין ווערדע און ווערט אין דער קונסט.

קוגעל איז על פּי טבע געווען אַ ציניקער, הגם נישט קיין „פּרינצי-פּיעלער“: געפּרעדיקט האָט ער — דערהויבנקייט פון אַקטיאָרישן שאַפן... אָבער טענער פון אידעאַליזם זענען אים פון שטענדיק געווען פרעמד און האָבן שאָקירט זיין אויער — סיי פון רעדאַקטאָר, סיי פון פּראַקטישן טע-אַטער-טוער... און וועגן אַ דערנענטערונג צווישן אונדז האָט נישט גע-קאָנט זיין קיין רייד ביים גאַנצן טיפן איינדרוק, וואָס אויף אים האָט גע-מאַכט דאָס, וואָס ער האָט דערהערט פון מיר אויף דער טריבונע פון לי-טעראַטן-פאַריין. און עס וואָלט אונדזער קאָנטאַקט יענעם אָוונט זיך פאַר-ענדיקט... זענען אָבער אָנגעפלאָסן נייע סורפּריזן.

*) אין דער היינטיקער ליטעראַטור איז שוין נישט כיי די באַהויפּטונג, אַז דאָס מאָסקווער טעאַטער האָט טשעכאָוון שטאַרק איבערגעאַנדערשט. אין 1925 יאָר אַזוינס רעדן איז געווען אַ מין „כפירה בעיקר“...

# פערטער קאַפּיטל

## מיין עולם

מיין אָפּשייד־בענעפיס, ווי שוין באַטאָנט, איז געווען באַשטימט אויפן אָוונט פון אסתר־תענית... פאַרשטייט זיך, אַז אויסקלייבן גראָד דעם אָוונט פאַרן בענעפיס איז געווען מצד דער אָנפירונג פון טעאַטער אַ באַוויז פון נישט קיין פריינדלעכער באַציונג לגבי מיר. ווייל ריכטן זיך אויף אַ גוטבאַזוכטן זאַל האָט מען נישט געקאָנט.

אָבער קעגן אַלעמענס און מיין אייגענער דערוואַרטונג איז דאָס טעאַטער געווען פול. און מיר איז געווען — מער ווי די פּראַקטישע זייט פון אויספּאַרקויפט הויז — אַ פרייד צו איבערצייגן זיך, אַז „מיין עולם" קאָמפּלעטירט זיך טאַקע פון דער אינטעליגענץ און אהבעטער־קרייזן און נישט פון יענע קליינבירגערלעכע עלעמענטן, פאַר וועלכע טעאַטער איז פּריוואָלע פאַרווייַלונג...

איך מוז זיך דאָ אומקערן צום אָנהייב פון מיינע דעמלטיקע גאַסט־שפּילן און דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס האָט מיך זייער אויפגערודערט.

אין דעצעמבער, בעת איך האָב געשפּילט „קין", האָט מען פון פאַ־דערהויז אַוועקגעגנבעט מיין מאַנטל... אין אַ פרעמדן פאַלטן, וואָס איז מיר געווען ענג און קורץ, האָב איך מיך דערשלעפּט צום טעאַטער, און דאָרטן האָט מיר א ר נ אָ ל ד — ער איז געווען די הויפּטפיגור און דער אַדמיניסטראַציע — געמאָלדן, אַז איך קאָן „רואיק שלאָפן": „נישט שפּעטער ווי זונטיק" (דאָס איז געווען פרייטיק) וועל איך האָבן מיין פאַלטן. ער — ארנאָלד — ווייס זיכער, אַז די חברה גנבים „האַלטן פון מיר" אין „עולם ומלואו", זיי באַזוכן צענדליקערווייז די פאָרשטעלונגען, און וועלן נישט דערלאָזן לגבי מיר אַזאַ „פאַרדריסלעכן טעות"...

דעם מאַנטל צוריק האָב איך נישט באַקומען: לויט ידיעות פון „קאָמי־פּעטענטע" קוואַלן איז די גנבה באַגאַנגען אַן „אויטאָנאָמע" גרופּע פון

ספעציעלע „פּרייטיק־ס פּ ע צ ן", אויף וועלכע די צענטראַלע גנבים־אָרגאַניזאַציע האָט נישט געהאַט קיין שליטה.

אָבער איך האָב לייכט אָפּגעאָטעמט. מיר איז לחלוטין נישט געווען צום האַרצן זיך פּילן פּאַרן ליבלינג פון דער וואַרשעווער אונטערוועלט.

אין אָוונט פון אסתר־תענית האָב איך ווידער געהאַט די געלעגנהייט זיך צו איבערצייגן, וועלכע עלעמענטן פון וואַר־שעווער יידנטום זענען מיינע צושויער.

געשפּילט האָב איך דעם אָוונט אַלע דריי ראָלן פון יענע דריי הדשימ־דיקע גאַסטראָלן: די לעצטע 2 בילדער פון „קין" (לויט מיין באַגריף האַלט איך די צוויי בילדער פאַרן ה ע כ ס ט ן פּונקט פון מיינע סצע־נישע לייסטונגען), דעם 3 און 4 אַקט פון „ד י ב ו ק" (ס'הייסט — „עזריאלקען" פון ערשטן ביזן לעצטן זאַץ) און — דעם 2־טן אַקט פון „ד ו כ ו ס" (ס'הייסט — די גאַנצע געשטאַלט).

פאַרשטייט זיך, אַז די אויפנאַמע פון עולם איז געווען אַ האַרציקע, דער אָפּשייך אַ וואַרעמער. קיין באַזונדערע אויסדרוקן פון דעמאָנסטראַ־טיווער אָפּשאַצונג איז נישט געווען, און דאָס איז אַ באַוויז, אַז די אויפ־נאַמע איז געווען אַ „סטיכישע", נישט אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע דורך הענט פון מקורבים...

דער אָוונט פון אסתר־תענית יענעם יאָר אין וואַרשעווער „צענטראַל־טעאַטער" האָט מיך רייך באַלוינט פאַר מיין בענקשאַפט נאָכן לעבעדיקן עולם, צוליב וועלכן איך האָב איבערגעריסן דעם קאָנטאַקט מיט בערלין און צוגעשט געמאַכט די אויסזיכטן אויף א גרויסער קאַריערע דאָרטן.

דריי פּרטים זענען מיר פון יענעם אָוונט פאַרבליבן אין זכרון. דער ערשטער: אין טעאַטער איז נ י ש ט ג ע ו ו ע ן א ס ת ר ר ה ל ק אַ מ י נ ס ק אַ! איך האָב נאָך געפילט די האַרציקייט פון איר באַ־גריסונג און דעם קוש אין שטערן נאָך מיין ערשטן אויפטריט מיט דריי חדשים צוריק, און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט פאַרדראָסן: „וו ו א י ז ז י?"

דער צווייטער פּרט: א. ר. ק ו ג ע ל! דער בענעפיס איז (מסתמא) געווען נאָך מיין רעפּעראַט אין ליטעראַטן־פאַריין, און קוגעל איז געזעסן אין טעאַטער און האָט געקוקט אַלע 3 געשטאַלטן, וואָס איך האָב דעם אָוונט געשפּילט. מיט אים איז די גאַנצע צייט געזעסן שלמה מענדעלסאָן, וועלכער האָט אַרום אים אַרומגעטאַנצט אַלע טעג און אָוונטן (צוזאַמען מיט קלאַרא סעגאַלאָוויטש).

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אָנגעשטעלט אויג און אויער צו דערהערן וואָס דער דאָזיקער כמעט „מ ד ר י ד ה ד ו ר“ פון די פּעטערבורגער מאָהיקאַנער מיט מײַנע רביים אינקלוזיוו וועט זאָגן וועגן מײַנע דרײַ סצענישע לײַסטונגען...

איך האָב דערהערט אַזוינס, וואָס האָט מיר געעפנט די אויגן, אָבער — ג י ש ט א ו י ף מ י ר, נייערט א ו י ף — א י ם!

קוגעל האָט נישט געהאַט קיין מינימאַלסטן חוש פאַר סצענישע דער־שייַנונגען, וועלכע זענען געשטאַנען מחוץ פון זײַן באַגריפן־קרייַז!

אַ בײַשפּיל: ער האָט פּיינט געהאַט בתכלית השנאה מײערכאָלדן. איך האָב אויך נישט געקאָנט הערן דעם נאָמען אָן שוידער: ער איז גע־ווען פאַר מיר דער סינאָנים פון קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַס סצענישן אונטער־גאַנג.

אָבער, אַז איך האָב דערזען (אין פּאַריז 1930?) זײַן „וו אַ ל ד“ (אָסטראָווסקים), זײַן „ר ע וו י ז אָ ר“ (גאָגאָלס) און דערהערט די זלזולים און הרמות פון דער קאָנסערוואַטיווער קריטיק, האָב איך גע־זאָגט: „זיי זענען גערעכט“, אָבער — ט אַ ל ע נ ט ל אָ ז! ער איז אַ שטירצער פון אַלטע מזבחות, אָבער — אַ ג א ו ן! א י ן כ מ ו ה ו!

קוגעל האָט אָנגעשריבן וועגן אים: „אַ שפּײַ אין פּנים פון דער רוסישער קולטור!“ און — דערמיט אויסגעשעפּט זײַנע אָפּהאַנדלונגען, ווײַל קוגעל איז נישט געווען בכוח צו באַנעמען ווערק פון קונסט מיט אָפּענעם האַרץ פון אַ פילבאַרן צוקוקער. ער האָט געהאַלטן אין האַנט זײַנע „מאָסן“, ער איז געווען אַ שקלאַף פון ז יי נ ע כללים און גוסטן.

מענדעלסאָן האָט אים בלי ספק אָנגערעדט „הרים וגבעות“ וועגן מײַן „צ ד י ק“... (דאָס איז, נאָטאַ בענע, דער ערגסטער סם פאַר דער־פאָלג: די שבחים פון פּאָרוים צעשטערן די פילבאַרקייט און אויפמערק־זאַמקייט פון נייעם צושויער!). און דאָס ערשטע, וואָס קוגעל האָט מיר געזאָגט, איז געווען, אַז — „ז אַ ט ש ע ם וו י ט אַ ק מ נ אָ ג אָ מ אָ ל י ט ע ס?“ (צו וואָס זענט איר אַזוי פיל מתפּלל?).

איך האָב מיך נישט געפילט געטראָפן אין מײַן „ווערדע“. איך חזר דאָ איבער דאָס, וואָס איז שוין נישט איינמאָל אונטערגעשטראָכן: איך האָב מאָרעווסקין שפּילן נישט געזען און מוז ממילא אויפנעמען די ערגסטע מיינונגען וועגן אים מיט דער זעלביקער טאָלעראַנץ ווי די בעסטע. אין דעם פאַל האָב איך נישט ווילנדיק זיך דערמאָנט אין ריינהאַרדטן און בעל־מחשבותן און אַ טראַכט געטאָן, אַז יענע האָבן, משמעות, אָפּענע

אויגן, און אַט דער קוקט דורך די שפּאַקולן פון זײַנע פאַרגליווערטע אײַנ־דרוקן, און אַלץ, וואָס דערמאָנט אים נישט „סאַווינאַ" און „וואַרלאַמאָוו", קאָן ער פּשוט נישט צעקייען און נישט אַראָפּשלינגען... איך האָב נישט געפונען פאַר נייטיק אים צו דערקלערן פאַרוואָס „עזריאלקע מיראָפּאָ־לער" איז „אַזוי פיל מתפּלל". עס איז אַנטשטאַנען א קורצע ווײַלע פון שטילשווייגן און מיטאַמאָל דערהער איך:

— צו וואָס האָט איר געדאַרפט שפּילן די דריי פראַגמענטן? פאַר־וואָס נישט קינען פון אָנהייב ביזן סוף? איך האָב די צוויי סצענעס גע־קוקט מיט גרויס אינטערעס...

איך האָב קוים באַוויזן צו רעאַגירן אויף אַזאַ אומדערוואַרטע פרייד: פון ק ו נ ע ל ן א מין „בראַוואָ!" קונעל האָט וועגן „קין" געשריבן נאָך האַלסקין, אפשר נאָך אַנדערע גדולים, אָבער דער גאַסט האָט זײַן פראַזע פאַרענדיקט מיט א באַמערקונג, פון וועלכער מיר האָט אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן אַזוי, ווי מיך וואָלט א ווינט אָפּגעריסן פון דער ערד און פאַרטראָגן איבער די וואָלקנס.

— איך האָב דריי מאָל געזען ס א ל וו י נ י אין דער ראָל, און נאָך אייערע צוויי סצענעס וואָלט איך אייך גערן געוואָלט זען אין די אַנדערע אקטן...

עס האָט געלוינט אויסצוהערן דעם פאָרוווּרף פאַר „עזריאלקעס" איבערטריבענער נטיה צו תּפילות", כּדי צו דערוואַרטן זיך אויף קונעלס גוט וואָרט פאַר „קין"!

אָבער געריכט ביז די טיפענישן בין איך געווען פון דריטן פּרט יע־נעם אָוונט: עס זענען אָנגעקומען עטלעכע באַגריסונגען און צווישן זיי א טעלעגראַם פון ז ל מ ן ז י ל ב ע ר צ וו י ג... „זאָל לאַנג לעבן דער יידישער „קין" — האָב איך איבערגעלייענט. זילבערצווייג איז געווען א בלעטל פון צוגעבונדנקייט און קענגזייטיקער ליבשאַפט נאָך מיט זעקס יאָר צוריק, ווען איך האָב אין זײַן איבערזעצונג געענדערט דעם טעקסט פון ערשטן אקט און אַלץ, וואָס קין ברענגט אַרויף אויף זײַנע ליפּן, אָבער אויפן פּלאַקאַט האָב איך אָנגעשריבן: „איבערזעצונג ז. זילבערצווייג". אַז איך בין געקומען קיין לאָדזש צו קאָמפּאַניעצן און דערזען ווי יונג און קינדיש ער איז, האָב איך אים פון ערשטן בליק ליב באַקומען. איצט, יענעם אסתּר־תּענית־אָוונט, האָט מיר זײַן טעלעגראַם אַזוי שאַרף און בולט באַלויכטן דעם גאַנצן שליאַך פאַר די זעקס יאָר... עס איז מיר גע־וואָרן וואַרעם און ליכטיק. עס האָבן זיך צעשפּילט און צעשטראַלט אַלע

עטאַפּן, און די וואָלקנס און די שאָטנס האָבן אָפּגעטראָטן פאַרן באַוווּסזיין, אַז... בחינם זענען די יאָרן נישט אַוועק!

* * *

נאָמבערג האָט זיך דערוווּסט יענעם אינדערפֿרי, אַז די בילעטן צום בענעפֿיס פֿאַרקויפֿן זיך גאַנץ געשמאַק, האָט ער מיך צוגערופֿן און געמאָלדן, אַז קוגעלן אויף הוצאות־הדרך צו פֿאָרן אַהיים דאַרף איך געבן פֿון מיין הייַנטיקער איינקונפֿט. אין קאַסע פֿון פֿאַריין איז נישטאָ קיין פּרוטה. ער קאָן נאָר געבן אַ גאַראַנטיע, אַז דער פֿאַריין וועט מיר די סומע אומקערן.

איך וויל דאָ נישט דערציילן די פּרטים פֿון מיינע „הוצאות הדרך“. נאָך די אַלעמען גוט באַוווּסטע דערפֿאָלגן פֿון מיינע צוויי פֿילמען האָט קיין איין מענטש נישט געקאָנט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז מיין איינקונפֿט פֿון בענעפֿיס איז מיין איינציקער סכום מזומנים. און אַ ווילנער „לעגנ־לאָריד“ בין איך, השם יתברך, אויך. איז אַוודאי אַ יושר, אַז איך, און נישט קיין אַנדערער, זאָל אַרויסהעלפֿן דעם רוסישן טעאַטער־מענטש.

ווען די מעשה איז דערגאַנגען צו אַ ב ר ה ם ל י ט וו אַ ק, האָט ער זיך געכאַפּט פֿאַרן קאָפּ. ליטוואַק האָט מיין סיטואַציע געקענט מיט אַלע פּרטים. „איר זאָלט נישט וואגן אַפֿילו קיין איין זלאָטע אויסגעבן פֿון אייערע אַזוי שווער פֿאַרהאָרעוועטע הכנסות!!“ — האָט ער געשריגן איבערן גאַנצן לאָקאַל אויף טלאָמאַצקע 13.

דער סוף איז געווען (ווי ווייט איך געדענק), אַז איך האָב אויסגעבאָרגט דעם פֿאַריין עפּעס אַ דריי הונדערט גילדן, האָבנדיק באַקומען בכתב (ליטוואַק האָט זיך אַריינגעמישט), אַז צום באַשטימטן טערמין וועל איך קריגן צוריק דעם סכום. די מעשה דערצייל איך, ווייל קוגעל האָט זיך שוין געהאַלטן ווי פֿאַרפֿליכטעט לגבי מיר, עפּעס אויף דער טעמע זיך גוטמוטיק געוויצלט און באַווילִיקט צו קומען אויפֿן באַנקעט, וואָס איז פֿאָרגעקומען אַ טאָג (אויב איך האָב נישט קיין טעות) נאָכן בענעפֿיס אין רעסטאָראַן אויף טלאָמאַצקע 13.

יענע טעג בין איך אַלט געוואָרן — 39 יאָר. אין ערשטן אַקט פֿון אַנדרעיעווס „פּעטש“ (וועלכע איך ציטיר אַזוי אָפֿט) ווערט באַמערקט, אַז „39 איז די עלטער ווען אַ מענטש הייבט אָן באַקומען פּעטש“...

און וועגן דעם וועט זיין אַ רייד אויף די נאָענטסטע פּאָר צענדליק יאָרן...

ווער האָט אָרגאַניזירט דעם באַנקעט?

איך האָב עס דאַן נישט געוווסט, איך ווייס עס עד היום נישט!

איך געדענק ווי דורך אַ חלום, אַז איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס זענען נישטאָ אַ ריי פריינד, און די תשובה איז מיר נישט געווען קלאָר... דער אָפּצאָל פאַר אַרייַנגאַנג איז געווען אַ הויכער — 25 זלאָטעס, דוכט מיר — די צאָל ערן־איינגעלאַדונגען באַגרענעצט... עפּעס רייכע מעצענאַטן האָבן דעם ענין סובסידירט און זייער דעה האָט אַלץ פאָרויסבאַשלאָסן. מיר דעם צעטל פון פאַרבעטענע האָט מען נישט באַוויזן. און צום סוף האָב איך געהאַט עגמת־נפש, און נאָענטע פריינד האָבן זיך געפילט באַליידיקט...

דאָס זענען געווען די שאָטן־זייטן. איך געדענק ווי אין סאַמע אָנהייב אָוונט האָט זיך באַוויזן שלום אַש. איך בין שוין געזעסן, מעשה התן היובל, צוגעשמידט צום אָרט און אפילו נישט באַוויזן אים צו באַגריסן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, עפּעס אַזוי ווי אַרייַנגעשמעקט די לופט און... האָט זיך אָפּגעטראָגן, אַפילו נישט זאָגנדיק מיר „אַ גוטן אָוונט!“

דאָרטן זענען אָן שום ספק געווען באַליידיקטע אַמביציעס, טאַקטלאָזע האַנדלונג מצד די איינאָרדענער, בייזוויליקייט מצד נישט־פאַרגינער.

אין האַלדז איז פון אָנהייב געשטאַנען אַ קנויל פון עגמת־נפש. אָבער שפּעטער האָבן זיך צעוואַרעמט די געמיטער. און דער אָוונט איז פאַרבליבן ווי אַ זכר פון האַרציקע קאָנטאַקטן צווישן מיר און צענדליקער וואַרשעווער פריינד. איך מוז דאָ אָנגעבן איבערחזרן מיין אַלטן פּאַראַדאָקס: עס איז, לויט מיין איבערצייגונג, נישט ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז „פריינד דערקענט מען אין אַן עת צרה“. אין אַן עת צרה קאָן זיך אָפּרופן דאָס וואַרעמע האַרץ אויך ביי נישט קיין פריינד. צו אַ *שמחה*, דאַקעגן, קומען *נאָר* פריינד: נישט קיין פריינד פאַרגינען נישט דעם בעל־שמחה זיין נחת, זיין פרייד... יענעם אָוונט זענען געווען אויפן באַנקעט אפשר אַ פּאָר הונדערט מענטשן, און צווישן זיי נישט איין צענדליק ממש פריינד און *גוטע* פריינד (אַ *גוטער* ברודער איז ווייניקער ווי אַ *ברודער* און „אַ *גוטער פריינד*“ — ווי „אַ פריינד“).

אָנרופן אַלע נעמען וואָלט געווען נישט מעגלעך... אויפן פּאָטאָ, וואָס מיר איז פאַרבליבן, זע איך צווישן אַקטיאָרן — *אויסערן* קאָלעק־

מיזו פון „צענטראל־טעאטער“ — גאָדיק ן, צווישן זשורנאַליסטן — פּראָפּוס ן.

ביים טיש איז אין דער ערשטער ריי געבן מיר געזעסן דער פון אַלעמען געשעצטער און געליבטער דאָקטאָר זילבערפּאַרב — דער „טאָאַסט־מייסטער“, און פון דער צווייטער זייט — העלענע פּרץ. אַלטער קאַציזנע, משה קאַרפּינאָוויטש און נאָך ווער פון די, וואָס האָבן באַגלייט מיינע טעאַטן און געוווינען מיין צוטרוי און ליבשאַפט, וועלכע איז ביז היינט פאַרבליבן אין הארצן אומגעריהרט.

אַנטקעגן מיר איז געזעסן א. ר. קוגעל.

ער האָט בלי ספק געמוזט איבערלעבן מינוטן פון לאַנגפאַרלויערענע סענטימענטן, ווייל אַלץ אַרום איז געווען דורך און דורך — יידישלעך... און ער — וואָס ער זאָל נישט טראַכטן וועגן דעם, וואָס ער האָט דאָ געהערט און געזען — איז דאָך געווען א בן־הרב.

וואָס מען האָט גערעדט, געהערשנט איז קלאָר: שבחים, גוזמאות, סופּערלאַטיוון, לויב־געזאַנגען... צו דעם קומט מען דאָך אויף באַנקעטן: דער בעל־דבר זיצט, הארכט, האָט הנאה און, אויב ער איז נישט קיין שוטה גמור, טראַכט ער: „האַלט זיך, ברודערקע, און ווער נישט פאַר־בלינעט פון דעם שטראָם שבחים, וואָרום דאָ קאָן אַ מענטש פאַרשפּאָרן אויפצושטיין תחית־המתים און בלייבן אַ שוטה ביזן סוף פון זיינע יאָרן“. עס האָט גערעדט קוגעל און געזאָגט, אַז דער שוישפּילער איז אויסגע־וואַקסן צענפאַכיק פון דעם, וואָס ער דינט זיין סביבה, זיין צושויער, זיין פאָלק...

האָב איך געזאָלט פאַרשטיין, אַז איך בין צען מאָל ווייניקער ווערט געווען פריער און אַ קופּערנע פרוטה איז בכלל מיין פּרייז? אָדער עפּעס בין איך יאָ ווערט בכלל און אין דער אייגענער גאַס איז דער פּרייז צענ־פאַכיק געשטיגן? — די שאלה איז נישט פאַרענטפערט ביז היינט.

צום סוף, על פי הרגל, האָט גערעדט דער בעל שמחה, און דאָ איז געשען אַ פאַרהריסלעכער קאַזוס: איך האָב זיך בפרטיות פאַרשפּרייט וועגן דעם, וווהין איך וואָלט זיך פאַרטראָגן, ווען איך וואָלט זיך צו דער ריכטיקער צייט געשמדט. איך האָב דערציילט דעם עפּיזאָד מיט „אברהאם־אַווראָם“ אין בערלינער „אופּא“... און דאָס האָט אַלץ אויסגעזען ווי עפּעס קעגן דעם לעבן און דער ווירק־לעכקייט פון פעטערבורגער אורח, וואָס איז געזעסן הארט מיר אַנטקעגן...

ער האָט עס אויפגענומען ווי אַן אקט פון שנאה קעגן אים, און איז אוועק מיט אַ געפיל פון ווייטיק און פאַרדראָס.

מיר טוט עס ביז היינט וויי, אָבער געשטעקט האָט אין דעם נישט מיין בייזע כוונה אים צו שטראָפן און שלאָגן מלקות, נאָר אַ פאַרשטענדלעכער, מענטשלעכער דראַנג: על פרשת־הדרכים, פאַרן פאָרום פון צענדליקער, צענדליקער וואַרשעווער צושויער און מיינע פריינד אויסצוגיסן די ווייטיקן פון יאָרצענדליקער... אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַפּיטל, וווּ גרויסע פריידן געמישט מיט נישט קלענערע עגמת־נפשן האָבן פאַרצייכנט מיין אויפקום אין וואַרשע, מיט וועלכער איך האָב מיך האַן צעשיידט אויף לאַנגע יאָר.

# פינפטער קאַפּיטל

## געשפּאָלטן

מיר האַלטן אויף אונדזער לעבנסוועג ביים 39=טן יאָר.

אין ערשטן אַקט פון לעאָניד אַנדרעיעווס „דער, וואָס קריגט די פּעטש“ דערהערן מיר אן אומדערוואַרטע, אָבער שאַרפע „סענטענץ“... לאָמיר בעסער זאָגן: „פּעסטשטעלונג“:

— *וויאַלט זענט איר?*

— גיין און דרייסיק!... צו שפּעט?

— *ניין! אָבער דאָס איז דער עלטער, ווען אַ מענטש הייבט אָן קריגן פּעטש!*

נאָך די 3—4 יאָר, וואָס זענען באַשריבן אין די לעצטע עטלעכע קאַפּיטלען, נאָך די כסדרדיקע שפּאַלטונגען, פּאַרדרוסן, ווייטיקן, וואָס האָבן אומעטום באַגלייט מיינע דערפאָלגן און דערגרייכונגען און דערביי מיך אָנגעפילט מיט שטענדיקע זיפצן — האָט אין *דעם יאָר* (1925—1926) *זיך איינגעבראָכן*, ווי פון אַ דונער, מיין „בוים“...

איך האָב מיך דערפילט ווי אַ *געשפּאָלטענער* אויף צוויי העלפטן, און דער ליידיקער בלוטנדיקער *מיט* צווישן די פונאַנדער= געטיילטע העלפטן איז געווען ווי אַן אָפענע וווּנד, און קיין שום האַנט האָט די וווּנד נישט באַנדאַזשירט, נישט געפּרוווט באַשיצן פון קעלט, שמוץ, מיקראָבן...

דער=אָ מצב האָט געדויערט לאַנגע יאָרן. די וווּנד האָט געווייטיקט און געבלוטיקט; מיין לעבן איז געווען פּאַרוויקלט אין טראַגישע פּלאָנ= טערס, וועלכע קיין שום מענטש וואָלט נישט געווען בכוח מנצח צו זיין אָן עמעצנס הילף מן הצד: אַ טאַטע, אַ ברודער? אַ קרוב? אַ גואל?

איך האָב קיינעם נישט געהאַט, און, אויב ווער עס איז וואָלט אפשר געהאַט די כוונה מיר אויסצושטרעקן אַ האַנט, באַלויכטן מיין פינצטערקייט, מוז איך מודה זיין, אַז אים וואָלט נישט געלונגען מיר צו פאַרלייכטערן מיינע ענויים ווייל איך בין אויך דאָ פאַרבליבן דער יוצא מן הכלל.

דער שאַרפסטער פונקט פון מיינע קאָליזיעס איז געווען מיין צווייטער, דאָס מאָל ענדגילטיקער, „פ אַ מ י ל י ע נ ב ר ו ד“. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קיום, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ „צ וו יי ט ע פ אַ מיליע“...

איך בין האָ אסור געגויגט צו פאַרשווייגן מיינע מעשים, פאַרמינערן מיינע עוולות, פאַרלייקענען מיינע עבירות... איך האַלט פאַר אַ חוב פון מעמואַריסט אויפצודעקן אַ ל ע סודות פון זיין דורכגעלעבט לעבן, און מיין לייענער וועט פריער—שפּעטער מ ו ז ן דורכנישטערן באַהאַלטענע און פאַרטונקלטע ווינקלען פון מיינע יאָרן, טעג און נעכט...

אָבער אויפן עטאַפּ פון מיין איבערבּרוך, אין די יאָרן פון מיינע שווערע קאָליזיעס בין איך נישט געווען דער, וואָס האָט געשמידט די רינגען אין דער קייט פון די געשעענישן. איך בין געזעסן אומבאַהאָלפן אין שיפל צווישן די ברויזנדיקע כוואַליעס פון ליידנשאַפטן, פון לעבנסגיריקע באַשטרעבונגען אַרום מיר, פון פלענער און ווינטשן, וואָס זענען נישט געווען אין איינקלאַנג מיט מיינע פאַרלאַנגען...

* *
*

די ערשטע עטלעכע טעג נאָכן קומען קיין וואַרשע אויף גאַסטראָלן האָב איך באַלד באַנייט אַלטע באַקאַנטשאַפטן. עס האָבן זיך צעוואַרעמט פריערדיקע פאַרבינדונגען. באַזוכט האָב איך מיך אין „האָטעל בריולאַווסקי“, דעמלט איינער פון די פאַרנעמסטע אין וואַרשע, מיט די פענצטער אין זאַקסישן גאָרטן, אין אַ גרוימיקן, ציכטיקן, אַלטמאָדיש אָבער באַקוועם- און געשמאַק-מעבלירטן צימער.

פריידיק זענען געפלאָסן די ערשטע טעג אין וואַרשע. איך האָב זיך געפילט ממש ווי אַ נייגעבוירענער... אין טעאַטער האָט מען מיך אויפגענומען מיט ברייטע, חברישע אָרעמס.

באַלד בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן מיט לייב און לעבן אין די פראָבן פון „ק י ן“, אָנגעהויבן טראַכטן און רעדן וועגן „דוכוס“, און דאָס



אלתר קאַציזנע, שמואל לעווין־עפּשטיין, ר' לוי לעווין־עפּשטיין, מאָרעווסקי

האָט, פאַרשטייט זיך, אויסגעפילט מיין צייט פון נאָך פראָבע ביז אויף מאָרגן...

אַזוי זענען פאַרלאָפן די ערשטע טעג — זאָרגלאָז, אָטעמענדיק פריי און פריידיק אין אַן אַטמאָספער פון וואַרעמער פריינדשאַפט, באַפליגלטע שמועסן אין ליטעראַטן־פאַריין נעבן פרץ־פאָרטרעט און לייכטע, לוסטיקע און אומשולדיקע פלירטן.

דאָס יידישע וואַרשע האָט פאַרמאָגט רייצנדיק־שיינע פרויען. איך וועל מיר דערלויבן אָנצורופן בלויז עטלעכע פון זיי:

קלאַרא סעגאַלאָוויטש, מרים ארלעסקאָ, טעא אַרצישעווסקאַ, די יונגינטשקע אפנשלאַק, פרידאַ זרבבל, די זינגערין זעליקפעלד, פראַניע ווייבערט —

איז דען מעגלעך גישט צו דערפילן די פרייד, די זוניקייט פון יענער סביבה, ווען מען דערמאָנט די געשטאַלטן פון אָט די פרויען־וועזנס?

* *
*

עס זענען אַריבער א פּאָר טעג נאָך מיין קומען קיין וואַרשע. איך האָב מיך נאָך גישט נעהאַט גענוג אָנגעזעטיקט מיט דער לופט פון די באַגייסטע פריידן און זאָרגלאָזע תענוגים, געניסן, איינלאַדונגען צו מיטאָג, צו גלעזלעך טיי, צו טעפלעך קאַווע, צו טשאָלנט (דאָס איז געווען די חזקה ביי דער פאַמיליע לעווין־עפּשטיין, וואָס איז פאַרבליבן מיין גרעסטע פרייד אויף אַלע מיינע וואַרשעווער עטאַפּן) —

קלאַפּט אָן דער פּאָרטיער און מעלדעט, אַז מען רופט מיך צום טעלעפאָן. דאָס האָט באַטייט: אַראָפּגיין צוויי שטאָק, אין יאָר 1925 איז אין די צימערן פון א „בעסטן" האָטעל אין וואַרשע גישט געווען קיין טעלעפאָן און עס איז גישט געווען קיין „ווינדע". שיק איך פרעגן ווער מיך רופט? קומט דער פּאָרטיער און רופט אָן א נאָמען, וועלכער דערמאָנט אין עפּעס גאָר נאָענטס. איך רוגצל דעם שטערן, אָבער צום טעלעפאָן גיי איך גישט. דער פּאָרטיער קומט א דריט מאָל.

— אייך בעט צום טעלעפאָן מאַניע לענצנער.

— מאַניטשקע! טייערע!

— אַזאַ באַרימטהייט איז שוין פטור פון יעדער פליכט און האַלט גישט פאַר נייטיק צוצוגיין צום טעלעפאָן אפילו?

— אַז דער פּאָרטיער האָט דאָך אָנגערופן אַן אומבאַקאַנטן נאָמען — פאַרענטפער איך זיך.

— דאָס איז מיין מאַנס פאַמיליע — הער איך אַ טרוקענעם פאָר־וורף: אויך געמעגט געדענקען!

מיט דריי יאָר צוריק, ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע אויפצופירן „אַקאָסטאַ“ ביי די „ווילנער“ און געוואָלט זיך באַזעצן ביי די לענצנערס, האָט מען מיר דאָס אַמאָליקע צימער נישט פאַרדונגען, ווייל מאַניע איז געוואָרן אַ כלה און מען האָט זיך געגרייט שטעלן חופה. אָבער די וואָכן אין וואַרשע זענען דאַן געווען אַ המשך פון אונדזער פריינדשאַפט און פון מיין שטילער פאַרליבטקייט אין איר. איך וועל נישט איבערחזרן די מאָ־טיוון פון מיין פינפטן קאַפּיטל — „בעטהאָווענס קאָנצערט צ־מאָל“ — אָבער, אויב דער לייענער געדענקט וואָס מיט מיר איז געווען, מוז איך אויף דעם אָרט זאָגן, אַז קיין איין פונק אין האַרצן איז נישט געוואָרן אָפּ־געקילט, קיין איין פאָדעם האָט זיך נישט אָפּגעריסן.

איך בין געווען אויף מאַניע לענצנערס חופה, איך האָב מיך געפרייט, האָבנדיק דערקענט איר לעבנס־פריינד; איך האָב שטיל אין האַרצן גע־פליסטערט תפילות, קוקנדיק אויף איר געשטאַלט; איך האָב דעמלט גע־טראַכט, אַז זי וועט איצט האָבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען איר באַ־גאַבונג, און דאָס האָט, מסתמא, געשטילט מיין ווייטיק איבער דעם, וואָס זי איז אומבאַשיצט און אומבאַהאָלפן אויף דער גרויסער אומהיימלעכער וועלט...

* *
*

דער טעלעפאָן אין האָטעל „בריסטאָל“ איז אַזוי אַרום געווען אַ בליץ פון אומגעריכטער פרייד, אַ שטוים, וואָס האָט אַזוי ווי אויפגעוועקט פון לעטאַרגיע די שלאָפנדיקע בת־מלכה פון דעם קלאַסישן מעשהלע — מאַניע לענצנער!

עס איז באַנייט געוואָרן אונדזער נאָענטע פריינדשאַפט. קומען אין האָטעל, האָט זי, מעשה יידישע צנועה — „אַ מאַנס אַ ווייב“ — קאַטע־גאָריש אָפּגעזאָגט. עפּעס איין מאָל מיט פעניען, איין מאָל אָן פעניען — איז זי געזעסן אין העמטשיקעס, די הענט אין דער מופטע און — „נישט קיין קאַנדידאַטקע צו זיין אַ גאַסט אין האָטעל ביי וועלטבאַרימטע אַר־

פּיסטן" — געדענק איך איר אייזקאַלטע מעלדונג, באַגלייט מיט אַ בליק פון די גרויע צויבערהאַפּט־טראַגישע אויגן.

איך האָב פּאַר יענע דריי חדשים באַקומען אַ סך אויסדרוקן פון אָנערקענונג נאָך „קין", נאָכן „דוכוס"... מאַניע לענצגער האָט צו מיינע „חסידים" נישט געהערט. וועגן די פאָרשטעלונגען גערעדט מיט קאַלטער העפלעכקייט. עפּעס האָט זי אָרגאַניזירט אַ פאָרשטעלונג לטובת קינדער־יתומים, מען האָט געשפּילט „קין". אויף קיין רויזן האָב איך פון איר זיך נישט דערוואַרט.

צום סוף געדענק איך מיין פאַרדראָס: זי איז נישט געווען אין טעאַטער אויף מיין אָפּשייד־בענעפיס און נישט געקומען אויפן באַנקעט. דאָס איז שוין געווען דורכויס מ יי ן ש ו ל ד. כ'האָב דערציילט, אַז די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן פאַרזען איינצולאַדן אַ סך פון מיינע בעסטע פריינט.

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין בערלין, און צווישן אונדז האָט זיך יענע חדשים איינגעשטעלט אַ בריוו־אויסטויש, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די אָפענע פריינדשאַפט און באַהאַלטענע פאַרליבטקייט (דאָס זאָג איך וועגן ז י ך. ווייל אַזוינס פון איר זייט איז מיר געווען אַ רעטעניש דאַן און פאַרבליבן נישט אויפגעקלערט אין משך פון די ווייטערדיקע כמעט 4 יאָר־צענדליקער עד היום).

און דאַן, אין בערלין זומער 1925, איז אויסגעוואַקסן אַ קאָמפּלעט פון פ א ק ט ן, וואָס האָבן באַשאַפן נייע סיטואַציעס.

# זעקסטער קאַפּיטל

## פינעבער — אַקאָרד

דער לייענער דאַרף געדענקען די משפּחה ג ע נ ס — אין דאָרפּאַט. הנהלע איז 8 יאָר ביי זיי געווען ווי אַן אייגן קינד באַלד נאָך איר פּאָטערס פּריציייטיקן טויט פון אַ האַרצשלאַג, ווען זי איז אַלט געווען אַ האַלב יאָר...

איך בין געווען אין מיינע קינדער=יאָרן ביי זיי צו גאַסט עטלעכע מאָל, און די משפּחה גענס געהערט צו די פּריידיקסטע בלעטער פון מיין לעבנס=לויף.

אין 1928 יאָר קריגן מיר אין בערלין אַ קורצן בריוו פון עלטסטן זון נתן (אַ נאָמען נאָך הנהלעס פאָטער, גערופן האָבן אים אַלע פאַרקירצט: „נאָנני“, און דער נאָמען איז פאַר אונדז שטענדיק געווען אַ סינאָנים פון ליבשאַפט און פאַרגעטערונג).

אין בריוו לייענען מיר קירצע עטלעכע ווערטער: „אונדזער פאָטער לעבט נישט מער“.

די פיגור פון „אָנקל גענס, — „דער פעטער בערל“ — פלעגן זאָגן אַנדערע — מוז פאַרנעמען אַ צאָל דפים אין מיינע מעמואַרן. דאָס איז פון יענע געשטאַלטן, וואָס האָבן באַפרוכפּערט געאָרקים פּענדזל און פאַלעטרע — „יעגאָר בולישאָוו“, לאָמיר זאָגן: „מאַיאַקין“, „אַרטאַמאָנאָוו“ — די גאַנצע גאַלעריע פון יענעם דור ב אַ ל ע ב אַ ט י ם אין דער ווירקלעכקייט פון סוף 19, אָנהייב 20 יאָרהונדערט; אין דער יידישער ליטעראַטור — שלום=עליכמס „סענדער בלאַנק“.

אָבער בערל גענס איז אונדז נאָענטער ווי יענע אַלע — ראשית, ווייל ער איז נישט „ליטעראַטור“, נייערט — אַ פ אַ ק ט פון מיין „אהין און צוריק“=וועג. און צווייטנס — ווייל אין דעם דאָזיקן פאַקט בליצט אויף מיין מאַמע.

די „טאַנטע אידע" — בערלס פרוי, די מוטער פון זיינע 7 זין און איינציקער טאָכטער (ליובע, וואָס איז מיט דער מוטער אומגעקומען פון היטלערס תליינים) — איז געווען די יינגסטע פון מיין פאָטערס פיר שוועסטער. הנהלעס מוטער, באַשע ריווע, איז געווען — די עלטסטע...

אידע האָט חתונה געהאַט מיט בערלען. ער איז געווען אין ווילנע אַ הענטשקעמאַכער אַזוי ווי אַלטער עלמער, דער מאַן פון דער צווייטער שוועסטער — היה.

אָבער עלמער איז געווען אַ ייד — אַ תם, נאַאיוו, אומבאַהאָלפן. האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט קענען קיין שום שריט ווייטער ווי זיין וואַרשטאַט, טלית און תפילין...

און אַזוי האָט ער אָפּגעלעבט ביז טיפן עלטער, און נאָך זיין אָרון צום בית־עולם אין ווילנע זענען נאָכגעגאַנגען טויזנטער, טויזנטער תוש־בים, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ צדיק.

בערל דער הענטשקעמאַכער — „זעמסער" פלעגט מען עם רופן אין ווילנע — האָט געשטאַמט פון י ע ו י ע, אַ קליין שטעטל צווישן ווילנע און קאָווגע.

געווען איז ער אַ יונג מיט ברענענדיקע אויגן, וואָס האָבן געשפּריצט פייער אַרום זיך, מיט צוויי רייען פערלדיקע ציינער און אַ לוסטיקן גע־לעכטער.

ער האָט שנעל באַשלאָסן, אַז דעם שוואָגער אַלטערס דרך איז אים נישט צוגעפּאַסט און האָט אָנגעהויבן אַריינקוקן אין די מרחקים... וווהין זיך לאָזן זוכן זיין גליק? שמידן זיין מזל?

באַשלאָסן, אַז אין אַ שטעטל אין עסטלאַנד, ערגעץ אַרום פּעטערבורג, נישט ווייט פון פּסקאָוו וועט זיין פּאַך אים געבן ברויט: „דאָרפּאַט" האָט זיך גערופן דאָס שטעטל (אויף רוסיש: „דערפּט", ערשט אין אַ יאָר 10—15 אַרום האָט מען עם אָנגערופן: „יוריעוו").

באַשלאָסן: ער פאָרט קיין דאָרפּאַט... משוגע? חסר דעה? אָבער די אויגן ברענען, די ציינער לויכטן, זיין געלעכטער פאַרהילכט די לופט.

און ער פועלט ביי זיין ווייבס ברודער בנימין מיכל מנקר מען זאָל אים אויסבאָרגן אויף הוצאות הדרך.

די דעה אָבער האָט דאָ נישט בנימין מיכל נייערט — זיין ווייב: באַשע־ריווע (מיין מאַמע, הייסט עס!).

און באַשע־ריווע איז מסכים. און בערל גענס קריגט דעם נויטיקן סכום מזומנים און לאָזט זיך אין וועג אַריין.

אין האָרפּאַט הויבט ער אָן האַנדלען, עפנט אַ גאַלאַנטעריע=געשעפט. ווינרעכט האָט ער אַלס האַנטווערקער, אָבער שונאים פאַרמסרן אים בסדר, אַז ער איז אַ האַנטווערקער — פיקטיוו; אין דער אמתן — אַ סוחר. ער ווערט כל ימיו אויסגעריסן, מען האַלט בסדר אין יאָגן אים פון שטאָט. ער צאָלט אָפּ מטמונים דער פּאָליציי. שאַפט „פּאַפּירן“, אַז ער האָט דאָרטן געוווינט איידער ס'איז אַנטשטאַנען דער פאַרבאָט פאַר יידן זיך צו באַזעצן.

נאָך יאָרן רדיפות גיט ער אָפּ עקזאַמען אויף אַ... „צאָן=דאָקטער“ און קריגט „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“: אַ נייער באַווייז פון זיין אומבויגזאַמען ווילן, איינערגער ענערגיע און שטאָלענער עקשנות.

* *

*

און עס פאַרלויפן יאָרצענדליקער: גענס איז דער רייכסטער מענטש אין דער געגנט. מענטשן פון עסטישן מיטלשטאַנד, דאָס קליינבירגערטום, קאָן דעם נאָמען גישט הערן אָן פונקען פון שנאה אין די אייגן.

איך האָב אַמאָל, פאָרנדיק אַהין צו גאַסט, אין וואַגאָן געזאָגט, אַז איך פאָר צו מיין פעטער גענס, האָב איך דערהערט און דערזען אַזעלבעס, וואָס מיין מאַמע, אַז איך האָב עס שפּעטער דערציילט, האָט פאַרשטאָפּט די אויערן און געוואָלט מיך צווינגען צו שטומען און אַזוינס אויף מיינע ליפּן גישט אַרויפברענגען — דאָס זענען געווען די ערשטע כוואַליעס פון רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן.

אָבער די וואָכן צווישן גענס קינדער אין דער אטמאָספער פון דער טאַנטע אידעס ברייטער גאַסטפריינדשאַפט האָט מען זיך געפילט ווי באָדנדיק זיך אין ווילטיק, גליק, קענגזייטיקער ליבשאַפט... פאַר מיר, דעם איינזאַמען, פאַרשטויסענעם, זענען עס געווען די מאָמענטן פון מיינע גרעסטע פריידן פאַר יענע יאָרן.

אַז איך בין געווען אין פּאַריז — 1906 — האָט זיך אומגעריכט געמאָלדן דער אָנקל גענס: אַ פרייד, אַ נחת, אַ גדולה! פאַר מיינע אויגן שטייט ביז היינט דער דאָזיקער צעשטראַלטער, פונקען=שפּריצנדיקער מענטש. ער האָט געשלעפּט אין האַנט אַ ריזיקן טשעמאָדאַן, וואָס איז פאַר די עטלעכע טעג בסדר געוואָקסן (אַזאַ „האַרמאָשקע“ געווען: פלעגט זיך פאַנאַנדערציען). דאָס האָט ער אין פּאַריז איינגעקויפט סחורות פאַר

זיין גאַלאַנטעריי־געשעפט אין דאָרפּאַט, און איך געדענק ווי מיך האָט איבערראַשט, ממש — אויפגעטרייסלט — וואָס מיטן משעמאָדאַן האָט ער זיך געשטופּט אין מעטראָ און קיינמאָל  ג י ש ט  ג ע נ ו מ ע ן  ק י י ן  ט אַ ק ס י.

— הערסט! — האָט ער געלאַכט אויף זיין שטייגער, באַווייזנדיק די פּערלדיקע ציינער — הערסט: אַז איך וועל אַרומפאָרן אויף טאַקסיס, טאָ וואָס וועט מיר בלייבן פון דער רייזע קיין פּאַריז און פון שווערן משעמאָדאַן פּאַריזער גאַלאַנטעריי־סחורות?

בערל געגנם האָט, אויסער זיין רייכן „וואַרנהויז" אויף דער ריטער־שטראַסע און אַ ריזן־קאַפּיטאַל מזומנים און ווערטפּאַפּירן אין די 20־ער יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג, געהאַט אין שטאָט עטלעכע הייזער... (ציגישט 12?).

אויף די עלטערע יאָרן (אַ בן ששים לערך?) האָט ער זיך פּאַרגונען צו מאַכן אַ ווייטע לוסטרייזע. אין לאָס־אַנדזשעלאָס האָט ער געהאַט אַ ברודער, אויך פון יעוויע, וועלכער איז אַוועק קיין קאַליפאָרניע אַלס יונגער בחור. איצט איז ער געווען  ד ע ר  ר ב  פון לאָס־אַנדזשעלאָס. און בערל איז אַוועק צו אים צו גאַסט זיך זען מיטן ברודער, קלייבן נחת איינער פון אַנדערן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן די פרייד, דעם קבלת־פּנים. מען האָט געטרונקען טייערע ווייגען, געהאַלטן פייערלעכע דרשות: דעם רבינס אַ ברודער, אַן עושר פון „ריישן"...

און איך וויים נישט נאָך וועלכן כוס בעתן קבלת־פּנים האָט דער גאַסט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און זיין לעבן האָט זיך פאַרענדיקט...

* *

*

„אונדזער פאָטער לעבט נישט מער" — האָט נאָני קורץ אָנגעשריבן.

דעם פאַרשטאָרבענעם האָט מען באַלזאַמירט און אין אַ הערמעטישפאַרמאַכטער טרומנע איבערגעפירט פון לאָס־אַנדזשעלאָס קיין דאָרפּאַט. היינט מיט אַ לופטשיף וואָלט עס געדויערט אַ 50 שעה. דעמאָלט איז די טרומנע געשוואומען, שיינט מיר, אַ חודש צייט...

אין מאַי האָבן מיר באַקומען פון נאָני אַ ידיעה מיטן טערמין פון דער לוויה און קבורה אין דאָרפּאַט.

אין אַ 3 טעג פֿאַרן טערמין מעלדעט מיר חנהלע, אַז...
זי „מוז פֿאָרן צו דער לוויה"!

*    *
*

דאָס איז, בעמעגדיק אין אַכט אַלע אומשטענדן אַרום, נ י ש ט געווען קיין „מוז".

איך האָב עס איר דערקלערט און דער נסיעה זיך אַנטקעגנגעשטעלט. אָבער ממש ערב דער קבֿורה האָט זי געמאָלדן, אַז זי קאָן נישט בלייבן בונדערווייטנס.

איך געדענק, אַז אין משך פֿון אַ 3, 4 שעה האָב איך אַרויסבאַקומען 4 וויזעס: 1) אַרויספֿאָר פֿון דייטשלאַנד, 2—3) דורכרייזע דורך ליטע און לעטלאַנד און 4) אַריינפֿאָר קיין עסטלאַנד.

בייטאָג איז דער שנעלצוג אָפּגעגאַנגען פֿון באַנהאָף „צאָאָ". 5 מינוט פֿאַר 1 זענען מיר געקומען צום צוג.

דער טרעגער האָט אַריינגעטראָגן איר געפּעק אין וואַגאָן. מיר זענען ביידע געשטאַנען אין מ י ט פֿון לאַנגן וואַגאָן און גערעדט וועגן טאָגאָנגעלעגנהייטן... דער צוג האָט זיך אָפּגעריסן פֿון פּעראָן. זי האָט ל ו י פֿ נ ד י ק זיך געלאָזט צו דער טיר און אַריינגעשפּרונגען אין וואַגאָן. איך האָב זיך אומגעקערט צום פֿענצטער, אָבער זי האָב איך נישט דערזען.

אַזוי האָבן מיר זיך צעשיידט נישט געזעגנטערהייט.

*    *
*

דאָס איז געווען דער סוף פֿון אונדזער צוזאַמענלעבן: אַזוי האָט אויסגעזען דער פּ אַ ק ט.

אַ יאָר שפּעטער האָב איך געפּרווט אומקערן צוריק דאָס בלאַט. דער עקספּערימענט האָט געדויערט 5 חדשים און — געפּלאַצט.

עס וואָלט געווען אַן אומזין צו זאָגן, אַז די נסיעה קיין דאָרפּאַט און דער ווונטש צו זיין אויף דער לוויה איז געווען פֿון מיין פֿרוים זייט אַ שריט, וואָס קאָן ווערן פֿאַראורטיילט...

אָבער, אַרומגעמענדיק האָט גאַנצע בילד פון אונדזער צוזאַמענלעבן אין ליכט פון די שפּעטערדיקע פאַקטן און אָפּשאַצנדיק אין דער צוזאַמענ־ציקיערדיקער ק יי ט אירע באַזונדערע ר י נ ג ע ן, וועט יעדער מוזן צוגעבן, אַז... דאָ האָט מען פאַר זיך אַ מוסטער פון אַ „שוואַכן רינג“.

ד י ק יי ט פון אונדזער בונד איז געווען דורכגעפוילט! שלעפּן די לאַסטן פון ווייטערדיקע פאַקטן האָט שוין אָט די קייט נישט געקאָנט.

וואָס איז ווייטער געשען?

# ז י ב נ ט ע ר  ק אַ פּ י ט ל
## מן פֿון הימל

אין בערלין בין איך געבליבן אייגזאַם, עלנט, איבערגעלאָזט, וואָס
מען רופֿט — „אויף גאָטס באַראָט“. איך האָב פּשוט נישט געפֿונען קיין
פֿינטל, אין וועלכן איך זאָל אָנשפּאַרן מיינע טעג, מיינע שטימונגען...

באַזונדערס האָב איך געליטן, פֿאַרגלייכנדיק מיין סיטואַציע אין די
פֿילם=ענינים איצט און מיט א יאָר, צוויי צוריק... אין 1923 איז אין מאַי
געווען דער אָנהייב פֿון „אַלטן געזעץ“; אין 1924 — האָב איך געדרייט
„דעם טורעם פֿון שווייגן“. איצט, אין 1925, האָב איך נישט געהאַט קיין
שום שאַנס צו ווערן אנגאַזשירט. איך האָב שוין פֿריער אָנגעוויזן, אַז אַ
גרויסער נאָמען אין דער פֿילם=פּראָדוקציע מ ו ז וואָרצלען אין אַ טיפּן,
אַזוי צו זאָגן, — „ה י נ ט ע ר ל אַ נ ד“:

עמיל יאַנינגס דערפֿאָלגן האָט געדאַרפֿט האָבן — ש ט ר ע ז ע מ אַ ן!

איך האָב ביי אַלע אויסדרוקן פֿון באַוואונדערונג מצד רעזשיסערן
פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ „קאָנטיטע נעגליזשאבל“ אויפֿן וועלטמאַרק...
דער פֿאָרשלאַג פֿון בירמינגעמער פֿאַרלייפֿירמע, דאָס פּעקל לויבערעצע=
זיעס, וואָלטן געווען א י ש אין די הענט פֿון אַ געשיקטן מענעדזשער...
איך האָב אַזאַ נישט געהאַט און נישט געזוכט, ווייל כ'בין אין דעם פֿאַל
ווי אין אַלע טויזנטער פֿאַלן פֿון אלטאָג און אומגאַנג געווען — אַ „לאָ=
יוצלח“, אַ בטלן, אַ שלים=מזל.

בין איך אַרומגעגאַנגען אין בערלין, געציילט די הוצאות, און... גע=
מוזט פֿאַרזעצן דעם פֿאָטערס אלטן זייגער — שיעור נישט אַ מוזעאַלער
אַנטיק — מיט אַ שווערער גאָלדענער קייט.

ווי אויף צו להכעיס האָבן זיך מיר געמאַכט צוויי שאַנסן צו פֿאַר=
דינען אין פֿילם, און יעדער אויף מיין אָרט וואָלט, פֿאַרשטייט זיך, פֿון
מאַטעריעלן אימפּאַס ארוים! י ע ד ע ר, לייענער, אָבער — נ י ש ט
אָ ט ד ע ר!

איינמאָל זיץ איך אין „ראָמאַנישן" אויף דער וועראַנדע פּאַרטיפּט אין אַ צייטונג און דערפיל, אַז ביים צווייטן טישל זיצט אַ הער און באַטראַכט מיך — ג י ש ט אַ ז ו י ווי אַ צופעליקער שכן ביים נאָענטסטן טישל... איך הייב מיך אָן פילן אומהיימלעך, ווער נערוועז... און רוף צו דעם קעלנער, הגם אַנטלויפן שייגט מיר אויך נישט צו זיין קיין אויסוועג פון אַזאַ סיטואַציע. ענדלעך הייבט זיך דער שכן אויף פון זיין טישל, נעמט אַראָפּ דעם הוט און זאָגט צו מיר אויף אַ שלעכטן דייטש מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל:

— איר וועט מיר דערלויבן זיך צוזעצן ביי אייער טיש, סיניאָר?

„ס י נ י אָ ר?"

— ביטע — זאָג איך פאַראינטריגירט.

ער האָט אָנגערופן אַן איטאַליענישן נאָמען, איך האָב אַרויסגעמורמלט מיין פאַמיליע. מיר זיצן, קוקן זיך אָן און... שווייגן.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן — הייבט ער ענדלעך אָן נישט אַנטשלאָסן: איך בין אַ פילם־רעזשיסער, בין מיט דריי טעג צוריק געקומען פון רוים... איך זוך טיפּאַזש, און פון אייער געזיכט קאָן איך מיר נישט דערלויבן אָפּצוזאָגן.

איך האָב זיך צעשמייכלט.

ער האָט זיך לייכט פאַררויטלט. נאָך אַ פּאָר מינוט האָט ער פאַרגעזעצט, פרעגנדיק צי איך פאַרשטיי פראַנצויזיש און צעשטראַלט פון מיין פּאָזיטיווער תשובה: איך נעם אָן, אַז מיין פראָפעסיע קאָן זיך אייך אויסווייזן גלייכצייטיק קאָמיש און פרעך. אפשר פאַרליר איך צייט מיט איינעם, וואָס מיט געלט קאָן מען זיין צייט נישט קויפן. דערלויבט מיר דאָן קורץ צו זאָגן, אַז, אויב איר וועט איינשטימען צו מאַכן אַ לוסטרייזע קיין איטאַליען אויף אַ 10 טעג, וועלן מיר אייער טרחה און צייט האָנאָרירן מיט וועלכער סומע איר וועט אָנרופן. אויב איר וועט באַוויליגן צו לאָזן זיך פאָטאָגראַפירן.

— איך בין אַ שוישפּילער — האָב איך לאַכנדיק באַמערקט: צייט האָב איך וויפיל איר וועט דאַרפן און וועגן האָנאָראַר וועלן מיר דורכקומען. ווי איר זעט, זיץ איך אומבאַשעפטיקט אין האָך־סעזאָן און בין נישט קיין איבערגעטריבן קאָסטבאַרע סחורה, אָבער ביליג מיך קויפן איז אויך נישט ווארשיינלעך...

ער האָט מיך איבערגעשלאָגן.

— קיין רייך נישט וועגן „ביליק“, מאָסיע! דערלויבט פרעגן: זענט איר אַ טעאַטער־קינסטלער אויסשליסלעך, אָדער — געפילמט אויך?

— איך האָב געשפּילט אין צוויי פילמען.

— אין וועלכע?

— „דאָס אַלטע געזעץ“ און „דער שטורעם פון שווייגן“.

— איך קען דאָך ביידע פילמען! אַנטשולדיקט: ווי איז אייער חשובער נאָמען?

איך האָב אים אָנגערופן.

— מיין גאָט! איך זיץ און טראַכט: וווּ האָב איך דאָס געזיכט געזען? און אַזעלכע אַסאָציאַציעס זאַמלען זיך און איך קאָן אַלץ נישט פעסטשטעלן וועמען איך האָב פאַר זיך... פאַרפעטטמאַן! אונטער אַ גליקלעכן שטערן בין איך קיין בערלין געקומען! אַלזאָ — אָן ווייטערדיקן וואָרט־פאַרלוסט, מאָסיע מאָרעווסקי! ווען קאָנט איר מיט מיר פאָרן קיין דוים?

— מיינעטוועגן היינט! שוין! אין צוויי שעה אַרום, אויב מיר וועלן שנעל דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן...

— דאָס לאָזט איבער מיר! מער ווי איין טאָג וועט עס נישט נעמען. און די צייט איז טייער. אייער האַנט, סיניאָר!

דריקנדיק זיין האַנט, זאָג איך:

— איך בין נייגעריק צו הערן דעם אינהאַלט פון פילם און דעם כאַראַקטער פון מיין ראָל.

— לאָזט אייך זאָגן, אַז די צענטראַלע פיגור, נישט האָבנדיק קיין אַקטיאָר, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין צו אַנטוויקלען דעם גאַנצן קאָמפּלעקס, האָבן מיר לעצטנס דערפירט ביז מינימום. איצט, האָבנדיק אייך, וועלן מיר זיך אומקערן צו אונדזערע ערשטע אַספּיראַציעס, און דער טיטל פון פילם וועט באַרעכטיקט ווערן נישט נאָר דורך דער ענלעכקייט פון דער צענטראַלער פיגור נאָר דורכן גאַנצן אינהאַלט פון פילם!! בראַוואָ, סיניאָר! איר האָט אונדז נישט נאָר געראַטעוועט! איר האָט אונדז דערהויבן!

— ווי רופט זיך דער פילם? — האָב איך כמעט אויסגעשריען.

— „מ ו ס אָ ל י נ י“ — האָט ער געדעקט מיין אויסגעשריי מיט אַן אָקטאַווע העכער, און, זייענדיק איבערצייגט, אַז מ יי ן בליק אין די אויסגעגלאָטשטע אויגן קומט פון העכסטער אַנציקונג, האָט ער צוגעגעבן, אַוועקלייגנדיק זיין האַנט אויף מיין שולטער:

— א י ר ש פּ י ל ט ב ע נ י ט אָ מ ו ס אָ ל י נ י!!

מײַן סיניאָר, איז געוואָרן דערשיטערט, דערהערנדיק, אַז איך זאָג מיך אָפּ פון אַנגאַזשעמענט. ער האָט אויסגעשאָטן אַלע אַרסענאַלן פון אַרגומענטאַציע און בוכשטעבלעך געווײנט, פּרוּװנדיק מיך איבערצײַגן, אַז „פּאַשיזם“ איז נישט ד אָ ס, וואָס איך מײן —

מיטן איטאַליענער רעזשיסער האָב איך פאַרבראַכט ביז שפּעטן אָוונט. ער איז אַוועק פון מיר אַ באַלײדיקטער, האָט זיך נישט געזעגנט, צוזאַרפנדיק אין לעצטן מאָמענט, אַז ער שטױנט, ווי אַזוי האָב איך אָפּגעשפּילט די געשטאַלטן אין בײדע פילמען און איבערגעלאָזט אַן אײַנדרוק פון אַ טיפן קינסטלער, בעת פון דעם, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָט ער זיך איבערצײַגט, אַז מאָטיוון פון קונסט זענען פאַר מיר פוילע זוימען: איך שטעק ביז איבערן קאָפּ אין פּאָליטיק און בין נישט פעיק זי צו אײַננאָרירן אַפילו אין נאָמען פון די שענסטע אויפגאַבן פון אַרטיזם. מיטן איטאַליענער יענעם אָוונט האָב איך גערעדט וועגן הונדערטער פאַקטן און פראַגן פון די לעצטע 8 יאָר אין אײראָפּאַס דערשיטערונגען.

איך בין פון פּאָליטיק געווען יענע שעהן פונקט אַזוי ווײט ווי איך בין עס א ו מ ע ט ו ם און שטענדיק אויף מײַנע וועגן... אַ ה י ן א ו ן צ ו ר י ק.

צו שפּילן מוסאָליני און פאַרדינען גראָבע געלטער האָט מיר געשטערט מײַן ג ע וו י ס ן: עס איז געווען נישט לאַנג נאָכן מאָרד פון מ א ט ע אָ ט י.

מײַן אַנגאַזשעמענט קײן רוים איז אַוועק מיט רויך...

איך בין ווידער אַרומגעגאַנגען איבער די בערלינער פּראָספּעקטן אַ פאַרצווײפלטער און אומבאַהאָלפענער. מען האָט מיר פאָרגעלײגט שפּילן אַן עפּיזאָד אין אַ פילם נעבן יאַנינגסן אין דער הויפּטראָלע. איך האָב דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן.

איך האָב זיך דורכגעשריבן מיט מאַניע לענצנער, אפשר דערצײלט וועגן מײַן צופאַל מיטן „בעניטאָ מוסאָליני“ (אפשר נישט כ׳געדענק נישט!)

מיטאַמאָל קריג איך פון מאַניען אַ בריוו: „צו וואָס דאַרפט איר זיצן אין בערלין בײַ אַזעלכע היצן? קומט צו אונדז קײן צאָפּאָט! קײן גרעסערע הוצאות וועט איר נישט האָבן. מיר האָבן צוויי צימערן. די מוטער לײגט אײַך פאָר פאַרנעמען אײנעם“.



זי האָט מיך דערוואַרט ביים אויטאָבוס, מיט וועלכן איך בין געקומען דורך מאַריענבורג. מיר האָט זיך אויסגעוויזן עפּעס אומגעריכט אַ מין נאַכלעסיקייט אין איר אויסערלעכקייט. קיין סימן פון דער דיסטינגירטקייט און ראַפינירטקייט אין איר קליידונג. צום אויטאָבוס איז באַלד צוגעגאַנגען איר מאַן. ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון גישט־דורכשניטלעכער איידלקייט. מיר זענען מיט דער באַן אַוועקגעפאָרן קיין צאָפּאָט.

די מוטער האָט מיך געטראָפן מיט דער ליבנסווירדיקייט, צו וועלכער איך בין געווען געוווינט פאַר דעם יאָר ביי זיי אויף נאָוואָליפּיע. איך האָב געוווינט עטלעכע טעג אין איינעם פון זייערע צוויי צימערן, צוזאַמען מיט מאַגיעס מאַן. אינגיכן איז ער אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, און מיר איז געוואָרן שווער צו זיצן אַליין אין אַ צימער בעת אין צווייטן זענען אין ענגשאַפט געלעגן די מוטער, 4 טעכטער און נאָך אַ צוויייעריק עופהלע — דער צווייטער טאָכטערס מיידעלע.

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אומקערן זיך קיין בערלין. אָבער מיינע מזלות אין די הימלען האָבן באַשלאָסן אַנדערש.

אין אַ העלן פרימאָרגן מעלדעט זיך אַ יונגערמאַן, רופט אָן זיין נאָמען („וו יי ס מ אַ ן“) און מאַכט מיר אַ פאָרשלאַג: היות אין גדאַנסק איז דאָ אַ קרייז פון יידישע אַמאַטאָרן, וואָלטן זיי זיך געשעצט גליקלעך, ווען איך בין מסכים צו שטעלן מיט זיי אַ פאָרשטעלונג און שפּילן די הויפּטראָל...

איך מוז דאָ צוגעבן, אַז צו אַמאַטאָרן־קרייזלעך האָב איך פון די סאַמע יונגע יאָרן געהאַט אַ שאַרפן ווידערווילן. איך בין אין 16־יעריקן עלטער אַנטלאָפן פון דעם מין „קונסט“. הגם מיר איז דאַן פאָרגעלייגט געוואָרן שפּילן נישט מער און נישט ווייניקער ווי... „אוריאל אַקאָסטאַ“: איך בין אַנטלאָפן פון דער ל ו פ ט און הער סביבה „דילעטאַנטן“.

אָבער וויסמאַן איז פון מיר נישט אָפּגעשטאַנען. און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין קרייז געפינען זיך אַזעלכע, וואָס האָבן מיט מיר געאַרבעט אין מיינע ווילנער פאָרשטעלונגען.

ווי אַ בליץ פון קלאָרן הימל האָט געווירקט וויסמאַנס אומגעריכטע מעלדונג, אַז צוויי אויספאַרקויפטע הייזער זענען ווי אין קעשענע, און דעם סכום פון איין איינגאַמע איז ער גרייט צו גאַראַנטירן פאָרויס. מיט

אַנדערע ווערטער האָט עס באַטייט, אַז איך קריג אַ געזיכערטן סכום, מיט וועלכן איך קאָן זיצן רואיק אין ערד ז ע ק ס וואָכן.

איך האָב אַרייננעקוקט מיין מעצענאַט אין די אויגן און אַ פרעג גע־טאָן, צי פאַרשטייט ער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ער נעמט אויף זיך? אויף דעם האָט דער בחור אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע זיין טייסטער און פרעגט מיך — וויפיל דאַרף איך האָבן באַלד אויף דער האַנט.

— געמאַכט, זאָג איך: באַמיט זיך צו געפינען פאַר מיר אַ צימער.

— איר באַזעצט זיך אין מיינעם — אַז איך וועל געפינען אַ צימער, וועט איר פון די ביידע נעמען דעם, וואָס וועט אייך זיין ליבער.

דעם לייענער קומט אויס, אַז דאָס לעבן איז אַ גן־עדן, מלאכים שיטן מן פון הימל און מענטשן דאַרפן גאָר קייען דעם מן און לעקן די פינגער.

אַזוי האָט עס אויסגעזען ביז דעם מאָמענט... ווייטער אָבער... ווייטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיין מעצענאַט וויל ש פ י ל ן אַ הויפּט־דאָל.

אומקערן די אַסיגנאַציע צוריק — שוין אָפּגערעדט פון מ יי ן צושטאַנד, וואָלט דאָס דאָך געהייסן — דעם בחור ב אַ ל יי ד י ק ן. ווער פון די, וואָס פרעטענדירט אויף א הויפּטראָל, קאָן באַגרייפן און מסכים זיין, אַז זיין פרעטענזיע איז אַ חילול פון קונסט?

איך האָב פאַרשטעקט אין טייסטער דעם אַוואַנס, אַראָפּגעשלונגען די ביטערע פּילולע, צוגעזאָגט דעם בחור א הויפּטראָל און אַוועקגעפירט מיין וואַליזע אין צימער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן — לופטיק, צוויי־פענצטערדיק, פיין אויסמעבלירט.

— איר וועט דאָך מיר דערלויבן די נאַכט איבערצונעכטיקן דאָ אויף דער קאַזעטקע, הער מאָרעווסקי, מאָרגן וועל איך געפינען אַן אַנדער צימער.

ער האָט קיין אַנדער צימער נישט געפונען און נישט געזוכט — נישט מאָרגן, נישט איבעראַכטאָג. ער איז געוואָרן מיין ניאַנקע, מיין פּלע־גערין. ער האָט מיר ממש געשאַפן אַלץ פונעם שענסטן און פונעם בעסטן; דאָס זענען געווען וואָכן, ווען איך האָב געהאַט אַרום זיך אַזאַ צאַרטע אויפמערקזאַמקייט, וועלכע איך האָב נישט פריער, נישט שפּעטער גע־קענט.

מיר האָבן באַשלאָסן אויפצופירן אָסיפ דימאָווס „שמע ישראל“. איך האָב אים געגעבן שפּילן דעם סטודענט. ער איז געווען ממש אין הימל. און דאָ איז געשען אַן אומדערוואַרטע און אַלע גרענעצן אַריבערשטייגנדיקע מעטאַמאָרפאָזע: ווייסמאַן האָט אויף דער בינע לייכט אונטערגעהונקען און פון טיפער אויפרעגונג שטאַרק געשטאַמלט. לאָמיר זיך פאָרשטעלן — קוני־לעמלען... נישט דעם פאַרשטעלטן „מאַקסן“, נייערט דעם אמתן קוני־לעמלען אין אַ שטאַרק־דראַמאַטישער ראָל מיט מאָנאָלאָגן אָנדערטהאַלבן זייטלען די גרייס, מיט פלאַמענדיקע רייד פון דערשיטערטן האַרצן.

דאָס ווערט דאָ איבערגעגעבן נישט לשם הומאָריסטישן געווירץ אין אונדזערע קאַפּיטלען, נאָר צו דערציילן, אַז די פּראָבן פון יענעם ספּעקטאַקל זענען איינע פון די מערקווירדיקסטע בלעטער אין מיין פּעדאַגאָגישער פּראַקטיק.

איך וואָלט נישט אויפגעהויבן דעם פאָרהאַנג, ווען נעבן דער געשטאַלט פון „אהרן שיפער“, וואָס איז געווען מיינע אַ „קרוין־ראָל“, קלינגען טענער פון חוזק — ווייסמאַן האָט זיין ראָל געשפּילט מיט פונק, נישט קיין איין מאָמענט אויסגעזען ווי אַן אומבאַהאָלפענער אַמאַטאָר, און מיין אַרבעט איבער אים — האָט מיר אין יענער פאָרשטעלונג פאַרשאַפט לכל הדעות נישט ווייניקער פרייד און סאַטיספאַקציע ווי מיין דערפאָלג ביים עולם.

אָבער פון גאַנצן עפּיזאָד דער זין איז גאָר אַן אומגעריכטער.

איך האָב אויבן פאַרבייגייענדיק באַמערקט, אַז פון מאַניען אויף רויזן און טובעראָזן האָב איך זיך נישט דערוואַרט — נישט נאָך „קין“ און נישט נאָכן „דוכוס“. און דאָ איז פאָרגעקומען אַן אויסערגעוויינלעכע מעטאַמאָרפאָזע: קוקנדיק ווי אַזוי איך פיר די פּראָבן מיט די גראַנסקער אַמאַטאָרן און בפרט מיטן שטאַמלענדיקן הינקענדיקן אויספירער פון דער יוגנטלעכער הויפּט־ראָל, איז מאַניע, משמעות, געוואָרן אַרומגענומען לגבי מיר מיט עמאָציעס פון יענעם מין, וואָס אין מיר זענען אַמאָל אויפגעוועקט געוואָרן דורך איר צעמאָל־קאָנצערט.

זי האָט איר באַוווּנדערונג פאַר מיין אַרבעט אויף די פּראָבן אַרויסגעזאָגט פאַר די שוועסטער, פאַר דער מוטער... איך האָב מיך צוגעהערט

און דערפילט עפּעס ג יי ע בליקן אין אירע, ווי מיר האָט תמיד זיך, אויסגעוויזן — „ק אַ ל ט ע“, הגם האַרצרייסנדיקע אויגן.

צווישן אונדז האָבן יענע טעג זיך אָנגעהויבן זאַמלען פונקען און שאָטנס, וואָס פריער האָב איך נישט געפילט, הגם איך בין אין איר געווען פאַרליבט...

# אַכטער קאַפּיטל

## דער שטורעם

„פּאַרליבטקייט“!

מען געברויכט אין אומגאַנג באַצייכענונגען, הינטער וועלכע עס שטעקן אָפט קעגנגעזעצטע און איינער דעם אַנדערן אויסשליסנדיקע אינהאַלטן.

פאַרליבטקייט איז אין איר שענסטן, איידלסטן און דויערהאַפטיקסטן תמצית אַ געפיל פון טיפסטן מיטגעפיל צו דער אומבאַהאָלפנקייט, שוצלאָזיקייט, פאַרשטויסנקייט פון אָביעקט. דאָס איז דער מאַקסימאַלער אויסדרוק פון רחמנות צום אָביעקט אָן שום שייכות צו זיינע אייגנשאַפטן: באַגאַבטקייט, שיינקייט, הויכן ניוואָ, פיינעם כאַראַקטער.

פאַרליבטקייט איז אויך — דער היפוך פון דעם: באַוואונדערונג פון אָביעקט, אַנטציקונג, התפעלות, פאַרגעטערונג.

אין דעם פאַל קאָן דער אָביעקט זיין אַרומגערינגלט פון וווילטיק, מאַכט, גליק, אַלגעמיינער אָנערקענונג, נישט נייטיקן זיך אין דער מינימאַלסטער מאָס אין אָנשפּאַר אויפן פאַרליבטנס אָרעם — די פאַרליבטקייט ווערט דערפון נישט קלענער... גראָד פאַרקערט! זי וואַקסט, זי קוועלט אָן, זי רופט אַרויס בענקשאַפט, זי פאַרשאַפט ווייטיק דעם האַרצן פון פאַרליבטן...

אָבער דער מעכטיקסטער פאַקטאָר פון פאַרליבטקייט איז — באַגער! דער אָנהייב און קוואַל פון ליידנשאַפט, וואָס ברעכט אַלע צוימען, שליידערט אום אַלע שטערונגען אויפן וועג צום אָביעקט און שטאַרקט זיך מיט יעדער נייער מניעה.

פון די ערשטע טעג נאָך מיין באַקאַנטשאַפט מיט מאַניע לענצנער האָב איך דערפילט, אַז איך בין געפאַנגען, אַז אין האַרצן האָט מיך געטראָפן אַ פייל, הגם איך האָב נישט דערפילט דעם מאָמענט פון זיין אַריינדראַנג.

די בעטהאָוועןֿ־קלאַנגען האָבן אַרויסגערופן אַנטציקונג, באַוווּנדערונג, התפּעלות. דערצו זענען באַלד צוגעקומען די געפילן פון טיפן מיטלייד. איך האָב נישט געוווּסט קיין פּרטים וועגן די רעסורסן פון דער פאַמיליע. איך בין אין דער הינזיכט בכלל געווען קורצזיכטיק און אומבאַהאָלפן ביז טעמפּקייט. אָבער נישט וויסנדיק און נישט טראַכטנדיק וועגן קאָנקרעטע פונקטן און פאַקטן האָב איך, אַן אַנטציקטער פון דער יונגער, דיסטינגיר־טער פרויענגעשטאַלט, כסדר געטראַכט, אַז איר אָרט איז ערגעץ נישט אָט־דאָ, אויף נאַוואָליפּיע... און — ווי אַזוי נעמט מען אַריין אין האַנט אָט די קליינע צאַרטע פינגער און ווי אַזוי פירט מען זי אַוועק... וו ו־ א ה י ן?? —

דאָס האָב איך אויך נישט געוווּסט, ווייל איך האָב איבערהויפּט ג אָ ר נ י ש ט  ג ע וו ו ס ט: נישט פאַר זיך, נישט פאַר עמעצן נעבן מיר.

אַרום האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ נגיד, זאָגאַר — עושר. גע־שפּריצט האָט פון מיר קראַפט, לעבנסלוסט, זעלבסטזיכערקייט, תקיפות. פּראַקטיש גערעדט: פאַר יעדן מענטשן מן הצד — אַן אייגנטימער פון אַ 4־שטאָקיק הויז אין ווילנע, אַן אַרטיסט מיט אַ נאָמען און העכסטן גע־האַלט און קיין קינדער האָט ער נישט! קאָן ער דאָך „קערן וועלט“! וואָס איז ער אַנדערש ווי אַזאַ שערעשעווסקי — דער באַרימטער וואַרשעווער באַנקיר? מאַניע לעווצנער האָט מיר עפּעס אַמאָל אין דעם זין געזאָגט... איך געדענק די פראַזע: „איר פאַרשווענדעט דאָך געלט אַזוי לייכט! איר קאָנט דאָך אַ סך טאָן פאַר מענטשן“.

איך געדענק ווי, נישט ענטפערנדיק אויף אירע רייד, האָב איך גע־טראַכט: באַווייזן איר דעם סכום מזומנים אין מיין טייסטער? דערציילן, ווי ווייט איך בין פון „פאַרשווענדן געלט אַזוי לייכט“?

און מכוח „טאָן א סך פאַר מענטשן“ האָט מיר דאַן אַ ריס געטאָן ווי אַ ווונד דער געדאַנק, אַז איך קאָן גאָרנישט טאָן פאַר איר, אַפילו נישט טיילווייז איר מאַכן לייכטער די רייזע קיין ווין.

אַזוי האָבן אויסגעזען די פאַקטן אין אָנהייב פון אונדזער באַקאַנט־שאַפט.

מיר איז פאַרבליבן איין מאָמענט פון יענע יאָרן.

ביי לעווין־עפּשטיין אין הויז איז זי געזעסן מיט פעניען, איר חברטע, און איך האָב אין דערבייאיקן צימער שטיל געזונגען מיינע געליבטע רו־

סישע ראָמאַנסן, האַלטנדיק פאַר די אויגן עפּעס אַן אַלבאָם מיט רעפּראָ־דוקציעס פון קלאַסישער מאַלעריי.

אַז איך האָב אויפגעהערט זינגען און בין אַריין אין צימער צו די דאַמען, האָט מאַניע, מיך באַטראַכטנדיק מיט בליק, וואָס איך האָב ביז דאַן נישט געזען אין אירע אויגן, שטיל אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי זינגען און זיפצן קאָנט איר אויך? נישט דערוואַרט פון אייך!...

דאָס איז געווען אַ ניצוץ פון באַוואונדערונג, וועלכע זי האָט לגבי מיר קיינמאָל פריער נישט אַרויסגעוויזן...

איצט אויף די פראָבן אין צאָפּאָט האָט אָט־די „באַוואונדערונג" אָנגעהויבן אָנוואַקסן, משמעות...

וועגן „פאַרליבטקייט" פון איר זייט האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אָבער די אומשטענדן, די איינצלנע פאַקטן האָבן זיך מיט יעדן טאָג געזאַמלט אין גאַנג פון די לויפנדיקע וואָכן — יוני, יולי 1925 — און אין קעלער מיטן אָנגעזאַמלטן פולווער איז געפאַלן אַ פונק.

פון „עראָטיק" איז צווישן אונדז פאַר די 5 יאָר באַקאַנטשאַפט, פריינדשאַפט, בריוו אָנגעלאָדענע מיט ברויזנדיקע עמאָציעס, נישט געווען קיין סימן.

פאַר דער לייכטקייט און אויבערפלעכלעכקייט, וואָס האָט באַצייכנט יענע יאָרן מיין באַציונג צו פרויען, איז אין דעם פאַל נישט געווען קיין אָרט. פלאַכע וויצן, פריוואָלע פּרוון פון לייכטן „פלירט" — געברויכנדיק דאָס גאַנגבאַרע באַנאַלע וואָרט — פלעגן דאָ אָפּשפּרינגען ווי אַ פּילקע פון וואַנט. מער ווי מ י נ ו ט ן פלעגן מיינע וויצן און זשעסטן נישט דויערן.

*
*   *

מיר פלעגן פון פרי ביז אָוונט אַרומשפּאַצירן איבער די וועלדער אויף די פעלזיקע ברעגן פון באַלטישן ים. געלייענט, געשמועסט, געזונגען, געטרוימט, פאַנטאַזירט. איך פלעג פון צייט צו צייט, מסתמא, פּרוון לייכטפליגלדיקע אַטאַקעס פון ראָמאַנטישע אַספּיראַציעס. דאָס פלעגט זיך אומפאַרמיידלעך פאַרענדיקן מיט אַ פיאַסקאָ און מיין פּאַרטנערין פלעגט אַפילו נישט ווערן ברוגז, ווי מיט 5 יאָר צוריק אויף נאַוואַליפּיע אין אַזעל־

כע פאַלן... פּשוט — אָפּגעווענדט דעם קאָפּ, אָפּגעשטויסן מיין האַנט, און — ווי גאָרנישט געשען. אַזוי זענען זיך אומשולדיק געפלאָסן טעג נאָך טעג.

אָבער איינמאָל איז מיין דאַמע אַרויס פון איר גלייכגילט און מיט אַ טאָן פון פאַראַכטעטע אַ זאָג געטאָן, זיך אַרויסגליטשנדיק פון אונטער מיינע הענט, ווען איך האָב זי געפּרוווט אַרומנעמען:

— ווי זענט איר אַזוי פאַרבלענדט, מאַרעווסקי, און מיינט, אַז איר קאָנט קאָנקורירן אין אייערע ראָמאַנטישע אָנגריפן מיט מיין מאַן? איר ווילט אַפילו נישט פאַרשטיין, אַז ער איז מיט 15 יאָר יינגער פון אייך!

און פון יענעם טאָג האָט זיך אין מיר אָנגעהויבן אַזוינס, פון וואָס ביז דאַן האָב איך נישט געפילט קיין שפור: ס'האָט אָנגעהויבן קאָכן אין זידן מיין לײַדנשאַפט! איך האָב, מסתמא, אָנגעהויבן באַקומען רק אָפטער אויסגעקרימטע ליפּן; וואַרפן פון אונטערן שטערן בייזע, פאַרנעפּלטע בליקן... מאַניע האָט נישט איין מאָל יענע טעג מיך באַטראַכט מיט אַן אויסדרוק פון נישט אָנגענעמער איבעררעשונג. אפשר געטראַכט, אַז צווישן אונדז האָט זיך איבערגעריסן אַ פאָדעם אין דעם ווערטפולן געוועב פון אונדזער לאַנגיאָריקער „אמיטיע אמורעז“.

אָבער אונדזערע שפּאַצירגענג האָבן מיר פאָרגעזעצט, אונדזערע שמועסן נישט איבערגעריסן... און איך האָב געזונגען מיינע ראָמאַנסן, און איך האָב געשאָטן מיינע רעיונות און מיין פאַנטאַזיע האָט געפלאַטערט, שעפּנדיק קראַפט פון די ים־כוואַליעס.

האָט זיך איין מאָל געטראָפן: די העלע בלויקייט פון הימל איז פּלוצעם געוואָרן טונקל־גרוי, די גרינע פלאַכקייט אויפן ים האָט אָנגעהויבן ברויזן, ווייסע שוימען האָבן אָנגעהויבן שפּריצן פון וואַסער צו די וואָלקנס, דונערן און בליצן האָבן אָנגעפילט דעם אַרום, פאַרטויבט אַלע רייד און רעיונות, פאַרבלענדט אַלע בליקן, פאַרלאָשן אַלע פאַנטאַזיעס...

מיר זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן פעלז אינמיטן וואַלד, געוועזן דער־שראָקן און אַנטציקט און האָבן זיך איינער צום צווייטן געדריקט. מיר זענען געוואָרן איין מענטש. איין אײנזאַמער, אומבאַשיצטער, אומבאַ־האָלפּענער מענטש, אַן אויסגעשטעלטער אויף גאָטס באַראָט.

אין צען שריט פון אונדז האָבן מיר דערזען אַ בוים!

דער בוים איז געווען אַזאַ ריז, אַז אונטער זיין געדעק איז די ערד געווען טרוקן, און די גרעזלעך און מאָך זענען געווען ווי אויסגעברענט פון דער זון.

האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן אונטערן געדיכטן צודעק פון דעם בוים, זיך אַוועקגעזעצט אויפן מאָך. דער הימל האָט געפלאַקערט אין בליצנשפּיל און געיאָמערט אין דונערגעברום, און זי האָט זיך צו מיר געדריקט פעסטער און פעסטער. איך האָב אַריינגעקוקט אין אירע וואונדערבאַרע אויגן און נישט געפונען אין זיי דעם שטענדיקן וועלט־שמאַרץ. איך האָב דערזען — תפילה. איך האָב דערזען בענקשאַפט... נאָך וואָס, נאָך וועמען האָב איך נישט געפרעגט — אַוועק, אַוועק אַלע הינדערנישן!

אַז מיר האָבן זיך באַרואיקט, איז דער הימל געווען העלבלוי, דער ים מונקל־גרין. און מירביידע גליקלעך און פאַרליבט.

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער ביידנס קרייצוועג.

*     *
*

— „ביסט אַ וואונדערבאַרער שרייבער און אַ גאָטגעבענטשטער דיכטער, און אַלע אויסגערעכנטע פאַקטן זענען פּינקטלעך... נאָר... קיין שטורעם אויפן ים איז יענעם טאָג נישט געווען... מיר זענען געווען אויף אַ הויכן פעלז און אויף צוריקוועג אהיים ביסטו געגאַנגען פאָרויס און מיך איבערגעלאָזט פון הינטן... איך בין נאָכגעגאַנגען און זיך געפילט דערדריקט און אומגליקלעך". אַזוינס האָב איך דערהערט פון מיין קעניגין 35 יאָר נאָך יענעם טאָג, ווען איך האָב איר איבערגעלייגט דאָס בלאַט וועגן שוימען און נאַטור־אויסברוך...

דאָס גיב איך איבער מיין לייענער לשם דער אויפריכטיקייט, צו וועלכער איך האָב זיך מחייב געווען פון מיין ערשטער שורה אין די דאָזיקע בענדער.

# נײַנטער קאַפּיטל

## דערוואַכטע קלאַווישן

אין בערלין, קומענדיק פון צאָפּאָט, בין איך געווען געצײלטע טעג געוווינט אין אַ קלײנעם ביליקן האָטעלעכל נעבן באַנהויף שאַרלאָטענבורג. אַננע האָט געוווינט צוזאַמען מיט הנה שערמאַן אין אַ צימער אויף ווילמערסדאָרפער... איך פלעג צו זײ אָפט קומען, און די פּאָר וואָכן אין בערלין האָבן איבערגעלאָזן אין זכרון צוויי קורצע עפּיזאָדן.

אײן עפּיזאָד: מיר זענען געפאָרן בײנאַנד אין אויטאָבוס, געשמועסט, געשוויגן און אומגעריכט, אַרויסגעמענדיק פון בוזימקעשענע אַ בריוו אָדער אַ פּאַפּירל, האָב איך אַרויסגענומען מאַניעס פאָטאָגראַפיע און אין איר אַרײַנגעקוקט. איך האָב אַ זיפץ געטאָן און באַהאַלטן די פאָטאָ אין טאַש און דערהערט אַ שטילע מעלדונג:

— אונדזער געמײנזאַמער וועג איז פאַרענדיקט, בוסינקא!... (נאָך איר אומקערן זיך מיט 11 יאָר צוריק צו מיר האָב איך ק ײ ן א ײ ן מ אָ ל מער נישט געהערט דעם נאָמען „אַבראַשינקאַ“, ווי זי האָט מיך גערופן ביז „פאַמיליענברוך“).

צווײטער עפּיזאָד: זיצנדיק אין צימער אויף ווילמערסדאָרפער, האָב איך געוואַרט אויף אָוונטברויט. די שערמאַן האָט אין קיך געגרײט, געבראָטן, און מיר זענען געזעסן בײם טיש. שערמאַן האָט געבראַכט דאָס עסן, צעשטעלט די טעלער און אָנגעהויבן סערווירן.

— אָבער, אַננאַ יאַקאָוולעוונאַ, איר זענט אַזוי לאַנג בײ אונדז אַ הײמישער מענטש און קענט נישט זײַנע געוווינהײטן!

ווען וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט געדענק איך אַבסאָלוט נישט. אין אַ צוויי מינוט אַרום, האָבנדיק עפּעס געענדערט אין מײן טעלער, האָט זי מיר אַרײַנגעקוקט אין די אויגן:

— אַזוי? אמת?

— אַוודאי אַזוי! און מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט — און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— משוגעים! אבסאָלוט ביידע דאַרף מען אָפּגעבן אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט!

ביידע עפּיזאָדן זענען אין מיין האַרץ און געמיט פאַרבליבן ווי צוויי פונקען אונטערן אַש פון ווייטערדיקע יאָרצענדליקער.

איך האָב מיך אומגעקערט קיין וואַרשע. דאָרטן האָט זיך פאַרוויקלט אַ קנויל אַרום „דיבוק". ס'האָבן זיך געפונען פוילישע פינאַנסיסטן צו מאַכן אַ פילם. ביי הורוויטשן האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון זיין ליצענץ. די צוואה־פאַרוואַלטער האָבן דאָס רעכט צו פילמען אַנ—סקיס לעגענדע פאַרקויפט עפּעס צו אַ גרופּע פוילישע אונטערנעמער. אויסגעלאָזט האָט זיך אויך דאָס מאָל אַ „רויך".

אָנהייב אָקטאָבער בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע אויף גאַסטראָלן. איניגיכן קריג איך פון מאַניען אַ בריוו: „אין ווילנע זענען פאַר אייך אָן ספק אַלע טירן אָפן. איך וועל אייך זיין דאַנקבאַר, אויב איר וועט אַראַנזשירן מיינעם אַ קאָנצערט מיטן קאַמער־אָרקעסטער. כ'וואָלט שפּילן באַכן און שימאַנאָווסקין. איך וויל זיך אומקערן קיין ווין פאָרזעצן מיין שטודיום, און אַ קאָנצערט אין ווילנע קאָן דערנעענטערן מיין רייזע קיין ווין".

איך האָב תיכף געענטפערט, אַז דעם קאָנצערט וועל איך גאַנץ באַשטימט אַראַנזשירן. איך בעט עטלעכע טעג זיך אַרומצוקוקן. דער דיריגענט פון קאַמער־אָרקעסטער — דער פידלער קאָנטאָראָוויץ — איז מיינער אַ ידיד. איך האָב צוגעזאָגט אין אַ 5 טעג אַרום צושיקן אַ גענויעם ענטפער.

אין דעם זעלביקן טאָג האָב איך אַוועקגעשיקט א בריוו קיין בערלין: „מאַניע לענצנער קומט קיין ווילנע אויף אַ קאָנצערט. זי וועט דאַרפן זיין אין ווילנע אַ פּאָר וואָכן. עס וואָלט דאָך געווען אַן אומגעלומפּערטע טאַקטלאָזיקייט נאָך יאָרן פריינדשאַפט און גאַסטפריינדשאַפט, וואָס די מוטער האָט מיר אין צאָפּאָט אַזוי ברייטהאַרציק אַרויסגעוויזן, לאָזן מאַניען פאַרפאָרן אין אַ האָטעל. בעט איך תיכף קומען קיין ווילנע און אויפנעמען דעם גאַסט ביי אונדז!"

אויף אָט־דער ווענדונג איז מיט דער נאָענטסטער פּאָסט געקומען אַן ענטפער שוואַרץ אויף ווייס בזה הלשון:

„מיר איז דערעסן די לייזיקע דירה אין ווילנע און איך האָב נישט קיין מינימאַלסטן חשק אויפצונעמען דאָרטן דיינע געסט".

אין בוכשטעבלעכן זין „בנים“ האָב איך אין יענער דירה קיינמאָל אין משך פון 20 יאָר נישט געזען. אָבער אין אירע ווענט איז 20 יאָר געשטאַנען אַ קלאַוויר, וואָס האָט געשטומט...

איצט האָט די „לייזיקע דירה“ זיך אָנגעפילט מיט קלאַנגען פון באַכס קאָנצערט.

איך וויל נישט באַזינגען יענע טעג און וואָכן, ווען עס פלעגן פאָרקומען די פּראָבן פון אָרקעסטער מיטן קלאַוויר, וועלבער האָט אויפגעלעבט אונטער די קליינע צוויבער־פינגער.

איך וויל דאָ נישט שילדערן וואָס אַזוינס מאַגיע לענצנער איז אין מיין האַרצן און געמיט געוואָרן יענע וואָכן, ווען מיין היים, מיין מאַמעס היים — איז געוואָרן אָנגעפילט מיט יענע אַקאָרדן און געפילן.

איך האָב עטלעכע מאָל געשריבן קיין בערלין, גערופן אָפּהיטן דעם 20־יאָריקן סטאַטוס־קוואָ.

ווי צו דער וואַנט!

„אייפערזוכט“?

באַליידיקטע פרויען־געפילן?

מוז איך שוין דאָ זאָגן, אַז אויף דעם האָט זי קיין שום רעכט נישט געהאַט!

זי איז שוין יאָרנלאַנג געווען פריי און איר פרייהייט געניצט לויט איר איינזען און נטיות. איך האָב די יאָרן נישט געפרעגט און נישט רעאַגירט און איך בין נישט געווען איר אָביעקט און האַר.

אַזוי זענען געפלאָסן די טעג און וואָכן אין גאָוועמבער און דעצעמבער 1925.

סוף דעצעמבער איז איבערגעריסן געוואָרן די פאָרשטעלונג (מען האָט געשפילט דעם „דובוס“) נאָכן צווייטן אַקט. עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אסתר רחל קאַמינסקאַ איז געשטאָרבן.

איך בין אַוועקגעפאָרן צו דער לוויה. איך האָב איבערגעלעבט איינעם פון די ווייטיקפולסטע מינוטן, האָבנדיק זיך איבערצייגט אין מיין אָפּגעריסנקייט פון דער טאָנגעבנדיקער „עליטע“ אין די טעאַטער־קרייזן פון וואַרשע.

אויפן צווייטן ווינטער־סעזאָן האָב איך מיך אַריבערטראַנספּאָרטירט קיין ריגע. אָבער דער זומער האָט געבראַכט וועזנטלעכע ענדערונגען: מאַ־

ניעם מאַן איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסטראַליע. אין אָנהייב זומער האָט ער זיך געמאָלדן צו מיר אין בערלין. מיר זענען געווען צוויי טעג צוזאַמען. איך האָב געהאַט פאַרבינדונגען און אַ געוויסן אָנזען אין די אמטן, און דאָס האָט פאַרלייכטערט צו באַקומען אַ ריי דאָקומענטן, וויזעס און דאָס גלייכן.

גישט איין שעה האָבן מיר פאַרבראַכט אין אָפענעם, ערלעכן שמועס אויף דער טעמע, וואָס איז געווען אונדזער ביידנס לעבנספראַגע. איך האָב דערזען, אַז פאַר אים איז נישט קיין סוד מיין באַציונג צו מאַניען און — פאַרקערט.

איך האָב דערהערט, אַז שפּעטסטנס אין פיר חדשים אַרום וועט ער שיקן אַ שיפסקאַרטע, און זי וועט קומען צו אים.

איך האָב מיטאַמאָל האַלב שפּאַסנדיק, האַלב ערנסט אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס דערשיסט איר מיך נישט?“

— אַז איך וואָלט אָנגעהויבן שיסן צוליב מאַניעס כלומרשטע ראָמאַנען, וואָלט מיר קיין קוילן נישט געסטאַיעט...

בעת מעשה אַ שפּאַס, האָט זיך די פראַזע שפּעטערדיקע יאָרן מיר באַוויזן ווי אַ פאַרסמטע פייל אין האַרץ.

צעשיידט האָבן מיר זיך ווי צוויי דזשענטלמענער, וואָס דאָס פאַרגעטערן איין פרויענוועזן קאָן נישט מאַכן פאַר שונאים.

* *
*

אין אויגוסט איז געקומען קיין וואַרשע אין שליחות פון ריגער יידישן טעאַטער־קאָמיטעט דער אין ווילנע נאָך מיט יאָרן צוריק אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער יעקב ראָזנבוים און האָט מיר פאָרגעלייגט צו שטעלן זיך בראש פון יידישן „מ י נ אַ ר י ט ע ט ן ט ע אַ ט ע ר“ אין לעטלאַנד מיטן שטענדיקן זיצאָרט אין ריגע. ביי מיין דעמלטיקער סיטואַציע און געפיל פון אַבסאָלוטער אָפגעריסנקייט פון דער סביבה אין וואַרשע איז ראָזנבוימס פאָרשלאַג — אָפגעזען פון דער עצם אויפגאַבע פאַר זיך — געווען אַ מין „גרויס געווינס“. דער ווינטער־סעזאָן אין ריגע 1926/27 איז אַ רייך בלאַט מיט אַ פילפאַרביקן אינהאַלט.

אָנהייב סעפּטעמבער בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ריגע. היות איך האָב געהאַט אַ קאָנטראַקט אויף, דוכט זיך, 8 חדשים מיט אַ סאָלידן

האָנאָראַר, וואָס איז געווען געזיכערט, ווייל דאָס טעאַטער האָט זיין ביוד=
זשעט געבויט אויף דער סובסידיע פון מלוכה און מאַגיסטראַט, האָב איך
מודיע געווען מאַניע לענצנער, אַז איר שטודיום אין ווין קאָן זי איצט
פאָרזעצן, זיך אנשפאַרנדיק אויף מיר, ווייל ע נ ד ל ע ד, נאָך לאַנגע
יאָרן שטרעבן דערצו איז פאַר מיר איצט מ ע נ ע ל ד צו פאַרווירק=
לעכן מיין טרוים וועגן העלפן איר אַרויסגיין אויפן ברייטן וועג פון מוזי=
קאַלישער בילדונג און שעפערישקייט.

אַרום יום=כיפור איז אָנגעקומען פון אויסטראַליע אַ ידיעה, אַז עס
גייט אַ שיפסקאַרטע. איך האָב באַקומען פון איר אַ בריוו מיט אַן אָנ=
פראַגע און בקשה צו געבן אַן עצה: די מוטער איז קעגן פאָרן, זי וויל זיך
נישט שיידן מיטן ליבסטן קינד... איך האָב, נישט טראַכטנדיק, געענט=
פערט, אַז די אויסטראַלישע גליקן וועלן נישט אַנטלויפן און, וויבאַלד זי
צ ווייפ ל ט, דאַרף זי פאָרן ק יי ן ו י ן און איר צייט און כוחות
אָפּגעבן פאַר מ ו ז י ק. אַזוי איז געשען: זי איז אַוועקגעפאָרן קיין ווין.

איך האָב אָנגעשריבן קיין בערלין אַ קאַטעגאָרישע אויפפאָדערונג
צו אַננען צו קומען קיין ריגע און איינשטעלן אונדזער צעריסענעם פאַמי=
ליען=לעבן, אויב זי האַלט נישט, אַז מיר דאַרפן עס צערייסן ענדגילטיק.

אַ האַלב יאָר האָט עס אויסגעזען, אַז די משפחה איז רעסטאַווירט.

# ערשטער קאַפּיטל

## ריגער „מינאָריטעטן־טעאַטער“

אין גאַנצן געווען, וואָס פּילט אָן די צענדליקער קאַפּיטלען פון מיינע בענדער, פּלעכט זיך דורך אין עצם־מיט — טעאַטער!

ווי דער לייענער דאַרף געדענקען, איז „טעאַטער“ אַרויסגעשוואומען אויף דער אויבערפלאַך פון מיינע נטיות אין עלטער פון 4 יאָר; „טעאַטער“ איז געוואָרן דער קוואַל פון מיין ענערגיע און עקשנות אין אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן, צו וואָס איך האָב געשטרעבט און דערגרייכט.

מיין לייענער האָב איך געפירט דורך מיינע טעאַטער־מאָטיוון פון די ערשטע ווירקונגען, וועלכע טעאַטער האָט אויף מיר געהאַט געמאַכט אין צעניאָריקן עלטער, דורך די אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבענע איינדרוקן בעת מיין „שפּאַציר דורך אייראָפּע“. גענוי געשילדערט מיינע ערשטע און ווייטערדיקע דערגרייכונגען אויף אַלע שטאַפּן פון מיין פּראַקטישער טעטיקייט. באַלויכטן אַלע פּונקטן און ווינקלען פון מיין איבערגאַנג צום יידישן טעאַטער. דערציילט וועגן די ווענדפּונקטן, דרייסטע פאַרמעסטונגען און ביטערע אַנטוישונגען אין משך פון די ערשטע יאָרן אויף די יידישע ברעטער. כ׳האָב נישט אויסגעמיטן די פּעריאָדן, ווען איך בין געווען אָפּגעריסן פון דער יידישער קונסט און האָב נאָכן עולם — נאָכן יידישן צושויער — געבענקט.

איצט, שטייענדיק פאַר מיין לייענער מיט אַן אָפן האַרץ, אין אָנהייב פון מיין טעטיקייט אויסער די גרענעצן פון פּוילן — ווייל ריגע איז געווען דער אָנהייב פון מיין כמעט פיריאָריקן וואַנדערוועג — איצט, נאָך זיבן יאָר שאַפן (און שוויצן), פריידן (און פּלאָגן) —

איצט קאָן איך זאָגן, אַז פון טעאַטער איז אין מיין פאַרשטעלונג, לויט מיין קינסטלער־געוויסן — נישט געווען קיין סימן. אַלץ,

וואָס איז געשילדערט אין מיינע קאַפּיטלען וועגן יידישער קונסט, איז אַ רשימה פון עפּיזאָדן אויף די יידישע טעאַטער-ברעטער... היות איך שרייב נישט קיין געשיכטע פון יידישן טעאַטער, נייערט מיינע מעמואַרן, האָב איך אין דער רשימה געזאַמלט און באַשריבן מיינע עפּיזאָדן.

אָבער, זייענדיק געצוווּנגען צו זאָגן נאָך די יאָרן טעטיקייט אויפן באָדן פון יידישער קונסט, אַז קיין טעאַטער איז ביי אונדז בכלל נישטאָ, וואָלט איך מיך געפילט ווי אַ געוויסנלאָזער פעלשער, ווען איך פאַרשווייג אין מיינע בענדער די צאָלרייכע און לויבווערטע עפּיזאָדן פון יידישער קונסט, וואָס זייערע שעפער האָבן אויסגעפילט צענדליקער און הונדערטער פּרעכטיקע בלעטער פון יידישער טעאַטער-געשיכטע. איז פאַראַן — אַ געשיכטע! זענען פאַראַן — פאַרדינסטפולע נעמען פון הויכבאַגאַבטע קינסטלער! קיין טעאַטער איז אָבער נישט פאַראַן!

מיר וועלן אין לויף פון אונדזער ווייטערדיקן „אַהין און צוריק" אַריבערשווימען ימים, זיך באַקענען מיט דער ווירקלעכקייט פון פינף טעאַטער-אונטערנעמונגען אין דרום-אַמעריקע; פון זיבעצן ווירקנדיקע — „פויקנדיקע" „טיעטערס" אין ניו-יאָרק; מיין אַנטוישונג וועט דערגרייכן צו איר קולמינאַציע; נאָכן קומען צוריק קיין פּוילן וועל איך זוכה זיין צו מאָמענטן פון שעפערישן אויפשוואונג.

פאַרלאָזנדיק פּוילן אין סעפּטעמבער 1926, האָב איך מיינע יאָרן 1918 — 1926 געהאַלטן פאַר אַ צעשאָטן קאָרטן-ביידל.

אָבער, נישט געקוקט אויף די איבערגעלעבטע מפּלות און באַקומענע „פּעטש", האָב איך אין זיך געטראָגן אַ קוואַל פון כוחות און מוט און געהאָפט אין ריגע צו געפינען אַ גינסטיקן באָדן פאַר נייע פרוכטבאַרע פּלאַנצונגען.

* *

*

די אָרגאַניזאַציע און די עצם אינסטיטוציע: „יידישע מינאָריטעטן-טעאַטער" האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ נײַ פעלד אויפן באָדן פון דער יידישער מאָדערנער קולטור. עס האָט זיך

באַוויזן אַ האָפענונג — ג י ש ט צו דאַרפן זיין אָפּהענגיק פון קאָמערציעלע אומשטענדן, ממילא גישט צו דאַרפן האַנדלען און דעם אַרבעטס=פּלאַן אויסבויען אויפן יסוד פון אַ זיכערן פינאַנסיעלן י ש: די לעטישע מלוכה האָט דאָס טעאַטער סובסידירט, צו דער מלוכה=סובסידיע איז צוגעקומען אַ הוספה פון מאַגיסטראַט און, ווי ווייט איך געדענק, נאָך אַ סכום פון זעלבסטבאַשטייערונג מצד דעם טעאַטער=קאָמיטעט...

פון ערשטן געשפּרעך מיט יעקב ראָזנבוים אין וואַרשע, אַנטוויקלענדיק די פּלענער פון ערשטן סעזאָן, האָב איך זיך אַליין אָפּגעגעבן אַ קלאָרן חשבון, אים אָפן געזאָגט און געבעטן איבערגעבן דעם קאָמיטעט, אַז די פאָרשטעלונגען וועלן אויפן ערשטן עטאַפּ (וואָס וועט בלית ברירה דויערן חדשים=לאַנג) אויסזען ווי מיינע גאַסטראָלן, ווייל אין משך פון די 8 יאָר אַרבעט אויף די יידישע ברעטער בין איך געווען אַ גאַסטראָלער, מיטן אויסנאַם פון די חדשים טעטיקייט מיט די „ווילנער“, וועלכע איז געוואָרן אָפּגעהאַקט און אויסגעוואָרצלט נישט צוליב מיין שולד, נאָר מיר צו=להכעיס. אין ריגע זענען געווען צוויי וועגן — אָדער צונויפשטעלן דעם אַנסאַמבל און אָנהייבן פון אלף=בית, דאָס הייסט צוגרייטן דריי, פיר נייע אויפפירונגען ביזן אויפהייבן דעם פאָרהאַנג. דאָס וואָלט הייסן: עפענען דאָס טעאַטער נישט פריער ווי אַרום ניי=יאָר. אָדער אין משך פון ערשטן פעריאָד קולטיווירן מיין רעפּערטואַר, אין וועלכן דער עולם וועט קאָנצענטרירן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף מיר.

פון אונדזערע געשפּרעכן, וואָס האָבן געדויערט עטלעכע טעג און אָוונטן, האָט ראָזנבוים זיך געשאַפן אַ קלאָר בילד און האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט נישט צ ו ל י ב וו אָ ס מיר זאָלן פאַרלירן עטלעכע חדשים. אין ניי=צוגעגרייטן רעפּערטואַר וועט מען דאָך אויך נישט אַוועקרוקן דעם אַקטיאָר מאָרעווסקי ערגעץ אין הינטערגרונט. פון דער צווייטער זייט, וועט מען, גרייטנדיק די פאָרשטעלונגען פון געשפּילטן רעפּערטואַר, אָן שום ספק זיך באַמיען יעדע געשטאַלט און יעדן אָנטייל=נעמער צו באַלויכטן ווי אַמבעסטן, זאָרגנדיק וועגן דער גאַנצקייט און שמידנדיק אַן אַ נ ס אַ מ ב ל. טאָ וואָס קאָן מען געווינען פאַר אַזאַ טייערן מקח, ווי אָפּלייגן די דערעפענונג פון טעאַטער? העכסטנס געוויסע שינויים אין רעפּערטואַר. איז דאָך דער פאַרטיקער רעפּערטואַר פאַרן ריגער יידישן טעאַטער=עולם אויך אַ „שנור פון פּערל“. און אויב עס גליטשט זיך אַפילו דורך עפּעס פון אַ מינערן ווערט, איז עס אויך נישט קיין בייז און נישט קיין גרונט אָפּצולייגן דעם דערוואַרטן טאָג.

איך האָב געשטעלט אַ תנאי, אַז דער ווירטשאַפטלעכער ראש פון דער אונטערנעמונג זאָל זיין משה קאַרפּינאָוויטש. מיין תנאי איז געוואָרן אָנגענומען.

מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ טרופּע פון די בעסטע שוישפּילער, וועלכע איך האָב צו יענער צייט געקענט אָנרופן נאָך מיינע אַכט יאָר דערפאַרונג.

דאָס זענען געווען דאָס רוב מיינע אוממיטלבאַרע האָדולניקעס, וועלכע איך האָב ממש געפירט פאַר די הענט פון זייערע ערשטע שריט און חוץ זיי — דערפאַרענע, באַגאַבטע שוישפּילער, מיט וועלכע איך האָב געהאַט דעם נחת צוזאַמען צו שאַפן אויף מיינע פריערדיקע עטאַפּן —

קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, חבל בוזגאַן, דניאל שאַפּיראָ, דוד קייזעראָוויטש, יולי יולין, פרידאַ וויטאַלינאַ, שבתאי בליאַכער, חנה שערמאַן, מרדכי הילסבערג, ראַקאָוו, נערה (אַ קורצע צייט איז אין דער טרופּע געווען דער וואַרשעווער אַקטיאָר חיים סאַנדלער — זייער אַ באַגאַבטער שוישפּילער, אָבער דערביי פון אַזאַ מין פון אונדז אַלעמען ווייטער מאָראַלישער סובסטאַנץ, אַז ער איז פון דער משפּחה אַרויסגעפאַלן אַפילו אָן וועלכער עס איז רייבונג: מיטאַמאָל ווי נישט געוואָרן).

די פאָרשטעלונגען האָבן מיר אָנגעהויבן מיט אַלטער קאַציזנעס „דוכום". אין משך פון סעזאָן, ס'הייסט פאַר קנאַפּע 8 חדשים, האָבן מיר באַוויזן: דעם „דיבוק" דעם „שטומען", דעם „דאָרפסיונג", „דאָס נייע געטאָ", לייוויקס „די שמאַטעס". „טאָג און נאַכט" (רעזשי — יולין), „קין" און „מאָשקע חזיר" (דאָס איז געווען די איינציקע פריער נישט געשפּילטע ראָל אין מיין ריגער סעזאָן).

מיר האָבן אונדזערע פאָרשטעלונגען באַוויזן — אין ליבאַווע, מיטאַווע, אין רעוועל און טאַרטו.

מיר האָבן אומעטום געשפּילט ביי אויספאַרקויפטע הייזער. מיר האָבן געהאַט אַ „גוטע פּרעסע". שבחים, גוזמאות לרוב, נישט געווען „וואָס צו זינדיקן". קיין באַנקעטן מיט רעדעס וועגן „קולטור" געדענק איך נישט. אָרגאַניזירן עס וואָלט איך בשום אופן נישט דערלויבט, און „פון זיך" ברעכן אַזעלכע מאַניפעסטאַציעס אין ערגעץ און קיינמאָל נישט אויס.



אברהם מאָרעווסקי — „דובוס“



חבל בוזגאַן — „יונגער דובוס“

לאָמיר דעם פּונקט פון „דערפאָלג און אָנערקענונג“ בעסער באַווירצן מיט צוויי לוסטיקע עפּיזאָדן, וואָס פּאַסירט האָבן זיי מיט אונדז, אָבער באַלויכטן אַ סך ווייטערע און ברייטערע שטחים, ווי דעם טורניי פון „ריגער יידישן מינאָריטעטן־טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון אברהם מאָרעווסקי“.

געשען איז די מעשה אין ליבאַווע.

אויף מאָרגן נאָכן „דוכוס“ האָב איך געפירט מיינע חברהלייט צום ברעג פון ים שפּאַצירן. אַ טייל פון די בחורים האָבן דעם ים געזען צום ערשטן מאָל.

מיר האָבן אָנגעשעפּט לופט און אַוועק צוזאַמען עסן מיטאָג. נאָכן ים, מיט זיין לופט אין די לונגען און מיט אַפּעטיטן פון צעבליטער יוגנט האָט מען זיך אַריינגעלאָזט אין אמתער פרעס־פּראָצעדור. מיטאַמאָל דער־זע איך, איינגעבויגן איבער מיין טעלער, אַז אונטערן טיש גיט איינער אַ צווייטן איבער אַ צייטונג.

תחילת נעם איך עס אָן פאַר אַן ענין, וואָס האָט צו מיר נישט קיין שייכות. נאָכדעם פאַלט מיר איין, אַז...

בקיצור: אין דער רוסישער צייטונג איז אָפּגעדרוקט אַ „תהילים ותשבחות“־אַרטיקל וועגן אונדזער טעאַטער. מיך הייבט מען אויף ביזן סאַמע הימל אַלס אָ ר ג אַ נ י ז אַ ט אָ ר! (וואָס איך בין קיינמאָל נישט געווען און קאָן נישט זיין!), מען לויבט די פּיעסע, די רעזשי, די אַקטיאָרן, די אויסשטאַטונג. און אגב אורחא, פאַרבייגייענדיק, ווערט אָנ־געוויזן, אַז... מען דאַרף זיך נישט וואונדערן, וואָס די יידישע פערסאָנאַזשן זענען אַרויסגעקומען בולטער, איבערצייגנדיקער ווי די פּוילישע.

בוזגאַן אין „יונגן דוכוס“ איז געווען זייער איבערצייגנדיק, הילס־בערג האָט אויסגעזען און געשפּילט מיט אַקטיאָרישער תקיפות דעם „פריינד“, אָבער עס האָט זיך געלאָזט גלויבן דעם רעצענזענט, אַז הגיאל שאַפּיראָ אַלס „יאָשקע שניידער“, יולין אַלס „משה־ארענדאַר“ און ראַ־קאָוו אַלס „צדוק“ האָבן אויף אים געמאַכט מער איינדרוק... פונדעסטוועגן האָט זיך אַלעמען באַוויזן פאַר קנאַפּ באַגרינדעט די באַהויפּטונג, אַז די „פּוילישע געשטאַלטן“ זענען אין דער פאָרשטעלונג געבליבן אין שאָטן, ווייל מיט אַזאַ פעסטשטעלונג איז האָך געוואָרן אָפּגעווישט די געשטאַלט פון „אלטן דוכוס“, וועלכע מען האָט געהאַלטן פאַר איינע פון מיינע פאַר־ביקסטע סצענישע דערגרייכונגען.

די מעשה האָט זיך אַלעמען אויסגעוויזן נישט גלאַטיק. די בחורים האָבן זיך נישט געקאָנט באַרואיקן. דער עיקר איז געווען אויסער זיך שעפּסל בליאכער. און ער איז נישט פויל געווען זיך אַוועקלאָזן אין רעדאַקציע אַריין, כדי זיך אויסצוטענהן מיטן מחבר פון אַרטיקל: „ס׳טייטש עפּעס דער „אַלטער דוכוס“ איז געבליבן הינטער אַנדערע געשטאַלטן?“

לאָזט זיך אויס, אַז דעם חבר רעצענזענט האָט זיך געוואָלט, אַז זיין לויבגעזאַנג זאָל דערשיינען באַלד אויף מאָרגן נאָך דער פּרעמיערע און מיטווירקן צום דערפאָלג פון צווייטן ספּעקטאַקל. איז ער נאָכן ערשטן אַקט אַוועק פון טעאַטער און בחפזון אָנגעשריבן זיין לויבגעזאַנג און אַריינגעגעבן אין זאַץ. דעם אַלטן דוכוס האָט ער אַפילו אין די אויגן נישט געזען, מחמת ער באַווייזט זיך, כידוע, אין צווייטן אַקט.

אין אַ חדשים 1½ אַרום קומען מיר ווידער אין ליבאַווע שפּילן „קין“. נאָכן ערשטן אַקט קומט אָן אַ ידיעה פון ריגע, אַז ס׳איז געשטאָרבן דער מלוכה=פּרעזידענט. נאָכן צווייטן אַקט ווערט די פאָרשטעלונג איבערגעריסן.

אינדערפרי לייענען מיר אין דער צייטונג, אַז מאָרעווסקי האָט ליידער נישט באַוויזן געניג כוחות אין די טראַגישע מאָמענטן פון דער ראָלע. אָבער די „טראַגישע מאָמענטן“ (געניי: די דראַמאַטישע קולמינאַציע) הייבט זיך ערשט אָן אין סוף פון דריטן אַקט און צעוואַקסט זיך אין 4 און 5 (בילד), וועלכע מיר האָבן צוליב די טרויער=מאָטיוון, ווי דערציילט, נישט געשפּילט.

דאָס מאָל איז שוין דער רעצענזענט אַריינגעפאַלן אין זאַק און זיך אַפן אַרויסבאַוויזן נישט פאַר אַ בעל=עוולה, נאָר אויך פאַר אַ שוטה.

# צווייטער קאַפּיטל

## שווערע הינדערנישן

דער כּלל „ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך" האָט זיך נישט באַרעכטיקט אויפן פּאַראַלעל צווישן אונדז מיט דעם רוסישן און דייטשן טעאַטער, וועלכע זענען אויך געווען אויף די זעלביקע רעכט און ווירטשאַפטלעכע יסודות פון מינאַריטעטן=טעאַטערס אַזוי ווי דאָס יידישע. יענע האָבן געלעבט, געאַרבעט, זיך אַנטוויקלט ווי געזונטע קערפּערשאַפטן; מיר האָבן זיך געמאַטערט!

פאַרוואָס?

ווייל באַקטעריעס פון בלוטאָרעמקייט האָבן געשטעקט אין אָרגאַניזם פון יידישן טעאַטער, און ווען עס איז געלונגען צו סאַנירן איין גליד, האָט אָנגעהויבן אייטערן אַ צווייטער.

לאָמיר אָנווייזן אויף די „שוועריקייטן" (זאָגן וואָלט מען געדאַרפט: „אויף די טויט=געפאַרן"!), אין וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן פון די סאַמע ערשטע שריט.

אַ טעאַטער=סעזאָן, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף אַ מלוכה=סובסידיע — וואָס קאָן מען נאָך פאַרלאַנגען?

אָבער אַ בנין? — ווו זאָלן מיר שפּילן?

און אַן עולם, וואָס זאָל זיצן אין זאַל און אויפנעמען אונדזער ספּעקטאַקל ווי אַ פּראָדוקט פון זיין קולטור און קונסט!

און אַ מינימאַלן טעכנישן און קינסטלערישן אַפּאַראַט: מאָלער, בינע=אַרבעטער, באַלויכטער;

און אַ קאַפּעלדינער, וואָס זאָל נישט זיין קיין שקלאַף ביים באַזוכער, וועלכער האָט אים דערלאַנגט 25 קאָפּיקעס איבערן מקח פון פּראָגראַם

און איז אַריין אין זאַל *נאָכן* אָנהייב פון דער פאָרשטעלונג און צע־שטערט דעם שוין באַשאַפענעם איינדרוק?

האָט דען אַפילו דער בעסטער פריינד פון יידישער קונסט אַ מיני־מאַלן באַגריף וועגן דעם, מיט וואָס א *קינסטלער* (קינסטלער, לייענער! נישט — „קונצנמאַכער“, נישט „פּיעסנהענדלער“ גייערט — *קינסטלער*!) צאָלט פאַר יעדן אויגנבליק פון נישטגעפעלשטער קונסט אויף די יידישע ברעטער?

מיט אַן אויסזיכט אויף דער מלוכה־סובסידיע האָב איך זיך געלאָזט קיין ריגע אין פולן בטחון, אַז מיט אַזאַ אַנסאַמבל, אויסגעפּרוווטן רעפּער־טואַר, קעגנזייטיקער איבערגעגעבנקייט צווישן מיר און קאָלעקטיוו וועט זיך אונדז איינגעבן צו פאַרלייגן אַ פונדאַמענט פון אַן אינסטיטוציע, וואָס וועט וואַקסן.

און מיר דוכט זיך, אַז איך קאָן מיט אַ רואיקן געוויסן פאַרנאָטירן, אַז פון דער *בינע* האָבן מיר אונדזערע פריינד קיין אַנטוישונג נישט געבראַכט, הגם אויף דער מדרגה פון ריגער רוסישן טעאַטער זענען אונ־דזערע אויפפירונגען נישט געשטאַנען און שטיין נישט געקאָנט, נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָרטן איז דער פּערסאָנאַל באַשטאַנען פון אַ 25 הויך־קוואַ־ליפיצירטע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס האָבן געלויכטן אַזעלכע נעמען ווי די פּרעכטיקע *פּאַלעוויצקאַיאַ*, אַ שטערן פון מאָסקווער הימל, און די גלענצנדיקע *זשיכאַרעוואַ* און *יוראָווסקי* און *רוניטש* (איך האָב אים פאַר קיין „גרויסן אַקטיאָר“ קיינמאָל נישט געהאַלטן, אָבער די „מאַרקע“ פון *סינעלניקאָוו* אַן אַקטיאָר האָט ער פאַרמאָגט) און דערביי — *דער שליף* פון רוסישן טעאַטער, די שעפערישע *טעמפּעראַטור*, אין וועלכער יעדע אויפפירונג האָט זיך געגרייט!

אָבער, געדענקענדיק, אַז „אָרעמקייט איז נישט קיין חטא“, האָט יע־דער צושויער מיט אָפענע אויגן געמוזט אָנערקענען, אַז אונדזערע ספּעק־טאַקלען זענען פּירות פון אַ גוט־געפּלעגטן בוים; פון ריינע קינסטלערישע ווילנס, פון שעפערישע פאַרמעסטונגען.

אַזאַ איז געווען די *אַטמאָספער*!

אָבער די *פאַקטן*? די ממשותדיקע *ווירקלעכקייט* פון אַלטעגלעכן קיום?

עס איז געווען אַ זאַלבל, וו מען האָט געשפּילט פריער יידיש טעאַ־טער אין דער יידישער געגנט אויף אַ צווייטן שטאָק. איך האָב אַ קוק

געטאָן און געזאָגט קאַרפּינאָוויטשן און האָזנבוימען, אַז פון אונדז דערוואַרט מען (ווער „דערוואַרט"? — לאָמיר לאָזן אויף שפּעטער!) עפּעס נייעס, און וואָס נ יי איז, דאַרף זיין — פ ר י ש. בקיצור — מיר מוזן האָבן אן אנדער דירה!

און דאָ איז אַרויסגעקראָכן פון זעקל דער ערשטער שרין פון פינצטערן יידישן קעלער.

אין ריגע איז געווען א יידישער סוחרים=קלוב. ער האָט געהאַט אַ צושויער=זאַל, אַ בינע און געשפּילט האָט דאָרטן אַ... דייטשע אָפּערעטע.

— דעם יידישן האַנדלס=קלוב דאַרפן מיר אַרענדירן פאַר אונדזער טעאַטער — האָט קאַטעגאָריש געמאָלדן ראָזנבוים.

איך האָב באַקוקט דעם בנין און... זיך געשלאָגן מיט דער דעה: פון איין זייט האָבן מיר שטאַרק אימפּאָנירט די מאַרמאָר=זיילן אין וועסטיביול, די טרעפּ, די גאַנצע אויסערלעכע זייט פון בנין, פון דער צווייטער זייט, אָבער, האָט מיך אָפּגעשראָקן דאָס, וואָס דאָס איז געווען אן אויסגעשפּראָכענער ק אָ נ צ ע ר ט=ז אַ ל: אַ בינע ווי אַ גענעץ, קיין שום הינטערקוליסן=רוים!

נאָר ווען דער טעאַטער=קאָמיטעט האָט זיך געווענדעט צו דער פאַרוואַלטונג מיט אַ פאָרשלאַג צו פאַרדינגען אונדז דעם קלוב, האָט אויף דער זיצונג איין מיטגליד אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אויסגעשריגן: „וויר ווערדן האָך אום הימלסווילן ניכט די שמוציגען יודישען שאַושפּילער אונדזערע מאַרמאָרשטופן פערונרייניגן לאַסן!"

פאַר מיר איז עס געווען גענוג!! מיין פוס וועט די טרעפּ נישט באַטרעטן אַזוי לאַנג... אַזוי לאַנג ווי... ווי ווּ אָ ס?

קיין תשובה אויף אָט דער שאלה האָב איך להלוטין נישט געהאַט. אין האַלדז איז בלויז געבליבן אַ קנויל — פון ווייטיק, פאַרדראָס, פּראָטעסט און גרימצאָרן...

ווער איז ער, אָט דער דעה=זאָגער אין פאַרוואַלטונג פון א יידישן קלוב??

עס איז געווען דאָס יאָר 1926! קיין יודענראַטלער זענען נאָך נישט געווען. אָבער די פּראָצעסן פון אָפּזייען אין פאָלק די פּאַראַזיטישע שוימען האָבן זיך אין דער וועלט שוין לאַנג געהאַט אָנגעהויבן. און אין אָנבליק פון אַזאַ פּאַראַכטן בורזשואַ האָט זיך אין האַרצן — ריכטיקער, אויפן ג ע וו י ס ן — צעפלאַקערט דער פּראָטעסט, וואָס אין וועג פון קולטור=מאַרש פון יידישן מאַסן=מענטש שטייען אַזעלכע טיפּן, אַזעלכע

דעה-זאָגער. מיר װעלן זיך גאָר שנעל איבערצײַגן, אַז דער פֿאַל איז נישט געװען דער אײנציקער.

דערװײַל צוליב דערצײלערישער גאַנצקײט לאָמיר פֿאַרענדיקן מיט דער עפּיזאָדע.

מיטן סוחרים-קלוב זענען איבערגעריסן געװאָרן די אונטערהאַנדלונגען. בעתן צוגרײטונגס-פּעריאָד האָבן זיך פֿאַרשפּרײט קלאַנגען, אַז בײַ אונדז זעט עפּעס אױס אַ ג ד ע ר ש, װי מען איז געװױנט געװען צו זען און הערן אַרום יידיש טעאַטער ביז דאַן. עס האָט געמאַכט אַן אײנדרוק דאָס אַרטיקל װעגן אונדזערע פּלענער און „ק ר ע ד אָ“ פֿון דער ליטונג, װאָס איך האָב פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער רוסישער צײַטונג.

אין די רוסישע טעאַטער-קרײַזן איז מען נישט פֿאַרבליבן גלײַכגילטיק צו די שורות, װעלכע האָבן געאָטעמט מיט געטרײַקײט און פֿאַרליבטקײט צום זכר פֿון האָלמאַטאָװן.

צו דער דערעפֿענונג פֿון סעזאָן האָט דאָס טעאַטער דערהאַלטן אַ באַגריסונג פֿון מלוכה-פּרעזידענט.

און אַז דער טעאַטער-קאָמיטעט האָט אָנגעהױבן אָרגאַניזירן אַ פֿײַערלעכן באַנקעט, האָט די פֿאַרװאַלטונג פֿון האַנדלס-קלוב פֿאָרגעלײגט איר זאָל, נעמענדיק אַלע הוצאות אױפֿן חשבון פֿון קלוב... איך האָב זיך אַנטזאָגט אַהין צו גײן. אָבער אונדזער גאַנצער קאָמיטעט האָט מיר געמאָלדן, אַז צוליב דער טאַקטלאָזיקײט פֿון אײן טיפּ טאָרן מיר נישט אײַנרײַסן די באַציונגען מיט אַן אײנפֿלוסרײַכער גרופּע פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט. דער באַנקעט איז פֿאָרגעקומען אין פּרעכטיקן בנין פֿון קלוב. איך געדענק צװײ מאָמענטן פֿון יענעם אָװנט.

צו מיר איז צוגעגאַנגען אײנער פֿון די אָנפֿירער פֿון קלוב, האָט מיר אין הײסע װערטער באַדאַנקט פֿאַרן גענוס, װאָס אים האָט פֿאַרשאַפֿט אונדזער פֿאָרשטעלונג און אױסגעדריקט דעם װוּנטש, אַז אױפֿן צװײטן סעזאָן זאָלן מיר זיך באַזעצן אין דער געבײַדע. איך האָב מסכים געװען מיטן תנאי, אַז די בינע און דער הינטערקוליסן-רוים זאָלן פֿאַרגרעסערט װערן אױפֿן חשבון פֿון צושױער-זאַל און דעם היזק פֿון דער פֿאַרקלענערטער צאָל פּלעצער זאָל דער קלוב נעמען אױף זיך...

מײַן ליבנסװירדיקער באַלעבאָס האָט אַ װײַלע געטראַכט מיט אַ נישט באַהאַלטענער איבעראַשונג פֿון מײַן צושטימונג און תנאי און געענטפֿערט, אַז אין פּרינציפּ איז ער מסכים און ער האָפֿט, אַז די מערהײט

פון דער פאַרוואַלטונג וועט זיין גרייט אויף באַדייטנדיקע אָנשטרענגונגען, כדי צו האָבן אין די ווענט אונדזער טעאַטער.

*     *
*

ממש אומלעזבאַר האָט זיך אַרויסבאַוויזן דער ענין „ט ע כ נ י ש ע ר  אַ פּ אַ ר אַ ט".

און „טעכנישער פּערסאָנאַל" — דאָס איז אין ספּעקטאַקל זיינע „הענט און פיס", אויב רעזשיסער איז דער „קאָפּ", ואויב אַקטיאָר איז דאָס „האַרץ"...

עס זעט אויס ווי פּוסטע „מליצה", אָבער איך וועל נישט פאַרשוויגן פאַרן לייענער מיין איבערצייגונג, אז אַ סטאָליער מיט אַ האַמער איז גאָר נישט דער „בינע־אַרבעטער", וועלכער איז באַרופן און באַרעכטיקט מיטצושאַפן דעם ספּעקטאַקל. יעדער בינע־אַרבעטער מוז זיין אַן אָרגאַנישער גליד אין קערפּער פון טעאַטער, מוז מיטלעבן מיט די פּראָבן און דער פאָרשטעלונג. דער, וואָס קלאַפּט מיטן האַמער צו הויך בעתן אַנטראַקט, קאָן קריגן מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ... טעאַטער איז ז יי ע ר אַ סענסיטיוו און ו י ל ד באַשעפעניש. דעם טעכנישן פּערסאָנאַל דאַרף מען געדולדיק און פלייסיק ה אָ ד ע ו ו ע ן! אָבער... ו ע מ ע ן זאָלן מיר „האָדעווען"? מי ומי ההולכים?

אויף די צוויי־דריי מענטשן, וואָס האָבן זיך געמאָלדן — יעדער מיט זיין פאַך־אינסטרומענט — און אויסגעהערט מיינע פאָרשלאָגן און וואָרענונגען ווי אַ מין דעקלאַראַציע פון טערקישן סולטאַן אָדער „עקספּאָזע" פון שטאָט־משוגענעם (קאַרפּינאָוויטש האָט זיי בלי ספק געוואָרנט, אַז זיי זאָלן האָרכן און שווייגן!).

אויפן סטאָליער, שניידער און פריזירער האָב איך געקוקט ווי ואויף מיטרייזנדיקע, וועלכע שטייגן איין אין אונדזער צוג, כדי זיך א ריר צו טאָן אין וועג אַריין און וועלן זיך אָפּטראָגן אויף דער נאָענטסטער סטאַציע.

אָבער דער פּונקט „מאָלער" איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט: „דאָ — האָב איך געמאָלדן — גיי איך נישט איין ואויף קיין שום קאָמפּראָמיס".

אַ מאָלער מוזן מיר האָבן אַ פּולווערטיקן, אויב מען זאָל האַרפן אים ברענגען פון וואַרשע, פון מאָסקווע, פון עק וועלט... האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַ מאָלער איז דאָ אויפן אָרט —

מ י כ אַ י ל י אָ!

בעת מיר האָבן אָנגעקניפּט אונדזערע באַציונגען ווין ריגע, איז ער געווען א מענטש פון אַ יאָר לערך 25. מיר האָט פון ערשטן שמועס אימ־פּאָנירט זיין לוסטיקער שמייכל איבער דעם, וואָס ער האָט דערהערט ביישט־אַלטעגלעכעס, אומדערוואַרטעס. ער האָט געהערט צו דער ראסע „עזות־פּנימער", און דרייסטע כוונות אין טעאַטער זענען פאַר אים געווען אַ וואַריאַנט פון עזותדיקייט. מיר האָבן זיך דערפילט ווי נאָענטע גייסטער, און ער האָט באַקומען אַ פאָרשלאַג צו מאַכן סקיצן צום „דובוס".

איך קאָן נישט זאָגן, אַז זיינע סקיצן האָבן מיך איבערצייגט, אָבער איך האָב זיי אָנגענומען.

דער צוזאַמענשטעל פון טעכנישן אַפּאַראַט מיטן מאָלער מיכאַיל יאָ בראש האָט געבראַכט דערצו, אַז דער ספּעקטאַקל פון דערעפענען דעם סעזאָן האָט זיך געענדיקט... ה אַ ל ב פ י ר פ אַ ר ט אָ ג.

(אויב נישט האַלב פ י ר, נאָר האַלב צ וו יי, איז עס אויך אַ קאַטאַסטראָפע, ווייל דער עולם וויל פון טעאַטער אַרויסגיין האַלב צ וו ע ל ף... קאָן אין יידישן טעאַטער זיצן ביז האַלב א יי נ ס. אַרויס־גייענדיק פון דער פּרעמיערע האַלב צ וו יי, וועט ער אין טעאַטער מער נישט אַריינשמעקן. אָבער איך געדענק, אַז מיר זענען פון טעאַטער יענע נאַכט אַרויס — האַלב פיר!).

דער אָנהייב איז בזה האופן שוין געווען אַן אָנהייב פון — ס ו ף.

אָבער מיר האָבן געלעבט ביזן נאַטירלעכן סוף פון ווינטער־סעזאָן. געלעבט באמת מיט „אותות ומופתים".

* *
*

נאָכן ענין „בנין און ענין „אַפּאַראַט" איז געקומען דער ענין: „עולם". און דאָ מוז מען אָנהייבן פון די „אויבערשטע פון שטייסל", פון דער נאָענטסטער סביבה —

דער טעאַטער־קאָמיטעט!

די פאַרביקסטע פיגור פון דעם קאָמיטעט איז געווען — ל אַ צ ק י־ ב ע ר ט אָ ל ד י, דער אַמאָליקער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין אוקראינע.

לאַצקי בערטאָלדי איז געווען אַ טיפּישער „כלל=טוער“ לויט זיין פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער חוט השדרה. דאָס הייסט, אַז ער האָט קיין שום „חוט השדרה“ נישט געהאַט. דאָס, פאַרוואָס ער האָט היינט „געבראָכן שפּיזן“, געקערט וועלטן, האָט ער מאָרגן געקאָנט נישט וועלן קענען און וויסן. אָבער אַ מענטש מיט גרויסער ערודיציע, מיט א סך וויסן, אַן ע ס ט ע ט אין ברייטסטן זין פון וואָרט, אַ גלענצנדיקער זשורנאַליסט, אַ דערפּאָלגרייכער רעדנער —

האָט ער געקאָנט פאַרשרייבן אַ קאַפּיטל געשיכטע אויף די קולטורעטאַפּן פון יענע יאָרן.

אין ריגע איז לאַצקי געווען דער אָנגעזעענסטער און איינפלוסרייכסטער מיטגליד פון טעאַטער=קאָמיטעט, און איך האָב אין אים געפונען אַן איבערגעגעבענעם פריינד פון אונדזער אינסטיטוציע און טיפּע פאַרשטענדעניש, פולשטענדיקן צוטרוי און אַבסאָלוטן אָנלען פאַר מיר אין יעדן פאַל, ווען מיר איז אויסגעקומען צו „קעמפן“ מיט די מדות טובות פון איינצלנע „כלל=טוערישע“ מיטגלידער און קאָמיטעט: אַזעלכע האָבן נישט געפעלט!

דער צווייטער „זייל“ אין קאָמיטעט איז געווען דאָקטאָר ה ע ל מ אַ ן, וועלכער האָט געהערט צו די „פּועלי ציון“. ער איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד פון יידיש, אַ מענטש מיט אַ פלאַמענדיק האַרץ און טעמפּעראַמענט. מיר האָבן זיך באַפריינדעט און איינער אין צווייטן פאַרליבט. אונדזער טעאַטער איז געוואָרן איינער פון זיינע לעבנס=אינטערעסן.

יצחק בערז איז געווען — וויצע=פּאָרזיצער. אַ מיטגליד פון „בונד“, דעמלט דער דירעקטאָר פון דער יידישער מיטלשול. אַן א יי ד ע ל ע ר מענטש אין שענסטן און פולסטן זין פון וואָרט, איז בערז געוואָרן פאַר מיר אַ פריינד, חבר און „מ ע צ ע נ אַ ט“, אָן וועלכן דורכלעבן אַ טאָג האָב איך דעמלט נישט געקאָנט.

נאָך אַ מיטגליד פון קאָמיטעט איז אויך געווען אַנ=סקים אַ נאָענטער חבר פון די קינדער= און יוגנט=יאָרן און איינער פון זיינע צוואה=פאַרוואַלטער — ש מ ו א ל ה ו ר ו ו י ט ש. ער איז אין מיינע אויגן געוואָרן דאָס ג ע ו ו י ס ן פ ו ן ק אָ מ י ט ע ט.

אינערגעץ און קיינמאָל האָב איך נישט געהאַט אַזאַ אומגעבונג, מיט איבערגעגעבנקייט און האַרציקייט צום טעאַטער און זיינע שעפער, ווי מיר קאָנען עס פאַרצייכענען אין ריגע אין ערשטן סעזאָן פון „מ י נ אָ ר י ט ע ט ן ט ע אַ ט ע ר“ — 1926/27.

נאָך דער ערשטער פּראָבע האָט לאַצקי בײַ זיך פֿאַרזאַמלט די טרופּע. די ליבע באַלעבאָסטע האָט מיט ברייטער גאַסטפֿרײַנדשאַפֿט אויפֿגענומען די פֿון אויסלאַנד געקומענע געסט און די פֿאָרשטייער פֿון דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ.

מען האָט פֿאַרבראַכט ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, מען איז געווען צעפֿלאַמט און באַפֿליגלט, געשוועבט אין הרים וגבעות פֿון דרייסטע כּוונות און פֿאַרמעסטונגען.

מיר איז אויפֿן גאַנצן לעבן פֿאַרבליבן לאַצקיס צעשטראַלט פּנים ביים אָפּשייד. האַלטנדיק מײַן האַנט אין זײַנע בײדע און דריקנדיק און טרייסלענדיק, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אויב מיר װעלן פֿון דער בינע באַקומען אַ צענטחלק פֿון דעם, וואָס מיר האָבן הײַנט געהערט אונטער דעם סופֿיט, זאָג איך מיט זיי בערקייט:

„מ י ר ה אָ ב ן אַ ט ע אַ ט ע ר!“

# דריטער קאַפּיטל

## חילול שבת

אַ 3—4 טעג פֿאַרן אָנהויב פֿון סעזאָן האָבן מיר נאָך נישט געהאַט די קאָסטיומען, רעקוויזיטן און אַ טייל פֿון דער אויסשטאַטונג. דער לע־טישער צאָל־אַמט האָט עס אָנגענומען פֿאַר סחורות און באַלייגט מיט אַ גרויסן שטייער. די טעג זענען געלאָפֿן, די פּלאַקאַטן — געהאָנגען, בי־לעטן — אויספֿאַרקויפֿט, און שפּילן — קאָנען מיר נישט.

אַ דריי טעג פֿאַר דער פּרעמיערע זאָגט צו מיר דאָקטאָר העלמאַן:

— ראַטעווען די סיטואַציע קאָן נאָר איין מענטש: דער דעפּוטאַט דובין. זיין וויזיט ביים מיניסטער וואָלט אַלץ דערלייִדיקט! אָבער... ווער זאָל גיין צו דובינען? זיין פֿראַקציע („אגודהניקעס") האָט אין סיים גע־שטימט קעגן דער סובסידיע פֿאַרן טעאַטער. קיינער פֿון דער יידישער אינ־טעליגענץ באַגריסט זיי נישט. דובין וועט קיינעם נישט אויפֿנעמען.

— טאָ צו וואָס רעדט איר וועגן אים?

— מיר איז איינגעפֿאַלן, אַז אייער וויזיט קאָן אויף אים ווירקן. וועגן אייך האָט ער נישט נאָר געהערט, נאָר זאָגאַר אַ זאָג געטאָן דעם דעפּו־טאַט פֿון „מזרחי" הרב דר. נוראָק: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בריה, אָט־דער אַקטיאָר, וואָס שטייט בראש פֿון דער עבודה־זרה? מען זאָגט אַ יידישער מענטש. פֿאַרוואָס קומט ער נישט שבת צום דאַווענען?

(הרב נוראָק איז געזעסן פֿון אָנהויב ביזן סוף אויף עטלעכע פּראָבן, מיר האָבן זיך באַקענט און אויף מיר האָט געמאַכט אַן איינדרוק זיין ממש יראת־הכבודיקע באַציונג צו דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט בעת אונדזער אַרבעט אויף דער בינע...)

איך האָב זיך באַשלאָסן גיין צו דובינען.

פֿאַר זיין טיר אין פּאַדערצימער זענען געזעסן אַ מאַן צען. איך האָב אָנגערופֿן דעם סעקרעטאַר מיין נאָמען און נישט טראַכטנדיק אַ קוק גע־

טאָן אויפֿן האַנטזייגער, ווייל ביז אָנהויב פֿון דער פּראָבע איז געבליבן
אַ קאַרגע שעה־צייט.

אין צוויי מינוט אַרום בין איך פֿאַרבעטן געוואָרן אין קאַבינעט.

ער איז געזעסן ביים שרייבטיש מיטן פּנים צו דער טיר און עפּעס געשריבן. דעם קאָפּ נישט אויפֿגעהויבן. מיין פֿרייד, וואָס איך בין תיכף געוואָרן אויפֿגענומען, האָט זיך פֿאַרכמאַרעט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אין אַ מינוט אַרום וועל איך פֿאַרלאָזן דעם קאַבינעט.

— וואָס וועט איר זאָגן? — הער איך, און זיין קאָפּ איז אַליין אַראָפּגעלאָזט.

— גוט מאָרגן!

ער האָט זיך האַסטיק אויפֿגעהויבן און איבערן טיש אויסגעשטרעקט די האַנט.

— שלום אַ יידן אַן אורח! וואָס שטייט איר עפּעס? וואָס זעצט איר אייך נישט צו?

— אומגעבעטענערהייט האָב איך נישט דעם הרגל זיך צו זעצן אין אַ פֿרעמדער שטוב.

ער האָט בפֿועל ממש אָפּגעמאָסטן און אָפּגעוווינן יעדער אות און יעדער גאָטע פֿון אויסגעהערטן זאַץ: דאָס האָב איך איבערגעלייענט אין זיין לייכטצוגעזשמורעטן בליק.

— אַ ווילנער ייד, וואָס קען, משמעות, דעם שולחן ערוך און האַלט פֿון דרך ארץ.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און מיר אָנגעוויזן אויפֿן פֿאָטעל אַנטקעגן אים.

— וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר?

איך האָב קורץ און גענוי דערקלערט דעם ענין מיטן שטייער און אונדזער קריטישע סיטואַציע.

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן, קוקנדיק אָן אַ זייט.

— איך וועל נישט רעדן וועגן דעם, וואָס איז אייך אָן ספק באַוווּסט. מיין פֿראַקציע אין סיים האָט זיך מיט אַלע כוחות אַנטקעגנגעשטעלט דער אַנטשטייונג פֿון יידישן טעאַטער. איך בין געווען דער רעפֿערענט אין דעם פּונקט. איר ווייסט, אַז טעאַטער איז פֿאַר יעדן יידן, וואָס איז אַ מאמין — אמתע עבודה זרה. דעם רוף: „אל תלכו בבתי תיאטרון!“ האָט נאָך קיינער נישט אָפּגעשאַפֿט...

און פּלוצלונג קומט דובין פון דער „אגודה" זיך משתדל זיין אין אַ טעאַטער־ענין און נאָך קעגן די אינטערעסן פון לעטישן צאָל־אַמט? ווי זאָל איך עס דערקלערן? וואָס האָט אויף מיר געווירקט? עס איז דאָך ווי אַ כשוף, רחמנא לצלן! ער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

איך האָב געהאַלטן, אַז דער ענין איז פּאָזיטיוו דערלײדיקט און געשוויגן.

— איז וואָס זשע וועט איר זאָגן? ווי אַזוי וואָלט איר אויף מיין אָרט געהאַנדלט? לאָמיר הערן וואָס אַ קליגערער קאָפּ וועט דאָ צוטראַכטן!

דאָס האָט געקלונגען איראָניש, אָבער איך האָב נישט באַוויזן קיין סימן, אַז מיך האָט עס געטראָפן.

— הער דובין! צו אַ יידישן דעפּוטאַט קומט אַ פאָרשטייער פון אַ קאָלעקטיוו, וואָס ציילט 40 יידן, און דערקלערט, אַז צוליב אַ פאַר־אָרדענונג, וואָס האָט נישט קיין שום גרונט אין געזעץ — ווייל יעדער מענטש ווייסט, אַז אויף דער גרענעץ ליגן נישט קיין סחורות, נאָר — לאָמיר עס אָנרופן: „אַרבעטס־מכשירים", וועלכע אונטערליגן נישט קיין שום צאָל־שטייער — זענען 40 משפחות אויסגעשטעלט אויף אַ וואָך צו בלייבן אָן פּרנסה.

אויב אין דעם ענין בין איך געקומען לויט אַ פאַלשן אַדרעס, זאָגט עס מיר פּשוט, וועל איך גיין זוכן אַן אַנדער אַדרעס.

— קומט צום מיניסטער! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט באַ־שלאָסנקייט, זיך אויפגעהויבן פון זיין פאָטעל און געלאָזט צו דער טיר.

איך בין אויך אויפגעשטאַנען, אָבער — אומבאַשלאָסן און איבער־ראַשט פון דער אומגעריכטער ווענדונג, וואָס מיין ענין האָט אָנגענומען.

— נו! וואָס וואַקלט איר זיך? קומט! האָט קיין מורא נישט!

— הער דובין! איך קען נישט קיין וואָרט לעטיש!

— נישקשה! ער איז נישט חולה צו רעדן מיט אייך רוסיש!

מיר זענען אַרויס אין קאָרידאָר. ער איז האַסטיק געגאַנגען פאָרויס. מיטאַמאָל דרייט ער זיך אויס צו מיר און זאָגט מיט ערנסטקייט און ביטול:

— „מיניסטער"! מישטיינס געזאָגט: „מיניסטער". איר מיינט אוודאי, מיר גייען צו וויטטען? צו קאקאווצעוון?

מיר זענען אַריין אין קאַבינעט. דובין האָט מיך פאָרגעשטעלט אויף לעטיש. דער מיניסטער האָט מיר העפלעך פאָרגעלייגט זיך זעצן. אָבער

דובין האָט שטייענדיק אים רעפערירט דעם ענין. יענער האָט אָנגעשריבן צוויי שורות און דערלאַנגט דובינען. איך האָב געשיינט, פּעסט גערדיקט דעם מיניסטערס האַנט און געבעטן קומען צו דער פּרעמיערע.

— שבת? — העד איך — בין איך שוין ערגעץ אַנדערש דעם אָוונט פאַרנומען. אָבער אַ צווייטן טאָג — מיט פאַרגעניגן.

ווען מיר זענען אַרויס אין קאָרידאָר און איך האָב דובינען געדריקט די האַנט, זאָגט ער צו מיר:

— איך בין שטענדיק גרייט צו דערפילן אייער יעדע בקשה. קומט צו מיר אומגעשטערט. אָבער בעט מיר נאָר נישט קומען אין טיאַטער. די בקשה וועל איך נישט דערפילן. און איר קומט שבת איה״ש צום דאַווענען. איר׳ט קריגן מפטיר!

— די בקשה וועל איך נישט דערפילן, העד דובין!

אין אָוונט דעם זעלביקן טאָג האָבן מיר דעם באַגאַזש געהאַט אין טעאַטער. דאָס איז געווען מיטוואָך. פרייטיק אָוונט פאָר איך אויף אַ דאָראָזשקע דורך דער הויפּטגאַס און זע: אויפן טראָטואַר גייט דובין אין בגדי שבת. איך האָב, זיצנדיק אויף דער דאָראָזשקע, אַראָפּגענומען מיין הוט אים צו באַגריסן און, נישט טראַכטנדיק, אויסגערופן פייערלעך און פריינדלעך:

— ג ו ט ש ב ת, העד דובין!

פ ר יי ט י ק נ אָ ך מ ע ר י ב! אַ חילול שבת בפרהסיא!

עס האָט אויסגעזען ווי אַן „אַנטירעליגיעזע דעמאָנסטראַציע“! נאָר ווען איך האָב זיך געכאַפּט, איז שוין געווען ש פּ ע ט צו פאַרגלעטן די טאַקטלאָזיקייט.

דער עפּיזאָד האָט לאַנג געפּייניקט מיין געוויסן.

# פערטער קאַפּיטל

## געשעדיקט — געהיילט

אונדזער טעאַטער האָט געלאָזט וואַרצלען. איך האָב געלעבט אין דער איבערצייגונג, אַז איך האָב געפונען אַ תיקון סיי פערזענלעך, סיי פּראָפעסיאָנעל. ווי האָס לעבן, נאָך שווערע נסיונות און אויפטרייסלונגען, ענלעך צו אַ צעשפּאָלטענער שיף אויף צעבושעוועטע כוואַליעס, זאָל זיך האָבן אַרויסבאַקומען פון אַלע שטורעמס צו אַ גרינעם ברעג.

אין אַזאַ מצב ציילט מען נישט דאָס, וואָס דער שטורעם האָט פאַרצערט, נאָר מען סטאַרעט זיך וואָס גיכער און וואָס בעסער צו אָרגאַנזירן דעם קיום פון דעם, וואָס איז פאַרבליבן גאַנץ.

געקאָנט „לעבן און לאָזן לעבן אַנדערע"?

אַזוי האָט עס אין אָנהייב יאָר 1927 אויסגעזען!

אָבער... עס איז געווען דער עלטער, ווען „אַ מענטש הייבט אָן קריגן פּעטש!" אַ וואָך אָדער צוויי פאַרן אָנהייב פון סעזאָן בין איך געווען איינגעלאַדן קיין עסטלאַנד (טאַלין) אויף אַן אָוונט. אין ערשטן טייל — רעפעראַט וועגן טעאַטער און אין צווייטן — פאָרלייענען פון דער יידישער פּאָעזיע.

אין טאַלין האָט מיך גאַסטפריינדלעך אויפגענומען די פאַמיליע האַלבריי ד, ביי וועלכער איך האָב, שיינט מיר, אויך געוווינט. בייטאָג האָט מיך יעקב האַלברייך געפירט אין אַ שליטן איבער דער שטאָט, באַווייזנדיק די געגנט און די מערקווירדיקע אַלטערטימלעכע בנינים, וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק, ווייל איך האָב דעם צפון נאָך נישט געהאַט געזען. ביים בנין פון מלוכה־טעאַטער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעשטיגן פון שליטן און דעם בנין באַקוקט פון אַלע זייטן. איינשטייגנדיק אין שליטן צוריק, האָב איך אַ זאָג געטאָן האַלבשפּאַסנדיק:

— איך וואָלט אָפּגעגעבן אַ פינגער פון מיין רעכטער האַנט פאַר דער מעגלעכקייט אויף אָט דער בינע אָפּצושפּילן „דעם דוכוס“.

און — „פון מיין מויל אין גאָטס אויערן“!

נאָך די גאַסטראָלן איבער לעטלאַנד — ליבאַווע, מיטאַווע — האָבן מיר זיך (משמעות, סוף יאַנואַר) געלאָזן אויף גאַסטשפּילן קיין ע ס ט ל אַ נ ד און אָנגעהויבן אונדזער טורנע מיטן „ד ו כ ו ס“.

די פאָרשטעלונג איז געגאַנגען ביי אַ פולגעפּאַקטן זאַל. דער עולם האָט אויפגענומען דעם ערשטן אַקט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. מיך ביים אויפטריט אין צווייטן אַקט — ווי אַן „אַלטן באַקאַנטן“ (אַ טייל איז געווען אויף מיין רעפעראַט און וואָרט־קאָנצערט). דער אַקט איז געגאַנגען ביי כסדרדיקע אויסברוכן פון התפעלות; נאָך דער שאַך־סצענע צווישן „דוכוס“ און „מאָשעקן“, וועלכן עס האָט גלענצנדיק געשפּילט יולין, האָט דער עולם געדונערט לאַנגע מינוטן — כאָטש געם און... „ביסיר“ (אַזאַ פאַל קען די געשיכטע פון טעאַטער! אין מאָסקווער „מ אַ ל י ט ע אַ ט ע ר“ האָט דער באַרימטער ריבאַקאָוו שפּילנדיק דעם צווייטן אַקט פון אָסטראָווסקים „אַ וואַלד“—ווו „ניעסטשאַסטליווצעוו“ איז געווען זיין „קרוין־ראָל“ — מיט שומסקען — „אַרקאַשקאַ“, געמוזט לויט דער פאָדערונג פון עולם איבערחזרן דעם גאַנצן אַקט).

ביים שלום פון אַקט לויפט אַריין דער „ליץ“ (שבתאי בליאַכער, זכרונו לברכה. אומגעקומען אין ווילנער געטאָ פון די רוצחישע הענט) מיטן פאַרבלוטיקטן קרומען שווערד און שרייט אויס: „דער יונגער דוכוס מיטן שווערד, מיטן טערקישן יאַטאַגאַן!!“ — ער האָט זיך אומגעבראַכט? — רופט אויס דער אַלטער מיט ווילדע אויגן — „ניין! ערגער, האַרעלע ליבינקער: ער האָט זיך געיידישט!“

דער אַלטער כאַפּט אָן דעם ליץ פאַר דער ברוסט און שליידערט אים אַריבער פאַרביי זיך פון דער רעכטער זייט בינע אויף דער לינקער.

אויף דער פאָדלאָגע זענען צעוואָרפן שאַך־פיגורן, און, אַריבערשלייַדערנדיק דעם ליץ, בין איך מיטן פוס אַרויפגעטראָטן אויף אַ פיגורל, זיך אויסגעגליטשט און אומגעפאַלן אין דער גאַנצער גרייס אויף דער בינע. דאָ פאַלט דער פאָרהאַנג: דער אַקט איז פאַרענדיקט. דער עולם דונערט, אָבער דער פאָרהאַנג האָט זיך נישט אויפגעהויבן. פאַרן עולם האָט זיך באַוויזן קלאַראַ סעגאַלאָוויטש און אויף רוסיש געפרעגט, צי איז אין עולם נישט פאַראַן קיין כ י ר ו ר ג?

אַ טייל פון די צושויער האָבן אָנגענומען, אַז דאָס איז אַלץ לויטן גאַנג פון דער אַקציע, און די ע כ ט ק יי ט פון דער שוישפּילעריגס „שפּיל“ האָט אַרויסגערופן אַ גייעם אויסברוך פון בראַוואָ־פּאַטשערײַ... דערווייל האָט מען מיך אַוועקגעלייגט אויפן טאַפּטשאַן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער בינע. עס האָבן זיך תיכף געמאָלדן עטלעכע דאָקטוירים. אַ כירורג האָט געזאָגט, אַז אין לינקן קני איז צעריסן אַ פּאָדעם און עס איז פֿאָרגעקומען אַ בלוט־אויסגוס. קיין סכנה איז עס נישט, אָבער קיין שום מינדסטע באַוועגונג זאָל איך נישט מאַכן. אויף אָט־דעם טאַפּטשאַן זאָל מען מיך אַוועקטראָגן אַהין, וווּ איך וועל ליגן ביז... איך וועל אויפשטיין.

(איך האָב, ווי דער לייענער ווייסט, געהאַט געזאָגט, אַז איך בין גרייט אָפּגעבן אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט, און דאָ — גאָר די קני פון דעם לינקן פוס! היתכן, רבונו של עולם!).

ווו איך וועל ליגן און ווי לאַנג איז אויך אַ האַרבע שאלה, אָבער יעקב האַלברייך האָט זי אויפן אָרט געלעזט: „ביי אונדז, פריינד מאָרעווסקי! די־אָ פראַגע איז גאָר קיין פראַגע נישט!

אָבער דאָס וואָרט האָט אומגעבעטענערהייט גענומען קאַרפּינאָוויטש.

— מיר זענען 40 פאַרשוין אין דער פרעמד! אַז די פאָרשטעלונג ווערט אָפּגערופן נאָכן צווייטן אַקט, מוז די אייננאַמע אומגעקערט ווערן דעם עולם! מיט וועלכע מיטלען וועלן מיר זיך אומקערן קיין ריגע?

לייגט ער פאָר, אַז מען זאָל אָפּשפּילן דעם דריטן אַקט. דער אַלטער דוכוס האָט אין דריטן אַקט צוויי פראַזן...

מען האָט מיך צוגעטראָגן צו דער קוליסע אויף די הענט. איך האָב געהאַט בדעה, זיך אָנשפּאַרנדיק אויף אַ שטעקן, מאַכן איין שריט ביי דער טיר, זאָגן די צוויי פראַזן און.. זיך אַוועקלייגן.

אין דער שטעקן, וואָס מען האָט מיר דערלאַנגט זיך אָנצושפּאַרן אויף דעם „איינציקן טראָט“ ביי דער טיר, געווען פון... באַמבוק. איך האָב, אַרויסשטעלנדיק דעם געזונטן פוס אויף דער בינע, זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם שטעקן און דער שטעקן האָט זיך איינגעבויגן. מיין פוס מיטן געפּלאַצטן פאָדעם אין קני האָט ביי אַ מוראדיקן ווייטיק אַזוי ווי אַ שפּרונג געטאָן. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין דער דעקאָראַציע. האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ הענגענדיקע לייוונט. איך האָב זיך אַ וואַקל געטאָן מיטן גאַנצן גוף און זיך באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס...

ליגנדיק אויפן טאַפּטשאַן, האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז מיר איז

„גאָרנישט געשען" און פאַרבאָטן אָפּצורופן די פאָרשטעלונג נאָכן 3 אַקט און איך האָב אָפּגעשפּילט מיין סצענע אין פערטן.

אויף מאָרגן איז געווען אַנאָנסירט „דער דיבוק". אַלע בילעטן זענען געווען אויספאַרקויפט. היות דער „צדיק" מוז נישט אַרומגיין, האָב איך באַשלאָסן שפּילן אין דער פאָרשטעלונג.

אין דער פרי איז די קני געווען געשוואָלן ווי אַ קישן. איך האָב געלאָזט אויספּאָמפּען דעם אייטער, געשריען דערביי ווי אַ באַנומענער, דריי מאָל איבערגעריסן די אָפּעראַציע, אָבער זי דערפירט ביזן סוף און — געשפּילט. און נאָך געשפּילט אַ דריטן ספּעקטאַקל — אין טאַרטו — דעם „דיבוק"...

אָבער די שאָטנס און געפּלאַצטע פעדעם זענען אַרויסגעשווומען דאָ, ווו איך האָב זיי אַמווייניקסטן דערוואַרט, הגם — ווי איך האָב שפּעטער פאַרשטאַנען — געדאַרפט דערוואַרטן.

*   *

*

מיין פאַמיליען-לעבן פאַר די אַלע חדשים אין ריגע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אילוסטראַציע פון דעם, וואָס 9 פון 10 בירגערלעכע פאַמיליעס זענען. עס האָט אויסגעזען גלאַטיק, עס איז געווען גוט לאַקירט, עס האָט פאַרמאָגט לויבנסווערטע מאָמענטן: „אויף לייטן געזאָגט!", נאָר אַליין אַזוי לאַנג ווי דער וואָגן האָט זיך געטראָגן אויף אַספאַלט, קיין בערגעלעד און גריבער, אָבער, האָבן די רעדער פון אונדזער לאַקירטן וווילטיק נישט אויסגעהאַלטן.

אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ איז געווען אַ מוסטער פון אַ גרויסשטעטישער „דאַמע" — מיט רייץ און גלאַנץ, וועלכע האָבן ווייט איבערגעשטיגן דעם דורכשניט. אין ריגע האָט זי מיט ווירדע און טאַקט רעפּרעזענטירט אין אונדזערע קרייזן דעם קינסטלערישן לייטער פון טעאַטער. אין דאָרפּאַט ביי די געסן (ווו זי האָט, ווי ס'איז דערציילט געוואָרן בשעתו, פאַרבראַכט 8 יאָר) האָט זי געקוועלט און געשיינט ווי אַן אמתע „מיניסטערשע"... איך קאָן אַבסאָלוט נישט זאָגן, ווי אַזוי זי האָט רעאַגירט אויפן שווערן אומגליק מיט מיר אויף דער בינע, אויף דער סכנה פון שווערע קאָמפּליקאַציעס, ווו זי איז געווען בעת יענע קריטישע שעהן? טעג?

איך געדענק זי נישט נעבן מיר!

גאָר ביי יולי גענס, ווו מיר האָבן דעמלט געוווינט, געדענק איך, ווי זי האָט אַרומגעטאַנצט פון איין צימער אין אַנדערן, לוסטיק געלאַכט, באַווייזנדיק אירע פערלדיקע ציינער, געווען אַ מין „פערזאָניפיקאַציע“ פון אונדזער דערפאָלג.

איך האָב קיין ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו מיר נישט געפאָדערט, נישט דערוואַרט... נישט געווען, משמעות, צו דעם געוווינט.

אָבער מיטאַמאָל האָט מיך אויפגערעגט אַ קליינער עפּיזאָד. אַרומלויפנדיק האַסטיק איבער די צימערן, איז זי אַריינגעפאַלן צו מיר, עפּעס דערציילנדיק און לאַכנדיק און אומגעריכט זיך אַ זעץ געטאָן נעבן מיר. מיר איז גאָרנישט געשען, אָבער די אומגעריכטקייט האָט מיך דערשראָקן און איידער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די קני האָט זי נישט אָנגערירט, האָב איך אַ געשריי געטאָן, אַז זי איז נישט אויף קיין טאַנץ-אָוונט און האָט געמעגט געדענקען, אַז דאָ ליגט אַ פאַרוווּנדעטער.

אויף דעם האָב איך דערהערט אַ רואיקע, קאַלטע און קאָרעקטע מעלדונג, אַז „אַ געזונטער מענטש קאָן נישט שטענדיק טראַכטן וועגן די ווונדן פון אַ צווייטן“.

קיין שום נייעם שטריך אין בילד פון אונדזער צוזאַמענלעבן האָט דער אינצידענט נישט אַריינגעבראַכט און איך וואָלט אים דאָ נישט געבראַכט, אָבער אַז מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין ריגע און דער סעזאָן האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זיך, איז קראַנק געוואָרן די טאַנטע אידאַ, און דאָקטוירים האָבן זי געהייסן פאָרן קיין בערלין. אַ נ נ אַ  ה אָ ט  ז י ך  ג ע מ אָ ל ד ן  ז י  צ ו  ב אַ ג ל יי ט ן!

איך בין פון טאַרטו אָן אַרומגעגאַנגען מיט אַ קאָמפּרעס פון גיפּס אויף דער קני, געשפּילט  ה י נ ק ע נ ד י ק... אַזוי איז דורך מיין בענעפיס אין ריגע, אַזוי זיך געזעגנט מיטן עולם —

זי האָט מיך אין דעם צושטאַנד איבערגעלאָזט און איז אַוועקגעפאָרן קיין בערלין.

ווייטער האָבן זיך די  פ אַ ק ט ן  אָנגעהויבן אַנטוויקלען קאָנסעקווענט לויט די כללים פון לאָגיק.

אין ריגע איז געווען אַ כירורג, דאָקטאָר פרידמאַן, אַ פרוי, זייער אַ טיכטיקער אַרצט, אַ פריינד פון אונדזער טעאַטער און מיינע, מסתמא, אַ „סימפּאַטיקערין“. די אַלע וואָכן האָט זי מיך קורירט און ביים געזעגענען מיר געזאָגט, אַז מיין פוס פאָדערט נאָך לאַנגע וואָכן באַהאַנדלונג, און

זי וואָלט מיר ראַטן אַריינפאָרן קיין ווין צום באַרימטן דאָקטאָר שוסטער. זי האָט מיר געגעבן צו אים אַ בריוו.

אין ווין, ווי דער לייענער ווייסט, איז געווען מאַניע.

אַוועקפאָרנדיק פון ריגע מיטן בריוו צום ווינער ספּעציאַליסט, האָב איך נישט געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווין. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע, און דער באַוווסטער מאַסאַזשיסט ש ו ק י אַ ן האָט באַשלאָסן, אַז מיין קני דאַרף מען מאַכן מאַסאַזש. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר וואָכן. די וויימיקן זענען געוואָקסן, דעם גיפּס האָט מען אַראָפּגענומען.

אין אַ העלן פרימאָרגן מעלדעט זיך מזאה מיט אַ פאָרשלאַג און א ו י פ פ אָ ד ע ר ו נ ג, אַז איך זאָל אַריינטרעטן צוריק אין דער „ווילנער טרופּע". זיי זענען אין רומעניע, און מיר שטייט פאָר צו שרייבן אַ „נ יי ע ס פ ר ת ו ר ה", אויב איך וועל א י צ ט פאָרן און שטעלן זיך בראש פון דער „טרופּע".

איך האָב אים דערלאַנגט די האַנט: מ ס כ י ם!

די טרופּע איז געווען אין טשערנאָוויץ, און איך האָב אַוועקגעשיקט אַהין מיין גרויסן באַגאַזש. איצט, האָב איך באַשלאָסן, איז צו דער האַנט זיך אַראָפּכאַפּן קיין ווין אויף אַ צוויי-דריי טעג. אין געאָגראַפיע בין איך גאָר אַ קנאַפּער מומחה. אָבער, היות טשערנאָוויץ איז דאָך אַמאָל געווען „עסטרייך", איז ווין „בלי ספק" אונטערוועגס אָדער אַ קליינער אומוועג.

איך האָב זיך געזעגנט מיט מזאהן אויף קורצע טעג און בין אַוועקגעפאָרן קיין ווין.

מאַניע האָט געוווינט אַלס סובלאָקאַטאָרין ביי אַן אַלטער פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ געשעפט. איך בין פאָרגעשטעלט געוואָרן אַלס אַן אָנקל, וואָס איז געקומען אויף אַ קורצן באַזוך (די דאַמע האָט געקאָנט האָבן געזען מיינע פילמען, וועלכע זענען יענע יאָרן געווען פּאָפּולער), איך בין אויפגענומען געוואָרן גאַסט-פריינדלעך, מיט ווינער ליבנסווירדיקייט.

איך האָב מיך אָפּגערוט פון וועג און אויף מאָרגן גאַנץ פרי זענען מיר אַוועק צום דאָקטאָר שוסטער.

— זי האָבן גליקליך געשפּילט, הער! מאָרגן וועט עס שוין שפּעט: די גאַנגרענע איז פּאַסט אַן דער שוועלע.

וועגן פאָרן קיין טשערנאָוויץ פריער ווי אין צוויי וואָכן אַרום איז קיין רייד נישט. רעדן דאַרף מען וועגן ר אַ ט ע וו ע ן ד ע ם פ ו ס!

טעגלעך הייסע בעדער! אַבסאָלוטע רו!

איך האָב נישט געהאַט קיין מיטלען דורכצולעבן אַ וואָך.

איך האָב טעלעגראַפירט קיין בערלין. דער ענטפער איז געווען אַ קורצער און קלאָרער: „דו האָסט באַשטימט אַ בעסערע פלעגערין, ווי איך!“

איך בין געווען פאַרצווייפלט. מאַניע האָט מיך געטרייסט.

— נישט אַזוי טראַגיש! מיר קאָנען דאָ אין דער וווינונג מאַכן הייסע בעדער. די ווירטין איז ביז אָוונט נישטאָ.

מיר האָבן אָנגעהויבן דעם קור־פּעריאָד. די באַלעבאָסטע האָט זיך פאַרוווּנדערט, זעענדיק, אַז דער גאַסט האָט זיך פאַרזעסן, אָבער זי האָט גאָרנישט געזאָגט. מיר האָבן באַוויזן צו מאַכן, מסתמא, אַ 7, 8 בעדער... מיטאַמאָל, ווען איך בין געזעסן אין דער הייסער וואַנע, האָט זיך געמאָלדן אונדזער ליבגעווירדיקע ווינערין, און אין אַ שעה אַרום זענען מיר געשטאַנען אויף דער גאַס: אַזאַ אומגעהערטע אומאָנשטענדיקייט האָט די דאַמע „ניכט איינע שטונדע לענגער דולדן וואָלן“.

מיר זענען געבליבן בוכשטעבלעך אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ! די גאַנגרענע דראָט נישט מער. די קני איז כמעט אויסגעהיילט, אָבער קיין טשערגאָווין פאָר איך נישט: איך וועל דאָך נישט איבערלאָזן אויף דער גאַס מיין אויסלייזערין אייניקע אַליין!

אויף עטלעכע טעג האָט אונדז אַריינגענומען צו זיך דער שרייבער משה ליפשיץ: איך האָב דערקענט דעם טעם פון פריינדשאַפט אין נויט...

דעם ערשטן מאַי האָבן מיר זיך באַזעצט אין אונדזער ערשטן צימער.

די קאָנסעקווענצן פון אָט דעם שריט האָבן שוין נישט געקאָנט זיין קיין אַנדערע ווי די, וועלכע זענען געווען.



דוד הערמאַן

## פינפטער קאַפּיטל
### נאָכווייענישן

פון ווין קיין וואַרשע זענען מיר געקומען, מסתמא, אין מיטן יוני (1927) און איינגיכן אַוועק קיין טרוסקאַוויעץ, ווי די „ווילנער טרופּע" איז נאָך די פאָרשטעלונגען אין רומעניע געקומען זיך גרייטן צום ווינטער־סעזאָן אין לעמבערג, און איך בין אַריינגעטראָטן אין דער טרופּע. אָבער פון מזאהם אָנגעמערקטע כוונות און פּלענער, וואָס ער האָט מיט 2 חדשים צוריק פאַר מיר אַזוי קלאָר און האַפּערדיק אַנטוויקלט אין ווילנע, רופנ־דיק מיך קיין רומעניע, איז איצט נישט פאַרבליבן קיין זכר. דער נאָענט־סטער פּונקט אין דער אַרבעט איז געווען יעקב פּרעגערס „דער נסיון" אין דוד הערמאַנס רעזשי. מיר איז פאָרגעלייגט געוואָרן שפּילן דעם „אַלטן פריץ". מען האָט געטענהט, אַז דאָס וועט זיין אַ צווייטער „אַלטער דוכוס", וועלנדיק דערמיט מיך אַריינציען אין קרייז אַריין. אָבער גראָד דאָס האָט מיך אָפּגעשטויסן. ווייל אין קונסט איז נישטאָ קיין „צווייטע אויפלאַגע" פון אַ ווערק און אַזעלכעס טראַכטן ה י ס ט נ י ש ט פ אַ ר ש ט יי ן, וואָס אַזוינס איז קונסט בכלל און אירס אַ קאָנקרעטע ווערק בפרט...

י. פּרעגער איז אַן אמתער דיכטער און „דער נסיון" — אַ צאַרטע מוזיקאַלישע פּאָעמע.

„דער פּריץ" — אַן אויפגאַבע פאַר אַן אַקטיאָר, וואָס פילט אַ פּערז און איז פעיק צו דערפילן דעם אייגנאַרטיקן סטיל פון פּרעגערס לירע.

דוד הערמאַן האָט דאָס מאָל באַוויזן, אַז ער פילט דעם מחבר. די פּראָבן האָבן מיך אין אָנהויב מיטגעריסן, און איך בין פלייסיק אַוועק „אין שפּאַן". אָבער אינגיכן האָב איך אָנגעהויבן אויף די פּראָבן זיך רייסן פון רעזשיסערס געשפּאַן. מיך האָט אויפגערעגט די טעכנישע אומ־באַהאָלפנקייט, און איך האָב אויפגעהערט צו פאָלגן.

הייסט ער דעם „פּריץ" טאַנצן אין אַן אַלגעמיינער סצענע, מעלד איך: „כ׳בין נישט קיין באַלעטמייסטער!"

קומט אין אַ העלן פרימאָרגן מיין רעזשיסער און מעלדעט מיר, אַז דראַביק (דער גרעסטער סצענאָגראַף אין פּוילן!) האָט מסכים געווען צו מאַכן סקיצן פאַר די קאָסטיומען און גרימען — אַ גדולה! אַ כבוד! און, האַבנדיק מיך דערזען אין פאַרק, האָט ער געזאָגט, אַז איך מוז דעם „פּריץ" שפּילן מיט אַ באָרד, „ווייל — האָט ער געזאָגט — מיט אַזאַ פּנים און אונטערשטער ליפּ קאָן דער אַקטיאָר ווי אַ פּוילישער שליאַכטשיץ נישט אויסזען"...

איך האָב געפרעגט מיין רעזשיסער: „איר האָט אים באַוויזן מיין גרים אין „דוכוס"?

— איך קאָן דאָך נישט דראַביקן צווינגען זיך אָפּזאָגן פון זיין איי־בערצייגונג — הער איך.

— עס גייט דאָך בלויז אין דעם, ער זאָל זען, אַז ד ע ר אַקטיאָר מיט ד ע ר ל י פּ קאָן י אָ אויסזען ווי אַ שליאַכטשיץ.

— ווי זענט איר אַזוי פאַרגליובט אין זיך? — הער איך — פון דער זייט זעט מען דאָך בעסער ווי איר זעט זיך!

— די פאָטאָגראַפיע זע איך דאָך „פון דער זייט!" — שריי איך שוין ווי אַ באַנומענער. איבעריקנס: זייער גוט, וואָס דראַביקן געפעלט נישט מיין ליפּ! איך וועל — נייטש שפּילן!

אָבער מזאה האָט מיך נישט געוואָלט באַפרייען. איך האָב געשפּילט, פאַרשטייט זיך, אָן אַ באָרד. דעם „דוכוס" האָט די געשטאַלט נישט דער־מאָנט מיט קיין איין שטריך. איך וואָלט געדאַרפט זיין נישט קיין אַקטיאָר, נאָר אַ האָלצהעקער צו „דערמאָנען" קאַציזנעס געשטאַלט, שפּילנדיק פּרע־גערן.

די פאָרשטעלונג איז דורך מיט גלאַנץ. דער אַנסאַמבל האָט געהאַט אַ ריי יונגע אַקטיאָרן — הערמאַנס תלמידים. צווישן זיי — רחל האָל־צער, רות טאַרו, דוד ליכט. איך בין אין גיכן פון דער „טרופּע" אַוועק, ווייל קיין אָרט פאַר זיך נישט געקאָנט געפינען.

מיט הערמאַנען האָב איך זיך צעשיידט אויפן בעסטן אופן און פול־שטענדיק אָנערקענט זיין לייסטונג.

אָבער אַ לוסטיקן עפּיזאָד מוז איך מיר פאַרגינען צו דערציילן.

אין טרופּע האָט מיטגעאַרבעט שמחה גאַטאַן, צו יענער צייט שוין אַן אויסגעצייכנטער אַקטיאָר, וועלכן איך האָב געקענט מיט 17—18

אָר צוריק אין לאָדזש אַלס סופלער. און מיר האָבן זיך דאָן באַפריינדעט. זיין פרוי, לעווענטאַל איז געווען אַ פּרעכטיקע אַקטריסע. אין „נסיון" האָט זי געשפּילט די „מאַמען". דער לעצטער אַקט הויבט זיך אָן פון דעם, ווי די מאַמע שטייט אויף דער בינע און רעאַגירט אויף די שטאַרקע וויינע-שרייען פון איר בן-יחיד, וועלכן דעם פּריצס תלינים פייניקן אין דער-בייאיקן שפּייכלער...

— דודל, מיין דודל! — רופט די מאַמע, ברעכט די הענט, רייסט די האָר פון יאוש. די לעווענטאַל איז געווען אַן אַקטריסע מיט האַרץ, מיט פונק, פאַרשטייט זיך: פון שטרענג רעאַליסטישן שטייגער. און זי האָט איר סצענע געשפּילט גלענצנד... אָבער דעם רעזשיסער האָט זיך געוואָלט אַ „פאַרגליווערטן באַרעליעף" — אין פּראָפיל צום עולם, אויס-געשפּרייט די הענט אין אַ פּלאַסטישער ליניע און, שלינגענדיק אַ טרער, אָן קלאַנג, פאַרשטיקט:

— ד-ווידל!"

שלאָגט זיך הערמאַן וואָכנלאַנג און ס'באַקומט זיך גאָרנישט!

אויפן ספּעקטאַקל מאַכט זיך אַ מעשה, אַז די אַקטריסע, שוין אָנגע-טאָן צום אַקט (אין קרינאָלינע, עט צעטעראַ), גייט אַריין ווו אַ מענטש דאַרף אַריינגיין. דער בינע-אַרבעטער הויבט דעם פאָרהאַנג. און אויף דער בינע איז קיינער נישטאָ. פון די קוליסן הערן זיך דודלס קרעכצן... אַ מינוט, צוויי, דריי... וואָס זשע וועט זיין??

מען לויפט אַרום איבער די גאַרדעראָבן: „לעווענטאַל!" גוואַלד! ווו זענט איר?" דער פאָרהאַנג איז שוין לאַנג אויפגעהויבן!!"

דערהערט זי פון מקום מיוחד די פאַרשטיקטע גוואַלדן, באַווייזט קוים לויפנדיק איבער דער פינצטערער בינע צום אויפטריט אויף דער אַנדער זייט, צו רעכט מאַכן די קרינאָלינע און פליט אַרוים אויף דער בי-נע, ברעכנדיק די הענט, רייסנדיק די האָר מיט אַ יאָמער: „דודל! מיין דודל! מיין קרוין, מיין לעבן!!"

אַז זי האָט פאַרענדיקט און אַוועק הינטער די קוליסן, האָט זי דער-הערט דעם רעזשיסערס שטים:

— אויסגעצייכנט! פאַבעלהאַפט! אַזוי זאָלט איר טאָן יעדע פאָר-שטעלונג!

— וואָס זאָל איך טאָן יעדע פאָרשטעלונג??

אָט-דאָס איז דוד הערמאַן! און דערביי — אַ קינסטלער דורך און דורך.

*  *
*

מיטן ריגער טעאַטער האָבן זיך מיינע פּעדעס איבערגעריסן. דאָס אומגליק מיטן פּוס האָט פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון יענע פאַקטאָרן, וואָס זענען צו מיר געווען אין אָפּאָזיציע צוליב כלערליי סיבות פון פּערזענלעכער נאַטור און וואָס וואָלטן בשום אופן נישט געקאָנט צעשטערן אונדזער אַרבעט, ווען אַלץ גייט כשורה. אָבער אַן אויסגעהאַקטע שויב אין פענצטער איז דאָך אַן אָנהייב פון פאַרוויסטונג פאַרן גאַנצן בנין, אויב עס פעלט די האַנט, וועלכע זאָל אָפּשטעלן דעם פּראָצעס...

און אַזאַ האַנט האָט זיך נישט געפונען.

אין ווין האָב איך דערהאַלטן פון העלמאַנען אַ בריוו מיט אַ ריי „אויסבעסערונגען“ צום אַרבעטס=פּלאַן פון פאַרגאַנגענעם סעזאָן, וועלכע ער האָט אויסגערעכנט, צוגעבנדיק, אַז ער שרייבט מיט דער פולמאַכט פון לאַצקין און אין זיין נאָמען. און אַ באַזונדערן טראָפּ איז אין יענעם בריוו געשטעלט געוואָרן אויף דעם, אַז די ליטונג זאָל נישט זיין קיין דיקטאַטאָרישע, נישט האַלטן זיך אויף די אָנשווינגען און איניציאַטיוו פון איין פּערזאָן, נייערט זיך אָנשפּאַרן אויף אַ קאָלעקטיווער אָנפירונג. נישט שטעלנדיק אונטער קיין שום פראַגע=צייכן מיין קאַנדידאַטור אַלס קינסטלערישן לייטער, ווערט מיר פאָרגעלייגט איינצושטימען מיטן פאַקט, אַז איך וועל האָבן נעבן זיך אַ „קינסטלערישן ראַט“. מיר זענען אָנגערופן געוואָרן אַ פּאָר נעמען פון די צוקונפטיקע „ראַטמענער“.

איך האָב אָנגעשריבן העלמאַנען, אַז גוט, וואָס ער האָט מיר צו דער צייט צוגעשיקט לאַצקינס בריוו. יעדן געשפּרעך וועגן ענינים פון ריגער טעאַטער האַלט איך פאַר צוועקלאָז אַזוי לאַנג, ווי איך וועל נישט קריגן קיין אַנטשולדיקונג פון קאָמיטעט און אַ פאַרזיכערונג, אַז קיין אַנגאַזשעמענטן אָן מיין וויסן וועלן נישט ווערן געמאַכט. דערמיט האָט זיך מיין קאַפּיטל „ריגער מינאָריטעטן=טעאַטער“ פאַרענדיקט.

מיך האָט מיין גורל אויפן ווינטער=סעזאָן 1927/28 געפירט קיין קראָקע.

איך האָב אָנגעהויבן אין אָקטאָבער, צונויפגעשטעלט אַן אַנסאַמבל פון יונגע באַגאַבטע אַקטיאָרן. דער קאָמיטעט האָט לויט מיין פּלאַן און אָנמערקונגען רעמאָנטירט דאָס טעאַטערל אויף דער באָכענסקער גאַס. דער בנין, מוז איך זאָגן, איז געווען אַזוי ווייט פון מינימאַלסטער פּאָ=

דערונג פֿאַר אַ טעאַטער=געביידע, אַז איך האָב געוועסט צוריקגעצויגן פֿון צוטרעטן צו דער אַרבעט. אָבער נאָכן רעמאָנט האָט זיך מיר אָנגעהויבן דוכטן, אַז מיר וועלן דעם צושויער צווינגען צו דערפֿילן זיך אין אַן אַטמאָספֿער פֿון גייסטיקער עבודה.

איך האָב איינגעשטעלט אַ ספּעציעלע ליכט=סיגנאַליזאַציע פֿאַרן הייבן דעם פֿאָרהאַנג, וועלכע האָט געמוזט צווינגען איינצוהאַלטן דעם אָטעם אַ פּאָר מינוט פֿאַרן אָנהייב. און ווייטער זאָל שוין ווירקן דער אַקטיאָר אויף דער בינע!

און איך קאָן זאָגן, אַז איך האָב מיך דערשלאָגן צו מיין ציל: די בודע אויף דער באָכענסקער גאַס איז געוואָרן ווי אַ היכל! אַרום אונדז האָבן פֿנימער געלויכטן מיט אויסדרוקן פֿון באַוווּנדערונג און אָנערקענונג; עס האָט זיך געפֿילט די אַטמאָספֿער פֿון „צויבער“, פֿון „וווּנדער“, פֿון אומדערוואַרטע איבערלעבונגען אין די ענגע ווענט, פֿון וועלכע די טיר האָט געפֿירט (אָן אַ פּאָדערהויז, ווי ווייט איך געדענק) גלייך אין גאַס אַריין. דער אַנסאַמבל האָט געאַרבעט — ווייניק צו זאָגן: „מיט התמהה“! פֿונקען האָבן געשפּריצט פֿון די קינדישע הערצער!

די האָלצער האָב איך שוין פֿון לעמבערג אָנגענומען פֿאַר אַ פּערל=דערשיינונג. דאָ האָב איך דערזען — הירשפֿעלדן, פּאָטאַשינסקין, מעלניקן און נאָך אַ צוויי=דריי. נישט אַלע זענען געווען אין גלייכער מאָס באַגאַבט, אָבער אַלע האָבן געהאַט דעם זעלביקן גוטן ווילן פֿון יונגע קינסטלער. נאָך זייערע פֿריערדיקע עקספּערימענטן איז פֿאַר זיי געווען ניי און געוועקט זייער שפּיל=גיריקייט די פּראַקטיק פֿון אויפֿטרעטן יעדע וואָך אין אַ נייער ראָל. דער סיסטעם פֿון שנעלער אָריענטאַציע אין יעדער סצענישער סיטואַציע, וואָס איז געווען (איך וויל עס אויף דעם אָרט דעם לייענער דערמאָנען) דער יסוד און די אַקס פֿון דאַלמאַטאָווס פּעדאַגאָגיק, האָבן מיינע יונגע פּאַרטנערן אין קראָקע צום ערשטן מאָל אָנגעטראָפֿן אין זייער אַרבעט אויף די ברעטער. זיי האָבן זיך שנעל דורכגענומען מיטן פּרינציפּ פֿון קאָנצענטרירן דעם צושויערס אויפֿמערקזאַמקייט אויף דעם אַקטיאָרס מייסטערשאַפֿט נישט אין אַ קלענערער מאָס, ווי אויף דעם מחברס ווערק. אַ שלעכטער, אויבערפֿלעכלעכער אַקטיאָר באַווייזט זיינע שוואַכקייטן; אַ באַגאַבטער — זיין גאָב, אָבער דער אַקטיאָר! — איז דער איינגאַנטלעכער יש פֿון ספּעקטאַקל. יעדער אַקטיאָר דאַרף עס וויסן און טראָגן מיט אחריות, מיט ווירדע און נישט באַהאַלטן זיך הינטער דעם מחברס כוחות אָדער שוואַכקייטן.

די אַרבעט מיטן יונגן אַנסאַמבל אין קראָקע האָט מיך מיטגעריסן. מיר האָבן אָפּגעשפּילט דעם „דיבוק“ (צו דער עפענונג פון סעזאָן — און מיין גרויסע פרייד איז געווען רחל האָלצער אין „לאהן“), „די שמאָטעס“, „קין“ און, דוכט מיר! — „דאָס נייע געטאָ“.

אָבער די אַטמאָספער אין קראָקע איז געווען אַ פאַרסמטע פון ערשטן שריט. איך וועל דאָ נישט שטעלן קיין „נקודות“ אויף די „אותיות“; כ'וועל נישט פורש בשמם זיין; איך וועל זאָגן קורץ: פון די פריערדיקע עטאַפּן אין קראָקעווער יידישן טעאַטער זענען פאַרבליבן נישט נאָר שלעכטע „זיטן“, מידות רעות, געגנ פון הינטערקוליסנדיקע אינטריגעלעך. עס זענען פאַרבליבן לעבעדיקע טרעגער פון די אינטריגעס. זיי האָבן מיט בייזע פייערלעך אין די אויגן געוואַרט אויף דער ערשטער געלעגנהייט צו צעשטערן אונדזער אַרבעט. איך האָב שנעל דערפילט, אַז אַ צוויי — דריי פאַרשוין טראָגן שטיינער אין בוזעם און האָב זיי אָנגעהויבן האַלטן וואָס ווייטער פון זיך און פון דער פּראַקטישער אַרבעט. און דאָך האָבן זיי אָנגעהויבן גראָבן אונטערן פונדאַמענט און טמען די לופט. דער אַקטיווסטער שונא איז געווען אַ יונגע שוואַרצהנעוודיקע אַקטריסע, וואָס איז פריער געווען די „לידינג לעדי“ אין טעאַטער, און דאָ זיך שנעל איבערצייגט, אַז עס זענען אָנגעקומען נייע צייטן און עס וועלן זיך צעקלינגען נייע לידער. זי איז פון אַנסאַמבל אינגיכן אַרויסגעפאַלן.

אָבער דאָס אומגליק האָט געשטעקט — אין קאָמיטעט!

דאָ האָט דאָמינירט און אָנגעפירט אַ געוויסער מין „כלל=טוער“, וואָס איך האָב נישט געקאָנט פאַרטראָגן פון מיינע ערשטע טריט אויפן יידישן באָדן.

דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט אין קראָקע איז געווען אַ מוסטער פון אָט דעם מין. מיין קאָנטאַקט מיט אים האָט זיך איבערגעריסן נאָך די ערשטע צוויי געשפּרעכן וועגן די פּלענער פון סעזאָן.

אין קראָקע איז געווען דאָקטאָר קאַנפער. איינער פון די שענסטע מענטשן=עקזעמפּליאַרן, וועלכע איך האָב אָנגעטראָפן אויף מיינע פאַרצווייגטע וועגן.

האָבנדיק דערהערט וועגן מיין צוזאַמענשטויס מיטן פאָרזיצער פון קאָמיטעט, האָט ער מיר קאַטעגאָריש געראַטן מער מיט יענעם הערן זיך נישט צו טרעפן און דעם קאָנטאַקט מיטן קאָמיטעט צו האַלטן בלויז דורך זיין — קאַנפערס — פאַרמיטלונג.

דאָקטאָר קאַנפּער איז געווען אונדזער אָנשפּאַר און שוץ אין משך פון דער גאַנצער — איבעריקנס זייער קורצער — צייט, וואָס איך האָב געאַרבעט אין טעאַטער.

די האַנדלונג פון קאָמיטעט איז געווען אַזאַ, אַז איך בין פון טעאַטער אַוועק אין אָנהייב דעצעמבער און געמוזט זיך באַשליסן צו גיין מיטן קאָמיטעט צו אַ בוררים־געריכט. די גיפטן און אינטריגעס פון די זעלביקע קוואַלן, וואָס האָבן פון סאַמע אָנהייב געזוכט צו צעברעכן אונדזערע אויפטוען, האָבן אַרום פאָרשטייענדיקן געריכט אויסגעשפּינט אַ געדיכטע נעץ פון שקרים און בלבולים, פון וועלכע איך וואָלט אַרויס אָן ספק אַ קאָמפּראָמיטירטער.

איז קיין קראָקע צום געריכט, אַ שעה פאַרן אָנהייב, געקומען דער אַדוואָקאַט ל יי ב ל אַ נ ד אַ ו, צו וועלכן איך האָב געהאַט אָנגעשריבן אַ בריוו וועגן מיינע צרות צרורות, קאָנפליקטן מיטן פאָרזיצער עט צעטעראַ. ער האָט געמאָלדן, אַז ער איז באַפולמעכטיקט פון איין צד אים צו רעפּרעזענטירן אויף די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען און בעט, געמענדיק אין אַכט, אַז מאָרגן האָט ער אַ פּראָצעס אין לעמבערג, דעם ענין באַטראַכטן אָן איבעריקע איבערלאָדונגען און פאַרענדיקן אין איין זיצונג, כדי ער זאָל נישט דאַרפן קומען אַ צווייט מאָל.

ווי אַזוי ביי דער מערהייט פון מיינע קעגנער האָבן זיך אויסגעצויגן די נעזער, ווען זיי האָבן דעריזען לאַנדאַוען, דאַרף מען דאָ נישט שילדערן.

דאָס געריכט האָט אויסגעהערט די טענות צו מיר, לאַנדאַו האָט זיך באַקענט מיט די זאַכלעכע באַווייזן פון מיינע באַגאַנגענע חטאים און, ווי ווייט איך געדענק, אויסגעהערט עדות (די אַמאָליקע „לידינג לעדי" איז געווען דער זייל און אָנלען פון דער באַשולדיקונג קעגן מיר...), און די שווערע כמאַרעס איבער מיין קאָפּ זענען זיך צעשווומען ווי פון אַ פרישןווינט.

דאַן האָט דאָס געריכט זיך באַקענט מיט מיינע פאָדערונגען צום קאָמיטעט, לויט דער אָנגענומענער פּראָצעדור אויסגעהערט ביידע צדדים (מיך האָט פאַרטראָטן לאַנדאַו) און איינשטימיק אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס, אַז די באַשולדיקונגען קעגן מיר זענען געבויט אויף אומצוווייפלהאַפטע רכילות. מיינע תביעות ווידער צום קאָמיטעט פליסן אַרויס פון אַן אָפּמאַך, וועלכן געבראָכן האָב איך, אָבער — געהאַט דערביי אַזעלכע באַדויערונגסווערטע סיבות, אַז מיין האַנדלונג מוז אָנגערקענט ווערן פאַר



בנימין רעסלער, א. מאַרעווסקי, לייב לאַנדאו, קאַרלינסקי (זאַקאָפּאַנע 1927)

באַרעכטיקט. דאָס געריכט האָט באַשלאָסן צו באַצאָלן מיר מיין געהאַלט ביזן טאָג, ווען איך בין פּאַקטיש אַוועק פון טעאַטער.

לאַנדאַו איז געקומען נאָך אַמאָל קיין קראָקע; מיט זיין האַנט אָנ־געשריבן דעם פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג און אים איבערזעצט אויף ייִדיש. אָפּגעבנדיק מיר אַ קאָפּיע, האָט ער מיט אַ ברייטן שמייכל געזאָגט:

— נאָט אייך! באַהאַלט עס און ווען עס איז וועט עמעצער זיך איבערצייגן, אַז אַן אַדוואָקאַט קאָן אויך עפּעס אויפטאָן אויפן געביט פון קונסט. איך האַלט, אַז פאַר די לאַנגע יאָרן, וואָס איך האָב געשפּילט אין דראַמאַטישע קרייזן, איז דער פּראָטאָקאָל מיין שענסטע דערגרייכונג. זאָלן אייך, מאָרעווסקי, די גוטע כוחות אויך להבא איינהיטן פון בייזווי־ליקע שונאים.

מיר האָבן זיך פעסט אַרומגענומען.

מיט דעם סכום, וואָס מיר האָט, לויטן באַשלוס פון געריכט, אויס־געצאָלט דער קראָקעווער קאָמיטעט, זענען מיר געזעסן אַ וואָכן 6 אין זאַקאָפּאַנע.

יענע וואָכן זענען אויסגעפּילט געווען דורך אָפטע צוזאַמענקונפטן מיט לייב לאַנדאַו און זיין פאַמיליע. דאָרטן איז נאָך געזעסן קאַרלינסקי. באמת אומפאַרגעסלעכע טעג!

## זעקסטער קאַפּיטל

### אַדיע אייראָפּע!

מיר האָבן דערגרייכט, לייענער, צום ראַנד!

אַרומקלעטערנדיק איבער די פעלזן פון די טאַטרען, פאַררייסנדיק דעם קאָפּ צום געוואָנט, אָפט פאַרבלענדט פון די אין זונען־שטראַלן זיך שפּילנדיקע, פינקלדיקע שניי־פעלדער און באַרגשפּיצן און אָטעמענדיק די פריידן פון יוגנטלעכקייט נעבן מיין באַגלייטערין, האָב איך דאָך געדאַרפט זיך פילן גליקלעך און אויפנעמען זאָרגלאָז די מאָרגן־שטראַלן און זיך פריידיק טוליען אין די שאָטנס פון בין השמשות!

אָבער די טאַטרען האָבן געשיינט, דער געוואָנט האָט געפרייט, די שניי־פעלדער האָבן געפינקלט, מיין האַרץ האָט אַריינגעאָטעמט די גענוסן — און —

מיט די אַלע פריידן, שטראַלן און גענוסן בין איך געווען טיף און אומהיילבאַר אומגליקלעך!

געדוכט האָט זיך מיר, אַז דאָס איז די וווּנד אין דעם מיט פון מיין צעשפּאָלטענעם לעבנס־בוים...

געווען איז עס מיין צעקאַליעטשעט געמיט, אין וועלכן עס האָבן כסדר גענאָגט די ווייטיקן פון אַלע געשילדערטע יאָרצענדליקער!

נישט די מיט שניי באַדעקטע היגלען, נישט די אומפאַרגעסלעכע שעהן־לאַנגע שמועסן מיט לייב לאַנדאַו און נישט די גאָענטקייט פון דער צאַרטער פריינדין ביי דער זייט האָבן געקאָנט פון קאָפּ, פון האַרץ, פון גאַנצן צעוווייטיקטן נפש מייגעם אַרויסרייסן דעם געדאַנק, אַז איך בין ווידער און ווידער אויסער די טעאַטער־ווענט, און דאָס מאָל שוין אויף שטענדיק, אויף „אייביק", ווייל.... וווהין זאָל איך גיין? אויף וואָס האָפן? אויף וועמען וואַרטן?

שוין אין אַלע זייטן אויסגעוואוען! אומעטום מיט דערפאָלג! נישט גע־וואוסט פון דורכפאַלן! און קיין ווייטערדיקער וועג — אינגנו!!

אין אָט דעם צושטאַנד איז מיר אָנגעקומען אַ פאָרשלאַג צו קומען אויף גאַסטראָלן קיין בוענאָס־איירעס. אַדאָלף מידע, דער דירעקטאָר פון טעאַטער „אַמבו", בעט מיין הסכם, איז גרייט אַרויסצושיקן אַ שיפסקאַר־טע פאַר צוויי פערזאָן, רייזע־קאָסטן א. א. וו.

איך טעלעגראַפיר צו אַדאָלף מידע, אַז איך וועל קומען מיט מיין אַקאָמפּאַניאַטאָרין און ב ו כ ש ט ע ב ל ע ך דעם ל ע צ ט ן טאָג, וואָס איז פאַרבליבן צו דערגרייכן צו דער שיף קיין אַמסטערדאַם, מעלדן מיר זיך אין אַרגענטינער קאָנסולאַט נאָך וויזעס. מיין וויזע איז פאַר־טיק אין צען מינוט, און מיט דער צווייטער וויזע גייט דער באַאַמטער אַוועק צום קאָנסול און קומט מיט אַ ק אַ ט ע ג אָ ר י ש ן אָפּזאָג: „די דאַמע קאָן קיין אַרגענטינע נישט פאָרן!"

דער זייגער איז ארום איינס, צוויי שליסט זיך דער קאָנסולאַט, אַרום 7 גייט אָפּ דער צוג. איך ריר זיך נישט פון אָרט און מעלד, אַז דער קאָנ־סולאַט אַנולירט מיין אַנגאַזשמענט, ווייל אָן מיין פּראָגראַם גייט אַריין אַ קאָנצערט און אָן דער פּיאַניסטין קאָן איך מיין פּראָגראַם נישט רעַ־אַליזירן. עס מעלדעט זיך דער קאָנסול, איך חזר איבער מיינע פּאָסטו־לאַטן. ער קוקט מיך אָן מיט זיינע פרעכטיקע אויגן און זאָגט צו מיר שמייכלענדיק:

— סעניאָר! אייך איז אָן ספק באַקאַנט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אינטערנאַציאָנאַלע באַנדעס פרויען־הענדלער. אונדזער קאָנסולאַט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן פאַרברעך, וואָס ווערט באַגאַנגען. אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן אַרטיסט מיט אַ פּיאַניסטין איז מיר קלאָר, אָבער קיי־נעם איז נישט קלאָר, וואָס מיט דער דאַמע קאָן געשען אונטערוועגס... לאַכט נישט, סעניאָר! די פרויען־הענדלער זענען פלינקער און געשיקטער ווי איר! און אויב ס'וועט וואָס פּאַסירן און מען וועט געפינען אויפן פּאַס אָן אַ־ריינפאַר־וויזע קיין אַרגענטינע וועל איך, דער קאָנסול, באַטראַכט ווערן ווי אַ באַטייליקטער אין דעם שענדלעכן פאַרברעך! קאָנט איר, סעניאָר, פאַרלאַנגען פון מיר אַזאַ ריזיקע?

מיר זענען געשטאַנען ווי פאַרמשפּטע. דער קאָנסול האָט זיך העפלעך פאַרנייגט און אַוועק צו זיך. מיר זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס „זשאַביע", ביים טויער פון זאַקסישן גאָרטן.

— קום צוריק אין קאָנסולאַט אַריין!

— הער קאָנסול! ווי די זאַך שטייט, מוז איך מיר דערלויבן צו־בעטן ביי אייך איין געפעליקייט: איר זאָלט אָפיציעל מודיע זיין דעם די־רעקטאָר פון טעאַטער, אַז מיין רייזע איז אין דער לעצטער מינוט צע־שטערט געוואָרן איבער סיבות, וועלכע שטעקן אין דער פּראַקטיק פון קאָנ־סולאַט.

דער קאָנסול האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

—מיט אונדזער מעלדונג קאָן דער דירעקטאָר קריגן אַן אַריינפּאַר־וויזע אויפן אָרט.

— דאָס זענען שוין מיטן, הער קאָנסול! כדי אָנצוהייבן צו דער צייט דעם סעזאָן, מוזן מיר היינט אַרויספאָרן. איך ווייס נישט אויב אייך איז קלאָר וואָס אַזוינס פאָרן דירעקטאָר באַדייט די צעשטערונג פון זיין פּלאַן אויפן סעזאָן אין דער לעצטער מינוט...

איצט האָט ע ר אויסגעזען אַ „פּאַרמשפּטער".

— דעם לעצטן אויסוועג, סעניאָר! ברענגט מיר אין משך פון צוויי שעה אונטערשריפטן פון אַ דריי אָנגעזעענע אויטאָריטעטן אין וואַרשע, אַז זיי קענען אייער אַקאָמפּאַניאַטאָרין און בעטן אַרויסגעבן אַ וויזע פאַר איר. מיר וועלן אייך אויפנעמען אין קאָנסולאַט נ אָ ך די אַמטלעכע אַרבעטס־שעהן.

איך האָב געענטפערט, אַז אַזעלכע אונטערשריפטן — און נישט דריי נאָר 33 — וועל איך באַזאָרגן דורך בריוו פון וועג. איצט, אויב איך דאַרף היינט פאָרן, מוז איך מיך נאָך איינפּאַקן און צוגרייטן צו דער ווייטער נסיעה און פאַרלירן אַ דריי שעה צו קריגן די אונטערשריפטן האָב איך גישט קיין שום מעגלעכקייט. איז — אָדער־אָדער, סעניאָר!

— שרייבט אויס די וויזע! — האָט ער זיך געוואָנדן צום באַאַמטן.

וואָס מיט אונדז איז פאָרגעקומען יענע מינוט — וועל איך נישט פּרוּוון באַשרייבן.

אויף מאָרגן זענען מיר געווען אין בערלין; אויף איבערמאָרגן — אין אַמסטערדאַם.

אין אַמסטערדאַם האָט אויף אונדז געוואַרט מיין קוזין און יוגנט־פריינד סאַשאַ גערמייזע, וועלכן דער לייענער קען פון מיינע קינדער־יאָרן און פון די קאַפּיטלען וועגן מינסק מיט אַ פופצן יאָר צוריק. ער איז איצט געווען אַ וויכטיקער פאָרשטייער פון סאָוויעטישן האַנדלס־אַמט, די „רעכ־טע האַנט" פון האַנדלס־מיניסטער ראָזענהאָלץ, מיט וועלכן ער איז צוזאַ־מען אומגעקומען אין די בלוט־שטראָמען פון די דרייסיקער יאָרן.

מיר האָבן אין אַמסטערדאַם פאַרבראַכט צוויי טעג און איין נאַכט. מיין סאַשע האָט באַוויזן צו זאָגן מיר, אַז איך האָב ענדלעך ביי דער זייט די, וואָס מיר האָט מיין גאַנץ לעבן געפעלט, און מאַניען — אַז אויב איך וועל איר דערעסן, לייגט ער פאָר זיין קאַנדידאַטור אויפן נאָענסטן באַגליקטן.

דריי און דרייסיק יאָר זענען פאַרלאָפן פון יענע פרילינג־טעג אין האָלענדישן פאָרט! דערעסן האָב איך איר, לויט מיין איינזען, אויפן דריטן חודש, אָבער קיין אַנדער „באַגליקטן" האָט זי מער נישט געפונען.

מיר זענען אָפּגעשוווּמען פון פאָרט ביי אַ פּרעכטיקן וועטער, וועלכער האָט אונדז נישט פאַראַטן אין משך פון די 23 מעת לעת אויף די כוואַליעס פון אַטלאַנטיק. דאָס זענען געווען, דוכט מיר עד היום, די פריידיקסטע, גליקלעכסטע טעג פון מיין לעבן אויף גאַנץ וועלט.

מיך האָט באַהערשט — ממש פאַרשווּנקט — דאָס געפיל פון אַבסאָלוטן שווייגן אין דער אַרומיקער אומענדלעכער ברייטקייט, הויכקייט, ווייטקייט. די שטילקייט, וואָס מיר זענען געוווינט צו האַלטן פאַרן באַגלייט־מאָטיוו פון טויט, פון נישט זיין, אַנטהאַלט אין זיך דאָ אויף די אומענדלעכע וואַסער־שטחים טויזנטער לעבנס, מיליאָנען טומלעניש, וועלכע ווישן אָפּ איינער דעם צווייטן אין אומאויפהערלעכע קאַמפן און געראַנגל צווישן זיך.

זייענדיק אַזוי אַנטציקט און געפּלעפט פון אַלעם אַרום, האָט מיר אומגעריכט אַ קלאַפּ געטאָן אין אויער אַ גערויש, וועלכער האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין אַזאַ נאָענטער, אייגענער, נישט פון דער אַרומיקער ווייטער און פרעמדער גרויסקייט, נייערט ווי עפּעס, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון מיינע היימען... אַריבערגעבויגן איבערן ראַנד פון דער שיף, האָב איך געקוקט אויף די כוואַליעס, וואָס זענען געשווומען עלאַסטיש פון דער ווייטקייט צו דער שיף און זי געגלעט צערטלעך, מורמלענדיק אַ מין איינטאָניקע באַגריסונג, ברכה, אָדער בקשה, וועלכע עס גלוסט זיך דערהערן, באַגרייפן און אפשר דורך זיי זיך באַהעפטן מיט דער אומענדלעכקייט אין דער הייך, אין אַרום און אין דער טיף... אָבער דאָס געפּליסטער פון דער כוואַליע איז געוואָרן פאַרטויבט און אָפּגעשטויסן פון עפּעס אַ שטאַרקערן גערויש...

דאָס רוישן די רעדער פון אונדזער שיף!!

אין אָט דאָס גערויש, וואָס האָט אָפּגעשטויסן פון אויער די מאַיעסטעטישע שטילקייט פון די מיליאָנען געטומלען, אין וועלכע איך בין געווען אָפּגעטונקט, האָט געמאַכט אַן אומגעהויער טיפן רושם, און איך האָב זיך אומגעקערט פון דער אומענדלעכקייט צו זיך, כדי אין אַ וויילע שפּעטער ווידער זיך אָפּצוטונקען אין דעם צויבער, וואָס קוויקט דאָס אויג און דעם גייסט.

# זיבנטער קאַפּיטל

## פאַטאַ מאָרגאַנאַ

נישט קיין מינערע פאַרבן=עשירות ווי דער אָקעאַן האָבן אַנטפּלעקט די אומצאָליקע מענטשן=עקזעמפּליאַרן, מיט וועלכע איך האָב פאַר די וואָכן זיך געטראָפן אויף דער שיף.

דעם גאַנצן וועג פון אַמסטערדאַם ביז בוענאָס איירעס האָבן דורכגעמאַכט קוים אַ פּאָר צענדליק פּאַסאַזשירן, פון וועלכע איך האָב מיך מיט קיין איינעם נישט דערנעענטערט. די סיבה שטעקט דאָ, אין דעם, וואָס מען האָט אונדז אין קאָנסולאַט, ווי שוין דערציילט, אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיין פאָרזיכטיק און געדענקען, אַז אַרום מיין בלאָנדער יונגער דאַמע וועלן אָן שום ספק לויערן די „בייזע רוחות“, וואָס זענען דאָ דער „פּלאָג פון טאָג“.

צו די מערקווירדיקסטע פּאַראַדאָקסן פון מיינע וואָכן אויף דער שיף געהערט דער פאַקט, וואָס נעמלעך איך אַליין בכבודי ובעצמי בין געוויסע מאָמענטן געווען דער אָביעקט פון פאַרדאַכט, אַז די דאַמע איז מיין „סחורה“, און עס איז אַ סברה, אַז מען דאַרף אָנווענדן די געהעריקע מיטלען זי אַרויסצוראַטעווען פון דער נעץ פון פרויען=האַנדל, אין וועלכער זי שיינט צו זיין געפאַנגען... די באַהערדן אויף דער שיף גופא האָבן אָן ספק געהאַט פון קאָנסולאַט גענויע ידיעות וועגן יעדן, ווען די אַרגענטינער מאַכט האָט אַרויסגעגעבן וויזעס, און די ערשטע אויבערפלעכלעכע אָבסערוואַציעס אויף דער שיף האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז דאָ שטעקט קיין פאַרברעך נישט, אָבער... גאָטס וועלט איז גרויס, און עס לעבן און עס ווירקן אויף איר אומגעבעטענע פאַקטאָרן, וואָס זוכן אַרבעט און ברויט און זענען ביי דער מיינונג, אַז אַרויסראַטעווען יונגע קרבנות פון די נעגל פון הענדלער מיט לעבעדיקע סחורות איז אַ הייליקע עבודה... ווער, פרעגט זיך, קאָן זאָגן אַנדערש?

אויף די אַזאָרן־אינדזלען — ווי ווייט איך געדענק — זענען אויף דער שיף איינגעשטיגן אַ גרופּע קאַטוילישע מיסיאָנערן, גלחים, ווי מיר קענען זיי פון אונדזערע מקומות, אַ מאַן, דוכט מיר, צען?

דאָס ערשטע, וואָס מיך האָט איבערראַשט און ממש אָנגעשאַרפט מיין אויפמערקזאַמקייט צו דער גאַנצער עדה, איז געווען דער שאַרפער אונטערשייד צווישן איין טייל זייערן און אַ צווייטן. געווען זענען זיי — שפּאַניער: שאַרף־אויסגעשפּראָכענע, מוסטערהאַפטע פאָרשטייער פון שפּאַנישער ערד און שטייגער. מיר האָט זיך פון זייערע ערשטע זילבן, וואָס זענען דערגאַנגען צו מיין אויער אויסגעוויזן, אַז זיי פאַרקריפּלען במזיד דאָס פראַנצויזישע לשון אויס אומפריינדשאַפט צום לאַנד פון הערע־טיקער און אָפּטריניקע פון דער הייליקער קירך. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ הונדערטפּראָצענטיקער אומזין, וואָס האָט געשטעקט אין דעם שטאַרקן איינדרוק פון די שאַרפע קאַמפן קעגן דער „סעפּאַראַציע“ (דאָס אָפּטיילן די קירך פון דער מלוכה), וועלכע איך האָב אַמאָל בייגע־ווינט אין פּאַריז, אָבער פון וועלכן איצט, 22 יאָר שפּעטער, איז שוין קיין זכר נישט געווען...

איבערראַשט און דערשטוינט בין איך געוואָרן פון אַן אַנדער פּרט: צווישן די הויכוווקסיקע, ברייטשולטערדיקע מענער מיט פלאַמענדיקע אויגן, פולבלוטיקע, זינגלעכע ליפּן, אויסגעשפּראָכענע „טאָרעאַדאָרן־גע־שטאַלטן“, האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע מאָגערע מאַנספאַרשוינדלעך מיט פליכעוואַטע קעפּ, וואָס האָבן געקוקט אַרום זיך מיט אַ מין פאַר־גליווערטער אימה. איך האָב פון ערשטן קוק אויף זיי זיך געזאָגט, אַז דאָס זענען אורהאייניקלעך פון די אנוסים! נעבן זעקס־זיבן ש פּ אַ נ י ער האָב איך דערזען אַ דריי־פיר מ אַ ר אַ נ ע ר!

צו דעם איז נאָך צוגעקומען אַ פּרט, וועלכער האָט מיך ענדגיל־טיק אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט. אַז איך האָב מיך נעענטער צו־געקוקט צו באַזונדערע פאַרשוינען, אינדיווידואומען, האָב איך צווישן די מאַראַנער דערזען: ווי צוויי טראָפּנס וואַסער — אהרן צייטלין!! און נישט נאָר זיין רויטלעכער קאָפּ, זיין וווקס, זיין שלאַנקע פיגור, נאָר אויך זיין שמייכל אויף די פיין־געשניצטע דינע ליפּן.

מיט אהרן צייטלינען זענען מיר דעמלט געווען נאָענט באַפריינדעט, וואָס מען רופט „אויפגעטראָגן“. און מיך האָט אַרומגענומען אַ נייגיר זיך צו דערנעענטערן צום דאָזיקן אורהאייניקל פון די גערודפטע שפּאַנישע יידן, וואָס זענען אַזוי ווי אין נישט־זיין פאַרזונקען און פלוצעם דערזע איך

זיי אויפֿן אַטלאַנטישן אָקעאַן... איך פֿאַר שפּילן יידיש טעאַטער! אין װעלכער שליחות פֿאָרסטו, מיין אין תהום פֿון דער אינקוויזיציע פֿאַר־זונקענער ברודער? וווהין שטרעבסטו, זון פֿון מיין אייביקן פֿאָלק??

* *
*

איך פֿלעג זיך שעהן־לאַנג צוקוקן צו אים. ער האָט דאָס אָן ספֿק דערפֿילט און פֿלעגט מיך אויסמיידן מיט נישט באַהאַלטענעם אומווילן צו מיין נייגיריקייט.

קיין ניצוץ פֿון אומסימפּאַטיע צו מיין „מאַראַנער" צוליב דעם, וואָס ער טראָגט די שוואַרצע קוטע פֿון דאָמיניקאַנער מאָנאַך, האָב איך אין האַרצן נישט געפֿילט... אָבער צוגיין צו אים און פֿאַרפֿירן אַ געשפּרעך — נישט געקאָנט!

דאָ האָבן זיך בלי שום ספֿק אָפּגעשפּילט די מיסטעריעס פֿון יענע אימות און גרוילן, פֿון וועלכע די רויכן זענען פֿאַרשוווּנדן מיטן גאַנג פֿון יאָרהונדערטער אין דער לופֿט, אָבער — פֿאַרבליבן אין די הערצער, גע־מיטער און געוויסנס פֿון יעדן יידן.

מיטן „מאַראַנער" בין איך פֿאַרבליבן דערווייטערט ביז סוף, אָבער אומגעריכט זיך דערנענטערט צו אַ צווייטן פֿון דער עדה דאָמיניקאַנער.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿון דעם, וואָס די אייפֿערדיקע שומרים פֿון דער קריסטלעכער זיטלעכקייט האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז די יונגע בלאָנ־דע דאַמע איז נישט געקומען צו דער מעסע, וואָס פֿלעגט יעדן זונטיק פֿאָרקומען אין דער קירך... מען האָט זיך פֿאַראינטערעסירט: ווער איז די מיטרייזנדיקע אויף דער שיף און פֿעסטגעשטעלט, אַז זי פֿאָרט אין דער באַגלייטונג פֿון אַ יידישן אַרטיסט קיין בוענאָס־איירעס. עס איז ביים אָנפֿירער פֿון דער עדה דאָמיניקאַנער שוין נישט געווען קיין שום ספֿק, אַז האָס איז אַ פֿאַל פֿון פֿרויען־האַנדל און אַז ראַטעווען דאָס בלאָנדע שעפֿעלע פֿון די רויב־נעגל איז נישט נאָר די פֿליכט פֿון גוטע קריסטן, נאָר אויך פֿון שפּאַנישע ריטער, פֿון ערלעכע מענער, פֿון מלוכה־באַאַמטע, פֿון קירכן־דינער. מען האָט אָנגעהויבן פֿאָרשן, דעליקאַט אויסגעפֿרעגט דעם קרבן, זיך צוגעקוקט צום פֿאַרפֿירער און געקאָנט בלויז קומען צו דער אי־בערצייגונג, אַז מען האָט דאָ פֿאַר זיך נישט קיין דורכשניטלעכן פֿאַר־ברעכער פֿון דעם מין, נייערט אַ ראַפֿינירטן — און דעסטאָ מער געפֿער־

לעבן — סוביעקט. און דער ראַפינירטער, געפערלעכער סוביעקט איז געווען אַזאַ תם, אַזאַ „שאינו יודע לשאול“, אַז ער האָט אפילו נישט דערפילט, אַז מען קוקט אים נאָך, אַז מען ציילט און מען מעסט זיינע שריט.

איך פלעג אָפּזיצן שעהן־לאַנג און קוקן אין האָריזאָנט. אין די שעהן פון אונטערגאַנג קומען פאָר אין וואָלקן־שפּיל אַזעלכע מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס פאַרגעדענקען זיך אויפן גאַנצן לעבן. מען דערזעט גאַנצע שטעט, בנינים, מענטשן־מאַסן, טראַקטן און גאַסן אין באַוועגונג פון טויזנטער און טויזנטער. מען רופט עס: „פאַטאַ־מאָרגאַנאַ“. דאָס איז נישט מער ווי ליכט קאָמבינאציעס אין דער באהעפטונג פון וואָלקנס און כוואַליעס, אָבער אין דער צעשפּילטער פ אַ נ ט אַ ז י ע פון באַצויבערטן מ ע נ ט ש שאַפן זיך אומפאַרגעסלעכע בילדער.

איך פלעג זיצן, ווי געזאָגט, שעהן־לאַנג פאַרגאַפט, פאַרכישופט, קוקנדיק צום האָריזאָנט און הערנדיק דעם ציטער פון מיין האַרץ און דעם אויפברויז פון מיין געדאַנק. ווער עס פלעגט זיך צוזעצן דערביי אויף דער באַנק, האָב איך קיינמאָל נישט געזען, נישט געוווּסט... שפּאַצירנדיק איבערן דעק פון שיף, האָב איך נישט איין מאָל אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט דער פּאַסאַזשיר איז, דוכט זיך, נעכטן געזעסן און געקוקט אין דער פאַטאַ־מאָרגאַנאַ.

און איינמאָל, ווען איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף מיין באַליבט אָרט אין ווינקל, האָט זיך דערנעענטערט צו דער באַנק איינער פון די מאָנאַכן. אַ מאַן פון אַ יאָר 40, וווּקסיק, ברייטשולטערדיק, מיט שוואַרצע, דורכדרינגענדיקע אויגן, מיט אַ שמייכל אויף די פליישיקע זינלעכע ליפּן, איך האָב שוין געהאַט געכאַפּט מיט אים אַ קורצן שמועס אויפן דעק בעת אַ שפּאַציר, און בין געווען דערשטוינט, דערהערנדיק ווי פראַנצויזישע ווערטער ווערן ביי אים שפּאַנישע, און ער טראַכט אפילו נישט, אַז ער האָט זיי פאַרביטן: ער האָט איגנאָרירט דאָס לשון פון די „אָפּטריגניקע“. ער זאָגט נישט “UNE„, ער זאָגט „אונע“. די געשטאַלט האָט זיך מיר באַוויזן אינטערעסאַנט פון אָנהייב אָן, און זיין דערנעענטערונג האָב איך איצט אויפגענומען מיט אַ פריינדלעכן שמייכל.

— איר וועט נישט האָבן דאַקעגן, אויב איך וועל צעשטערן אייער איינזאַמקייט, סעניאָר?

— פאַרוואָס קאָן איך עפּעס האָבן דאַקעגן? איבעריקנס, מיט וועלכע רעכט קאָן איך פּרעטענדירן צו פאַרנעמען אַליין די גאַנצע באַנק?

— עס גייט דאָ נישט אין פאָרמעלן „רעכט“; עס גייט אין דעם,

אַז מען דאַרף האָבן געהעריקע אַכטונג צו אַ קינסטלער, וואָס איז פאַרליבט אין די שיינקייטן פון גאָטס וועלט... איך האָב באַמערקט, אַז איר זיצט אָפּ לאַנגע שעהן, פאַרקוקט און באַצויבערט, און שטערן אייך וואָלט פון מיין זייט געווען אַן אומפאַרציילעכער חטא קעגן די עלעמענטאַרע כללים פון מענטשלעכע באַציונגען.

איך האָב די טיראַדע אויפגענומען ערנסט, אפילו נישט טראַכטנדיק, אַז דאָס קאָן זיין אַ גאַנג צו געווינען מיין צוטרוי. היינט בין איך זיכער, אַז הגם דער זעלביקער מענטש איז אין משך פון די פריערדיקע טעג געווען דער טעטיקסטער ביים פאָרשן מיין פאַרברעכערישע איניציאַטיוו אַרום דער פאַרפירטער בלאָנדער דאַמע, איז ער אין דעם מאָמענט שוין געווען איבערצייגט, אַז ער האָט פריער געהאַט אַ טעות. איצט האָט אים טיף פאַראינטערעסירט דאָס, וואָס ער האָט פריער קיינמאָל נישט געהאַט דעם צופאַל צו באַאָבאַכטן: אַ ייד זיצט אָפּ שעהן לאַנג באַצויבערט און קוקט אין דער פאַטאַ־מאָרגאַנאַ מיט אַנטציקטע בליקן! אַ ייד — אַ קינסטלער?

ווען ער האָט זיך צוגעזעצט נעבן מיר אויף דער באַנק, איז די זון נאָך געשטאַנען הויך אויפן פילפאַרביקן האָריזאָנט. איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען און אים אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט, זיך אויפהייבנדיק פון אָרט, מיין האַנט שטאַרק געדריקט און עפּעס אַרויסגעפּליסטערט. איך האָב שפּעטער זיך דערוווסט, אַז מיסיאָנערן אין שליחות טאָרן אונטערוועגס נישט געברויכן זייערע פריוואַטע נעמען.

איך געדענק, אַז אונדזער געשפּרעך האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ פראַגע, וואָס איך האָב אים געשטעלט וועגן זיין אופן רעדן פראַנצויזיש און ענטפערנדיק האָט ער באַקומען אַ שאָטן פון נישט פאַרהילטער רוגזה אויפן פנים. אינגיכן האָט זיך אַנטוויקלט די טעמע „טעאַטער“ און ער איז געווען ממש איבערראַשט, דערהערנדיק, אַז אויף דער יידישער בינע שפּילט מען שעקספּירן, הגם איך האָב אָפן אַרויסגעזאָגט מיין פאַרבימערונג, וואָס די יידישע פאַרמעגלעכע קלאַסן שטיצן נישט דאָס בעסערע טעאַטער, און דער אמתער קאָנטינגענט — אַרבעטער, האַנטווערקער — זענען צו אָרעם, און קיין טעאַטער אין פולן זין פון וואָרט האָבן יידן נישט, ווייל טעאַטער איז אַן אויסדרוק פון עשירות, און די יידישע מאַסע איז אָרעם.

איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב שטודירט און בין 13 יאָר געווען טעטיק אין רוסישן טעאַטער, ווו איך האָב אַ סך געשפּילט שעקס־

פירן, און איך האָב פאַר אים ברייט אַנטוויקלט מיין קאָנצעפּציע פון „סוהר פון ווענעציע“... אין אָנהייב האָט ער ענערגיש פּראָטעסטירט, אַרויסרוקנדיק די גוט באַקאַנטע פּאָסטולאַטן, אָבער שריט נאָך שריט האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון זיינע פּאָזיציעס, און מיין טעזע, אַז שעקספּיר באַווייזט דאָ, ווי אַגשטאָט די געבאָטן פון יעזוסן, פאַרשפּרייט מען אין ווענעציע צביעות, לעבנסלוסט, אויסגעלאַסנקייט און שנאה צום פרעמדן — אָט די טעזע האָט מיין דאָמיניקאַנער אויפגענומען מיט צעפלאַמטע בליקן...

איך האָב מיך אויפגעהויבן פון דער באַנק אויסצוגלייכן מיינע פיס און זע: די זון איז אויף דער צווייטער זייט פון אונדזער שיף...

— איך האָב אין היץ פון אונדזער שמועס נישט באַמערקט, אַז מיר האָבן זיך איבערגעזעצט — האָב איך געזאָגט, קוקנדיק אַרום זיך מיט פאַרחידושטע בליקן...

ער האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

—מיר האָבן זיך נישט איבערגעזעצט, סעניאָר! די זון האָט אין אָנהייב פון אונדזער געשפּרעך געהאַלטן אין אונטערגיין און איצט האַלט זי אין — אויפגיין!...

אויפן האָריזאָנט האָבן געלויכטן און געשפּילט די שטראַלן פון באַגינען אין די אָרעמס פון צעשפּילטע כוואַליעס, וועלכע קענען נישט דעם חילוק צווישן טאָג און נאַכט. אָבער אויף די האָריזאָנטן פון מאָרגנליכט זענען נישטאָ קיין כשוף־שטיפערייען פון פּאַטאַמאָרגאַנאַס: אַלץ איז רואיק און ניכטער און וועקט דעם ווילן צו מעשים, שטויסט צו שאַפן ווערטן פון אויפגעוואַכטן טאָג.

— מען דאַרף פונדעסטוועגן אַריינגיין אין קאַיוטע, אַראָפּלאָזן די פאָרהענגלעך און פּרוון אַ פּאָר שעה שלאָפן, זיך באַפרייענדיק פון פאַנטאַסטיק און מאָרגנליכט.

איך האָב אים אויסגעשטרעקט די האַנט. פעסט זי דריקנדיק, האָט ער זי נישט אַרויסגעלאָזן פון זיינער און מיט אַן אויסדרוק פון טיפן ערנסט שטיל געזאָגט:

— איך מוז מיר דערלויבן אייך שטעלן אַ פראַגע, צו וועלכער מיך שטויסט סיי מיין באַרוף פון אַ קאַטוילישן מיסיאָנער, סיי מיין קריסטלעכער געווויסן, סיי — און דאָס איז אין דעם פאַל דער עיקר — מיין אויפריכטיקע באַוווּנדערונג פאַר די הויכע מאָראַלישע און מענטשלעכע קוואַליפיקאַציעס, פון וועלכע איך האָב אין די שעהן צווישן אונ=

טערגאַנג און אויפגאַנג פון דער זון מיך אָנגעשטויסן אין אַזאַ פּרעכ־
טיקער פאַרקערפּערונג.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. איך האָב געפּרוווט אַרויסציען מיין
האַנט פון זיינע מעכטיקע פינגער, אָבער ער האָט זיינע פינגער נאָך
שטאַרקער צונויפגעפּרעסט. ס'איז מיר געוואָרן אין אַ געוויסער מאָס אומ־
היימלעך.

מיר איז נישט קלאָר געווען וואָס ער וויל פון מיר און ווי אַזוי
דאַרף איך רעאַגירן אויף זיין אָנגריף, הגם אַזוי אָנגעפילטן מיט הייסער
התפּעלות, דאָך — אָנגריף. איך האָב, כדי צו באַפרייען מיין האַנט, זיך
אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק. ער האָט מיין האַנט פון זיינער אַרויס־
געלאָזט, זיך אַוועקגעזעצט האַרט נעבן מיר און, פּילנדיק זיין אָטעם
איבער מיין פּנים, האָב איך דערהערט:

— פאַרוואָס זענט איר נישט קיין קאַטאָליק? אייער אופן דענקען,
פילן און באַהאַנדלען די ווערטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון דער קעגנ־
וואַרט, ווי אויך אייער אָפּשאַצונג פון די קאַמפן, וואָס די מענטשהייט
פירט, שמידנדיק איר צוקונפט — דאָס אַלץ איז ביזן לעצטן פאָדעם
דאָס געוועב פון קריסטוסעס געבאָטן. איר זענט אַ קריסט אין יעדן
טראָפּן פון אייער בלוט, אין יעדן פינטל פון אייער גייסט און געוויסן.
פאַרוואָס זשע געהערט איר צו דער געמיינשאַפט פון קריסטוסעס
פיינט? פאַרוואָס נעמט איר נישט אַוועק אייערע ערלעכע הענט פון
קרייץ, צו וועלכן זיינע שונאים האָבן אים צוגעשלאָגן מיט נעגל?

— אויף לאַנגע טעאָלאָגישע וויכוחים, סעניאָר, איז נאָך יענע
עטלעכע שעה שווין נישטאָ קיין צייט און קיין כוח. איך בין אגב נישט
קיין ספּעציאַליסט אין די ענינים און קאָן מיך נישט פאַרמעסטן מיט
אַ באַרופענעם מיסיאָנער. אויף אייער קורצער פראַגע, וואָס איר האָט
מיר געשטעלט אין דער טיראַדע, וואָס איך האָב אויסגעהערט, וועל איך
ענטפערן: געקרייציקט איז צוויי טויזנט יאָר דאָס פאָלק, צו וועלכן איך
געהער לויטן עצם פאַקט פון מיין געבורט, דאָס פאָלק, וואָס איז אויס־
געשטעלט אויף רציחות און גוואַלדטאַטן פון אַלע מושלים און מאַכט־
האָבער. די שנאה צום יידישן פאָלק באַגרינדעט מען אויף בלערליי
אופנים. אין גרונט איז עס דער הפקר פון בלוטדורשטיקע רשעים, וואָס
דורשטן נאָך בלוט. יעדער אין דער מענטשן־משפּחה, וואָס וויל גיין אין
וועגן פון יושר און צדק, דאַרף תמיד און אומעטום געדענקען אין דעם
געקרייציקטן פאָלק אָן שום שייכות צו זיינע פאַרדינסטן פאַר דער

מענטשהייט אָדער עוולות קענען איר. יידן האָבן געקרייציקט יעזוסן? יידן האָבן געבוירן יעזוסן! אָבער היינט איז דאָס פֿאָלק געקרייצט און דאָס טאָר נישט פֿאַרגעסן קיין שום קריסט, אויב יעזוסעס געבאָטן זענען זיין שיינוואַרפֿער! איר האָט אין מיין אופֿן פֿון דענקען און אויפֿנעמען די ווערטן פֿון לעבן דערזען אַ „קריסט“? האָט איר אַ טעות, געשעצטער סעניאָר: דאָס איז אַ הונדערטפּראָצענטיקער י י ד! אַזאַ בין איך און קיין אַנדערער קאָן איך נישט זיין! אַ י י ד! אַ קינד פֿון יידישן פֿאָלק!

קאָנען דעם פֿאָלק ווערן אַנגעוואָרפֿן און צוגעשריבן מי יודע וועלכע מעאָריעס. ליבע צו מענטשן, פֿאַרשטענדעניש פֿאַר זייערע שטרויכלונגען, טיפֿער מיטלייד צו ליידנדיקע, קרבן־גרייטקייט פֿאַר עלנטע און פֿאַרוואָגלטע — דאָס זענען מידות פֿון יעדן יידישן דורכשניטלעכן יחיד. איר האָט אָנגעטראָפֿן אויף איינעם פֿון מיליאָנען און האָט אים אָפּגעשאַצט ווי אַ „קריסט“. קירסטלעך זענען דאָ די געבאָטן! די טבע, די זיטלעכקייט, די מידות זענען דאָ — יידישע!

און איצט פּראַקטיש:

אַ קאַטוילישער מיסיאָנער, וואָס האָט די אויפֿגאַבע צו זאַמלען וואָס מער אומגלויביקע נפֿשות און פֿאַרוואַנדלען זיי אין פֿרומע מיטגלידער פֿון דער קירך, האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ יידן, האָט געפֿונען אין אים אַלע מידות טובות פֿון אַ פֿרומער קריסטלעכער נשמה און וויל אים אַריינטראָגן אין דער רשימה פֿון אויסדערלייזטע. און יענער אַנטרינט. יענער וויל פֿון דעם נישט הערן. דער מיסיאָנער פֿאַרשפּילט אַ זיכערע קאָרט.

— ווילט איר, גלויבט, ווילט איר נישט — גלויבט נישט: מיר פֿאַרשאַפֿט עס עגמת נפֿש! מיר טוט וויי, ווען עמעצער פֿאַרשפּילט מיט מיר אַ שאָד...

און איך בעט אייך, סעניאָר, באַטראַכט דעם ענין פֿון איין און איינציקן שטאַנדפּונקט.

איך בין ביי מיין טאַטע־מאַמען געווען אַ בן־יחיד. מיין אַוועקגיין צום טעאַטער האָט זיי אָפּגעקאָסט טייכן טרערן. זייער טרייסט איז געווען, וואָס דעם גלויבן פֿון זייערע אבות בין איך פֿאַרבליבן טריי, פֿון דער געמיינשאַפֿט, פֿון פֿאָלק זיך נישט אָפּגעריסן.

איצט זענען זיי שוין לאַנג אויפֿן עולם האמת.

און איך שטעל דאָ דעם ערלעכן דאָמיניקאַנער מאָנאַך אַ פּשוטע קורצע פֿראַגע:

וואָס איז אים וויכטיקער: געוווּנען אין זיין רשימה נאָך איין אויס־דערלייזטע נשמה?

אָדער לאָזן מיין מאַמעס נשמה אומגעשטערט ליגן אין איר איי־ביקער רו??

וואָס וועט אויף אָט דער פֿראַגע ענטפֿערן די שטים פֿון זיין קריסט־לעך געוויסן?

איך האָב אים אָנגעקוקט.

זיינע ליפּן זענען געווען אויסגעקרימט אין אַ שמייכל פֿון לייכטער פֿאַרשעמטקייט. בליקן פֿון איינגעהאַלטענער שרעק און באַוווּנדערונג האָבן געפֿינקלט אין זיינע ברייט־אויפֿגעריסענע דורכדרינגענדיקע פֿרעכ־טיקע שפּאַנישע אויגן.

מינוטן האָט געהערשט אַ שטילקייט פֿון צעפֿלאַקערטן געדאַנק אין אויפֿגעוועקטן קעמפֿנדיקן געוויסן.

און איך האָב דערהערט אַ געפֿליסטער:

— גייט אייך אָפּרוען, מענטש אין גאָטס געשטאַלט! ביז מיין לעצטער שעה וועל איך אייך געדענקען און שעצן.

## אַכטער קאַפּיטל

### במרחקים — אינדערהיים

צום סוף פון דער דריטער וואָך, לערך, זענען מיר אָנגעקומען קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ.

גאַנץ פרי, ביי דער בלאַסער שיין פון די ערשטע זונענשטראַלן האָט זיך אונדזער שיף אָפּגעשטעלט. האָבנדיק אומגעריכט פאַרלאָרן דעם פאַרווייגנדיקן ריטם, האָב איך מיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אַריינגעקוקט אין פענצטער־שויב פון דער קאַיוטע און... געבליבן ווי פאַרשטיינערט פון דעם, וואָס מיינע אויגן האָבן אויפגענומען. אַז איך האָב פאַר זיך נישט קיין פאַטאַמאָרגאַנאַ איז געווען קלאָר: די הערלעכקייט פון בילד האָט זיך געשפּרייט נישט אין הויכן ווייטן הימל־האָריזאָנט, נייערט אָט דאָ אוממיטלבאַר פאַר די אויגן. דער ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז איך שטיי פאַר אַ וויטרינע, וואָס איז באַשאַפן דורך הענט פון אַ גרויס־מייסטער און איז באַלויכטן דורך אַ ספּעציעל־קאָמפּאָנירטער באַלויכ־טונג. אָבער פאַר מיינע אויגן האָט זיך געשפּרייט נישט קיין „וויטרינע" אין אַ יום־טובדיקן שויפענצטער: עס איז געווען אַ בליק אויף ריאָ דע זשאַנעיראָ אין ליכט פון בראַזיליאַנער מאָרגן־זון.

די אַנטציקטע אויגן האָבן זיך נאָך ברייטער אויפגעריסן אַדאַנק דעם, וואָס עס האָבן אויפגעכאַפּט די אויערן: קלאַנגען פון אַ וווּנדערבאַרן מאַרש, וואָס געשפּילט האָט אַן אָרקעסטער ערגעץ אָט דאָ נישט ווייט, אָבער איך האָב אַזעלכע קלאַנגען ביז יענעם פרימאָרגן קיינמאָל נישט געהערט...

עס איז געווען נישט קיין חלום און נישט קיין כשוף, נייערט די וואָרע ווירקלעכקייט אין שייכות מיט אַ צופעליק געשעעניש אין יענעם פרימאָרגן.

מיט דער שיף איז געקומען אַהיים פון אַ וויכטיקער מיסיע קיין אויס־לאַנד אַ הויכע פערזענלעכקייט פון דער רעגירונג און מען האָט פאַר זיין כבוד אַראַנזשירט אַזאַ קבלת־פּנים מיטן וווּנדערבאַרן אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט דעם בראַזיליאַנער מאַרש אין אַן אַנדער טאָנאַציע, ווי מיר זענען געוווינט (דאָס האָט מיר מיין מוזיקערין קלאָר געמאַכט).

ועל כולם איז מיר אויסגעפאַלן אַזאַ מין רעאַלע „פּאַטאַמאָרגאַנאַ“ אין פּאָרט פון דער שטאָט, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דער שענ־סטער פון אַלע, וואָס מיר איז אויסגעפאַלן צו זען ביז דאַן און פאַר מיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן.

די שיף וועט שטיין אין פּאָרט גאַנצע 12 שעה!

דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרלירן קיין צייט און זיך אַוועק־לאָזן קוקן און באַוווּנדערן.

האָבן מיר שנעל זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק, אָפּגעגעסן פרישטיק און זיך געלאָזט גיין.

אָבער ביים בריקל, וואָס פירט פון דער שיף צום פּאָרט, האָט זיך אויסגעשטרעקט אַ האַנט: „לא!“ מיט אַן אלף! די מאַדאַם וועט פון דער שיף נישט אַראָפּגיין!!

מיין ענערגישער פּראָטעסט האָט אַרויסגערופן אַ הייטערן געלעכטער.

— דער סעניאָר וועט האָבן אַ גאַנץ אַנדערן אויסדרוק אויפן פּנים, ווען ער וועט זיך כאַפּן אויפן בולוואַר, אַז די מאַדאַם איז פאַרשוווּנדן און ער ווייסט נישט ווו אָנצוהייבן זי זוכן. און אַז ער וועט זיך ווענדן צום ערשטן בעסטן פּאָליציאַנט, וועט ער דערהערן, אַז ער שפּאַצירט איבער די גאַסן אָן אַ וויזע, און אים וועט פאַרגעלייגט תיכף זיך אומ־קערן אויף דער שיף, אָדער ווערן אַהין אָפּגעפירט.

— וועט מיר דערלויבט זיין צו פאָרן אין שטאָט אַליין?

— וויפל אייער האַרץ גלוסט, סעניאָר! און פאָרן וויל פון אייער דאַמע ביי אונדז דאָ קאָנט איר זיין פולשטענדיק זיכער.

אָבער מיין דאַמע איז געשטאַנען מיט טרערן אין אירע גרויע אויגן.

נאָך אַ טעלעפאָנישן קאָנטאַקט איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון עט־לעכע אָנגעזעענע לייט — פון דער רעדאַקציע און, דוכט זיך, פון מאַגיס־טראַט. איך געדענק ווי מיט די פאָרשטייער פון די שטאָטישע אינסטיטוציעס האָבן די סעניאָרן אויף דער שיף געפירט אַנדערע דיבורים. ביים בריקל האָט מען מיר געגעבן צו התמענען אַ מעלדונג, אַז אויב די דאַמע וועט נישט קומען צום אָפּגיין פון דער שיף, וועל איך צו זיי קיינע פּרעטענזיעס

נישט אַרויסרוקן און זייערע אחריות פֿאַר איר דערקלער איך אויף דער צייט פֿון איר אָפּוועזנהייט פֿאַר אומגילטיק.

מיר האָבן זיך אין עטלעכע פּרעכטיקע אויטאָמאָבילן געלאָזן איבער די בולוואַרן פֿון ריאָ דע זשאַנעיראָ. ווי ווייט מיר דוכט זיך, איז מיין סעניאָראַ געפֿאָרן אין אַ צווייטער מאַשין. לכל הדעות — געדענק איך, ווי איך האָב איבערגעלעבט אומגעריכט אַ שאַרף געפֿיל פֿון אומרו בעת דער עקסקורסיע. עס איז געווען, פֿאַרשטייט זיך, אַן אומפֿאַרמיידלעכע רעאַקציע נאָך די אַלע וואָרענונגען. מיך האָט אַרומגענומען אַ שווידער־לעכער געדאַנק: וווהין פֿירט מען אונדז? ווער ווייסט צי איז צווישן די עטלעכע אָנגעזעענע פֿריינדלעכע, שמייכלענדיקע יידישע מענטשן נישטאָ איינער פֿון דער פֿאַרברעכער־וועלט? צי בין איך נישט אין דער נעץ פֿון נאַיוון צוטרוי?

איך וואָלט, אפֿשר, אָט די מינוטן פֿון נאָגנדיקער אומזיכערקייט נישט פֿאַרגעדענקט, אָבער איך געדענק, ווי איך האָב דערפֿילט אַ לייכט־קייט און אַ פֿרייד, דערזעענדיק, אַז אונדזערע לימוזינען זענען אַריינגע־פֿאָרן עפּעס אַזוי ווי אין געסלעך פֿון יידישער וואַרשע — שמאָלע, ענגע און אומבאַהאָלפֿענע. דערנאָך איז מען געגאַנגען אויף אַזעלכע קרומע טרעפּ, מען איז אַריין אין אַ שטוב... און איך האָב דערזען אויף דער וואַנט — פּרצן.

דער טיש איז געווען „רייך“ סערווירט. אָבער נישט מיט פֿלאַשן שאַמפּאַניער, זילבערנע געשירן און מאַכלים פֿאַר ראַפֿינירטע גורמאַנען, נאָר פֿלעשלעך י״ש, טעלערלעך מיט הערינג, געהאַקטע און געציבלטע, לעבערלעך וכדומה. און עס איז אַוועק אַ „באַנקעט“! מיין חבר לייבעלע פֿרידמאַן האָט אַוועקגעלייגט אַ דרשה וועגן ערשטן אַקט „קין“ אין צענט־ראַל־טעאַטער און דערמאָנט אַלטער קאַציזנעס: „עס איז געווען אַ ברכה צו מאַכן ווי אַזוי לייבעלע פֿרידמאַן האָט געצונדן דעם זשיראַנדאָל אַלס „מאַזשאָרדאָם“ אין סאַלאָן פֿון דענישן געזאַנגטן“...

און ווידער האָט דאָ אונטער ווייטע הימלען אַ שלאָג געטאָן די נאָענטקייט. ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז די וועלט איז גרויס און רייך און פֿאַרביק אַזוי לאַנג ווי דער פּרץ־פּאָרטרעט איז דיין שיינוואַרפֿער, דיינע וועגן שפּרייטן זיך פֿריי און ווייט, אָבער באַהעפֿט מיט די טיפֿענישן פֿון פֿאָלק, און דאָס ליד פֿון דער יידישער לירע איז דיין העכסטע און הייליקסטע תּפֿילה.

אין פיר חדשים אַרום זענען מיר אויף דער שיף „וואָלטער“ גע־שווומען צוריק — קיין ניו־יאָרק. אין פּאָרט פון ריאָ האָט מען דאָס מאָל נישט קיין מיניסטער מקבל פּנים געווען און נישט מיט יענעם אומפּאַרגעס־לעכן אָרקעסטער. אויף דער פּלאַטפּאָרמע איז געשטאַנען אַ יידישער כאָר; בוקעטן און קנאָספּן האָבן אַלע געהאַלטן אין די הענט, און די לופט איז געווען פול מיט קלאַנגען פון פאָלקס־לידער, געזונגענע צו באַגריסן אַ שוי־שפּילער, וועלכער טראָגט אין זיין האַרץ און געמיט דעם ציטער פון פאָלק און וואַנדערט און זוכט — טעאַטער.

פון ביידע באַזוכן אין ריאָ איז מיר פאַרבליבן — איין איינדרוק: הייסע אָטעמס פון באַשיידענע אַרבעטער און בעלי־מלאכות, אומגעקינצל־טע פאַרשטענדעניש פאַר יידישער קונסט. דאָס אַלץ איז געווען פערזאָני־פיצירט אין דער געשטאַלט פון האַרציקן אַקטיאָר לייב פרידמאַן. און לאַנ־גע יאָרצענדליקער מיט אַלע זייערע שטראָמען האָבן נישט אָפּגעשווענקט דעם רושם פון יענע זוניקע טעג אונטער די הימלען פון בראַזיליע.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען מיר געווען אין מאָנטעווידעאָ. דאָרטן ענדיקט זיך די רייזע אויף די וואַסערן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן. די שיף שווימט אַריין אין דער מעכטיקער לאַ־פּלאַטאַ, און נאָך איין נאַכט זענען מיר —

אין דער הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע: בוענאָס איירעס!!

דאָס באַדייט בוכשטעבלעך: „גוטע לופט“.

איך האָב באַטראַכט דעם באָדן מיט אַ פאַרשטענדלעכער טרעמע פאַר דעם, וואָס מיך דערוואַרט. איך האָב דערזען אין פּאָרט אַ ריי אָנגע־זעענע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען געקומען מיך מקבל פּנים זיין, גע־דריקט פריינדלעכע הענט, אויפגענומען ליבע־בליקן און באַקומען אַ סור־פּריז, וואָס האָט מיך איבערראַשט און אַנטציקט:

צווישן די טעלעגע באַגריסונגס־נאָטיצן האָב איך דערזען אַן עסיי: „דער, וואָס קריגט די פּעטש“.

דער מחבר איז געווען יעקב באָטאָשאַנסקי!

בעסער באַגריסן האָט מען נישט געקאָנט.

און היות אונדזער גאַנצער אָפּשניט פון די יאָרן איז געשריבן אונ־טערן טיטל: „פּעטש“, וועלן מיר דערמיט פאַרענדיקן דאָס בלאַט: „א יי ר אָ פּ ע“.

מיר זענען אין אַ מ ע ר י ק ע!

לעת־עתה — דרום־אַמעריקע!

# ערשטער קאַפּיטל

## אַמעריקע

דאָס האָט זיך גערופן: „די נײַע וועלט“.

אָבער מיר פאַרמעסטן זיך נישט צו שרײַבן וועגן לינקאָלן, וואַשינגטאָנען און דזשעפערסאָנען.

אוגדז גייט וועגן דעם יידישן אמעריקע.

און נישט וועגן דעם הײַנטיקן יידישן אַמעריקע, וואָס איז זיך צעוואקסן נאָכן אומקום פון דרײַ מיליאָן יידן אין אייראָפּע.

עס איז א בילד פון פינצטערן יידישן לעבן סוף פאָריקן, אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט...

אויפן באַן־פעראָן אין מינסק, בריסק, בערדיטשעוו, אָדער אוועלכן ס'איז אַנדער כרך פון דער „טשערטאַ־אָסיעדלאָסטי“ שטייט אין לופטן אַ געטומל, אויסגעמישט מיט יאָמער: ווייבער, מומעס, שוועסטער, שוויגער און זייערע מענער און א צענדליק קינדער באַגלייטן דעם טאַטן, שוואָגער, פעטער און סתם קרוב „קיין אַמעריקע“.

דער יאָמער, וואָס פילט אָן די לופט, ווערט איבערגעריסן דורך אויסרופן פון הוזק מצד זייטיקע, נישט יידן.

דער טאַטע פאָרט אוועק קיין אמעריקע. די מאַמע מיט די לעבעדיקע יתומים בלײַבן איבער פאַרוואָרלאָזט און עלנט. עס גייען אַוועק וואָכן, אָפט חדשים, ביז ס'קומט אָן דער ערשטער לעטער: „ער לעבט!“, „געלויבט איז דער פאָטער אין הימל!“ וואָס טוט ער? ווי קומט ער אויס? צי לײַדט ער נישט קיין הונגער?

עס גייען אוועק נאָך צוויי חדשים... און עס קומט אָן זײַן „פיקטשער“ און א דאָלאר מזומנים...

ער שרײַבט מען זאָל זיך נישט וווּנדערן, וואָס ער האָט נישט זײַן באָרד. די באָרד מוז מען דאָ אָפּגאָלען. אָבער אַלץ, אַחוץ דער באָרד, איז

געבליבן ווי געווען. און ער וועט אימערצעשעם בלייבן טריי איר און די קינדער. ער וועט נישט פארגעסן אין זיי. און אז דער אויבערשטער וועט העלפן, וועט ער זיי שיקן שיפס־קארטן און אראָפּברענגען אהער אין דער נייער היים.

און כך הוה. — ער האָט זיך נישט געענדערט.

אין 30—40 יאָר ארום, בעת דער מחבר האָט דערזען אמעריקע איז געווען קלאָר, אז דאָס בעל־הבית׳ל פון מינסק און קאנאטאָפּ איז אין בראָנקס און ברוקלין, אהוץ דער באָרד, מיט אלע פּיטשעווקעס דער זעל־ביקער, וואָס האָט מיט יאָרצענדליקער צוריק זיך ארייגגעזעצט אויפן פאריאָמערטן פּעראָן אין „פּאָיעזד“.

גאָרנישט פארגעסן! גאָרנישט אויסגעלערנט זיך!

פון קולטור נישט קיין סימן, נישט קיין שפור!

„קולטור?“

וואָס איז עס אזעלכעס?

ארומשפּאצירנדיק גאנצע טעג איבער דער וווּנדערבארער שטאָט און באצויבערט פון דעם, וואָס א טוריסט קאָן געפינען נאָר אין אָט־דעם לאַנד, האָב איך מיך אָנגעשטויסן אויף אַ דערשיינונג, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך ערגעץ אנדערשוווּ.

אויף די ראַנדען פון דער שטאָט זענען אָנגעוואָרפן איבערן ליימיקן באָדן פּליטעס פון צעמענט, וואָס שאַפן אַן אָנהייב פון טראָטואַר און ביי די זייטן — נייע בנינים, וואָס קוקנדיק אויף זיי, נעמט אָפּ ס׳לשון פון אומגעריכטקייט.

צען שטאָק אָן א דאַך! דרייהונדערט פענצטער אָן שויבן! צווישן די פוסטע ווענט טרעפּ ביזן דריטן שטאָק. העכער א ליידיקער שטח.

וואָס טוט זיך דאָ?

מיט קורצע וואָכן צוריק איז פּאָרגעקומען דער באריטמטער אין 1929 יאָר „קראַך אויף דער וואָל־סטריט“. עס האָבן געפּלאַצט די אַקציעס פון הונדערטער בוי־געזעלשאַפטן און מע... האָט איבערגעריסן די בוי־אַר־בעטן אין גאנצן לאַנד...

קוקנדיק אויף דעם שווידערהאפטן און טראגישן בילד פון פארווים־טונג אין קעסל פון ברויזנדיקן לעבן ארום; אייגאָטעמנדיק די טויטע לופט פון די אויסטערלישע רואינען אין אָנבליק פון מעכטיקן וווּקס, האָב איך זיך געזאָגט: „דאָס זענען רואינען פון דער צוקונפט!“

און זיך איבערגעטראָגן אין די מחשבות צו אנדערע רואינען, צו די רואינען פון צעשמערטע שלעסער אויפן רהיין!

דאָרט זענען רואינען פון פארגאנגענהייט!

ווען עס איז באַשערט געווען צו זיצן שעה'לאנג אויף א צעשמעטערטער וואנט פון יענע רואינען, פארקוקט אין די וואַסערן פון רהיין, פארזונקען אין די פערזן פון „לאָרעליי", פאַרטיפט אין אַ מעלאָדיע פון בעטהאָווענס סימפאָניע — יענער האָט איבערגעלעבט די פלאַמען און רויכן פון מיטלאַלטער, דערפילט דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ און ספינאָזא און זיין געוויסן האָט א ציטער געטאָן מיט די שאלות און ספקות פון שעקספירן.

„קולטור" שטעקט אין דער טיפקייט פון איבערגעלעבטע יאָרהונדערטער!

קולטור איז קענגעוואָרט אין די הילעס און מאָטיוון פון פארגאנגענהייט! אין אמעריקע צו מיין צייט (אזוי האָט מען מיר געזאָגט) לאָזט מען א בנין נישט שטיין לענגער ווי 50 יאָר. „טראַדיציע" איז א בייז אָנשיקעניש!

טאָ וואָס פאר א רייד קאָן זיין וועגן „קולטור"?

דער קולטור־עטאַפּ פון 19 און 20 יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אונטערן צייכן פון הומאַניזם אין דער ברייטער וועלט און האָט געבראַכט צום אויפבלי פון פאָלקס־קולטור אויף דער יידישער גאַס... אָט דער עטאַפּ, וואָס זיין פאָן, קענצייכן און גדלות איז באַלויכטן מיטן שיינוואַרפער פון יידיש־לשון, איז געווען איינער פון די רומפולע קאַפּיטלען אין אונדזער קולטור־געשיכטע און זיין גרויס און באַדייט שטעקט אין דעם, וואָס ער איז געוואָרן דער אויפשטייג פון פאָלק!

אָט דאָס איז דער שורש פון קולטור, לייענער!

אַמעריקע ווייסט פון דעם נישט, און קיין בייז אויג האָט פון דעם איר נישט געשאַדט.

מיר האָבן שוין דערציילט, אַז ביים באַטרעטן דעם באָדן אין פּאָרט אין בוענאָס איירעס בין איך געווען איבערראַשט סיי פון דער עדה, וואָס איז געקומען מיך באַגריסן, סיי פון די ערשטע אַקצענטן, וועלכע האָבן עדות געזאָגט, אַז איך בין נישט צווישן פרעמדע, נישט קיין „אורח", נייערט אין אַן אייגענער קולטור־סביבה.

אַ קורצע דיגרעסיע כדי צו באַטאָנען די ספּעציפישע אַטמאָספער פון יענעם צייט־פעריאָד אין אַרגענטינע.

* * *

מיר האָבן אויף דער שיף דערפילט די לופט פון „פרויען=האַנדל“,
איינצלנע סימפטאָמען פון יענער פּלאָג. ביז אַ באַשטימטן מאָמענט —
לערך: סוף 90=ער יאָרן — האָט זיך די יידישע אימיגראַציע קיין דרום=
אַמעריקע קאָמפּלעטירט כמעט אויסשליסלעך פון יענע עלעמענטן.

בעת אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט האָבן אָנגעהויבן איינ=
וואַנדערן שיכטן פון בעלי מלאכות, ערדאַרבעטער און ד. ג. זענען יענע
עלעמענטן באַצייכנט געוואָרן מיטן קלאָרן און שאַרפן אויסדרוק:
„ט מ א י ם“.

אַז די טמאים זענען אַלע געווען „גאָלדזעק“ דאַרף מען נישט צוגעבן.

בעת נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר האָבן זיך פון רוסלאַנד
אַ לאָז געטאָן שיכטן פון ראַדיקאַלער אינטעליגענץ און זיי האָבן צוזאַ=
מען מיט די אַרבעטנדיקע עלעמענטן דערפילט, אַז ביי דער אָרטיקער
באַפעלקערונג איז „ייד“ און „פרויען=הענדלער“ אַן אויטענטישער באַ=
גריף, האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט.

אָט דער קאַמף געהערט צו די רומפולסטע, העראָישסטע קאַפּיטלען
אין דער געשיכטע פון די שלאַכטן, וועלכע די יידישע ראַדיקאַלע אינטע=
ליגענץ האָט ווען עס איז און וו עס איז געפירט פאַר דער זאַך פון
מענטשלעכער אויסלייזונג פון פאַרברעכנס און געוואַלט.

דאָס יידישע לעבן אין אַרגענטינע איז געווען אויסגעפילט כמעט
אויף 100 פּראָצענט מיט אָט די באַנדיטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן
דורך באַטרוג און געוואַלד פאַרפירט הונדערטער און הונדערטער מייד=
לעך אין עלטער פון 17 ביז 20 יאָר; פלעגן זיי פאַר הויכע געלטער פאַר=
קויפן צו בעלי=תאוותניקעס און פון זייערע הענט איבערפאַרקויפן אין
שאַנדהייזער אויפן גאַנצן שטח פון אַמעריקאַנער דרום.

כאַפּן די פאַרברעכער האָט מען נישט געקאָנט, ווייל די עצם „טעכ=
ניק“ פון פרויען=האַנדל איז געווען פאַרבונדן מיט פינצטערער קאָנספּיראַ=
ציע... זענען די באַנדיטן נאָכן דורכגעפירטן „עסק“ אַרומגעגאַנגען פראַנק
און פריי איבער די שטעט פון די דרום=אַמעריקאַנער רעפּובליקן און האָבן
„געמאַכט אַ לעבן“.

צום מאָמענט, ווען דאָס ביסל אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבן מיט זיי
קעמפן, האָבן די טמאים פאַרמאָגט רייכע סחורות=הייזער, אייגענע בתי
מדרשים, אַן אייגענעם בית=עולם, טעאַטער=אונטערנעמונגען.

שילדערן עטאַפּן און פּרטים פון די פאַרביסענע קאַמפן זענען מיר
נישט באַרופן, אונדזער עיקרדיקע כוונה דערביי איז געווען בלויז אונ=

טערצושטרייכן, אַז די סביבה, אין וועלכער עס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג די אַרבעט פון טעאַטער „אַמבו“ אין משך פון יענע פיר הדשים, איז געווען אַזאַ, וואָס קיין גלייכע צו איר האָב איך נישט אָנגעטראָפן אויף מיינע וועגן פאַר די יאָרצענדליקער טעטיקייט אויף די יידישע טעאַטער־ברעטער. און די דאָזיקע אָפּשאַצונג פון דער סביבה יידישער אינטעליגענץ אין בוענאָס איירעס באַזירט נישט נאָר אויף דער צאָל אויסדערוויילטע קולטור־טוער, גלענצנדיקע זשורנאַליסטן, געוויסנהאַפטע און הויכבאַגאַבטע פּאָליטישע עסקנים פון פאַרשידענע ריכטונגען. דאָ האָט געווירקט דער פאַקט, וואָס די לופט, די אַטמאָספער איז געווען אָנגעגליטט דורכן אידעאַליזם פון די קאַמפן פאַרן כבוד און פאַר דער ווירדע פון יידישן מענטש.

איך וועל מיך אָפּשטעלן אויף איינצלנע עטאַפּן פון דער אַרבעט אין טעאַטער, אָבער איידער איך טרעט צו צו פּרטים מוז איך זאָגן, אַז וועגן „וואָרצלען“ און „וואַקסן“ פון אַ מעכטיקן טעאַטער־בוים האָב איך אויפגעהערט טראַכטן שוין אויף דער צווייטער וואָך פון צוזאַמענאַרבעט מיטן ליבהאַרציקן אַדאָלף מידע, וועלכער האָט קיין אַנדערע אַספּיראַציעס, ווי פאַרדינען וואָס מער, ריזיקירן וואָס ווייניקער און נישט פאַרלירן קיין איין פּרוטה ביי וועלכן עס איז עקספּערימענט — נישט געהאַט.

די ספּעקטאַקלען זענען אין אָנהייב געגאַנגען ביי גוטע איינגאַמעס; דער דירעקטאָר האָט געקוואָלן און געשיינט. דער גאַסטראָליאָר, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, קאָסט אים „גראָשנס“: ווי ער וואָלט אַנגאַזשירט אין אַנסאַמבל נאָך איין ערשטן אַקטיאָר.

אָבער די גאַסטראָליאָרישע פּראָצענטער האָבן מיין אַדאָלף מידען נישט געלאָזט רואיק שלאָפן ,און אין אַ וואָך לערד, אָדער צוויי, נאָכן אָנהייב פון מיינע פאָרשטעלונגען איז ער זיך מישב און ברענגט אַראָפּ פון ניו־יאָרק נאָך אַ גאַסטראָליאָר... שוין אַן אמתן, וואָס נעמט אַראָפּ די פּראָצענטער פון אויבן, פירט זיך אויף ווי עס פּאַסט פאַר אַ סטאַר.

זיין נאָמען איז געווען — דזשייקאָב זילבערט, אַן אָפּערעטן־ספּעץ אין סטיל פון יענער „קונסט“, וועלכע איך האָב שוין פון לאַנג אָן נישט געקאָנט אויפנעמען אַנדערש ווי מיט ביטול און עקל.

דער סטאַר בעצמו — אָפּגעזען פון זיין אַרטיסטישער געשטאַלט — איז געווען אַזאַ מוסטער פון אַן אַמעריקאַנער „אָלרייטניק“ (וועלכן איך האָב דעמלט נאָך מאַסנווייז נישט געקענט...) — מיט אַ פּאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט איבערן רוקן, פייקע אין די ליפּן און אומאָפּרופלעכער תקיפות

אין אופֿן פֿון רעדן און האַלטונג, ביטול צו אַלץ און אַלעמען, וואָס איז ניט — „מעיד אין די יונייטעד סטייטס“, אַז, האָבנדיק אים דערזען אין טעאַטער, האָב איך געוואָלט דעם זעלביקן טאָג פּאַקן מיינע „מאַנאַטקעס“. עס זענען אָבער געווען אַנאָנסירט אַ ריי מיינע אויפֿפֿירונגען; דער דירעקטאָר האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז אויף מיין אַרבעט וועט דער סטאַר אפֿילו ניט מאַכן קיין פּרוון צולייגן דעם חותם פֿון זיין רעפּערטואַר. איך בין פֿאַרבליבן. אָבער די אַטמאָספֿער איז שוין געוואָרן אַזאַ, אַז מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער דאַטע פֿון פֿאַרענדיקן מיינע גאַסטראָלן. דער ענין איז געוואָרן ליקווידירט דורך דעם, וואָס מאָרים שוואַרץ האָט מיט יעדער וואָך ענערגישער מיך אַטאַקירט אַריינצוטרעטן אין זיין „קונסט־טעאַטער“... איך מוז אָנגעמען, אַז באַוויגן דערצו האָט אים ניט נאָר די בוענאָס־איירעסער יידישע פּרעסע, אין וועלכער מיינע אויפֿפֿירונגען בכלל און פֿערזענלעכע לייסטונגען בפֿרט האָבן געפֿונען זייער אַ גינסטיקע אָפּשאַצונג... איך מיין, אַז אויף שוואַרצן האָבן געווירקט די בריוו פֿון צוויי אָנגעזעענע אַמעריקאַנער אַקטיאָרן, וועלכע האָבן גלייכצייטיק מיט מיר גאַסטראָלירט אין בוענאָס איירעס: דזשאָזעף שיינגאָלד און מנשה סקולניק. דער ערשטער, דער איידעם פֿון באַרימטן דזשייקאָב אַדלער, איז געווען דורכגעדרונגען מיט די טראַדיציעס פֿון „בעסערן“ יידישן טעאַטער, וועלכן אַדלער האָט לויט זיין קענען און כוחות כל ימיו קולטיווירט... שיינגאָלד פֿלעגט זיצן אלע זיינע פֿרייע אָוונטן אין „אָמבו“ און האָט זיין אָנערקענונג צו דעם, וואָס ער האָט דערזען אויף דער בינע ביי אונדז, אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פֿיל אוממיטלבאַרקייט, אַז מיר האָבן זיך דערפֿילט ווי פֿריינד צווישן זיך און היציקע אָנהענגער פֿון סצענישן פּראָגרעס אין יידישן טעאַטער...

שיינגאָלד האָט שוואַרצן געשריבן און איבערצייגט, אַז ער טאָר באַין אופֿן אָט דעם אַקטיאָר ניט אַרויסלאָזן פֿון זיינע הענט.

אין קלאַמערן מוז איך באַמערקן, אַז מיר איז שיינגאָלדס האַנדלונג און איינגעשפּאַרטקייט געוואָרן אומפֿאַרשטענדלעך, ווען איך האָב שפּעטער דערקענט די אַספּיראַציעס, וואָס מאָרים שוואַרץ האָט געהאַט צו טעאַטער בכלל און וואָס ער האָט געפֿאָדערט פֿון אַן אַקטיאָר אין זיין טעאַטער...

מנשה סקולניק האָט מיר שוין דעמלט אויפֿן אָרט געמאָלדן, אַז צו שוואַרצן זאָל איך פֿאָרן, אויסנוצנדיק דעם אַנגאַזשעמענט, אָבער אַרבעטן וועל איך אין ניו־יאָרק אין אַנדערע דירעקציעס...

וואָס פון דעם איז אַרויסגעקומען וועלן מיר נאָך האָבן צו דער־ציילן, אָבער די אונטערהאַנדלונגען מיט שוואַרצן האָבן מיך שוין אָפּגע־ריסן פון אַרגענטינער באָדן און מיט אַדאָלף מידע, נאָך זיין „שידוך" מיטן אַמעריקאַנער סטאַר, האָב איך שוין קיין קאָנטאַקט נישט געהאַט און נישט געזוכט.

מיר זענען טיף אין געמיט פאַרבליבן די פיינלעכע געפילן פון צייט־ווייליקייט און פרעמדקייט אין דער שטאָט, וועלכע איך האָב פון די ערשטע טעג אַזוי טיף ליב באַקומען.

„פאַרוואָס בין איך אין אַרגענטינע נישט פאַרבליבן"??

ווייל איך האָב פאַר טעאַטער קיין באָדן נישט געפונען!!

נאָך חדשים טרוימערישקייט, דערוואַרעמט און דערהויבן דורך דער סביבה פון אידעאַליסטן, האָב איך מיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ זיסן שלאָף און — דערזען די אומברחמנותדיק קלאָרע ווירקלעכקייט: נישטאָ קיין טעאַטער אויף דער יידישער גאַס!

מידע איז געווען באמת אַ ווילער יונג, אַ בריאה מיט אַ סך יידי־שער האַרציקייט... אָבער וואָס האָט עס פאַר אַ שייכות מיט טעאַטער??

*　*

*

און וואָס איז עפּעס וועגן דער עצם טעאַטער־אַרבעט פאַר יענע חדשים?

שעפעריש מעסטנדיק, האָב איך פאַר די חדשים בלויז געמאַכט „קאַ־פּיעס" פון מיינע פריערדיקע אַרבעטן. עס איז געווען אַ צווייטע אויפלאַגע פון לעטישן מינאַריטעטן־טעאַטער אין אַ פאַרשמעלערטן פאַרנעם. אָבער איך האָב געהאַט מאָמענטן פון גרויסער באַפרידיקונג, האָבנדיק דער־גרייכט באמת גלענצנדיקע רעזולטאַטן אין צוזאַמענשפּיל פון די אַק־טיאָרן... און האָס — אין פאַרשטעלונגען, וואָס פלעגן ווערן צוגעגרייט אין משך פון דריי־פיר טעג.

איך בין אויך געווען אַנטציקט און מיין באַוווּנדערונג און טיפע אַכטונג איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג צו אַ ריי אויסגעצייכנטע שוישפּי־לער, פון וועלכע דאָס ערשטע אָרט האָט פאַרנומען — פּאַליפּאַדע און נעבן אים — זינאַ ראַפּעל. פּריש, אוממיטלבאַר, צעפּלאַמט איז געווען איר טאַכטער — ציליע טעם.

צעוואָרפן און צעשאָטן זענען די ציגל און צעמענטן פון יידישן טע־אַטער. אָבער אומפאַרגעסלעך זענען זיינע בויער און טרעגער, צווישן וועל־

כע איך האָב אין אַרגענטינע דערקענט און אויפֿן גאַנצן לעבן מיט ליבשאַפֿט אין האַרצן באַהאַלטן אַ ריי אויסדערוויילטע.

אַ נישט באַצאָלטער חוב וואָלט געבליבן אויף מיין געוויסן, ווען אין קאַפּיטל „אַרגענטינע“ לאָז איך דורך די קורצע אויסוואַנדערונגען פֿון דער הויפּטשטאָט אין עטלעכע קלענערע יידישע ישובים... צו מיין באַדויערן זענען מיר אין זכרון נישט פֿאַרבליבן קיינע נעמען פֿון אַ ריי שטראַלנדיקע פּערזענלעכקייטן, בפֿרט — אין מאָזעסוויל, ווי איך האָב פֿאַרבראַכט, ווי ווייט איך געדענק, עטלעכע טעג און גענאָסן פֿון ברייטער גאַסטפֿריינדשאַפֿט. איך בין געווען ממש אין התפּעלות, האָבנדיק דערזען מיט די אויגן יידן-ערדאַרבעטער, געזונטע ווי דעמבעס, אויסגעבאָדענע אין זון און ווינט...

ביז היינט פֿאַרפֿאָלגט מיך דער ווייטיק, וואָס האָט מיך דאָרט דורכגענומען, זענענדיק, אַז מיינע פֿאָרשטעלונגען, מיין „קונסט“ איז אַ להלוטין נישט נויטיקע שפּייז פֿאַר זייערע גומענס... וואָס האָט זיי געקאָנט זאָגן אַנדרעיעוום „דער“, פֿון וועלכן אין די באַדינגונגען פֿון דאָרפֿישן קלוב איז פֿאַרשוווּנדן אפֿילו די עפּעקטוועלע אויסשטאַטונג, און עס זענען פֿאַרבליבן בלויז די ראַפֿינירטע טעקסטן?

איך האָב צווישן אָט די פּרעכטיקע מענטשן, אָבער פּרימיטיווע צושויער, פֿאַרשטאַנען, ווי ווייט איך בין פֿון די פֿאָלקס-שיכטן און ווי ווייניק איך זאָרג וועגן דערנעענטערן מיך צו זיי...

דאָ איז צום אויסדרוק געקומען מיין אָרגאַנישער שווישפּילערישער תוכן: נישט אַלס אַקטיאָר און נישט אַלס רעזשיסער האָב איך קיינמאָל נישט געזוכט קיין „וועגן“ — נישט אַלטע און נישט נייע. איך בין צום עולם געגאַנגען דורכן פּרימיטיווסטן און קירצסטן שטעגל — פֿון מיין האַרץ און אינטעלעקט צו זייגעם! האָט זיך מיט יאָרן — אַז מען האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אונטערציען די אונטערשטע שורות — ארויסגעשטעלט, אַז דער האָזיקער סוביעקט איז אַ „ראַפֿינירטער אינטעליגענט“ און אַזעלכעס האָט ער אַריינגעבראַכט אויף די ברעטער מיט זיך. אָט דאָס, געמלעך, איז זיין אָרט און אויפֿטו!

אַזוי האָט זיך עס אָפּגעשפּיגלט אין די שפּיגלען פֿון אַרומיקער אָפּשאַצונג! דער אמת איז אַן אַנדערער: פּרימיטיווקייט, סטיכישקייט, רואיקייט, אומטיטלבאַרקייט איז אויף יעדן שריט, אָן אויסנאַם, געווען דער קוואַל פֿון מיינע לייסטונגען און דערגרייכונגען.

וואָס די סטיכישקייט און רואיקייט פֿון גראָז איז אַן אַנדערע ווי די רואיקייט פֿון, לאָמיר זאָגן, אַ כריזאַנטעמע אָדער קאָקאָס=נוס — דאָס איז שוין אַן אַנדער פֿראַגע. איך באַשטיי דאָ בלויז אויף דעם, אַז אויף קיין איין אויגנבליק בין איך אין די פֿראָצעסן פֿון מיין סצעניש שאַפֿן נישט געווען באַהערשט דורך וועלכער עס איז מעכאַניק פֿון מעסטן, וועגן און טראַכטן: כ'האָב מיך נאָר — „געקאָכט", הגם, פֿאַרשטייט זיך, נישט אַלע מאָל אויף גלייכע פֿייערן.

די באַשריבענע ווייטיקן פֿון פֿרעמדקייט צו די פֿאָלקס=מענטשן אין מאָזעכוויל האָב איך פֿאַרגעסן בעת מיין קורצן באַזוך אין ראָזאַריאַ עטלעכע טעג און אין דער הויפּטשטאָט פֿון אורוגוויי: מאָנטעווידעאָ.

* *
*

נאָך מיין יובילײ צום 75=יעריקן געבוירנטאָג איז מיר צוגעשיקט געוואָרן אַן אַרטיקל, אין וועלכן אַ חבר באַשרייבט גענוי מיין אויפֿפֿירונג פֿון „דיבוק" מיטן אַמאַטאָרן=קרייז ביים אַרבעטער=קלוב אין מאָנטעווידעאָ („אונזער פֿריינט" נאָוויטו וואָלף בליכמערשטשיק).

אַז דער גאַנצער עפּיזאָד און די באַשרייבונג געהערן צו די פֿריידיקע מאָמענטן פֿון מיין האַלבן יאָרהונדערט איז איבעריק צו באַטאָנען. די פֿאָרשטעלונג האָב איך, אגב, נישט געדענקט און די פּרטים האָבן מיך טיף גערירט...

* *
*

איך האָב פֿאַרלאָזן אַרגענטינע, האָבנדיק געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער רעדאַקציע „די פּרעסע" אויף 25 קאַפּיטלען פֿון מיינע מעמואַרן... מיר זענען אָפּגעשוווּמען מיט דער שיף, וואָס האָט געטראָגן דעם דערהויבענעם נאָמען: „וואָלטער".

אויפֿן דעק פֿון דער שיף האָב איך אָנגעשריבן עטלעכע קאַפּיטלען. זיי זענען דערשינען לויטן אָפּמאַך. אין ניו=יאָרק האָב איך אינגיכן דערפֿילט אַזאַ ווידעטעניש אין האַרצן און פּוסטקייט אַרום, אַז איך האָב אויפֿגעגעבן יעדע כוונה צו שרייבן „מעמואַרן": מיר האָט זיך פֿאַרגלוסט שרייבן הספּדים און... קופּלעטן.

* *
*

אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָב איך פֿאַרבראַכט פֿון 5 סעפּטעמבער 1928 ביזן 1 מאַי 1930. אין דעם 14 חדשים אין ניו־יאָרק און 6 — אין טשיקאַגאָ.

די 20 חדשים אַנטהאַלטן שטאָף נישט ווייניקער ווי אַנדערע 40. איך וויל דאָ, אויסער שוועל פֿון די ווייטערדיקע שילדערונגען, דערציילן, אַז ווען דעם 5 אָקטאָבער — (ס'איז גראָד אויסגעפֿאַלן אסרו חג של סוכות) — פּאַר מיין פּרעמיערע פֿון אַנדרעיעווס שטיק, האָב איך אַריינגעקוקט דורכן שייבל פֿון פֿאָרהאַנג אין עולם אַריין, האָט מיך בוכשטעבלעך פֿאַרכאַפּט דער אָטעם: אין פֿולגעפּאַקטן זאַל (דוכט מיר 1500 פּלעצער) זענען געזעסן, ווי מען האָט מיך אינפֿאָרמירט, ביז 200 פֿאַרבעטענע געסט... אָבער — ווער!

איך געדענק, אַז איך האָב אַרויסגעמורמלט: „איין שלום איש פּעלט“. וויל אַלע תושבים פֿון יידישן אָלימפּ האָב איך דערזען (אַש איז דאַן נישט געווען אין אַמעריקע) און, אָנגרופֿנדיק געמען, האָב איך ביים צווייטן צענדליק פֿאַרלוירן דעם חשבון און זיך דערמאָנט, אַז איך געהער היינט נישט וועמען עס איז פֿון זיי, נייערט די טויזנט אויסער זיי: דעם עולם און... זיך אַליין: מע דאַרף באַלד שפּילן „דערן“!

פֿאַר אַזאַ אוידיטאָריע האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געשפּילט!

אין אַזאַ טעאַטער פֿאַר מיינע יידישע יאָרן — דעמלט כמעט 10 — נאָך נישט דערשינען. אָבער איבער אַלע מענטשן־עקזעמפּלאַרן פֿון יענע קנאַפּע 2 יאָר, איבער אַלע געשעענישן, באַהעפֿטונגען און קאָנפֿליקטן דאָמינירט די געשטאַלט און דער נאָמען — מ אָ ר י ס ש וו אַ ר ץ!

צו אונדזער טיפֿן צער און ווייטיק — איז ער איצט אַ שוכן עפֿר. און דער אַלטער כלל: „רע מאָרטואיס אוט ניהיל אוט בענע“*), וועט בלי ספֿק אַרויסצווינגען אויפֿן לייענער די השערה, אַז מיר ווערן דאָ אָנגעפֿירט דורך סענטימענטן צום פֿאַרלאָשענעם טעאַטער־שטערן און האַלטן זיך אין צוים פֿון עטישע טאַרמאָזן.

מעלדן מיר קורץ און שאַרף: בלויז די פֿאָרם פֿון אונדזער פֿאָרשטייענדיקער אָפּהאַנדלונג וועגן מאָרים שוואַרצן אין אַ פּועל־יוצא פֿון עטיק

---

*) לאַטייניש: וועגן פֿאַרשטאָרבענע — גאָרנישט, אָדער גוט.

לגבי אַן אַוועקגעגאַנגענעם; דער תמצית וועט זיין אַבסאָלוט דער זעלביקער, ווי ווען ער וואָלט זי נאָך אליין געקענט לייענען. און אויב מיר וועלן עפּעס רעטושירן, ווייכער מאַכן, איז אפשר — געוויסע „שאָטן־מאָטיוון". קיין שבחים, סופּערלאַטיוון, לויב־אַקאָרדן צוליב „אַוט בענע", וועלן דאָ נישט זיין.

ס'איז פאַראַן אַזאַ אַלטער אַנעקדאָט וועגן נאַפּאָלעאָנען: אין אַ געוויסן פּאַנאָפּטיקום זענען אונטער אַ גלאָז געלעגן צוויי שאַרבנס און אויפן גלאָז אַ צעטל: „נאַפּאָלעאָן". אויף דער פראַגע פון דערשטוינטן באַזוכער: ווי קאָן עס זיין צוויי קעפּ פון איין העלד? — האָט ער דערהערט אַ קורצע „אויפקלערונג":

— איין שאַרבן איז נאַפּאָלעאָן — פ אַ ר וואַטערלאָאָ, דער צווייטער — נ א ך וואַטערלאָאָ.

עפּעס פון דעם בייז ווונדער וועלן מיר אָנווענדן אין אונדזער אָפּהאַנדלונג וועגן מאָרים שוואַרץ.

אָבער נישט „צוויי שאַרבנס" ווי אין יענעם פּאַנאָפּטיקום, נייערט — גאַנצע דריי.

ערשטנס: דעם ליכטיקן זכר פון פאַרשטאָרבענעם וועלן מיר ווידמען אַ פּאָרטרעט.

אין פּאַנטעאָן פון יידישער קונסט — (ווען אַזאַ זאָל ערגעץ געשאַפן ווערן) — וואָלט אונדזער פּאָרטרעט באַדאַרפט הענגען איינגעפאסט אין אַ ראַם פון ריינעם גאָלד און מיט גאָלדענע אותיות אונטערגעשריבן ווערן, אַז דאָס איז דער איינציקער סצענישער מוער — פאַרן קנאַפּן יאָרהונדערט פון יידישער טעאַטער־ווירקלעכקייט נאָך גאָלדפאַדענען — וועלכער האָט צוויי יאָרצענדליקער אומדערמידלעך געאַקערט דאָס פעלד פון סצענישער קונסט ביי יידן און באַשאַפן צענדליקער אויפפירונגען, וועלכע האָבן לויט זייער עשירות, פאַרנעם און אימפּאָזאַנטקייט נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכע אויף די יידישע ברעטער. און, אויב איינצלנע, צעוואָרפענע, אָפּגעזונדערטע עפּיזאָדן האָבן דאָ און דאָרט געהאַט אַ תיקון ביי יידן און זענען זיינע לייסטונגען נישט אָפּגעשטאַנען, איז אָבער זיין „קונסט־טעאַטער", אַלס אינסטיטוציע, געווען אין משך פון 20 יאָר די איינציקע אין דער יידישער וועלט, וואָס האָט די רייכע פאַרשטעלונגען באַוויזן נישט נאָר אין ניו־יאָרק און נאָרד־אַמעריקאַנער „ראָאוד", נייערט —אויך אין דרום־אַמעריקע און אין אייראָפּע. ער האָט געטרוימט צו

שאַפֿן אַ וועלט־אינסטיטוציע אונטערן נאָמען „יידיש קונסט־טעאַטער: דירעקטאָר — מאָריס שוואַרץ“.

דאָס אַלץ איז פֿאַרבונדן מיט זיין ליכטיקן זכר, און איז אין פּנקס פֿון יידישן טעאַטער אַ נישט וועלקנדיקער קראַנץ אויף זיין שטאָלצן, קרעפֿטיקן קאָפּ.

*

* *

אָבער ווען מיר גייען איבער צום לעבעדיקן דירעקטאָר פֿון „קונסט־טעאַטער“, דערזעען מיר ווי געזאָגט: „צוויי שאַרבנס“, ווייל מאָריס שוואַרץ אין ניו־יאָרק 1928 און מאָריס שוואַרץ אין פּוילן 1935 זענען אַזוי נישט ענלעך איינער אויפֿן אַנדערן, אַז מען דאַרף זוכן די שטריכן, וואָס מאַכן פֿון די צוויי געשטאַלטן איין מענטשן.

די פֿאַרשיידנקייט פֿון ביידע געשטאַלטן זאָל אונדז דינען ווי אַ פּאַר־טיקע אילוסטראַציע צו אונדזער קאַטעגאָרישער באַהויפּטונג, אַז אַ קינסט־לער קאָן וואַקסן, זיך צעבליען נישט אַנדערש ווי אונטערן איינפֿלוס און באַווירקונג פֿון זיין סביבה, פֿון זיין אַרום.

צי איז מאָריס שוואַרץ — פֿון 1928 אין ניו־יאָרק און פֿון 1935 אין וואַרשע, לאָדזש און לעמבערג — געווען אַ קינסטלער בכלל?

איידער מיר וועלן ענטפֿערן אויף אָט דער פֿראַגע לאָמיר זיך פֿרעגן: וויפֿל קינסטלער — אין אמתן, עכטן זיך פֿון דעם באַגריף — זענען עס בכלל פֿאַראַן צווישן די מאַסן פּאַבליוס, וואָס ווערן אין אומגאַנג בכל יום באַצייכנט מיטן דאָזיקן נאָמען?

הלוואי — אויף צען „אַזוי גערופֿענע“ זאָל מען געפֿונען איין „באמת באַרופֿענעם“!

און דער עיקר: וואָס איז עס אַזעלכעס — „קינסטלער“? „קינסט־לער“ איז קודם־כל — דענקער! טרעגער פֿון אַבסטראַקטן געדאַנק, דאָס הייסט פֿילאָזאָף.

„קינסטלער“ איז — דיכטער! באַרופֿענער, געזאַלבטער דיכטער. נישט דער, וואָס „שרייבט אין גראַמען“, נאָר דער, וואָס זוכט און גע־פֿינט אין אַלע אָן אויסנאַם פֿאַקטן פֿון לויפֿנדיקע טעג און יאָרן דעם ריטם פֿון אייביקער האַרמאָניע. אַ דיכטער פֿילט ריטם און האַרמאָניע אָפּט דאָ, וווּ אַנדערע בני־אדם זעען בלויז קאָנפֿליקטן, קאָליזיעס, קאַקאַ־פֿאָניעס, גרילצנדיקע צעשטערונגען.

און ענדלעך: „קינסטלער“ איז — טרוימער! זיין פּראַקטיש לעבן, זיין ווירקלעכקייט, זיין טאָג און נאַכט און אַלע זיינע יאָרן זענען איינגעטונקען אין שטראָמען פֿון פֿאַנטאַזיע.

די אַלע אויסגערעכנטע מידות, וואָס באַצייכענען אַ קינסטלער, זענען אין דער גרעסטער מאָס נוגע דעם בינע־קינסטלער: דעם אַקטיאָר! ווייל פֿון אַנדערע קינסטלער — מוזיקער, מאָלער, וואָרטמייסטער — איז דער אַקטיאָר אויסגעטיילט דורך דעם, וואָס דעם אינסטרומענט פֿון זיין מייסטערשאַפֿט טראָגט ער שטענדיק מיט זיך אַזוי „גוט“, ווי אַ הויקער. ווען ער ענדיקט זיין עובֿדה, קאָן ער נישט אויפֿהענגען זיין פֿידל אויף דער וואַנט; קאָן ער נישט אַוועקלייגן זיין פּענדזל, זיינע פֿאַרבן, זיין סקאַלפּעל; קאָן ער נישט אויפֿשטיין פֿון שרייבטיש, אָפּרוקן זיין מאַנוסקריפּט!

דעם אַקטיאָרס „אינסטרומענט“ איז זיין האַרץ, געדאַנק און געוויסן.

מיר וועלן דאָ זיך נישט פֿאַרנעמען מיט זוכן און אויסגעפֿונען די יחידי־סגולה פֿון טעאַטער און אפֿשר פֿילצאָליקע פֿאָרשטייער פֿון דער קונסט, וואָס באַשטעטיקן מיט זייער לעבן און אופֿן פֿון שאַפֿן אונדזער טעאָריע וועגן „אַקטיאָר־פֿאַנטאַסט“, „אַקטיאָר־דיכטער“, אַקטיאָר־פֿילאָזאָף“. מיר וועלן נאָר אין פֿולער זיכערקייט באַמערקן, אַז אַלע, אָן אויסנאַם, אויסגעצייכנטע מייסטערס אויף דער בינע — און בפֿרט אויף דער יידישער — באַזיצן די אויסגערעכנטע מידות, הגם נישט אַלע אין אַ גלייכער מאָס.

מאָריס שוואַרץ איז געווען פֿון קאָפּ ביז די קנעכל אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ פּראַקטיקער און אַן אַמעריקאַנער „באָס“. היות מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך באַמיען צו שילדערן „וואָס ווייכער“ זיינע מעשים בכל יום אַלס דירעקטאָר, וועלן מיר זיך פֿאַרנעמען אויסשליסלעך מיט די פֿאַקטן פֿון אונדזערע ביידנס קעגנזייטיקע פֿאַרהעלטענישן, נישט קוקנדיק אַרום.

איך וועל דאָ פֿאַרלויפֿן דעם וועג מיט גאַנצע עלף יאָר פֿאָרויס און דערציילן, אַז אין יוני 1939, האַרט פֿאַרן אויסברוך פֿון צווייטן וועלטקריג האָב איך פֿון אים באַקומען אַ בריוו, אַ תשובה אויף מיינעם אַ יאושבריוו אין פֿאָרויסגעפֿיל פֿון די אָנוואַקסנדיקע דערשיטערונגען. איבעריפּנדיק פּראַקטישע מאָטיוון וועגן דעם, אַז איך מוז אַרבעטן אין זיין טעאַטער און „מוסר־פּונקטן“, אַז איך דאַרף נישט שטרעבן צו „באָמבאַסטישע ראָלן ווי „דער“ וכדומה“, איז מיר פֿאַרבליבן אין זכרון אַ זאַץ,

וואָס האָט מיך איבערראַשט. דהיינו: „איר האָט גרויסע חסרונות, מאָרעווסקי, אָבער אייערע מעלות וועגן אַריבער אייערע חסרונות“...

אויב די חסרונות זענען גרויס, און די מעלות וועגן זיי אַריבער, טאָ ווי „גרויס“ מוזן די מעלות זיין! און אין וואָס אייגנטלעך באַשטייען זיי.

מיין אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב זיך פאַר יענע פינף יאָר נישט געענדערט.

מאָרים שוואַרץ, דאַקעגן, איז אין פוילן, ווי שוין באַמערקט, געווען אַ ב ס אָ ל ו ט אַן אַנדער מענטש, ווי דער, מיט וועלכן איך האָב אין ניו-יאָרק געהאַט צו טאָן.

לאָמיר שרייט נאָך שריט, גאַנץ אָביעקטיוו דערציילן בלויזע פאַקטן.

איך מוז דאָ דערציילן אַ סוד, וועלכער האָט מיך איבערראַשט באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין ניו-יאָרק.

* *

*

איך האָב געהאַט אַ פעטער, דער מאַמעס אַ ברודער, וועלכער איז „אַוועק קיין אַמעריקע“ אין יאָר 1905, ס׳הייסט מיט 28 יאָר צוריק. דעם דאָזיקן פעטער קען שוין מיין לייענער. אין יענע פינצטערע טעג, ווען מיין פאָטער האָט באַנקראָטירט און געבליבן, ווי מע זאָגט, „אין איין העמד“, פלעגט דער פעטער הירשע ביי מיין מיטווירקונג שטעמפּלען אונדזערע מעבלשטיקער מיט זיין זיגלרינג אויף פליסיקן טריוואַקס, וועלכן איך פלעג, ליגנדיק אָפּט אויפן בויך, לאָזן פליסן (די מעשה איז באַשריבן אין מיין ערשטן באַנד בפרטיות) ...דער דאָזיקער פעטער האָט זיין גאַנץ לעבן עקזיסטירט אויפן חשבון פון מיין מאַמעס כסדרדיקע „סובסידיעס“: געעפנט אַ טוך-פאַבריק אין ביאַליסטאָק, געפירט אַ קיום פון אַ צעבאַלעוועטן סיבאַריט, געשפּילט אין קאָרטן, געליבט דעם פרעם (זיין ווייב מירל האָט געהאַלטן אויף ווילנער גאַס אין אָפּאַטאָווס הויז — אַ שענק, פון וועלכן ער פלעגט ווייכן ווי אַ שד פון ווייַרויך, ווייל ווי פאַסט עס פאַר אַ טוך-פאַבריקאַנט צו שטיין אין די דלד אמות פון עפּעס אַן אָנגערויכערטער בודע מיט שכורע פורמאַנעס און גאַסנטרעגער! אָבער פון געשמאַקע גריבענעס מיט געהאַקטע לעבערלעך און געפּרעגלטע ווילנער סעלעוועס פלעגט זיך מיין אַריסטאָקראַט נישט אָפּזאָגן... נאָר פאַרצערן עס אין שטוב הינטערן שענק). מיט דער צייט האָט ער די פאַבריק פאַר-

שפּילט אין קאָרטן און באַשלאָסן „אַוועק קיין אַמעריקע"... אויף הוצאות האָט געגעבן די שוועסטער באַשע ריווע, און ס'איז געשען: מיין אָנקל הירשע איז געוואָרן אַ „יענקי". צו דערגענצן דאָס בילד לאָמיך שוין דער-ציילן, אַז אין קאָרב מיט וויזיט-קאַרטלעך און אַלטע בריוו ביי זיין טאָכ-טער ראָזע, וועלכע איז געווען מיין געליבטע קוזינע פון די קינדעריאָרן, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ בריוו פון מיין מוטער צו אים קיין ניו-יאָרק, ווו זי פאַרגיסט טרערן, בעט רחמים, שעלט מיט טויטע קללות און זאָגט צו... אַרויסצושיקן 300 רובל.

און איצט בעט איך דעם לייענער תופס זיין, מיין איבעראַשונג, ווען אויפן לאַנטש צו מיין קבלת פּנים דערהער איך, אַז מיין אַנגאַזשמענט צו מאָרים שוואַרץ האָב איך צו פאַרדאַנקען מיסטער הערמאַן בלאָק... ער איז, שטעלט זיך אַרויס, אַ מיטאַרבעטער פון „היאַס". ער פאָרט אַרום איבערן גאַנצן לאַנד זאַמלען געלטער פאַר דער אינסטיטוציע און האָט פאָרגעלייגט מאָרים שוואַרצן אַגיטירן פאַרן „קונסט-טעאַטער" און זאַמ-לען „סובסקרייטאָרס" („אַבאָנענטן"-בלעז), אויב שוואַרץ וועט „אַראָפּ-ברענגען" זיין פּלימעניק.

שילדערן מיין צושטאַנד פאַרשפּאָר איך. איך האָב אויפן אָרט גע-מאָלדן שוואַרצן, אַז פון זיין אָפּמאַך האַלט איך אים פון דער מינוט אָן אַבסאָלוט פריי, און פון מיין פּעטערס „סובסקריבשנס" זאָל ער מיר נאָר שאַפן צוויי שיפסקאַרטן ביז שערבורג.

מיין ליבן „אָנקל הירשן" האָב איך געמאָלדן, אַז ער זאָל פאַרגעסן וועגן זיינע אויפטוען פאַר שוואַרצן צוליב מיר און, אויב ער וועט עס פאַרבינדן מיט מיין זיין אין ניו-יאָרק, וועט מיין פוס זיין שוועל נישט איבערטרעטן.

איך בין געווען טיף אויפגעשוידערט, דערזעענדיק, אַז דער אַלטער האָט זיך צעוויינט, טענהנדיק, אַז ער איז מיין מאַמען דעם גאַנצן לעבן אַ בעל חוב און איז געווען גליקלעך צו קענען בייווירקן צו מיין קומען קיין ניו-יאָרק.

— שוואַרץ איז גליקלעך, וואָס דו ביסט געקומען. די „סובסקריבשנס" זענען נישט מער ווי אַ צופאַל.

איך ווייס נישט מיט וואָס דאָס אַלץ וואָלט זיך פאַרענדיקט, אָבער קורץ נאָך דעם האָב איך דערזען דעם ספּעציעלן העפט, וואָס שוואַרץ האָט אַרויסגעלאָזן לכבוד מיין אָנקומען... איך בין געווען נישט נאָר געשמייכלט און גערירט. איך האָב מיך דורכגעדרונגען מיטן בטחון, אַז איך בין באמת

אין די ווענט פון אַ רייכער היים און אַז איך וועל דאָ לעבן און שאַפן אונטער די מעכטיקע אָדלער־פליגלען פון אַזאַ גדול, ווי עס איז געווען אויף זיין געביט מאָרים שוואַרץ.

געשען איז גאַנץ אַנדערש. און אויב אין 7 יאָר אַרום האָב איך אין פוילן אים ליב באַקומען און זיך דורכגעדרונגען מיט אַ גרויסער מאָס אַכטונג צו זיין טעטיקייט, האָב איך פון די סאַמע ערשטע שריט אין ניו־יאָרק דערפילט דעם אומאיבערשטרייטלעכן שטח צווישן קינסטלער און עפּעס אַזוינס, וואָס איז דער קונסט פרעמד און וואָס פאַרדייעט נישט איר לופט.

אויף די פראַגן פון פּיעסן, וועלכע ער האָט רעזשיסירט, פלעגט ער אויסהערן מיינע קורצע באַמערקונגען, אפילו פראַגעס, מיט אַן אויסדרוק פון צאַנוווייטיק אויפן פּנים און אַ מין לייכטן מיטלייד אין די אויגן...

פרעגט זיך: האָבן זיך פאַר די יאָרן צווישן ניו־יאָרק און פוילן גע־לינדעט מיינע „חסרונות" און זיך פאַרגרעסערט מיינע „מעלות"??

לגמרי — נישט!

עס האָט זיך פאַר די יאָרן געענדערט מאָרים שוואַרץ!

ער האָט אָנגעהויבן זוכן, שטודירן, לייענען, לערנען. און דער פועל יוצא איז געווען: ער האָט אָנגעהויבן — דענקען! אין מוח ביי אים האָבן אָנגעהויבן זיך זאַמלען — שאלות און ער האָט מיט קומער אין בליק געזוכט — תשובות.

אַמאָל, אין ניו־יאָרק איז פון דעם אַלעם קיין שפור, קיין ניצוץ נישט געווען! אין וואַרשע איז ער געווען אָן איבערריים אונטער דער השפעה פון נחמן מייזיל. און נחמן מייזיל איז דאָ געווען נישט נאָר דער מענטש, וואָס האָט אים געפירט ווי אַ קינד ביי דער האַנט. נחמן מייזיל איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון דער סביבה, אין וועלכער מאָרים שוואַרץ האָט זיך נישט געפילט פאַר אַזאַ „תקיף", ווי אין ניו־יאָרק, וו ער האָט גע־האַלטן אַלעמען, און דער עיקר, אַליין „אונטער" זיין אויטאָריטעט. „איך בין מאָרים שוואַרץ און ווער זענען זיי?"

„און וואָס פרעגט זיך, איז מאָרים שוואַרץ?".

זיין זעלבסטזיכערקייט האָט מיר נישט אימפּאָנירט נישט אויף אַ האָר. זיינע פאָרשלאַגן, עצות, פאַראָרדענונגען האָב איך כמעט נישט אויסגעהערט, ווייל ער פלעגט זיי אַרויסזאָגן מיט לויפנדיקע אויגנצאַפּ־לען, און דאָס האָט עדות געזאָגט וועגן עפּעס זייטיקע נישט קלאָרע און נישט כשרע כוונות... שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז ער האָט

געזאָרגט גראָד װעגן מײַן „טובֿה" און פּלעגט מיר געבן עצות צו פּאַר־זיכערן מײַנע שאַנסן בײַ דער פּרעסע, בײַ אײַנפֿלוסרײַכע באַזוכער. מיר איז עס אַלץ געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע. איך האָב געזאָרגט װעגן דער גאַנצקייט פֿון ספּעקטאַקל. און דאָ האָב איך זיך אָנגעשטױסן אויף דעם ערשטן שטיין אין מײַן װעג.

מיר איז אײַנגעפֿאַלן אַ המצאה: בעת די אַנטראַקטן אויפֿהויבן דעם פּאָרהאַנג און אויסנוצן די דרײַ־בינע צו באַװײַזן עפּיזאָדן פֿון צירק־לעבן — פֿערדשטאַלן, טראַפּעציעס, זשאָנגלערן, אַקראָבאַטן וכדומה. װי בין איך געװאָרן פֿאַרחידושט, דערהערנדיק אויף מײַן בקשה צו דערלויבן מיר דרייען די בינע אַזאַ מאמר:

— אַזוי איידל זענט איר געהאָדעװעט אין פּוילן, אַז אָן אַ דרײַ־בינע קאָנט איר זיך נישט באַגיין?? איר װעט שוין, זײַט מוחל, מוזן זיך באַ־גרענעצן אין אײַערע רעזשיסערישע באַגערן און דאָס מאָל זיך באַגיין אָן דער דרײַ־בינע.

מיר האָט זיך אפֿילו נישט פֿאַטופּעט אין מײַן נאַרישן קאָפּ, אַז דאָס איז קמצנות...

אינגיכן, בעת די פּראָבן, האָב איך דערהאַלטן אַ בריװ פֿון בּולאָװן, װעלכער איז דעמאָלט געװען אין טשיקאַגאָ און האָט מיר צוגעשיקט עט־לעכע װאַרעמע בריװ... דאָס מאָל האָט ער מיך געװאָרנט, אַז אין אַ פּאָר־שטעלונג, װעלכע עס רעזשיסירט נישט שװאַרץ אַליין, ברענגען נישט אָפּט קיין עלעקטרישע לעמפּלעך, און אָפּט פֿאַלט נישט צו דער צײַט דער פּאָר־האַנג... אַזוי װײַט האָט מײַן פֿאַנטאַזיע נישט געסטאַיעט און אַזױנס איז אין מײַנע ספּעקטאַקלען נישט געשען. אָבער עפּעס פֿון דעם מין און אופֿן „קינסטלערישער לייטונג" האָב איך אויף זיך דערפֿילט.

* *
*

װי אויבן דערציילט, האָב איך פֿאַרן אָנהויב פֿון דער פּאָרשטעלונג אַרײַנגעקוקט אין צושויער־זאַל, בין געװאָרן דערשיטערט און זיך דער־פֿילט דעם־הויבן פֿון געדאַנק װעגן דער אַודיטאָריע און די טויזנטער צו־שויער. איך בין האַסטיק אַװעק אין דער גאַרדעראָבע זיך גרייטן צום אויפֿטריט.

האַרט פֿאַרן דריטן קלונג איז אַריין אין גאַרדעראָבע מאָרים שוואַרץ. מיך האָט עס אַ ביסל שאָקירט, ווייל איך האָב אָנגעזאָגט, אַז פֿאַרן אויפֿטריט קאָן איך פֿיזיש נישט פֿאַרטראָגן קיין שום זייטיקע געשפּרעכן און לייט. אָבער — „שוואַרץ אַליין“ — פֿאַרפֿאַלן. ער האָט מיך באַקוקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, באַוווּנדערט מיין אויסזען.

— אַ שיינער מאַנספּאַרשוין — הער איך: דאָס איז זייער וויכטיק פֿאַרן דערפֿאָלג, אָבער צו וועלכע רוחות דאַרפֿט איר האָבן די צוויי שוואַרצע פֿלעקן אויפֿן פּנים: עס מאַכט אייך מיאוס! נעמט אַראָפּ!

און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אַראָפּצורייסן די צוויי פֿלעקן, וועלכע איך האָב געטראָגן כּדי צו קריגן דעם „אינטערעסאַנטן, אָבער העסלעכן פּנים“ — לויט דער רעמאַרקע פֿון לעאָניד אַנדרעיעוו.

איבעראַשט פֿון זיין אומגעריכטער האַנטבאַוועגונג אַראָפּצורייסן די צוויי פֿלעקן, האָב איך אים דערלאַנגט אַזאַ קלאַפּ מיט מיין פֿויסט איבער זיין פֿויסט, אַז ער איז געוואָרן בלייך פֿאַר וויטיק אָדער אומגעריכטקייט און זיך אַ צי געטאָן אַ שריט הינטערוויילעכטס.

און איצט איז געקומען עפּעס כמעט נישט צו גלייבן די אייגענע אויערן.

— איר האָט, דוכט זיך, פֿיינט, אַז מען זאָל אייך ווינטשן דערפֿאָלג פֿאַרן אויפֿטריט?

— אוי, מיסטער שוואַרץ, פֿון מיין וויגעלע אָן איז עס מיר ווי איינגעשפּריצט אין אָרגאַניזם ווי אַן אָנזאָג פֿון דורכפֿאַל. איך בעט אייך!...

— ווינטש איך אייך גליק און דערפֿאָלג! — האָט ער געזאָגט און מיר אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

מיך האָט אָפּגעגאָסן אַ קאַלטער שווייס. ער איז אַרויס פֿון גאַרדעראָבע. איך בין אַ פֿאַל געטאָן אויפֿן שטול פֿאַרן שפּיגל. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, צי זאָל איך אפשר אָפּרופֿן דעם ספּעקטאַקל? איך האָב דערהערט דעם דריטן סיגנאַל צום אָנהויב. איך בין אַרויס אויף דער בינע.

דער ספּעקטאַקל האָט זיך אָנגעהויבן. ביים אויפֿטריט — פּונקט איז געשטאַנען דער קאָסטיומער און געהאַלטן מיין אויבערמאַנטל, אין וועלכן איך דאַרף אַרויסגיין, דעם צילינדער־הוט און דעם שטעקן מיט אַ רונדן גאָלדענעם קאָפּ.

לויט דער איינשטעלונג גייט „דער“ אַרויס אויף דער בינע אונטער אַ באַשטימטער נאָטע פֿון טאַנגאָ. דעם אויפֿטריט פֿלעג איך איינשטעלן

נאָך לאַנגע שווערע פּראָבן, כדי דער לויפנדיקער טעקסט זאָל זיך נישט פונאַנדערגיין מיטן טאַנגאָ און „דער'ס" אויפטריט ביי דער באַשטימ־טער נאָטע.

עס איז געשטאַנען אַ הייסער טאָג. איך האָב געוואָלט דעם שווערן מאַנטל אָנטאָן האַרט פאַרן אויפטריט, כדי נישט צו דערשיינען אַ פאַר־שוויצטער, און געבעטן דעם קאָסטיומער נישט אַפּטרעטן פון זיין פּונקט.

און זאָל דער לייענער זיך פאָרשטעלן: דער מאָמענט פון אויפטריט איז שוין נאָענט, די מוזיק שפּילט די געהעריקע טאַקטן פון טאַנגאָ, איך דאַרף זיך אָנטאָן און דער קאָסטיומער מיט מיין מאַנטל און הוט און שטעקן זענען פאַרשוווּנדן...

בוכשטעבלעך אין דער לעצטער סעקונדע האָט ער זיך געמאָלדן. איך האָב דעם מאַנטל אָנגעטאָן אַזוי, אַז פון אונטערן קאָלנער האָט אַרויסגעשטעקט אַ שטיק פון העמד. אַ שטעקן האָב איך געכאַפּט ביי אַ צופעליקן פאַרטנער. די שפּיל מיטן גאָלדענעם קאָפּ, אָנווייזנדיק אויפן דירעקטאָר, איז אָפּגעווישט געוואָרן...

אַזוי האָט אויסגעזען מיין ערשטער שריט אין „קונסט־טעאַטער, די־רעקטאָר מאָריס שוואַרץ".

בעט זיך דאָ אַ פראַגע: דער קאָסטיומער איז פאַרשוווּנדן במזיד? לויט עמעצנס בייזער כוונה צו שטערן דעם אויפטריט? אָדער אין דער פּראַקטיק פון „קונסט־טעאַטער" איז עס אַן אַלטעגלעכע דערשיינונג, אַז מענטשן זאָלן נישט וויסן זייער אָרט און אויפגאַבע אין גאַנג פון ספּעק־טאַקל??

אין ביידע פאַלן איז די ווירקלעכקייט ביטערער, ווי מען קאָן און מען דאַרף זיך פאָרשטעלן אין אַן אינסטיטוציע, וואָס טראָגט דאָס וואָרט „קונסט" אויף איר שילד און פאָן.

אין דער אינסטיטוציע האָב איך געאַרבעט 16 וואָכן.

אומברחמנותדיקע קלעפּ האָט דאָ געהאַט באַקומען נישט דער ייד, ווי אַמאָל אין צאַרישן פּעטערבורג, און נישט דער שוישפּילער מיטן צע־פלאַמטן געמיט און צעשפּילטער פאַנטאַזיע צווישן ניכטערע געשעפטס־לייט און שאַלקהאַפטיקע גיפטמישער אין טעאַטער — פאַר יענע 16 וואָכן האָט זיך געפייניקט און געפּלאָגט דער טרעגער און געניסער פון איי־ראָפּעס אַלטער קולטור און קונסטווערטן צווישן ביזנעסלייט, וועלכע דאַרפן עס אַלץ נישט האָבן, אפילו ווען זיי רעדן וועגן דעם, און פון וועלכע דאָס רוב וויל נישט רעדן און נישט הערן...

איך האָב נישט וויניקער ווי אין טעאַטער ביי שוואַרצן געביסן די ליפּן אויף קאָנצערטן, אין „מעטראָפּאָליטען־אָפּערע“ אויף די פאָרשטע־לונגען פון „פאַוסט“ און „באָרים גאָדונאָוו“ — מיט שאַליאַפּינען...

אַז דו זיצסט און האָרכסט גוגאָס מוזיק אין פּאַריז (בפרט: „די הוגענאָטן“ — מאיר־בערס) פילסטו זיך ווי אַ טראָפּן אין ים פון יענע איבערלעבונגען. אין מאַרינסקי טעאַטער, אָדער אין מאָסקווער „באָל־שאָי“ לעבן דריי שעה אויף דער פאָרשטעלונג פון „איוואַן סוסאַנין“ — הייסט ווערן אַ טייל פון יענע געשעענישן און נעכט... אפילו „אָניעגין“ מאַכט דיך פאַר אַ מיטצייטלער און מיטווירקער פון זיין דור און אומ־קרייז!

וואָס, אָבער, האָבן צו טאָן די דאַמען און הערן אין גאַלאַ, וועלכע פילן אוים דעם זאַל פון „מעטראָפּאָליטען“ מיט די מאָטיוון און צייטן און מענטשן, צו וועלכע זיי קוקן זיך צו?

האָבן זיי געקויפט פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר — טאָסקאַנינים דירי־גענטן־שטיטל, שאַליאַפּינס באַס, קאַרוזאָס טענאָר, באַטטיסטינים באַרי־טאָן... זענען זיי געוואָרן טרוימעריש? האָבן זיי דערפילט אין זייערע געמיטער — שאַפּענען און היינען???

מיך האָט אויף די פראָבן ביי מאָרים שוואַרץ פאַרפאָלגט אָט די נאָ־קעטקייט פון גייסט, וועלכע האָט אין גלייכער מאָס זיך געשפּיגלט אין זיין ווילדער, גרענעצלאָזער אומוויסנקייט און אין דער פלאַכקייט פון דעם קולטור־פּלאַסט, וואָס איך האָב באַוויזן צו באַקענען.

דאָס בעסטע פאַרגעשריטענע טעאַטער איז דאָרטן דעמלט געווען — „גיל“. אַ מין בלייכער אָפּגלאַנץ פון סטאַניסלאַווסקים שיטה. איך האָב דאָרטן געזען „טשייקאַ“. „טריגאָרינען“ האָט געשפּילט יעקב בן־עמי. ער האָט ערשט נישט לאַנג צוריק געהאַט דערגרייכט צו די העכסטע מדרגות פון פּאָפּולאַריטעט, שפּילנדיק די ראָלע פון „פּעטער קרומבעק“ אין „שמשון און דלילה“. איך האָב, קוקנדיק „טריגאָרינען“, געזען, אַז אין „פּעטער קרומבעק“ קאָן ער דערגרייכן צום אָלימפּ. דער ספּעקטאַקל „טשייקאַ“ האָט מיר באַוויזן, אַז צווישן עלעווייטאָרס און וואָלקנקראַצער קאָנען נישט הילכן די סטרונעס פון קלאַוועסינען. און טשעכאָוו קאָן זיין נאָר טשעכאָוו און אָנעיל קאָן ער נישט ווערן.

אין ניו־יאָרק האָט מען יענע חדשים געשפּילט טשעכאָוון אויסערן ספּעקטאַקל אין „ג י ל“, נאָך אין צוויי טעאַטערן: די פרעכטיקע רוסישע אקטריסע אַלאַ נאַזימאָווא, וועלכע מיין לייענער האָט באַקענט

אין ווילנע מיט א יאָר 25 צוריק אין אָרלעניעווס גאַסראָלן ביי סטרואיסקען (1903—4).... זי איז שפּעטער מיט אָרלעניעוון אוועק קיין אמעריקע און דאָרט אריבער אויף דער ענגלישער בינע און פארנומען אן אָנגעזעענעם אָרט. יענעם ווינטער האָט זי אויפגעפירט „דעם קאַרשנגאָרטן“, שפּילנדיק מיט גלאַנץ די ראָלע פון „ראניעווסקאיא“.

אויסער אָט די צוויי טשעכאָוו=אויפפירונגען האָט אויפגעפירט „דעם קארשנגאָרטן“ דאָס יידישע „קונסט=טעאטער“.

וויאזוי האָט אויסגעזען אין יידישן „קונסט=טעאטער“ די ספּעקטע, אין וועלכער עס האָט זיך געזאָלט צעבליען דער צארטער, פּרעכטיקער, איידעלער קווייט פון טשעכאָווס מוזע: „דער קאַרשנגאָרטן“?

געווען איז דאָס דאָזיקע ווערק — לאָמיר באמערקן פארבייגייענדיק: זיין שוואַנען=ליד, און דאָס האָט צוגעגעבן א באזונדערן צויבער דעם ווערק, געוועקט שארפע געפילן פון קומער און בענקשאַפט...

וועגן די פּראָבן און עצם „אַרבעט“ איבערן ווערק וועלן מיר דערציילן ווייטער קורץ און קלאָר.... קיין סך צו דערציילן איז אייגנטלעך נישטאָ וואָס: פּוסטקייט פילט אָן ווייטע שטחים, אָבער פארנעמט אליין פאר זיך גאָר ווייניק אָרט...

מיר מוזן, כדי אָפּצושילדערן די „אַטמאָספערע“, אין וועלכער מיר האָבן געזאָלט מתקן זיין טשעכאָווס שעדעוור, ברענגען צוויי קורצע עפּיזאָדן פון לויפנדיקער אלטעגלעכקייט אין אונדזער טעאטער...

יהיאל גאלדשמיט, איינער פון די בעסטע אַקטיאָרן אין טעאטער און באמת — אן אויסגעצייכנטער שוישפּילער, איז אוועק פון טעאטער, און מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן זיין ראָלע אין „קידוש השם“, וועלכער איז דעמלט געווען דער שלאגער פון סעזאָן...

„מענדל ארענדאר“. די געשטאלט איז געווען צוגעשניטן אזוי, אז זי זאָל חס וחלילה נישט „דעקן“ דעם „הייליקן שניידער“ (מאָריס שווארץ!), אָבער עס זענען געווען מאָמענטן פון שפּאנענדיקן דראמאטיזם, און איך האָב מיך גענומען פלייסיק שטודירן די ראָל, כדי אין קורצע טעג נאָך געציילטע פּראָבן אריינצוטרעטן אין דער פאָרשטעלונג. לאָזט זיך אויס: א שווערער נסיון! שווארץ פאָדערט, אז איך זאָל למען=השם רעדן דעם וואָלינער אקצענט.... דאָס באהערשן אין דריי=פיר טעג איז פאר מיר געווען א „בארג“ — נישט צום אריבערקלעטערן, אָבער — פארפאלן: איך האָב אָנגעהויבן „שוויצן“ (וועגן „געשטאַלט“, „כאראקטער“, „פּיאנאָ“, „פּאָרטע“, „פּעדאלן“ האָב איך שוין אויפגעהערט צו טראכטן: „וואָסער

„שטרעבן“ — כאָטשבי לעבן!!!“ — האָב איך מיר געזאָגט, דערמאָ־
נענדיק דאָס רוסיש ווערטל: „ניע דאָ זשירו,ביט בי זשיווו!“ איך האָב
פלייסיק געלערנט די פאר מיך שווערע „איווריע“ און געבליבן שטיין ווי
אין הינער־פלעט: אַן אלעף מיט א קאָמעץ איז אין איין פאל — „אָ“, ווי
גאָט האָט געבאָטן, און תיכף א שורה ווייטער איז דער זעלביקער אות
— „או“. נאָט אייך: דאָ — „פּאָלק“, און באלד: „פּוטער“, בעת עס
שטייט בפירוש: „פּאָטער“...

איך בין געקומען צו לויפן צו מיין רעזשיסער בעטן, ער זאָל מיר
אויפקלערן ווי אזוי זיך ארויסצובאקומען אומגעשעדיקט פון דער דאָזי־
קער גליטשיקער פלאכקייט? דער דירעקטאָר און קינסטלערישער לייטער
פון „קונסט־טעאטער“ האָט מיך אָנגעקוקט מיטן שוין דערמאָנטן אויס־
דרוק פון צאָנווייטיק און טיפער מיטלייד צו מיין „באנומענקייט“ און
האָט מיט זיין מעטאלרייכער ברוסטשטימע ארויסגערעדט:

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? דאָס איז דאָך נישט
מיין רעזשי, אז איך זאָל עס ענדערן: אזוי רעדן יידן אין דער גאנצער
וועלט אויסער אייער ווילנע, און איך קאָן דאָך נישט דערלאָזן, אז איין
מענטש זאָל פון מיין בינע זאָגן: „דאָס“ בעת אלע זאָגן „דוס“.

— אָבער ווי אזוי זאָל איך, לערנענדיק די „פּראָזע“, וויסן ווען איז
קאָמעץ אלעף „אָ“ און ווען — „או“?

דאָ זענען אים די אויגן ארויפגעקראָכן צום שטערן. ער האָט א ווייל
זיך פארטראכט און האסטיק איבערגעריסן דאָס געשפּרעך...

— לאָזט מיך צו רו, מאָרעווסקי, איך האָב וויכטיקערע דאגות ווי
לערנען אייך רעדן יידיש! ביי 175 דאָלער א וואָך וויידזשעס איז אַן אַק־
טיאָר מחויב צו קענען מאמע לשון אָן דער הילף פון א דרדקי מלמד...

ער איז געווען גערעכט ווי די גאנצע וועלט! איך האָב מיך אָפּגע־
טראָגן, שטודירט ביז ציינקריצעניש, און אויפן ספּעקטאַקל אין לעצטן
בילד, שפּילנדיק מיט פונק און האריץ, האָב איך אויסגעשריען „צי וואָס
באדארף דער קוזאק האָבן אינדזער געוועיר?“

דער רעזשיסער האָט זיך געכאפּט פארן קאָפּ.

אָבער... ווער איז „שולדיק“? און „צי ווס“ האָט ער אנגאזשירט
דעם דאָזיקן אנאלפאבעט אין זיין קונסט היכל אריין?

דעם עפּיזאָד מוז איך שליסן מיט א באַמערקונג, אז אין צוויי יאָר
אַרום בעת די פּראָבן פון „דאַנטאָס טויט“ אין וואַרשע, בין איך ווידער
געווען געצוווּנגען צו רעדן וואָליניש, און ווען איך האָב דערציילט נח

פּרילוצקין, זכרונו לברכה מיין פאל (ריכטיקער: דורכפאל?) מיטן „קו־זאק“, האָט ער מיך ארויסגעראַטעוועט פון דער געפאר (א „קליינקייט — דער טעקסט פון „דאַנטאָן“?) מיט איין אָנווייזונג: ווען אויף דייטש איז „אַ“ און אין ווילנע — „אָ“, איז וואָלינִיש: „או“ (פאַטער — פאָטער — פוטער, זאַגן — זאָגן — זוגן, קלאַר, קלאָר, קלור א.א.וו.).

אויב דער לייענער וועט מאכן דעם אויספיר, אז מאָריס שווארץ האָט פארמאָגט ווייניקער ערודיציע ווי נח פּרילוצקי, וועל איך נישט חרטה האָבן, וואָס כ׳האָב דערציילט דעם עפּיזאָד.

אָבער ביז דער טשעכאָוו־ספּעקטע דארף איך דערציילן נאָך איין פאל.

עס זענען געגאנגען די פּראָבן פון גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול“. די דאָזיקע אויפפירונג איז געווען אָן שום גוזמאָ א רעזשיסע־ריש מייסטערשטיק.

טרעפלעכע איינפאלן פון מאַסן סצענעס, א געפיל פון דורכדרינגענ־דיקער מוזיקאַלישקייט, אן אויסגעהאלטענע ליניע אין גאנצן טאָן פון דער פאָרשטעלונג פון ערשטן אַבזאַץ ביזן שלום־אַקאָרד.

דאָס האָט אַליין עדות געזאָגט וועגן דעם, אז שווארץ איז געווען א מענטש מיט טיפער באַגאַבונג, וועלכער וואָלט דערגרייכט צו הויכע מדרגות אין דער קונסט, ווען ער וואקסט פון דער יוגנט אין אן אנדער אַטמאָספער; ווען ער האָט פאר זיך שאלות, ווען ער זוכט תשובות; ווען אים רודערן אויף פּראָבלעמען...

אליין האָט ער אין דער פאָרשטעלונג מיט גלאַנץ געשפּילט די ראָל פון „אוריאל מזיק“ (דעם „טייוול“, הייסט עס!).

מיר האָט ער געלאָזט שפּילן — „האצקל דראכמע“...

די ראָל האָט געהערט צו דער רשימה פון מיינע דערגרייכונגען נאָך מיט פופצן יאָר צוריק אין יעקאטערינאָסלאַוו ביי ביעליאיעוון.

איך קאָן דאָ נישט אויסמיידן די באמערקונג, אז שפּילן גאָרדינען אויף רוסיש און אויף יידיש — דאָס זענען צוויי גאַנץ פארשידענע קינסטלערישע אויפגאַבן. איך האָב שוין אין מיין ערשטן סעזאָן אין גראָדנע אין יאָר 1910 געשפּילט אין „דער שחיטה“, „רב זיסיען“, און די קווינטעסענץ פון דער לייסטונג איז געווען אין אופן פון רעדן: עס האָט געקלונגען כמו יידיש, הגם איך האָב נישט געברויכט קיין איין זילב און נאָטע פון פארקריפּלטע אינטאָנאַציעס, וואָס זאָלן קלינגען ווי ✱ שלעכטן רוסיש.

**אין** די ווייטערדיקע סעזאָנען האָב איך געשפּילט „אוריאל מזיק“ און אויסגעהערט שבחים פון מבינים, און בעת אין ערשטן יידישן סעזאָן ביי ליפּאָווסקין (1918, ווילנע) איז מיר פאָרגעלייגט געוואָרן צו שפּילן די ראָל, האָב איך אויף דער ערשטער פּראָבע דערפילט, אז... איך ווייס נישט ווי אזוי צו רעדן די ערשטע פראזע, ווייל דער מאָטיוו — „ווי אזוי רעדן?“ — איז אָפּגעפאלן.

„כאצקל דראכמע“ איז אויף הונדערט פּראָצענט א מעלאָדראמאַטישע פיגור, און די קולמינאציע אין דער ראָל איז די סצענע, ווען ער קומט צו „מזיקן“ מיטן פאַרבלוטיקן טלית פון זיין אומגעקומענעם זון. נאָך א הארצרייסנדיקן מאָנאָלאָג שלעפּט ער דעם טלית ארויס פון בוזעם און גיט אים א שליידער מיט דער פראזע: „פארגעס נישט צו פארשרייבן אויף מיין השבון דיין היזק פון צעריסענעם טלית“.

ער פארלאָזט די בינע אונטער א דונערדיקן אַפּלאוז פון אויפגערודערטן עולם.

ביי מאָרים שווארץ איז דער גאנצער תמצית פון זיין אויפפירונג באשטאנען אין דעם, וואָס ער האָט גאָרדינס פּרימיטיווע און שטארק צעצויגענע מעלאָדראמע איינגעפאסט אין א ראם פון אן איבסען־ספּעקטאקל. איך ווייס נישט וויפל דאָ איז געווען באוווסטזיניקע פּלאַנמעסיקייט, וויפל צופעליקייט, אָבער דאָס בילד האָט זיך באקומען אן איבערצייגנדיקס, און דער איינדרוק איז געוואָקסן פון סצענע צו סצענע מיט שטייגנדיקער קראפט פון סוגעסטיע אויפן צושויער.

דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען דער אלגעמיינער טאָן פון ספּעקטאַקל: אָנשטאָט די צעצויגענע, היסטערישע, כמו וויינענדיקע לאַנגע ריידערייען האָבן מיר דערהערט געפּרעסטע קורצע זאצן, איינגעהאלטענע זיפצן, מיגוטן לאנגע פּויזעס, אויסגעפילטע מיט בליקן פון עמאָציאָנעלע אינערלעכע איבערלעבונגען... עס איז געווען אין אלע הינזיכטן אינהאַלטסרייך, וואָגיק, עס איז געווען — טיפע, קרישטאָל־ריינע קונסט!

איך בין געשטאַנען אין די קוליסן, געקוקט, געהאָרכט א פארגאַפטער... מיין ראָל האָט נישט פאַרנומען קיין פינפטל צייט אין דער פּראָבע, און איך בין געשטאַנען, נישט אָפּטרעטנדיק אויף א סעקונדע און זיך געקוויקט, ווי פון א פרישן קוואל.

כ'האָב געקוואָלן און געווען גליקלעך. זיך געפילט אונטער געוועלבן פון מיין אויסגעטרוימטן היכל: ס'איז אין פולער מאָס — טעאטער!

און — י י ד י ש  ט ע א ט ע ר!

איך וואָלט אָן ספק צוגעגאַנגען צו „אים“, כ'וואָלט אים געדריקט צום האַרצן, כ'וואָלט געקושט זיין האַנט, כ'וואָלט נישט באַהאַלטן די טרערן פון באַוווּנדערונג, פון דאַנקבאַרקייט.

דעם תהום, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן מיט אַ טויט האַנדלונגען אַרום מיר, קענען מיר, להכעיס מיר — האָב איך מער נישט געפילט, נישט גע-וואָלט פון אים וויסן: כ'האָב אים געליבט, געשעצט, געוואָלט לויבן.

אָבער מעפיסטאָ איז געשטאַנען אין זיין ווינקל און געוועבט זיין שפינוועב. דער רעזשיסער האָט אָן אויפהער אונטערגעשטראָכן, אַז זיין אויפגאַבע איז „אַרויסשלעפן גאַרדינס שטיק פון אַלטן טעאַטער-זומפּ“... טעאָרעטיש גענומען איז עס אַ ריכטיקע אויפגאַבע און ער האָט פּראַקטיש זיין כוונה קאָנסעקווענט אויף די פּראָבן פון שריט צו שריט פאַרווירקלעכט, אָבער אויף געוויסע ווענדפּונקטן מוז גאָרדין זאָגן זיין וואָרט, און מען קאָן אים בלויז אײנהאַלטן, אָבער באַין שום אופן נישט אָפּשאַפן!

כאַצקל דראַכמע האָט אַזאַ פראַזע: „בערל לאַפּטיך האָט אַזאַ זאַלב, אַז אַפילו פּראָסטע פּליתים זעען אויס ווי ייִדענע, אמתע אַנטיק מאָרע“.

דאָס שטיק, די אומגעבונג, די דיאַלאָגן זענען אויף אַלע הונדערט פּראָצענט — שטייגער. קיינע שום אָנשטרענגונגען פון רעזשיסער, אַק-טיאָרן, מאָלער קאָנען דאָ פון שטייגער ווייט נישט ווייכן.

פאַראַן אַ ריי סצענעס, וווּ דער שטייגער ווערט פאַרדראַפּירט און פאַרזינקט אין טענער און פאַרבן, וואָס די רעזשי האָט דאָ געמאַכט פאַר דאָמינירנדיקע — צו איר לויב און פאַרדינסט, אָבער פאַראַן מאָמענטן, וועלכע מען דאַרף אָדער אויסשטרייכן אָדער בלייבן טריי דער טבע פון גאָרדינען. און אַזאַ סצענע איז דער דיאַלאָג, אין וועלכן עס קלינגט אָפּ כאַצקלס פראַזע וועגן בערל לאַפּטיך.

איצט אַ טראָפּן „אלף-בית“: ווען אין טעקסט שטייט אַ קאָמאַ (,) ווערט דער, וואָס רעדט דעם טעקסט, הויבן דעם טאָן. ווען עס שטייט אַ פּונקט (.), ווערט דער טאָן נידערן אַראָפּ. דאָס איז נישט קיין פראַגע פון „בילדונג“, פון „געשולטקייט“: דאָס זענען געזעצן פון דער עצם נאַ-טור!

אין מאָלעריי, אויפן לייוונט מאָלט דער פּענדזל ווייטקייט אין דער הויך: אויב אַ וואַלד איז הינטערן טייך. מוז דער טייך אויפן לייוונט זיין אונטן און דער וואַלד — אויבן. אַז איך האָב, רעדנדיק כאַצקלס פראַזע, נאָכן וואָרט „זאַלב“, אויפגעהויבן דעם טאָן, האָט זיך שוואַרץ צעשריען,

אז איך קוילע אוועק די פאָרשטעלונג מיט די סקאַרבאָווע טענער פון אלטן יידישן טעאטער...

איך בין געבליבן שטיין מיט אן אָפענעם מויל, דערשטוינט און פארחידושט... — מיסטער שווארץ — האָב איך ארויסגעמורמלט: איך האָב אין אַלטן יידישן טעאטער נישט געשפילט און בין פון אלטן אופן שפּילן גאָרדינגען נישט באאיינפלוסט. און מיר איז נישט קלאָר, וואָס שאָקירט אייך?

— צו וואָס מאכט איר אַזאַ ווילדע פויזע און צעזינגט זיך ווי צו „הנרות הללו" נאָכן וואָרט: „זאַלב"? רעדט פּשוטער און אָן פויזעס!

איך האָב ארייגעקוקט אין טעקסט און נישט פארשטאַנען, וואָס ער וויל פון מיר האָבן — זאָגט די פראזע. איך ווע̃ל אייך אימיטירן.

ער האָט א כאַפּ געטאָן די ראָל פון מיין האנט און אָפּגערעדט די פראזע מיט איין אָטעם, קוקנדיק אין העפט אריין.

אויסנווייניק קאָן מען דעם זאץ מיט איין אָטעם נישט אָפּרעדן, ווייל די קאָמאַ איז נויטיק אויך פארן ז כ ר ו ן פון דעם, וואָס רעדט: דאָס איז שוין א פּסיכישער מאָמענט אין ריטאָרישע פּראָצעסן: דער זכרון מוז האָבן א רגע צו כאַפּן דאָס ווייטערדיקע.

אז איך האָב איבערגעחזרט דעם זאץ אויפן רעזשיסערס פאָדערונג, האָט ער מיך נאָך „זאלב" אָפּגעהאקט.

— נו, אודאי! איר ווילט מיט א כיוון צונישט מאכן די גאנצע געביידע און קומט אריין ווי... ליבערט מיטן אלטן שטייגער „זא-א-אלב"! עפּעס מיט א מין גמראָ ניגון! צו וועלכע שווארצע יאָר דארפט איר עס? ווע̃מען אויף להכעיס?

איך בין געשטאנען ווי א פארמשפּטער, קוקנדיק אין העפט און נישט באַגרייפנדיק וואָס פון מיר פאָדערט מען.

און מיטאמאָל איז מיר געוואָרן קלאָר.

— מיסטער שווארץ! איר ווילט אראָפּנעמען די קאָמאַ פון דער פראזע? אָבער דאָס לאָזט זיך נישט! ס'איז קעגן די עלעמענטאַרע כללים פון רעדן און פאָרלעזן. אַפילו דער זכרון וועט אָן דער קאָמאַ נישט דעריאָגן דעם טעקסט. מען וועט בלייבן שטיין און נישט קאָנען פאָרזעצן צוליב דער פאלשער אינטאָנאציע, ווייל דער זאץ וועט נאָך „זאלב" קלינגען ווי פארענדיקט.

דעם אויסדרוק פון זיין פּנים וועל איך דאָ קוים קאָנען אויסמאָלן: פאַרדרוס געמישט מיט א מין שרעק... איך געדענק אָבער סטענאָגראַפיש זיין פראַזע:

— קינדער! וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס דרשנט ער? וואָסער „קאָמאַ"? וואָס איז עס — „קאָמאַ"?

ער האָט אומבאהאָלפן געקוקט ארום זיך און געווישט פון שטערן געדיכטע טראָפּן שווייס.

געווען נאָך איין „צוזאַמענשטויס" בעת די פּראָבן פון דעם זעלביקן שטיק.

* *
*

די „אַטמאָספער" אין וועלכע מיר האָבן געשאַפן טשעכאָווס „קאַרשנגאָרטן", איז שוין גענוג אָפּגעשילדערט. וועלן מיר צוטרעטן צום תּוך!

אלס רעזשיסער צו דער אויפפירונג אין אַנגאַזשירט געוואָרן א יונגער מיטארבעטער פון „מכאַט". ווי ווייט איך געדענק: בולגאַקאָוו. זאָל דער לייענער זיך נישט „דערשרעקן"! דאָס איז געווען נישט מער ווי א „גאַנג" לשם פּאַבליסיטי: א מיטגליד פון מאָסקווער טעאַטער „מאַכט" דעם טשעכאָוו־ספּעקטאַקל!

ער האָט דערביי אפילו דעם אָנשטעל נישט געמאַכט. אז ער „מ א כ ט"... מיר איז פון ערשטן געשפּרעך מיט אים קלאָר געוואָרן, אז ער איז נעבעך נישט מער ווי א סטאַטיסט. און האָט איין זאָרג: דער דירעקטאָר זאָל נישט חושד זיין, אז ער וויל אריבערשטייגן זיינע פול־מאַכטן און מישן זיך אין דער רעזשי....

שפּילן האָט מען מיר געגעבן די ראָל פון אַלטן קאַמערדינער — „פירס"! פאַרוואָס „פירס"?

קיין שום מאָטיוו, וואָס זאָלן באַרעכטיקן דעם דאָזיקן באַשלוס פון דער לייטונג, וועט מען נישט געפינען, ווען מען זאָל זיי זוכן אין די גרענעצן פון קינסטלערישע "פּראָ" און „קאָנטרא". אָבער פון אַזעלכע גרענעצן איז די גאַנצע פּראַקטיק אין דאָזיקן טעאַטער געווען גאַנץ ווייט. דאָ האָבן באַשלאָסן מאָטיוון פון טעאַטער־„פּאָליטיק" און אויסזיכטן פון דירעקטאָרס אַמביציע.

ווער שפּילט אין דעם שטיק סטאַניסלאַווסקי?

„גאָיעוון!“

קלאָר, אז די ראָלע שפּילט מאָרים שווארץ!

די צווייטע פירנדיקע פיגור איז — לאָפּאכין.

דאָס מוז שפּילן באראטאָוו שוין צוליב דעם, וואָס קיין שום אנדערע ראָל פּאסט זיך נישט צו צו זיין אויסערלעכקייט און מענטאליטעט.

אין זיין ארטיקל וועגן דער פאָרשטעלונג האָט מוקדוני באטאָנט, אז די צוויי רוסישע אַקטיאָרן — באראטאָוו און מאָרעווסקי האָבן באשאפן די געהעריקע ט ש ע כ אָ ו י ש ע אַטמאָספער אין ספּעקטאַקל...

וועגן באראטאָוון אויף די יידישע טעאטער־ברעטער וואָלט מען געדארפט רעדן קלאָר און שארף.

איך וועל עס מיר פארשפּאָרן. אויף דער רוסישער בינע איז ער געווען איינער פון די פירנדיקע פיגורן אין פּעטערבורג, יאָרנלאנג געשפּילט אין כארקאָוו און קיעוו, געווען אליין דער דירעקטאָר פון טיפליסער טעאטער אין משך פון לאנגע יאָרן. בעת די גרופּע פון „מכאַט“ האָט זיך אָפּגעריסן פון טעאַטער, און איז פארבליבן אין ווייסגוואַרדייאישן אָדעס און פון דאָרטן זיך ארויסבאקומען קיין אויסלאנד, איז באראטאָוו געוואָרן ביי זיי... ג ע ש ע פ ט ס פ י ר ע ר, און ווי ווייט ידיעות האָבן דערגרייכט, איז ער זיך מיט זיי צעגאַנגען נישט שוה בשוה. אז ער איז אין ווין פון זיי אוועק און געבליבן אָן א קנעל, האָט זיך געמאָלדן יצחק דייטש, דער יידישער אונטערנעמער און רעזשיסער. אין קורצע טעג ארום האָט שוין א רעפּאָרטער געשריבן, אז אויף דער יידישער בינע האָט זיך באוויזן.... „א זאָנענטאַל“. און פּאַוועל גריגאָריעוויטש באראטאָוו (אויפן יידישן פלאַקאַט למען השם נישט אנדערש ווי — „דאָקטאָר פּאָל באראטאָוו“) איז געוואָרן א — „טראגיקער“...

אמאָל אין פּעטערבורג איז ער געווען א דעקאָראטיווער „באָן וויוואן“, „א סאלאָנען לייב“, (לשם אמת: ער האָט געשפּילט אויך דראמאטישע העלדן, אפילו — אַנדרעיעווס „דערן“ אין קיעוו).

נאָכן אָביעקטיוון באריכט וועגן זיין פארגאנגענהייט, זאָל מיר דערלויבט זיין ארויסצוזאָגן מיין — זאָל זיין, אפשר סוביעקטיווע — מיינונג, אז פון טשעכאָוון אין אונדזער ספּעקטאקל איז ביי אים נישט געווען קיין ניצוץ, קיין שפּור, קיין איין איינציקע נאָטע. „לאָפּאכין“ איז א כאַמעוואטער פּויער. דאָס האָט ער תופס געווען און באוויזן, אָבער קיין מינדעסטע אָנדייטונג פון טשעכאָוו־מאָטיוון! קיין סימן פון אָנגע־

ריסענעם הארץ ביים אויסרוף: „שלאָג מיט דער האק איבערן קארשנ־גאָרטן!“ קיין שום נטיה צו „האלבע טענער“, אָן וועלכע טשעכאָוו איז נישט טשעכאָוו....

וועגן שווארצן אלס „גאיעוו“ איז נישטאָ וואָס מאריך בדברים צו זיין. איין פּרט, און אלץ וועט זיין קלאָר און דייטלעך: „אזוי דייטלעך, אז דעם אויג ווערט פּיינלעך“...

פירס זאָגט צו גאיעוון: „לעאָניד סערגעאיטש! איר האָט ווידער אָנגעטאָן נישט די געהעריקע הויזן!“

דארף מען באווייזן נאָך דעם, אז גאיעוו איז אן „אָפּגעלאָזענער“ מענטש? איך רעד שוין דאָ נישט וועגן דעם אומפּארגעסלעכן איינדרוק פון דער געשטאלט אין דער אינטערפּרעטאציע פון מיין רבין — וו. פּ. דאַלמאַטאָוון, — ביי וועלכן „גאיעוו“ איז געווען א לעבעדיקע פּארקער־פּערונג פון פארוואָרלאָזטן אלטן קארשנגאָרטן!

קיין מינימאלע כוונה צו באווייזן א בלאַסע אָנדייטונג פון טשע־כאָווס פיגור און די זיך אנטוויקלענדיקע געשעענישן, האָט די לייטונג, די רעזשי נישט געהאט...

איך האָב אויפמערקזאם געמאכט שווארצן אויף דער פראזע וועגן די „נישט געהעריקע (אין רוסישן טעקסט: „ניע טיע“) הויזן“... ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט א בליק פון א פארנומענעם מענטשן, וועמען מען דרייט דעם קאָפּ מיט אומוויכטיקע קלייניקייטן.

קוקנדיק אויפן עלעגאנטן אָנצוג פון שווארצן שטאָף מיטן ווייסן שטריך און זעענדיק, אז ער וועט די הויזן נישט בייטן, האָב איך געוואָלט אויסמעקן מיין פראזע וועגן די נישט־געהעריקע הויזן... איך האָב עס געזאָגט דעם רעזשיסער און דעם דירעקטאָר. דער ערשטער האָט א קוק געטאָן אויף „גאיעוון“ א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און מיר נישט געענטפערט. „גאיעוו“ אליין האָט נאָך א קורצער ווייַלע געזאָגט, אז אויב טשעכאָוו האָט די פראזע אָנגעשריבן, דארף איך זי זאָגן...

האָב איך געזאָגט „נישט יענע“ הויזן, הגם די הויזן זענען געווען — י ע נ ע: פון זעלביקן געשטרייפטן שוואַרצן שטאָף ווי די מאַרינאַרקע און די וועסט...

אין ספּעקטאקל איז געווען פּרעכטיק ציליע אַדלער, אלס „שאַרלאָט־טע“, און געוויסע טענער אין סטיל און כאראקטער פון „טראָפימאָוו“ האָט אריינגעבראכט לאזאר פריד.

אָט דער אמאָליקער מיטגליד פון בארימטן פּרץ־הירשביין־אַנסאַמבל, מיט וועלכן מיך האָבן געבונדן פעדים פון פריינדשאַפט נאָך פון 15 יאָר צוריק, איז אין „קונסט טעאַטער“ געווען פאַר מיר אַן „אָאַזיס“ אין דער ארומיקער שפּעריִשער וויסטעניש... שוין אין מיין ערשטן ספּעקטאַקל האָט ער געשפּילט „מאַנטשיני“ (נאָך דעם ווי יחיאל גאָלדשמיט, ווערנ־דיק באַשטימט עס צו שפּילן, איז פון ספּעקטאַקל צוליב א מיספאַרשטיי־עניש ארויסגעפאַלן).

* *
*

אויף אַלע פּראָבן פון מיינע דריי „דעביוט־פאָרשטעלונגען“ („די פּעטש“, „די שמאַטעס“ און „דיבוק“) האָב איך זיך געהאַלטן אין א טייל שוישפּילער, וועלכע האָבן, ווי מען זאָגט, „געשלונגען“ יעדעס וואָרט, יעדע אספּיראַציע, יעדן אויסדרוק פון נישט־דורכשניטלעכן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון אונדזער באַרוף, צו די אינהאַלטן פון געגעבענעם ווערק און איינצלנע סצענעס...

בעת מיינע יאָרן ארבעט אין יידישן טעאַטער — נאָך דעם ווי איך בין אוועק פון „די ווילנער“ — האָב איך תמיד זיך געפילט, ווי א מין „בייזע אָנשיקעניש“, ווען איך פלעג זיך אומגעריכט מעלדן פון מרחקים. אָבער די דאָזיקע באַציונג פלעג איך פילן פון די טאָנגעבערישע קרייזן ארום טעאַטער. אוממיטלבאַר אין טעאַטער האָט איך פון מיינע מיטארבע־טער אָנגעטראָפן די וואַרעמסטע אָפּקלאַנגען (אויסער „די ווילנער“, ווי איך האָב עס בשעתו געגוי דערציילט אין פריערדיקע קאַפּיטלען).

אין „קונסט־טעאַטער“ האָב איך דערפילט אומוויסן צו מיין רעזשי־אַרבעט כמעט פון די ערשטע שריט. גענוג צו זאָגן, אַז אין רעכטן ברען פון די פּראָבן, ווען עס האָבן זיך שוין בולט אויסגעשיילט די קאָנטורן פון רייכן סצענישן בילד נאָכן צווייטן אקט פון אַנדרעיעווס ווערק, האָט מיר דער דירעקטאָר מיט ביטול און גרינגשעצונג געמאָלדן:

— צי וואָס פּטרט איר אַוועק אייערע כוחות אויף „רעזשי־מי“? ווער דאַרף עס האָבן? איר זענט ביי מיר דערוויל א גאַסטראָליאָר אין די דריי אויפפירונגען! און מיר גייט אין אייער דערפאָלג! א ספּעקטאַקל מיט א רייבער רעזשי, וו ארום וועט אַלץ שיינען און גלאַנצן און אינמיטן וועט זיך ארומדרייען אַן אומבאַהאָלפענער לא־יוצלח מיט אייער קול דער־

צו — דאָס איז קענן אַלע פּלענער פון דער דירעקציע לגבי אייך, און איך דאַרף עס להלומין נישט האָבן! היט אייערע כוחות, שאַנעוועט אייער שוואַכע קעל!

איך האָב אים נישט געענטפערט, און זיין מעלדונג איז מיר נישט בלויז ווי מען זאָגט, „אין איין אויער אַריין, דורכן צווייטן — אַרויס"... זי איז מיר אין אויער נישט אַריין.

וועגן ספּעקטאַקל — אויסער די אַרטיקלען פון מוקדוני און גלאַנץ־לעילס (אייב קאַהאַן האָט מיך געמאַכט צו אַש און שטויב)... זענען אויף שטענדיק אין מיר פאַרבליבן די מינוטן, ווען איך האָב זיך אָנגעשטויסן מיט דעם אויסדרוק פון אָנערקענונג פון אַ ריי קאָלעגן:

— מיר האָבן ביז היינט געמאָסטן „טעמפּעראַמענט" מיט דוד קעס־לערן: „הדרת־פּנימדיקייט" — מיט דזשייקאָב אַדלערן. דאָ האָבן מיר דערזען די ביידע.

— דערצו נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס אונדזערע ביידע גדולים האָבן נישט פאַרמאָגט. מיר האָבן נישט לאַנג איבערגעלעבט די גדולה פון זען גרויסע קונסט אין מאָסקווער טעאַטער. דאָ האָבן מיר דערזען עפּעס פון יענעם ווייַנגאָרטן אויף די יידישע ברעטער. דאָס איז מער ווי דער איינ־דרוק פון אַן אויסגעצייכנטן אַקטיאָר. דאָס איז אַזאַ ווענדפּונקט אין דער יידישער קונסט, וואָס מען קאָן נישט אָפּפּטרן מיט אַ לויב פאַרן שעפּער פון דעם ספּעקטאַקל.

דאָס האָב איך דערהערט פון יחיאל גאָלדשמיט, וועלכן, ווי פריער דערציילט, איך האָב צוליב אַ שלעכט פאַרשטאַנענעם וואָרט אויסגע־שלאָסן פון מיין ערשטער אויפפירונג און געהאַלטן, אַז מיר זענען זיך צוגאַנגען...

מנשה סקולניק, וואָס איז געווען צו מיר צוגעבונדן נאָך אין בוענאָס־איירעס, האָט נאָך דער פּרעמיערע אין „קונסטטעאַטער" מיר אַ זאָג גע־טאָן:

— איר זאָלט נישט פאַרשפּילן אייער מויז, וואָס אייער פאָרשטעלונג האָט אייך אין האַנט דערלאַנגט. איר זאָלט וויסן, אַז אַזאַ ספּעקטאַקל האָט מען אין יידישן ניו־יאָרק נאָך נישט געזען... האַלט פעסט אין אייער פּאָ־זיציע!

אָבער נאָך דער צווייטער אויפפירונג („די שמאַטעס") האָב איך שוין געוווּסט, אַז קיין אריכת־ימים איז מיר אין דעם טעאַטער נישט באַשערט.

שוואַרץ, האָט האָבנדיק אויסגעהערט מיין פאָרלעזונג פון „דוכוס",

מיר געמאָלדן, אז ער איז ממש אנטציקט פון דער פילפארביקייט אין מיי־נע אקטיאָרישע טענער. ביי מיין קראנקער קעל אזוי ארויסברענגען די גאנצע גאלעריע געשטאַלטן אין קאציזנעס שטיק, דער עיקר: אין דריטן אַקט — דאָס זעט אים אוים ווי א וואונדער. און איך קאָן אין זיין טעאטער בלייבן א גרונטשטיין אויף מיין גאנצן לעבן, אויב איך וועל נישט וועלן זיין קיין „סטאַר", שפילן „דערן", „קינען" א.ד.גל.

איידער וואָס איז אונטערגעקומען א בענעפיס־פאָרשטעלונג, צו וועל־כער עס זענען געווען באַשטימט „די שמאַטעס", און ער האָט מיך גע־לאָזט שפילן זיין פּאָפּולערע ראָלע „מרדכי מאזע", וואָס ער האָט גע־האלטן פאר איינע פון זיינע „קרוין־ראָלן" (עס האָט די ראָלע געשפילט אויך פּאָל באראטאָוו).... פארוואָס — איך??

דוד פינסקי האָט מיר נאָך דער פאָרשטעלונג א זאָג געטאָן, אז איך שטעל אַלץ אַוועק „מיטן קאָפּ אַראָפּ": והאַ ראיה — „די שמאַטעס" זענען ביי מיר לחלוטין נישט דאָס, צו וואָס מען איז פון יאָרן געווען געוווינט... דאָס איז קלאָר, ווי סמעטענע, געווען דער ווידערקול פון דירעקטאָר. ליי־וויק בעצמו האָט שטיל און פעסט געזאָגט, אז די געשטאַלט איז ביי מיר „אויסגעזאָגט ווי פון בראָנזע", אָבער מער זאָגן האָט א דראמאטורג אין יענע אומשטענדן נישט געקאָנט.

אין יענע שטימונגען איז מיר געווען א באזונדערער נחת רוח אַן עפּיזאָד מיט יחיאל גאָלדשמיט אויף דער פּראָבע פון „דיבוק".

אנ־סקים ווערק איז געווען מיין דריטע און לעצטע „דעביוט־אויפ־פירונג". אויף די פּראָבן האָט איך זיך געשטעלט איין אויפגאבע: ארויסקריגן פון די פּאַרטנערן דעם מאקסימום פון יענע פּערל, וועלכע איך האָב אין ווערק תופס געווען. אלע חברים האָבן אויפגענומען מיין יעדע אָנווייזונג מיט אָנערקענונג. בראש פון אלע אנדערע איז מיר נאָכגעגאנ־גען טאקע לאזאר פריד, שפילנדיק הננען. „אָפּגעשפילט די ראָל 150 מאָל — האָט ער געזאָגט — און דאָ עפענען זיך נייע וועלטן. אוי, אברעמל, קומסט גאָר פון אן אנדער שטעטל!"

אז אויף דער בינע איז ארוים סנדר בריניצער (יחיאל גאָלדשמיט), האָב איך אָפּגעווישט דעם שוויים פון שטערן, זיך אוועקגעזעצט אין פּאַ־טעל אויף דער אוואנסצענע און אָנגעהויבן קוקן וואָס ווייטער וועט זיין...

יחיאל גאָלדשמיט האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו מיר און איך הער:

— מיסטער מאָרעוווסקי! וואָס זשע האָט איר זיך אויסגעשלאָסן פון דער פּראָבע?

— מיסטער גאָלדשמיט! דאָס שטיק איז געשפּילט געוואָרן איבער 100 מאָל. אָנהייבן אייך דרייען דעם קאָפּ מיט „נייסן" פיל איך מיך געשטערט און נישט בארופן.

— אָ, ניין, פריינד מאָרעוווסקי! אויב איר האָט נישט קיין ספּעציעלע גרונטן מיך צו באהאנדלען אנדערש ווי אלע באטייליקטע אין אקט, בעט איך אייך מיך פירן דורך מיינע סצענעס אזוי ווי איך האָב עס געזען פון אָנהייב אקט. דאָס איז אלץ צו שיין, צו ווערטפול, איך זאָל מיט א לייכטן געמיט מיך דערפון אָפּזאָגן.

די פּראָבע איז אוועק ווייטער מיט פּארטאָפּלטער התמדה און פּלאַמיקייט.

אָבער מיין רעזשיסערישע קאריערע ביי מאָרים שווארצן אין „קונסט-טעאטער", וואָס איז שוין פריער געלעגן אין שאול תחתיה, האָט יענעם פרימאָרגן באקומען א שטיין פון שווארצן מארמאָר איבערן „קבר".

* *
*

צוריקקערנדיק צום עפּיזאָד: „פּירס" אין „קארשנגאָרטן":

הגם לאזאר פריד, ציליע אדלער, גאָלדפאדן (ווי ווייט איך געדענק), ווינאָגראדאָוו האָבן אין א געוויסער מאָס (אין פּריוואטע שמועסן הינטער די קוליסן) זיך אָנגעגומען מיט טשעכאָווישע כוונות, איז די אלגעמיינע „ל ו פ ט" פון ספּעקטאַקל געווען פרעמד און ווייט פון דער ווונדערבארער ע ל ע ג י ע...

און ארויסברענגען די ארכיטשעכאָווישע געשטאַלט פון 80-יעריקן קאמערדינער איז געווען א ב ס אָ ל ו ט נישט מעגלעך...

„ו ו אָ ס ט ו ט מ ע ן?"

צו געבן די ק אָ מ י ש ע געשטאַלט פון אלטן משרת האָט מיר געשטערט מיין אויסערלעכקייט... זאָל איך בויגן די קני כדי צו ווערן „קליינווקסיק"? זאָל איך רעדן, אימיטירנדיק אלטע ציין אונטער שוואכע ליפּן?

וועט עס דאָך זיין א חילול השם! עס איז דאָך — ט ש ע כ אָ וו! יעדער סימן פון ביליקע „מאכערייקע" איז דאָך דאָ — וואנדאליזם!

און מיטאמאָל האָט מיר א בליץ געטאָן א געדאנק: אין לעצטן אקט זאָגט פירס: „אמאָל זענען דאָ ביי אונדז געווען אַדמיראלן, גענעראלן, און איצט...“

צי איז נישט אויפן אָרט אין דער געשטאַלט פון אלטן קאמערדינער מאכן לעבעדיק דאָס פארשווונדענע פון יענע צייטן? אויפן פאָן פון דער איצטיקער סביבה פון אָפּגעבלאנקטן פארוויסטן ק א ר ש נ ג אָ ר ט ן זאָל ארומגיין אין זיין פולן גלאַנץ י ע נ ע ר ק אַ מ ע ר ד י נ ע ר?

„דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן“ — מיין בלית־ברירהדיקער באשלוס א ז ו י צו טראקטירן די ראָל פון אלטן „פ י ר ס“ איז אין גאנג פון די פּראָבן מיר אריין אין „בלוט“.

לויט דער פּיעסע, גייט פירס ארויס דער ערשטער בעת עס קומען די געסט פון אויסלאַנד. אין יעדער פאָרשטעלונג, ווען מיין אלטער פירשט־לעבער קאַמערדינער פלעגט זיך באווייזן אין טיר און זיך לאָזן גיין דורך דער בינע צו דער צווייטער טיר מיטן פלעד אויף דער לינקער האנט, פלעגט אין עולם אויסברעכן אן אפּלאוז, וואָס פלעגט אָנהאלטן ביז פירס פארשווינדן אין דער טיר אנטקעגן.

מאָריס שווארץ פלעגט אָפּט באטאָנען, אז ער האָט „ארויסגעפירט צום שיין פון דער ראַמפּע און אָנערקענונג פון פּובליקום די און יענע קינסטלער: ע ר ה אָ ט א ר ו י ס ג ע ב ר אַ כ ט סיי בולאוון, סיי בן־עמי, סיי מוני ווייזנפריינד...“

פאר די קורצע וואָכן, וואָס איך בין געווען אין „קונסט־טעאטער“ נאָך דער פּרעמיערע פון „ק אַ ר ש נ ג אָ ר ט ן“, האָב איך א סך מאָל אויסגעהערט פון אים, אז „פירס“ איז מיין „גרעסטע“ דערגרייכונג, און איך זאָל געדענקען, אז דאָס האָט „ארויסגעבראכט“ — דאָס „קונסט־טעאטער“.

האָט זיך געמאַכט א מעשה: א מיטארבעטער פון „אָוואָרלד“, זוכנ־דיק אין די עוועניוס מאטעריאל פארן טאָג־פעליעטאָן (היינט א שרפה, מאָרגן אן אָנפאל....), האָט דערזען אויף סעקאָנד־עוועניו אן אויפשריפט: „דהי טשערי־אָרטשערד“. וויסנדיק, אז טשעכאָוום שטיק שפּילט נאַזימאָ־ווא אויף אן אנדער עוועני, האָט ער זיך אָנגעהויבן ארומקוקן מיט חידוש און דערזען אן אויפשריפט: „דזשואיש טיעטר“. דאָס איז כמעט אזא סענסאציע ווי א „קידנעפּ“. האָט ער געקויפט א טיקעט און זיך אוועקגע־זעצט קוקן די פאָרשטעלונג...

זאָל מען זיך פאָרשטעלן מיין מצב, ווען אויף מאָרגן פרי, קומענדיק אין טעאַטער, האָב איך דערזען דעם דירעקטאָר מיטן „פעיפער" איז האַנט און דערהערט קולות וברקים. „פּאַבליסיטי" האָט פאַרנומען אַ העלפט פון זיין ביודזשעט, אָבער אונטער זיין קאָנטראָל. און דאָ קומט אַזאַ „גרינער" לאָ־יוצלח און „אָרגאַניזירט אַזאַ אַרטיקל": „אויף דער בינע האָבן מיר דערזען אַ צווייטן עמיל יאַנינגס"...

איך בין דאָ געווען „גאָט די נשמה שולדיק", אָבער מיין „ג ר ע נ ד פּ ו ק ס ע ס" אין דער טשעכאָוו־אויפפירונג איז שוין אַרויס פון ענגן יידישן געסל און....

אָבער נישט דאָס איז דער שלום־אַקאָרד פון מיין טשעכאָוו־איבער־לעבונג ביי מאָרים שוואַרץ.

ווער געדענקט נישט די לעצטע סצענע? פירס בלייבט אין פּוסטן הויז. אַלע זענען אַוועקגעפאָרן, און אים האָט מען פאַרשפּאַרט און — פאַרגעסן.

דאָס איז אַ מאָמענט פון ט ר אַ ג י ש ע ר טיפקייט און שפּאַנונג.

אָבער איין בילד פון טראַגיזם איז „פירס", ווי מען איז געוווינט געווען אים צו זען ביז יענער פאָרשטעלונג: אַ דראָבנער, שוואַכינקער אַל־טיטשקער... און אַ צווייט בילד איז דער שלאַנקער, הויכוווקסיקער, מאַ־יעסטעטיטשער זקן, ווען ער באַווייזט זיך מיטן פּעקל אונטערן אָרעם. גייט דורך די בינע אַזוי ווי אין ערשטן אַקט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג און שטויסט זיך אָן אויף דער פ אַ ר ש פּ אַ ר ט ע ר טיר: זיי האָבן אים פאַרגעסן!

דער אַלטער ענדיקט די פאָרשטעלונג מיט אַ קורצן מאָנאָלאָג און לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער קאָזעטע אין מיטן צימער... דאָ וועט ער אויס־גיין אַ פאַרגעסענער. די באַרימטע פראַזע: „אַ מענטשן פאַרגעסן" איז אין טשעכאָווס טעקסט נישט געווען, זי איז געבוירן געוואָרן אין גאַנג פון אָנוואַקסנדיקן ספּעקטאַקל בעת די פּראָבן.

איך האָב די סצענע אויסגעברייטערט: פון דער פאַרשפּאַרטער טיר גייט דער זקן פון איין לאָדן צום צווייטן, און ביי יעדן פון די פיר פענצ־טער וואַקסט זיין שוידער. ביים לעצטן לאָדן דרייט ער זיך אויס מיטן פּנים צום עולם, בלייבט שטיין אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט ווי געקריי־ציקט. ער זעט פאַר די אויגן דעם אומפאַרמיידלעכן סוף... ער קוקט אַרום זיך און מורמלט: „אַ מענטשן פאַרגעסן!"... ער גייט, זיך וואַקלענדיק,

צום צענטער פון דער בינע, לאָזט זיך אראָפּ אויף דער קאָזעטע. לאנגזאם גייט דער פאָרהאַנג...

יעדער אקטיאָר, יעדער פּיעסע, יעדער סצענע האָבן אין דער טע־אַטער־ווירקלעכקייט זייער גורל. די אינטערפּרעטאציע פון דער סצענע ווי דאָ איז באשריבן, וואָלט אויפן פאָרום פון א טעאטער, וו טשעכאָוו איז נישט קיין צופעליקייט נייערט א קולט, געווען א טעמע פון טעאטער־גע־שיכטע...

דאָ איז געשען עפּעס אנדערש: אין רעכטן טראנס פון מיין איבער־לעבונג, שלעפּנדיק די פיס פון דריטן לאָדן צום פערטן, דערזע איך אין טיר דעם קאָפּ פון מיין דירעקטאָר און דערהער א הויך געפליסטער:

— איר זענט משוגע צי חסר דעה! וואָס שלעפּט איר די סצענע גאנ־צע 10 מינוט? דער זייגער איז באלד צוועלף. כ'וועל צוליב אייך צאָלן שטראָף. ענדיקט די מינוט. איך לאָז דעם פאָרהאנג.

איך האָב נישט געענדיקט „די מינוט": „געצויגן" ביזן לאָדן, ביזן צענטער, ביזן אראָפּלאָזן זיך און בלייבן זיצן.

אוועק פון דער בינע גרייט צו א ווילדן סקאַנדאַל, ווען דער דירעק־טאָר קומט „דערגאנצן" זיינע טענות. אָבער ער האָט זיך נישט באוויזן.

מיט א קורצער צייט פריער האָט ער אינמיטן מיין דיאלאָג מיט אים אין „קידוש השם", דערפילנדיק, אז איך פיר די סצענע מיט אָנוואקסנדי־קער שפּאנונג, מיר עפּעס ארייינגערעדט אין אויער. איך האָב אים אָנגע־קוקט און געמאָלדן: „אויב איר הערט נישט אויף מיר שטערן, גיי איך תיכף אראָפּ פון דער בינע".

ער האָט זיך אָנגעהויבן פארהאלטן אנדערש... אָבער ווי לאנג דאָס וואָלט אָנגעהאלטן נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן, ווייל אינקורצן איז געקומען א סוף צו מיין עצם קאפּיטל „קונסט־טעאטער". מען איז צוגע־טראָטן צו די פּראָבן פון „אָטעללאָ". איך בין געווען באַשטימט צו שפּילן „אָטעללאָ" אין דער ריי מיט באראטאָוון. דער לייענער געדענקט אפשר מיינע פילמאָליקע באוואָרענישן, אז איך האָב אָטעללאָ אויסגעמיטן צו שפּילן (לאָמיר דערמאָנען דעם עפּיזאָד אין אלעקסאנדראָווסק מיט 10 יאָר צוריק). דאָ האָט מיך אין א געווויסער מאָס געלאָקט דער פאקט, וואָס די אויפפירונג, האָט געזאָלט מאַכן מיין לערער פון דער טעאטער־שול באָריס סערגעיעוויטש גלאַגאָלין. איך בין געווען גליקלעך אים צו האָבן געטראָפן אין ניו־יאָרק, געוואָלט אים אָפּדאַנקען פאר זיין באציונג צו מיר אמאָל אין פּעטערבורג, פארבעטן צו זיך און זיך איבערצייגט, אז ער

איז נאָך אַלע שווערע נסיונות פאַר יענע יאָרן פאַרבליבן דער זעלביקער צאַפּלדיקער קינסטלער ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק...

אָבער ביי מיר האָט זיך פאַרשאַרפט מיין האַלדז־קראַנקהייט (ווי על פּי כּלל אין די ווינטערחדשים); שוואַרץ האָט מיר פאָרגעלייגט נעמען א צוויי וואָכן אורלויב און זיך אָפּרוען. איך האָב פאַרבראַכט א חודש ניט ווייט פון ניו־יאָרק און אַז איך בין (נאָך ניי־יאָר 1929) געקומען אין טעאַטער, האָב איך דערהערט קלאָרע דיבורים, אַז צוליב מיין הייזעריקייט האַלט זיך די דירעקציע באַפרייט פון אָפּמאַך און וועט מיר קיין ווייזשעם מער ניט צאָלן.

איך האָב ניט אַרויסגערעדט קיין צוויי ווערטער און בין אַרויס פון טעאַטער... מיין פעטער, צו וועלכן איך בין געקומען אין א שעה אַרום, האָט קורץ און שאַרף געמאָלדן, אַז ער וועט דעם „גענגסטער" ליקווידירן צוזאַמען מיט זיין טעאַטער אין משך פון צוויי וואָכן, ווייל די ווירטשאַפט האַלט זיך אויף די סובסקריבשנס.... „און די סובסקריבשנס דאָס בין איך!" — האָט מיסטער בלאַק אויסגערופן מיט תקיפות.

איך האָב אים קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז ער זאָל שווייגן אפילו ניט זאָגן, אַז איך האָב זיך פאַר אים באַקלאָגט, אויב ער וויל, אַז אין מיין איצטיקן צושטאַנד זאָל איך קאָנען האַלטן זיין הויז און פאַמיליע פאַר א מאָראַלישע שטיצע.

ער האָט צוגעזאָגט צו „קוקן און שווייגן" ביז א געוויסער גרענעץ. איך האָב פאַר די 16 וואָכן אַרבעט אין טעאַטער געהאַט אָנגעזאַמלט אין באַנק ביז א 1.500 דאָלער. דאָס קאָן מיר קלעקן אויף א קנאַפּן האַלב יאָר היונה...

„און ווייטער וועט מען זען".

* *
*

אינטערעסאַנט איז מיין וויזיט ביי אַן אָנגעזעענעם אַדוואָקאַט. איי־נער פון די פּראָמינענטע טוער אין „אַרבעטער־רינג". מיין וויזיט האָט אים אָנגעקינדיקט מיין יוגנטפריינד פון ווילנע יוסף באַסקינד, דער די־רעקטאָר פון „אַרבעטער־רינג". דער „לאָיער" האָט מיך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס,

— פילט אייך אזוי ווי אין ווילנע מיט אן אלטן גוטן פריינד! דער־ציילט ווי גייט אייך? איבעריקנס, דארפט איר נישט לאנג דערציילן: עס האנדלט זיך וועגן מאָרים שווארץ. א שווערער קונד! לאָמיר אריינקוקן אין אייער אָפּמאַך....

דערזעענדיק, וואָס דאָרטן איז שווארץ אויף ווייס אָנגעשריבן, האָט מיין גאַסטפריינדלעכער „רעכטסאַנוואַלט" מיר אומגעקערט מיין דאָקו־מענט מיט א שווארצער כמארע אויף זיין פריער צעשטראַלטן פּנים.

— עס האָט נישט קיין זין אפילו צו פארלירן דעם בויגן פּאַפּיר אויף שרייבן א ווענדונג צום געריכט. דער פּונקט וועגן הייזעריקייט נעמט צו ביי אייך יעדן שאַנס צו געווינען.

איך האָב אים אָנגעקוקט און זיך צעשמייכלט.

— לויטן פּונקט וועגן הייזעריקייט — אזוי קומט אויס נאָך מיין אָק־מיאָרישן שכל הישר! — קאָן די דירעקציע מיך נישט לאָזן שפּילן און צום סוף וואָך נישט אויסצאָלן מיר די ווייגזשעס, ווייל איך האָב די וואָך נישט געשפּילט. אזעלכע וואָכן קאָנען זיין 3 און 13 און 33. אָבער אויף וועלכן סמך זאָגט מיר די דירעקציע, אז איך וועל זיין הייזעריק ביזן סוף יאָר??

ער האָט ארויסגענומען דעם אָפּמאַך פון מיין האנט, אריינגעקוקט און האָט מיך אָנגעקוקט מיט א לוסטיקן שמייכל.

— בראַוואָ, מיסטער מאָרעווסקי! איר זענט פּשוט אַ יוריסט מיט איינפאַל. עס לאָזט זיך וועגן אָפּמאַך אָן ספק דיסקוטירן אין אייער זין.

— דאָס איז דער יורידישער יסוד זיך צו משפּטן. דער לאָגישער און מאָראַלישער איז, לויט מיין מיינונג, נאָך א סך שטאַרקער.

— זייער אינטערעסאַנט! איך הער אייך.

— איך בין לויטן אָפּמאַך אַנגאַזשירט אלס שוישפּילער און רעזשי־סער מיט א געהאַלט פון 175 דאָלער א וואָך. ווייל איך האָבן, אז דער שוישפּילער מיטן הייזעריקן קול איז ווערט נישט מער ווי 75 דאָלער און 100 קומט דעם רעזשיסער! און די דירעקציע האָט מיך אלס אזעלכן אפילו נישט אויסגענוצט. איז עס איר זאך! אָבער ווו איז דער יסוד צו אנולירן דעם אָפּמאַך — מיטן רעזשיסער?

— בראוואָ מיסטער מאָרעווסקי! דעם פּראָצעס געווינען מיר אָן ספק. אָבער, פּראַקטיש גענומען מוזט איר וויסן, אז ביי מאָרים שווארצן האָט נאָך קיינער נישט אויפגעמאָגט קיין צוויי סענט, האָבנדיק אלע נוי־טיקע פּאַפּירן פון געריכט.

איך האָב זיך פון געריכטס פּראָצעדורן צוריקגעצויגן. אָבער אין עט־לעכע וואָכן ארום בין איך געקומען צום לאָיער און באוויזן א טשעק, אונ־טערגעשריבן „מאָרים שוואַרץ“.

דער אדוואָקאַט האָט נישט געגלויבט זיינע אויגן.

— פון שוואַרצן א טשעק? ווי אזוי האָט איר עס באַקומען? צייט איך קען אים, איז עס, דוכט מיר, דער ערשטער פאַל.

קומענדיק אנטקעגן דער אויפפאָדערונג פון א שרייבער־דעלעגאַציע צו רעגולירן מיט מאַרעווּסקין די ענינים נאָכן פארלאָזן דעם „קונסט־טעאַטער“, האָט שוואַרץ געמאָלדן, אז ער איז א יידישער מענטש נישט אין קיין קלענערער מאָס ווי די חשובע דעלעגאַטן און וואָלט מיט מאָ־רעווּסקין זיך אויסגעגליכן אָן דער פארמיטלונג פון די שרייבער, ווען מאָ־רעווּסקי וואָלט וועגן דעם געלאָזט פאַלן א וואָרט.

אלזאָ: ער צאָלט אוים א חודש געהאַלט, ער לייגט אוועק אין באַנק די הוצאות אויף ערשטער קלאַס ביז שערבורג, ער דיקטירט נישט קיין טערמין צו פארלאָזן די יונייטעד סטייטס, ער שטעלט בלויז איין תנאי: מאָרעווּסקי זאָל נישט שפּילן אויף קיין שום אַנדער בינע אין ניו־יאָרק!

אזוי האָט זיך פארענדיקט מיין „ארטיסטישע טעטיקייט“ אין ניו־יאָרק.

אין די שטאַטן בין איך אָבער געזעסן נאָך א יאָר צייט. און האָב וועגן דעם וואָס צו דערציילן נישט ווייניקער ווי וועגן די 16 וואָכן ביי מאָרים שוואַרץ.

* *
*

זעען מיר ווידער אונדזער העלד ביי דער צעבראָכענער קאָרעטע... ווידער איז „ט ע אַ ט ע ר“ א ווייטער חלום, וואָס לאָזט אים נישט רואיק שלאָפן און נאָרמאַל אָטעמען.

אין מיין אומבאהאָלפנקייט האָב איך נאָך אויסגעגראָבן א גרוב צווישן מיר און דער „אַקטיאָרן־אוניע“: דעם פּראָפעסיאָנעלן פאריין.

אין פּוילן בין איך מיטן פאריין געווען אין די בעסטע באַציונגען.

אז איך בין אוועקגעפאָרן קיין בוענאָס איירעס, זענען אָן ספק דער־פילט געוואָרן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן. אין ניו־יאָרק איז תיכף אַנט־

שטאַנען א „קאָנפליקט". לויט אלע כללים האָב איך באלד נאָכן אָנקו־מען געדארפט אָפּשטאַטן דעם ערשטן וויזיט אין דער יוניע. מיר האָט קיינער עס נישט אויפמערקזאם געמאכט, און מיין אבסיסטענץ איז אויפ־גענומען געוואָרן ווי אן אויסדרוק פון גרינגשעצונג. שווארץ האָט מיטן אַנגאַזשירן מיך עובר געווען עפּעס כללים, וואָס זענען מחייב דעם אר־בעטסגעבער לגבי דעם פּראָפּאריין. צוזאמען האָט זיך באקומען א סיטו־אַציע פון „שארפן קאָנפליקט", מיטן גאסט, וועלכער איגנאָרירט דעם סטאַטוט, „קריכנדיק מיט זיין אוסטאוו אין פרעמדן מאָנאַסטיר" (גע־ברויכנדיק דאָס באקאנטע רוסיש ווערטל). די היסטאָריע מיט דער מעשה וואָלט זיך שלעכט פארענדיקט: עס האָט געקאָנט דערגיין ביזן פארבאָט פון מיין ערשטן ספּעקטאקל. איז אָבער גאָט א גוטער: שטעלט זיך ארויס, אז ראובן גוסקין, דער האַר און געביטער פון דער יוניע, זיין פּאקטישער פירער אין משך פון יאָרן ב י ז דאן און דריי יאָרצענדליקער שפּעטער — איז ביי מיין פעטער „הערמאַן בלאָק", וועלכן דער לייענער קען שוין, גישט פּשוט א „בן בית", נאָר ער האָט זיך ביי מיין פעטער שיעור נישט אויסגעהאָדעוועט; הירש בלאָך האָט אים אויף די פיס געשטעלט, אויף דער וועלט ארויסגעפירט און די שטעלע אין דער יוניע האָט אים גע־שאפן מיין פעטער. הוץ דעם, איז יוסף באַסקין, דער דירעקטאָר פון „אַר־בעטער־רינג", מיינער א יוגנט־פריינד נאָך פון ווילנע מיט 20 יאָר צוריק.

קלאָר, אז וועגן רעפּרעסיעס לגבי מיר מצד דער יוניע האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. די אלע שווארצע כמארעס האָבן מיך אויסגע־מיטן, און איך האָב אפילו נישט געוווסט, אז זיי זענען געהאָנגען איבער מיין אָרעמען און נארישן קאָפּ.

ארום אין דער עפנטלעכקייט האָט מען אָבער די אלע פּרטים געגנוי געוווסט, און עס האָט זיך געמוזט באַשאַפן אַן אַטמאָספער פון עפּעס, וואָס ליגט א י ב ע ר ן דורכשניט פון נאָרמאלע און נאַטירלעכע פּראָ־פעסיאָנעלע באציונגען.

ניו־יאָרק מיט ווארשע — ס'הייסט ראובן גוסקין מיט מארק יובי־לערן — האָבן געפירט אן אינטענסיווע קאָרעספּאָנדענץ וועגן מיטגליד פון יידישן פאריין אין פוילן, וועלכער איגנאָרירט די יוניע. און די מאָס־געבנדיקע אינסטיטוציעס זענען, משמעות, געקומען צו אן אויסגלייך, און אלץ איז אריינגעפּאסט געוואָרן אין די געהעריקע ראמען פון אנטשפּרעכנ־דיקע פאראגראפן...

איז דאָך אָבער אויסער פּאַראַגראַפן פאַראַן פאַקטן און מענטשן און אינטערעסן. איך פלעג ענדיקן צו דער פאָרגעשריבענער שעה די אָפּיציעלע פּראָבע און פאַרבלייבן אין טעאַטער נאָך א פּאָר שעה, שטודירנדיק מיט א צוויי-דריי שוישפּילער זייערע ראָלן. די קאָלעגן פון דער טרופּע האָבן נישט נאָר „נישט פּראָטעסטירט" קעגן דער אַרבעט נאָך דער אָפּיציעלער צייט; גאָר פאַרקערט: יענע שעהן זענען אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט.... קומט א מאָמענט, אַז איך דאַרף צו א באַשטימטער סצענע מיט „קאָנסועללאָ" האָבן א פּראַקטיקאַבל... דאָס וועגט א 20 קילאָגראַם, און איך בעט א בינע-אַרבעטער, מיר עס ברענגען. דערהער איך, אַז קיין בינע-אַרבעטער אויף פּראָבעס זענען נישטאָ; מעלדט מען, אַז פון מאָרגן אָן מוז איך האָבן אויף יעדער פּראָבע א טעכנישן אַרבעטער. דערוויס איך זיך, אַז איין אַרבעטער טאָר מען לויט די כּללים פון פאַריין נישט האַלטן און צאָלן א גאַנצע בריגאַדע איז א צו גרויסע הוצאה.

— ווער איר שוין מוזן זיך באַגיין אָן דעם, די קונסט וועט האָפנטלעך זיך צעבליען אָן א פּראַקטיקאַבל.

אין א טאָג אַרום בין איך אַוועק און געבראַכט צו שלעפּן דעם פּראַקטיקאַבל בידים. א טאָג שפּעטער האָט מיר לאַזאַר פריד געהאָלפן. און נאָך א טאָג שפּעטער האָב איך דערהערט, אַז אונדזער אָפּזאָג אַליין זיך העלפן וועט דער פאַריין פון טעכנישע בינע-אַרבעטער באַטראַכטן ווי א שריט פון אויסגעשפּראָכענער שטרייקברעכעריי און סאַבאָטאַזש לגבי די אינטערעסן, רעכט און פאָרשריפטן פון פאַריין.

איך האָב ווייטער געשלעפּט די פּראַקטיקאַבלען. דערביי האָט מיך דער דירעקטאָר געוואָרנט, אַז דעם פּראַקטיקאַבל נאָך דער פּראָבע מוז מען אַוועקשטעלן אויף זיין אָרט: אויב, קומענדיק אינאָווונט, וועלן די אַרבעטער דערזען, אַז מען האָט דעם פּראַקטיקאַבל גענוצט אָן זייער הילף, וועלן זיי מוזן רעאַגירן אויף דעם.

מיטאַמאָל קומט אויף דער פּראָבע א בינע-אַרבעטער און געפינט מיך פירן די סצענע אויפן פּראַקטיקאַבל. דאָס איז געווען די סצענע צווישן „דער" און „קאָנסועללאָ", וועלכע געהערט צו די קולמינאַציע-פּונקטן פון ספּעקטאַקל, וועלכע איך פלעג שפּילן (און רעפּעטירן) שטענדיק אין די טענער פון פלאַמענדיקער באַגייסטערונג.

אז איך האָב פאַרענדיקט די סצענע, א קער געטאָן דעם פּראַק־טיקאַבל און זיך גענומען אים שלעפּן איבער דער בינע, האָב איך דער־הערט פון פאַרטער א שטים:

— איי בעיג יו פּאַרדן, מיסטער מאָרעוווסקי!

פון טונקעלן זאַל איז ארויס א וווקסיקער, ברייטפּלייציקער מאַן פון א יאָר 40. ער האָט פון דער זייט מיט איין שפּרונג זיך ארויפגעקראָגן אויף דער בינע און מיר אויסגעשטרעקט די האַנט.

— דעם פּראַקטיקאַבל נאָך דעם, וואָס איך האָב דערהערט אויף דער פּראָבע, וועט איר דערלויבן מ י ר אוועקשטעלן אויפן אָרט. און דאָס טו איך נישט אלס בינע־ארבעטער קעגן די געזעצן פון מיין יוניע. דאָס טו איך אַלס צושויער, וועלכער האָט צופעליק בייגעוווינט און באַווונ־דערט אייער סצענע.

ווי ווייט איך געדענק, האָב איך די פּראַקטיקאַבלען מער נישט גע־שלעפּט: יעדן טאָג פלעגט זיך מעלדן אַן אנדער פאַרשוין, פלעגט מיך פרעגן צי דאַרף איך נישט עפּעס האָבן; אויף מיין פראגע, צי ער איז א בינע־ארבעטער, פלעג איך דערהערן: „זאָל גאָט היטן! וואָס פאַלט אייך איין? מיך האָט מיין פריינד געבעטן, אז איך זאָל אריינגיין אין טעאַטער נאָך דריי און זעען צי דאַרפט איר נישט עפּעס.

צו א קאָנפליקט מיטן פאַריין איז אָבער געקומען.

נאָך דער פּרעמיערע פון „קאַרשנגאָרטן" האָט די דירעקציע באַ־שלאָסן א שבת־פרימאָרגן (אפשר — זונטיק?) צו געבן א רעפּעראַט וועגן טשעכאָוון. ווי ווייט איך געדענק זענען געווען צ ו ו י רעפּעראַטן: דאָקטאָר מוקדוני און — מאָרעוווסקי.

איך האָב פאַרלאַנגט אויף דער בינע זאָל זיין א קאַטעדרע. שטיין אין מיטן דער בינע נישט אָנגעשפּאַרט איז מיר פאָרגעקומען אומגעשיקט.

לאָזט זיך אויס: ארויסטראָגן די קאַטעדרע מוז א בינע־אַרבעטער, און דאָס דאַרף קאָסטן דעם סכום פון א אָפּצאָל פאַר א גאַנצער בריגאַדע ווי צו א נאָרמאַלער פאָרשטעלונג.

— וועל איך אליין ארויסטראָגן אויף דער בינע א טישל מיט א שטול און א גלאָז וואַסער.

— דאָס איז סאַבאָטאַזש!

בין איך נישט פרעגנדיק ארויס אויף דער בינע מיט אַ שטול אין איין האַנט און א גלאָז וואסער אין דער צווייטער און געהאַלטן א שעה־דיקן רעפּעראַט.

אויף מאָרגן האָבן זיך געמאָלדן פאָרשטייער פון יוניע מיט א שטרענגן פאָרוואורף, אז איך האָב עפנטלעך קאָמפּראָמיטירט די יוניע מסרנדיק פארן עולם, אז זי קרעמפּירט דעם פּרעלעגענט און באציט זיך ביוראָקראטיש צו לעבעדיקע נויטן פון טעאטער.

*

* *

א פיר חדשים האָב איך ארומגעשפּאנט איז דער פּאָזיציע פון א רונדן לײדיקגײער איבער די עווענױס און סטריטס פון מאנהעטן, בראָנקס, ברוקלין און אויף די ראַנדן פון ניו־יאָרק...

נאָך אין איין העלן פרימאָרגן האָט יוסף באסקינד מיך פארבעטן צו זיך אין קאנצעלאריע און געמאָלדן, אז זיין אינסטיטוציע איז נישט אין אָרדענונג, און ער אליין קאָן זיך נישט בארואיקן, וואָס „אזא איינער ווי דו" גייט ארום איבער די גאסן, טוט גאָרנישט און עסט אויף זיינע פּאָר פאראיבעריקטע גראָשנס...

— אין טעאַטער־ענינים קאָנען מיר זיך נישט מישן. גוסקינען פאר־דריסט אויך וואָס דו גייסט ארום לײדיק. ער זאָגט אָבער, אז פון דער זייט אינטערווענירן לאָזט זיך נישט, און דו האָסט מיט קיין איין וואָרט נישט געפּרוּווט די לאגע ענדערן. אלזאָ: אויף די פיר זומער־מאָנאַטן לייגט מיר דער „ארבעטער־רינג" פאָר איבערצונעמען די אָנפירונג מיט דעם קינדערהיים אין זייער קעמפּ (זומער ווינאָרט). מיין אויפגאבע וועט זיין רעזשיסירן קינדער־פאָרשטעלונגען.

א געהאלט ווערט מיר באשטימט מיט 100 דאָלאר א חודש מער ווי דער בודזשעט זעט פאָר פארן נאָרמאלן „אָנפירער". ער וויל נישט ווארטן אויף מיין תשובה: ער האָט מיך שוין ארייגערעכנט אין דער רשימה פון לייטנדיקן פערסאָנאַל און פרעגט מיך: ווען זאָל קומען דער קאַר (וואָגן) מיך פירן אין קעמפּ אריין? (א 25 קילאָמעטער הינטער ניו־יאָרק).

דאָס זענען געווען די בעסטע, אינהאלטרייכסטע חדשים פון מיינע אנדערטהאלבן יאָר אין לאנד.

איך האָב באשלאָסן אויפפירן מיט די קינדער י.ל. פּרעצעס „דין תורה מיטן ווינט" און נאָך דעם געבן א „דיווערטיסמענט" אין דער אויסשטאַ־טונג פון א צירק־פּראָגראם: טענץ, לייכטע אקראָבאַטיק, זשאָנגלירונג, אימיטאציע פון פערד־דרעסור, פּארטער־געראנגל, און ענדלעך — קלאָו־

נאַדע... דעם הויפּט־פּאַיאַץ אין קאָסטיום פון ארלעקין האָב איך אויסגע־פירט אליין.

עס וועט קלינגען קאָמיש, אָבער איך מוז זאָגן, אז יענער אָוונט — אין סעפּטעמבער 1929 — איז געווען איינער פון מיינע באדייטונגפולס־טע לייסטונגען אין משך פון מיינע 40 יאָר שעפערישע פארמעסטונגען...

מענטשן זענען צו מיר געקומען מיט פלאַמען פון התפּעלות אין די בליקן. מען האָט מיך אויפגעפאָדערט צו געפינען א מענעדזשער און באַ־ווייזן דעם ספּעקטאַקל אין ניו־יאָרק, אין ראַאוד... עס וועט דורכגיין 100 מאָל. איך וועל אָנשיטן זעק מיט געלט"...

פאר דער צייט פון די פּראָבן מוז איך זיך אָפּשטעלן אויף איין פּיל־זאָגנדיקן עפּיזאָד.

דער פארוואַלטונג איז איינגעפאלן צו באַשטימען א צוזאַמענקונפט מיט די עלטערן פון מיינע ארטיסטן: ארומרעדן פראגן פון „קולטור", „דערציונג", „פּעדאגאָגישע אויפגאבן".

עס איז ארויפגעשווומען די פראגע פון „מאַמע־לשון" ביים יונגן דור. איך האָב צום ערשטן מאָל דערהערט, אז אין דער פראגע זענען פאראַן „פארשידענע שטאַנדפּונקטן", אז יידיש איז א שטערונג צו ווערן „גוטע אמעריקאנער"; אז יידיש שלעפּט צוריק קיין יעהופּעץ און כתרילעווקע און פירט צו דער יארמולקע....

איך האָב נאָך א קורצער דערקלערונג וועגן יידיש „נוסח ווילנע", וואָס איז פון „יארמולקע און יעהופּעץ" ז י י ע ר דערוויטערט, געזאָגט בפה מלא, אז דאָ אין בראָנקס און אויף היינטיקער פארזאמלונג האָב איך מיך איבערצייגט אין דעם, וואָס פריער איז פאר מיר געווען בלויז א השערה: אלע, וואָס שטאַמען פון איידעלע טאַטעס און זיידעס, האלטן יידיש פאר זייער טייערסטן אוצר און נעמען אויף מיט פרייד יעדן אויס־דרוק פון יידישער קולטור. עס ווייכן דאקעגן פון יידיש די, וואָס זייער נעכטן שטעקט אין די זומפּן פון אמעראצעס, גראָבקייט, אָפּגעשטאַנענ־קייט. פאר אזעלכע איז דער סינאָנים פון פּאָרשריט ענגליש, דייטש א.א.וו. א.א..וו.

ביי א הילכיקן אפּלויז פון א טייל פארזאמלטע, וואָס האָבן אויסגע־דריקט זייער צושטימונג צו מיינע באהויפּטונגען, האָט זיך אין זאַל גלייכ־צייטיק אויפגעהויבן אן אמתער שטורעם פון פּראָטעסטן קעגן מיין „טעזע". יענע גרויסן זיך מיט זייער "פּראָגרעס" און אמעריקאנישקייט,

און דאָ וואַגט איינער, „אַ גרינער“, זיי אָנצורופֿן: „גראָבהויטיקע“... אַוועק מיט אים!

„הי'ז פֿון!“ — האָב איך דערהערט.

צו דער בינע זענען געפֿלויגן עפּעס אַלטע פּאַנטאָפֿל, צעריסענע הענטשקעס, שאָלעכץ פֿון באַנאַנען און גרעיפּ־פֿרוכט.

איך האָב דערזען „אַמעריקע“ פֿון אַ נייעם, נישט פֿאַרויסגעזעענעם אָבער שוין לאַנג פֿאַר מיין אויג און אויער ערגעץ לעבעדיקן ווינקל.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די געסט אין „אַרבעטער־רינג“־קעמפּ, מיט וועלכע קיין קאָנטאַקטן האָב איך אויך ביז דאַן נישט געהאַט, האָב איך אָנגעהויבן אויסמיידן...

נאָך דער אַרבעט מיט די קינדער, אַרום 6, פֿלעג איך מיך אַריבער־פּעקלען אין אַ שיפֿל איבערן לייק צו אַ גאַנץ אַנדער עדה.

*

* *

אויף יענער זייט פֿון גרויסן לייק איז אויך געווען אַ „קעמפּ“... אָבער דאָ האָט געהערשט אַן אַנדער לופֿט, אַנדערע זיטן און גאַנץ אַנדערע מענטשן־עקזעמפּליאַרן: דאָ האָבן געוואָסן פֿון זומער־אָפּרו די לינקע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דער קאָמוניסטישער צייטונג „פֿרייהייט“.

נישט געהערנדיק צו קיין שום לאַגער און האַבנדיק די מידה זיך אַריינ־צוטראַכטן אין יעדן געדאַנק, האָב איך געמוזט אין רוב צוזאַמענשטויסן צווישן די אָנהענגער פֿון „אָקטאָבער“ און זיינע קעגנער אָנערקענען, אַז די אָנהענגער ווערן אָנגעפֿירט דורך עמאָציעס פֿון אַן אויסגעטרוימטער צוקונפֿט וועגן אַלגעמיינעם גליק און מענטשלעכקייט, און די קעגנער, הגם זיי שטיצן זייערע אָנגריפֿן אויף אידעען פֿון „דעמאָקראַטיע“ און די גרויסע פּרינציפּן פֿון 19 יאָרהונדערט, זענען זיי אייסן נישט די „הגדה“, נאָר די „קנײדלעך“: זייערע פּאַרטייִדיקן זייערע סייפֿן, אַקציעס און וועלפּישע אַפּעטיטן.

אין ניו־יאָרק אין דעם יאָר 1928 האָט מיך מיט די מענטשן פֿון „לינקן“ קעמפּ אויף יענער זייט לייק געבונדן נישט קיין „פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט“, גייערט גאַנץ אַנדערע פֿאַקטאָרן, און דער ווירקזאַמסטער פֿאַקטאָר איז געווען דאָס, וואָס דאָ האָב איך אָנגעטראָפֿן אַ סביבה פֿון בעסטן

מין רוסישער אינטעליגענץ. דאָס רוב פון זיי איז פון רוסלאַנד אַוועק נישט מיט 20, 30 יאָר צוריק אַזוי ווי די פאָרשטייער פון אַמאָליקן „בונד“. די „לינקע“ זענען אין לאַנד אָנגעקומען מיט אַ יאָר, צוויי, דריי צוריק און זענען נאָך געווען אין דער סביבה — „גרינע“. מיך האָט עס פאַרשטייט זיך, צו זיי דערנעענטערט. און נאָך אַ פּרט!

יענע אלטע — ווילנער, מינסקער, ביאַליסטאָקער — אינטעליגענטן פון „בונד“ (אין „פאָרווערטס“ האָב איך געטראָפן אַ „מנין“ אויסער וולאַדעקן) זענען געווען בלית ברירה אויסגעבאָדן אין שטראָם פון „שיעור נישט האַלבן מיליאָן“ מיטגלידער פון „אַרבעטער־רינג“... און דאָס איז געווען אין „עדה“, וואָס האָט מיטן „אַלטן בונד“, „אינטעליגענץ“ און ענ־לעכע „איידעלע מאַטעריעס“ נישט געהאַט קיין איין געמיינזאַמען פונקט.

די גראָבהויטיקע געסט אין קעמפּ, וועלכע האָבן מיך באַוואָרפן מיט שאָלעכץ, זענען פאַרביקע מוסטערן פון אָט דער געזעלשאַפט, און מיר קומט אויס צו באַמערקן, אַז די בעסטע יחידים פון „פאָרווערטס־בילדונג“ האָבן געטראָגן אויף זיך דעם חותם פון דער מאַסע, מיט וועלכער זיי האָבן כמו „אָנגעפירט“, אָבער זענען געווען פון איר נישט נאָר אָפּהענגיק, נאָר אויך באַאיינפלוסט....

אַ גאַנץ אַנדער בילד האָט פאָרגעשטעלט דער קעמפּ אויף יענער זייט פון לייק. קיין סימן פון דער עשירות, וועלכע האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן ביים ערשטן קוק אין קעמפּ פון „אַרבעטער־רינג“, איז דאָ נישט געווען. קיין איין געמויערטע געביידע, דאָס גאַנצע פעלד באַדעקט מיט „באָנגאַלאָס“, לייוונטענע ביידלעך. און דערפון האָט אַ באַזונדערן חן גע־קראָגן דער גרינער טעפּיך אַרום.

מיין פרוי האָט זיך באַזעצט אין אָט דעם קעמפּ, גלייך זיך באַפריינ־דעט מיט אַ ריי פרויען און מענער, און פון צווייטן טאָג, האָבנדיק זיך באַ־קענט מיט יענע מענטשן, פלעג איך פון 6 אָוונט ביז 9 פרי פאַרברענגען דאָרטן.

* *

*

עס איז פאַרשטייט זיך, נישט מעגלעך זיך אָפּצושטעלן בפרטיות אויף די טעלעכע צענדליקער אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פון דער יידי־שער ליטעראַטור, פובליציסטיק, געזעלשאַפטלעכקייט, מיט וועלכע מיר

איז פאר די אנדערטהאלבן יאָר אויסגעקומען זיך צו באקענען, דערנענטערן, באפריינדן. עס זענען געווען אזעלכע. מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן בלויז איין מאָל (אייב קאהאן, למשל) אָבער דורכלאָזן אים וואָלט געווען א „בלויז“ אין מיין לעבנס־באשרייבונג, ווייל דער וויזיט ביי אים אין רעדאַקציע, אויפן 8־טן שטאָק פון „פאָרווערד־בילדינג“ איז, ווי אומגעריכט דאָס זאָל נישט אָפּקלינגען — אַן עטאפּ אין מיין אויפנטהאלט אין ניו־יאָרק. דאָ איז מיר נעמלעך געוואָרן קלאָר, אז איך האָב דאָ נישט „וואָס צו טאָן“, אז דאָס יידישע ניו־יאָרק דאָס איז „אייב־קאַהאַניזם“ און מיט דעם קיין געמיינזאם לשון וועל איך נישט געפינען.

איך מוז אָנהייבן א ביסל פון פריערדיקע „געשעענישן“. איך האָב שוין דערציילט, אז צו מיין אָנקומען האָט מיך דער „פאָרווערטס“ מקבל פּנים געווען מיט א רייך־אילוסטרירטן „פּעידזש“. לויט אלע אָנגענומענע כללים און בפרט לויט די פארהעלטענישן אין ניו־יאָרק, האָב איך געזאָלט אויפן צווייטן טאָג אָפּשטאַטן א וויזיט דער רעדאקציע און פערזענלעך אייב קאהאנען, מיט וועלכן איך האָב זיך באקענט מיט יאָרן צוריק אין ווילנע און שפּעטער זיך געטראָפן אין בערלין. אָבער ראשית דבר בין איך אין פּרינציפּ נישט נוטה געווען צו מאכן וויזיטן אין די רעדאקציעס און אזוי אדורך צו באַאיינפלוסן, אז מען זאָל שרייבן וועגן מיר שבחים, והשנית האָבן די באגעגענישן מיט מיסטער קאהאן אין ווילנע און בערלין נישט איבערגעלאָזן אזא שפּור, אז איך זאָל איצט פליען אין זיינע אָרעמס אריין... בקיצור: איך בין מיט קיין וויזיט נישט געגאנגען.

שוין — „אַ שווארצע קאַץ“!

איז נאָך אויפן צווייטן טאָג נאָכן לאָנטש לכבוד מיין קומען ארויס מיט אַ וואַרעמער באַגריסונג — „די פרייהייט“. אייב קאהאן האָט דאַן באשלאָסן, אז „ביי זיי“ בין איך שוין געווען. הייסט עס: „פריער ווי ביי אים?“.

דאָס איז שוין נישט קיין „קאַץ“ אויפן וועג — נאָר אַן עקדעש! אַ שלאַנג!

און נאָך מיין ערשטן אויפטריט אין אנדרעיעווס „דער, וואָס קריגט די פעטש“ האָט ער אָנגעשריבן א פארניכטנדיקן אַרטיקל...

היות דאָס איז געווען דער ערשטער אָפּקלאַנג פון ספּעקטאַקל, האָט זיך לייכט געקאָנט באפעסטיקן דער איינדרוק, אז מיין דורכפאל איז אַן

אַבסאָלוטער, אַן אומברחמנותדיקער, א קארקברעכערישער, אזא, וואָס „תחית המתים“ וועט מיך שוין אויך נישט אויפהויבן פון גרוב...

די עם-הארצות פון מיסטער הקריטיקער איז געווען אזא „וואָלקנקראצערישע“, האָט אזוי אָנגעשפּארט אין סאמע הימל אריין, אז עס האָט באמת זיך געלוינט אריבערשווימען איבער זיבן ימים, כדי אזעלכעס צו „דערוויסן זיך“ וועגן אַנדרעיעוו, וועגן זיין ווערק, וועגן זיך אליין. „אז ער וויל לאכן מאכט ער „כא-כא-כא“ און ווייסט זיך נישט ווען אָפּצושטעלן“ — האָט ער געשריבן וועגן מיין לאך-היסטעריע איבער „דערן“ אין דריטן אַקט.... די געשטאלט פון „דערן“ האָט ער אויפגענומען ווי א... פּערזענלעכע באליידיקונג (געניאלער אַנדרעיעוו, מיט 15 יאָר צוריק האָט ער אזוי געטראָפן דער באנאליטעט אין סאמע אויג אריין, צילנדיק פון מאָסקווע ביז ניו-יאָרק). די עטלעכע שורות אין פּראָגראַם וועגן דער געשטאַלט פון „דערן“ האָט מיסטער קאַהאַן באַטראַכט ווי אָנגעשריבענע... אים צו להכעיס.

מיין „לויה“ מיט די פּויקן און טימפּאנען פון אייב קאהאנס אַרטיקל איז אָבער ביזן צוגעגרייטן „קבר“ נישט דערגאנגען: צוויי שעה שפּעטער איז ארויס דער נומער „מאָרגן-זשורנאַל“ מיט דר. אלעקסאנדער מוקדונים ארטיקל וועגן מיין ערשטן אויפטריט...

דאָס איז געווען אזא טיפער פילאָזאָפישער אַנאליז פון ווערק, פון דער טיטל-ראָל; אזא פּלאַסטישע אָפּשילדערונג פון דעם, וואָס אויף דער בינע איז באוויזן געוואָרן, אז איך בין געבליבן ווי אָן לשון, לייענענדיק דאָס ווערק פון אָנערקענטן בעסטן טעאטער-קענער אויף דער יידישער גאס.

אין קורצע טעג ארום איז דערשינען אין „טאָג“ אן ארטיקל פון גלאַניץ-לעיעלעס, וועלכער איז נעבן מוקדונים פארבליבן ביי מיר ווי א מוסטערהאפטע שילדערונג פון שוישפּיל-קונסט (לעיעלעס האָט דערביי זייער קריטיש באהאנדלט מיין רעזשי פון 4-טן אַקט, און ער איז געווען אויף אלע הונדערט פּראָצענט גערעכט).

נאָך אייב קאהאנס „רעצענזיע“ איז צו מיר צוגעשטאַנען מאָרים שווארץ מיט אן אויפפאָדערונג, איך זאָל אָפּשטאַטן „דעם אלטן“ א וויזיט אין רעדאקציע. דאָס פּאָדערט פון מיר די דירעקציע פון טעאטער, ווייל קריגן זיך מיטן „פאָרווערטס“ הייסט אָפּשטויסן פון טעאטער זיבעציק פּראָצענט פון זיינע שטענדיקע באזוכער. איך האָב מיין דירעקטאָר אָפן און קלאָר געגעבן צו פארשטיין, אז צו קיין „שלום בית“

וועט מיין וויזיט נישט פירן. איך וועל דעם „אלטן" קיין קאָמפּלימענטן נישט מאַכן און זיין אָפּהאַנדלונג פון לעאָניד אַנדרעיעווס מייסטערווערק וועל איך אָנרופן מיטן נאָמען.

שוואַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז ער שטונט ווי אַזוי אין מיר זיצט אַ חכם און אַ שוטה.

— אַז איר רעדט וועגן קונסט, דערהערט מען פון אייך אַנטפּלעקונגען, און אין ענינים פון פּראַקטישן לעבן זענט איר אָפט, כמעט — שטענדיק — אַזאַ טיפּש, אַז מען קאָן מיט אייך נישט באַהאַנדלען קיין איין פּונקט און שריט. צי דען פאַרשטייט איר נישט, אַז אייער דערשייגען אויפן שוועל פון זיין קאַבינעט וועט דער אַלטער אויפנעמען מיט אַזאַ געפיל פון געניגטואונג, אַז איר דאַרפט שוין רעדן קיין וואָרט...

דעם לעצטן שטויס האָט מיר געגעבן — ליטוואַק. אברהם ליטוואַק, דער בונדיסט. איינער פון די געבילדעטסטע מענטשן אין יענע קרייזן, מיינער אַ הייסער פריינד.

— זיי נישט אין דעם פאַל קיין „דאָן־קיכאָט"! אַרבעטן אין ניו־יאָרק, זייענדיק צעקריגט מיטן „פאָרווערטס", איז פשוט נישט מעגלעך.

איך בין אַוועק מיט אַ וויזיט צו אייב קאַהאַנען. ליטוואַק האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל רעדן רוסיש: דאָס אימפּאָנירט דעם אַלטן, און וועט שאַפן אַן אַטמאָספער פון גוטמוטיקייט. מיר איז באמת נישט צו מוט צו זאָגן מיין לייענער, אַז רוסיש לשון איז שטענדיק געווען איי פאַרבליבן מיין גרויסע פרייד, פּונקט ווי פּושקין און לערמאָנטאָוו און דער זכר פון מיינע פעטערברודער רביים. איך האָב קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין „אַ רוסישער אינטעליגענט".

אָבער ביי אייב קאַהאַנען אין קאַבינעט האָב איך דערפילט אַ גרינגשעצונג פון מיין יידישער מענטאַליטעט!

זיין „רוסיש", זיין באַנעמונג מיטן ביסל פּריציש קראָכמאַל האָט דערמאָנט די יידישע אינטעליגענטן פון דער אַמאָליקער „ראַבינער־שול" פון סוף 19־טן יאָרהונדערט. דאָס טיפּישע דערביי איז געווען די גרינגשעצונג צום פאָלקס־מענטש און דערפון די פאַראַכטונג צו זיין לשון, צו זיין קולטור־וווקס, וועלכן זיי זענען פשוט נישט פעיק געווען אויפצונעמען, און פון אויסגעלייטערטן פאָלקס־מענטש זענען זיי געווען ווייט און פרעמד. איך האָב דערפילט אָט די אָפּגעשטאַנענקייט אויף פופציק יאָר (אייב קאַהאַן האָט פאַרענדיקט די ראַבינער־שול אוודאי אין די 80־קער יאָרן) פון ערשטן זאַץ אין אונדזער, מסתמא, שעהדיקן שמועס...

איך געדענק נישט ווי לאנג איך האָב גערעדט רוסיש. איך געדענק גענוי, אז ער האָט מיר ארויסגעזאָגט עטלעכע באפליגלטע קאָמפּלימענטן (כמו עפּעס: אז איך „דערגרייך אָפּט די הייכן פון קונסט"). איך האָב אים געזאָגט, אז נישט האָבנדיק געקומען א קוק טאָן „די שמאַטעס", האָט ער באוויזן גלייכגילטיקייט צו די אויפגאבן פון א טעאטער־קריטיקער, וועלכער איז מחויב צו שטודירן און אקטיאָר אלזייטיק, איבערהויפּט, ווען דער ערשטער איינדרוק איז אזא אומגינסטיקער ווי אין דעם פאל. אפשר איז דער אקטיאָר גאָרנישט אזא לא־יוצלח ווי ביים ערשטן אויפטריט?

ער האָט דעם ענין אָפּגעפּטרט מיט דער לייכטקייט פון אַ... „פעליעטאָניסט", און מיר האָבן זיך העפלעך געזעגנט. קיין חרטה אויף דעם וויזיט האָב איך נישט: דאָס איז א טונעל, וועלכן דורכגיין איז נוצלעך געווען, כדי אָפּצושאצן די שיין פון ליכטיקן טאָג: די אנדערע פאָרשטייער פון אונדזער וועלט.

קלמן מרמר, אברהם ליעסין, ב. צ. גאָלדבערג, קאָראלניק, לעא קאבארין — מיט יעדן פון זיי האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו פארברענגען לאנגע שעהן ביי טאָג און אין אָווגט און זיך באהעפטן אין געשפּרעכן, וועלכע האָבן אונדז דערנעענטערט און איבערגעלאָזט א שפּור אויפן גאנצן לעבן.

איך האָב געהאט צוזאמענשטויסן מיט מוקדוני, א יאָר אים נישט באגריסט, צום סוף אָבער איז , צו מיין פרייד, די באציונג צווישן אונדז צוריקגעשטעלט געוואָרן.

* *

*

אין „מאָרגן־זשורנאַל" איז דערשינען אַז ארטיקל אונטערן קעפּל: „די היסטאָרישע אָפּערעטע", אין וועלכן דר. אַלעקסאנדער מוקדוני מאכט צו אַש און בלאָטע קאציזנען און אלץ, וואָס איז ארויס פון זיין פעדער...

די דאָזיקע באציונג פון מוקדוני צו קאַציזנען האָט זיכער געוואָרצלט אין די אמאָליקע יאָרן, בעת ארום פּרצן פלעגן טאנצן צענדליקער פיגמייען פון פעדער. ער האָט פאר יעדן געהאַט א וואָרט פון וואַרעמקייט און אויפמערקזאמקייט. אלטערן האָט פּרץ געליבט און געשעצט און געוווסט וועמען ער האָט פאר זיך... דאָס ווייס איך פון דעם, וואָס מיר האָט נישט איין מאָל דערציילט בפרטיות העלענע פּרץ.

קאציזנעס ערשטע ווערק האָט נישט געגעבן קיין גרונט צו אָנער־קענען א גדול, האָט מען זיך אויף אים א ווארף געטאָן מיט ציין־קרי־צעניש און שפּעטער נישט געהאט קיין גוטן ווילן לגבי אים.

איך האָב געלייענט מוקדונים ארטיקל מיט וויטיק און פארדרוס. געפילט דערביי, אז אָט די באציונג האָט נישט דערלאָזט מיר קומען צום וואָרט מיטן „דוכוס" ביי שווארצן, אָבער איך וואָלט געמוזט, וואָס מען רופט, „אָנגעמען א מויל מיט וואסער" — און שווייגן.

איז אָבער מיין דאָקטאָר געשטרויכלט געוואָרן: פאלט אים איין א נארישע כוונה מיך צו „פארגיטיקן" פארן צער, וואָס ער רייסט אראָפּ מיין געליבט בינעווערק, און ער פארענדיקט זיין „היסטאָרישע אָפּערע־טע" מיט אזא מין פּאָר זאצן: „און מאָרעווסקי" — שרייבט ער — „אליין מיט א פעדער אין האנט, פועלט ביי זיך צו לויבן די שמאַטע" (איך ציטיר נישט וואָרט אין וואָרט, נאָר דעם זין) „בלויז דערפאר, וואָס אויפן שערבלאט איז דאָ זיין פּאָרטרעט".

האָב איך אָנגעשריבן א „בריוו צו דאָקטאָר מוקדוני", אים געבעטן מיין בריוו, ווי ער שטייט און גייט, צו פארעפנטלעכן אין זיין צייטונג אין אים מתרה געווען, אז אויב ער וועט עס נישט טאָן, וועל איך דעם בריוו אין א געענדערטער פאָרם אָפּדרוקן אנדערשוו.

פארענדיקט האָב איך מיין „בריוו" מיט א שאלה: זאָל מיר דער דאָקטער פילאָזאָפיע פון שווייצארישן אוניווערסיטעט אזוי גוט זיין אויפ־קלערן: דער באגריף „שונד" איז נוגע בלויז ליטעראטור? אָדער עס איז פאַראַן שונד אין קריטיק, אויך? אויב אין קריטיק איז אויך פאַראַן שונד, טאָ וווהין געהער זיין „היסטאָרישע אָפּערעטע?"

ער האָט די לעצטע צוויי שורות אויסגעמעקט און דעם בריוו אָפּ־געדרוקט: מיין וואָרט וועגן דער געשטאַלט פון אלטער קאציזנע איז צום לייענער דערגאנגען.

מיט מוקדונין פלעג איך מיך נאָך דעם טרעפן ווי גאָרנישט געשען. הילכט אומגעריכט ארויס פון קלאָרן הימל א נייער דונער.

די „פרייהייט", וועלכע איז געווען א מאָרגנצייטונג און פלעגט דערשיינען 9 אזייגער, האָט באשלאָסן ווערן א נאָכמיטאָג־צייטונג, דער־שיינען צוועלף.

דאָס האָט באדראָט דעם טיראזש פון „מאָרגן־זשורנאַל", וועלכער פלעגט דערשיינען צוועלף. און די באלעבאטים האָבן זיך שנעל אן עצה געגעבן מיטן נייעם קאָנקורענט. היות דער פארלאג, וואָס האָט ארויס־

געגעבן דעם „מאָרגן־זשורנאל“, האָט געליפערט פּאַפּיר דער „פרייהייט“, האָבן זיי באַשלאָסן קיין פּאַפּיר מער נישט ליפערן און דערשטיקן בזה האופן דעם קאָנקורענט. איידער ער וועט אין דער פרי זיך אויפכאַפּן פון דרימל... אויף דער שאלה צי איז פּאַפּיר געווען אזא הארבער ענין אין ניו־יאָרק און צי וואָלט די „פרייהייט“ זיך געקאָנט אן עצה געבן, האָב איך קיין תשובה נישט: אפשר יאָ, אפשר נישט. אָבער די האנדלונג פון דעם „מאָרגן־זשורנאל“ האָט מיר אויסגעזען א פאַרברעכערישע.

זיץ איך מיט אברהם רייזען ביי א טישל אין דער ליטעראַרישער קאַפע (נישט ווייט פון דער אקטיאָרישער אויף סעקאָנד עווענו, אין א סו־טערענע) און מיר מישן דעם צוקער אין טעצל „שווארצע“ און עס קומט אריין מוקדוני. ער באַגריסט זיך מיט רייזענען און שטרעקט מיר אוים די האנט.

— נישט ענטפערן אויף אן אויסגעשטרעקטער האנט איז קעגן מיין טבע און נטיות, אָבער איך וואָרן אייך, דאָקטאָר, אז להבא זאָלט איר מיר אייער האנט נישט אויסשטרעקן, ווייל איך וועל אייך נישט ענטפערן. פאַרשטאָפּן א קאָנקורענט דאָס מויל אזוי ווי אייער צייטונג האָט עס גע־טאָן מיט דער „פרייהייט“ איז פאַר מיינע באַגריפן און געוויסן א גאנג פון ערגסטן מין ווילקיר.

רייזען האָט מיט קינדערישער התפעלות אויסגערופן: „דעם ערשטן מאָל זע איך, אז אן אַקטיאָר זאָל אזוי רעדן מיט א רעצענזעט“...

ווי אזוי די סצענע אין קאַפע־הויז האָט זיך פאַרענדיקט געדענק איך נישט. מיט מוקדונין האָבן מיר אויפגעהערט זיך באַגריסן. עס האָט אָנ־געהאלטן, שיינט מיר, א יאָר צייט. פאַר מיין פאַרלאָזן ניו־יאָרק האָב איך דערהערט, אז מען גרייט אָן אָפּשייד־באַנקעט און הארט פאַרן באַנקעט זאָגט מיר טייטלבוים:

— הערט מיך אוים! מען ווייסט, אז איר זענט אן עקשן. אָבער דאָ איז א פראַגע נישט וועגן אייך. דעם באַנקעט אראַנזשירן אקטיאָרן, און אקטיאָרן קאָנען נישט איגנאָרירן מוקדונין, אפילו צוליב אייך. דער טאָאַסט־מייסטער אויף אייער אָפּשייד־אָוונט מוז זיין מוקדוני!

— ער וועט גאָרנישט וועלן — זאָג איך.

— איר זענט א שוטה גמור — זאָגט ער: ער איז האלב־טויט בייב געדאַנק, אז מען וועט אים דעם נחת־רוח נישט איינטיילן.

עפּענענדיק דעם אָוונט, אויף וועלכן עס האָט זיך פאַרזאַמלט די „פּני“ פון זשורנאַליסטישער און טעאַטראַלער געזעלשאַפטלעכקייט, איז

דער טאָאסט־מייסטער ארויס מיט אן אומדערוואַרטן פֿאָרשלאָג: היות דער חתן היום איז באַקאַנט ווי א מענטש מיט אומגעריכטע סיורפּריזן און המצאות, וואָלט ער דער שר המשקים, פֿאָרגעלייגט, אז להיפוך צום שאַבלאָן זאָל מען היינט דעם גאַסט געבן דאָס ערשטע וואָרט.

מוקדוני איז געווען בטוח, אז היינט וועל איך אויסשיטן אויף זיין אָרעמען קאָפּ דעם גאַנצן באַרג „פּעך און שוועבל", וואָס ביי מיר האָט זיך אָנגעקליבן קעגן אים, טאָ זאָל ער לפּחות קאָנען ענטפֿערן!

איך האָב זיך אָבער פֿון זיין פֿאָרשלאָג אָפּגעזאָגט: „לאָזט מיר כאָטש היינט זיין מיט מענטשן צוגלייך".

אין מיין שלוסוואָרט האָב איך געענטפֿערט אויף א ריי אָנגערירטע פּונקטן אין די פּאָר צענדליק ארויסטרעטונגען און נישט מיט איין אות באַרירט די צוזאַמענשטויסן מיט מוקדוני.

שליסנדיקט דעם באַנקעט האָט מוקדוני באַטאָנט, אז ער איז טיף גע־רירט פֿון מיין טאָלעראַנטער אויפֿפירונג לגבי אים. מיר האָבן זיך שטאַרק ארומגענומען.

*　　*
*

א פריינד איז מיר געווען די באַקאַנטשאַפט מיט אברהם ליעסין. ער האָט ביי מיר באַשטעלט אן ארטיקל וועגן „יידיש טעאַטער אין אייראָ־פּע" און ארויסגעוואָרפן 3/4 פֿון מיין מאַנוסקריפּט. אין 10 יאָר ארום אין מאָסקווע ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט מיכאָעלסן האָב איך מיך איבערגעצייגט, אז אויך דאָס אָפּגעדרוקטע 1/4 האָט געלוינט צו שרייבן און צו דרוקן: ליעסינס אויג!

ער איז געווען א דיכטער פֿון גאָטס גענאָד, א מענטש מיט האַרץ און געוויסן. גאָרקי האָט אים אמאָל א פרעג געטאָן: פֿאַרוואָס שרייבט ער נישט רוסיש?

— „ווער זשע וועט שרייבן יידיש, אויב איך וועל שרייבן רוסיש?"

אים האָרכנדיק, אים באַגרייפֿנדיק, האָב איך נישט איין מאָל גע־טראַכט, אז ער איז א יחיד, א מנהיג, א מדריך.

---

דריי דראמאַטורגן, וואָס לויט זייערע טאַלאַנטן זענען זיי געווען איינער פון די אנדערע אויף א מהלך נישט אריבערצושטייגן: לייוויק, דוד פּינסקי און לעאָ קאָברין.

לייוויק איז געווען א גדול־הדור. ער איז מער דיכטער ווי דראמאטורג. נישט ווייל זיין דראמאטורגיע איז נישט גענוג גרויס, נאָר ווייל זיין דיכטער־מוזע שטייגט די דראַמאַטישע קאָמפּאָזיציעס אַריבער. זיין „גולם" איז דער שפּילשטאָף פארשווענקט אין שטראָמען פון סימבאָלישער פּאָעזיע. דער אַקטיאָר איז געפּענטעט אין גען פון אַבסטראַקטער בילדלעכקייט און גייסטיקייט. דער דיכטער באַצווינגט דעם דראמאטורג און ממילא איז פארקלאַמערט דער אַקטיאָר און אָן א פרייען, באַפליגלטן אַקטיאָר קאָן קיין סצעניש ווערק נישט זיין קיין לעבעדיקע קונסט. פאר מיר איז לייוויקס דראמאטורגישע גדלות אין פולער קראַפט אויסגעדריקט אין די „שמאַטעס"... וועגן דעם קאָן איך אָבער נישט רעדן, ווייל דאָ בין איך א נוגע בדבר. דער דיכטער האָט נאָכן כפּעקטאַקל מיר געזאָגט עטלעכע קורצע ווערטער, וואָס זענען מיר פארבליבן אויף מיין גאנצן ווייטערדיקן לעבן. „מרדכי מאזע" איז איינע פון מיינע ראָלן, וואָס גילטן ווי א מאָס פון שוישפּילערישער קוואַליטעט, פּאַרנעם, טיפקייט. אָבער נישט וועגן „דערן", נישט וועגן „מיראפּאליער" און מיין שייכות צו זייער סצענישן תיקון האָב איך מיט די מחברים נישט געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן. לייוויק האָט מיר געזאָגט: „די פיגור איז ביי אייך ווי פון בראָנזע אויסגעגאָסן". מער קיין וואָרט נישט. איך האָב נישט געוואַרט אויף עפּעס מער.

מיר פלעגן זיך טרעפן אָפט, איך האָב אים געהאַלטן און האַלט אים פאר איינעם פון די פיינסטע מענטשן־וועזנס, וואָס איך האָב געטראָפן בדרכי החיים. אָבער די ווייטערדיקע יאָרצענדליקער, שמחים און דער־שיטערונגען האָבן אונדז דערווייטערט אין מיין שעפערישן אקטיוו איז ער דער מחבר פון די „שמאַטעס".

די צוויי אנדערע אויבנדערמאָנטע נעמען ברענג איך דאָ, ווייל דאָס איז געווען די אייגנטלעכע „טעאטער־סביבה", אין וועלכער איך האָב יענע חדשים געאָטעמט און... געשטיקט זיך. פּינסקי איז געווען דער מחבר פון „יעקל דער שמידט", וועלכן אלע האָבן געשפּילט, איך בתוך „אלע". דאָס שטיק איז געווען א שלאַגער לאַנגע יאָרן און פּינסקי א מפורסם אין טעאטער. אָבער קיין פונק פון „צויבער" האָב איך אין זיין „מוזע" קיינמאָל נישט געפילט און האָב אים עס אָפן ארויסגעזאָגט,

בעת ער האָט מיך אמאָל פאַרבעטן צו זיך און נאָך א געשמאַקן אָוונט־ברויט געלייענט פאַר מיר זיין „רב עקיבא“. די געשטאַלט פילט אויס, דוכט מיר, צוועלף בילדער און שטייגט נישט אריבער די מאָס און וואָג פון אן עפּיזאָד. אז איך האָב עס אים ארויסגעזאָגט, איז ער געוואָרן אויסער זיך: איינע פון די טראַגישסטע פיגורן אין העראָאישן פּעריאָד פון בר־כוכבאס אויפשטאנד און אין מיינע אויגן מיטאַמאָל — „אַן עפּיזאָד“....

— דאָס באווייזט ווי גלייכגילטיק איר זענט צום עצם מאָטיוו פון אונדזער העראָיק און ראָמאַנטיק. איר זענט באמת א מענטש פון אַנ־דערע קרייזן!

— דאָס באווייזט, אז צו דערזען רב עקיבאַס טראַגיזם דאַרף מען אים פאָרשן אין אנדערע קוואַלן. ווייל אין אייער טראַגעדיע איז פאראַן זיין נאָמען און פאראַן עטלעכע פאקטן, אָבער עס איז נישטאָ קיין שפּור פון טראַגישע קאָליזיעס, פון דיאַלעקטישן קאָנפליקט, וואָס זאָל אים מאַכן טראַגיש.

— וואָס זשע פעלט דאָ לויט אייער מיינונג?

— דער ציטער פון טראַגישער מוזע! דער צאַפּל פון אויפגערודערטן געוויסן ביים דיכטער, וואָס דאַרף פילן, נישט נאָר ז י י נ ע ווייטיקן, נאָר אויך די קאָליזיעס פון קעגנערס וועלט. מיר האָבן זיך צעשיידט ביי קאַל־טע בליקן.

אין א יאָר דריי ארום איז ער געקומען קיין ווילנע צוגאסט. עס האָט זיך געמאכט, אז איך בין געווען פאָרזיצער אויף זיין אויפנאמע אין טעאטער. עס איז געווען אן אינצידענט: א טייל פון עולם האָט אים גע־שטערט רעדן העברעיש. איך האָב אים ענערגיש פארטיידיקט, און די פארזאמלונג איז אדורך בשלום. מיר זענען געוואָרן „אלטע ידידים“.

לעאָ קאָברין איז אייגנטלעך אויך געווען א „קאַליף אויף איין שעה“ אין יידישן טעאטער: זיין „דאָרפס־יונג“ איז געווען א גרויסער דערפאָלג. וואָס איז אויסגעוואקסן צו א געלונגענער אויפפירונג ביי די „ווילנער“, ווו עלמית האָט געשיינט מיט טויזנטער חנען אין „גאטאשען“ און נח נאַכבוש האָט דערגרייכט ביזן זיבעטן הימל, שפּילנדיק „כאַטשען“, אַדאנק זיין דרשה פון „בעלעמער“.

געטראָפן האָב איך מיך מיט קאברינען א סך מאָל און וואָס מער איך האָב אים דערקענט, אלץ מער האָב איך געטראכט, אז ער איז אליין איינע פון די געשטאַלטן... פון „דאָרפסיונג“, הגם אן „אינטעליגענט“.

צו די אומפארגעסלעכע פריידן געהערן מיינע באזוכן ביי ב.צ. גאָלד־בערג. ער און זיין פרוי האָבן מיר ארויסגעוויזן אזוי פיל הארציקייט, אז זייערע ביידנס געשטאלטן און זייער הויז שטייען אין מיין זכרון, ווי עפעס א העלבאלויכטענער געצעלט אין טונקעלן ארום.

אָנגעהויבן האָט זיך עס קורץ נאָך מיין קומען קיין ניו־יאָרק. יום־כיפור אינדערפרי (איך בין אָנגעקומען ראש השנה) דערהער איך א קלונג אין טעלעפאָן:

— א גוט יום־טוב אייך! א כתיבה וחתימה טובה!

— גם אתם! ווער רעדט עס?

— דאָס רעדט בן ציון גאָלדבערג.

— שלום־עליכמס איידעם?

— גאנץ ריכטיק. שלום עליכם איידעם. איך בעט אייך אין נאָמען פון מיין פרוי און מיינעם קומען היינט צו אונדז אָפּעסן!

איך בין געוואָרן שטארק פארחידושט.

— פונוואנען נעמט איר, אז איך פאסט?

— מען ווייסט מיט וועמען מען האָט צו טאָן, מאַרעוווסקי. מען קען אייך אָן אָפּגעשונדענעם. אלזאָ: איר קומט ארום פינף־האלב זעקס!

— דאוונען גיי איך דאָך נישט!

— דאָס ווייסט מען אויך. אלזאָ: מיר וואַרטן אויף אייך פאר זון־אונטערגאנג! האָט א גוט יאָר!

דעם גאנצן טאָג בין איך ארומגעפאָרן אין מיין קוזינס באָנעט בלאקס (פריער: באַרים, נאָך פריער: ברוך) אויטאָ און באקוקט א סך מערקווירדיקייטן, פון וועלכע מיר איז פריש אין זכרון דער אַקוואריום. איך האָב מיך שעהנלאנג נישט געקאָנט אָפּרייסן פון די „ווונדער" און „בייזוווונדער" אין דער אונטערוואסער־וועלט און בין געווען ממש דער־שיטערט פון די איינריכטונגען אין אקוואריום.

באנעט בלאָק האָט מיך דעם גאנצן טאָג געפּלאָגט און געמאטערט: איך זאָל אים „געבן צו פארשטיין" — איך בין א גלויביקער אָדער נישט? גלויב איך אין גאָט ברוך הוא, טאָ פארוואָס גיי איך נישט אין שול אריין? פארוואָס בין איך מהלל יום טוב בפרהסיה (ער אליין האָט אלס קינד געלערנט אין זארעטשער ישיבה אין ווילנע)?

גלויב איך נישט אין גאָט, טאָ פארוואָס, צו אלדי רוחות פאסט איך 26 שעה?

מײַנע אױפֿקלערונגען: „פּאַרװאָס יאָ, פּאַרװאָס נישט?" האָבן אים גאָרנישט אױפֿגעקלערט. אַז איך האָב אים געבעטן מיך פֿירן לױטן אַד־רעס צו שלום־עליכמס טאָכטער, װוּ איך בין אײַנגעלאַדן צו פֿאַרענדיקן מײַן תּענית, איז מײַן אַמעריקאַנער אינטעליגענט געבליבן זיצן מיט אַן אָפֿענעם מױל.

— זײ װײסן, אַז דו פֿאַסטסט?

— יאָ, פֿאַרשטײט זיך, װיבאַלד זײ פֿאַרבעטן מיך אָפּפֿאַסטן...

— און אַז דו האָסט נישט געדאַװנט װײסן זײ אױך?

— אָן שום צװײפֿל!

— ביסטו שױן, װי איך זע, אַן אָנערקענטער שטאָט־משוגענער?

— מסתּמא, אַזױ.

איך האָב בײַ די גאָלדבערגס פֿאַרבראַכט נישט אײן אָװנט און פֿלעג מיך פֿילן אַזױ װי אין דער אומגעבונג פֿון ליבסטע און נאָענטסטע קרו־בים... פֿאַר מיר, װאָס איז געװאַקסן אין אײנזאַמקײט, איז עס געװען אַ פֿרײד און אַ זעלטענע איבערלעבעניש.

נאָך נײַ־יאָר, אַז איך בין אַװעק פֿון טעאַטער, האָב איך אָנגעהױבן אױסמײַדן די אַלע, װאָס זענען אַזױ אָדער אַנדערש געװען פֿאַרבונדן מיט מאָריס שװאַרץ, און צװישן אַנדערע האָב איך אַ פּאָר חדשים נישט גע־האַט קײן קאָנטאַקט מיט די גאָלדבערגס. װי בין איך געװען איבערראַשט, אַז אײנמאָל האָב איך באַקומען אַן אײַנלאַדונג צו קומען אײנאָװנט צו זײ.

— עס װעלן זײַן נאָך עטלעכע מענטשן — הער איך — און אױב איך האָט נישט דאַקעגן, איז געװוּנטשן צו טראָגן אַ טונקעלן אַנצוג... לאָזט זיך אױס: עס איז שלום־עליכמס יאָרצײַט!

עס זענען געװען אַ מאַן 10—12, בתוכם קלמן מרמר... און איך בין געװאָרן גערירט און אױפֿגערודערט ביז האַרצקלאַפּעניש, דערהערנדיק, אַז מיר װערט פֿאָרגעלײגט צו לײענען שלום־עליכמס צװאה אין הסכּם מיט זײַן פֿאָרשריפֿט, אַז צו זײַן יאָרצײַט זאָלן נאָענטע איבערלײענען זײַן צװאה.

מען דאַרף נישט צוגעבן, אַז די צװאה האָט יענעם אָװנט געקלונגען אין טענער פֿון צעפּלאַמטן האַרצן.

איך בין געװען אין צושטאַנד פֿון אומבאַשרײַבלעכער באַגײַסטערונג, װי אין הױכע ספֿערן פֿאַרטראָגן... און איך מײן, אַז „ניכטער" איז אין יענעם אָװנט נישט געװען קײן אײנער פֿון די אָנװעזנדיקע.

פאַרבליבן איז מיר א האלבע שעה מיט קלמן מרמר. צוערשט נאָך אין הויז ביי די גאָלדבערגס, ווו מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקל פון חדר און לאנג געשמועסט. דערנאָך זענען מיר צוזאמען אוועק און שפּאַצירט איבער די העל־באלויכטענע עוועניס פון דער פרעמדער שטאָט.

קורץ נאָכן שלום־עליכם־אָוונט ביי די גאָלדבערגס בין איך צוגע־טראָטן צו דער ארבעט אין קעמפּ פון „ארבעטער־רינג“.

פּונקט צום יאָר נאָך מיין קומען קיין ניו־יאָרק בין איך אוועקגעפאָרן קיין טשיקאַגאָ.

* *

*

שווער צו זאָגן ווען איך האָב צו פאַרדאַנקען מיין איינלאַדונג קיין טשיקאַגאָ, ווו איך האָב אָנגענומען דעם פּאָסטן פון רעזשיסער פון דראַמ־קרייז אין „דזשואיש פּיפּלהויז“, דאָס הייסט אויף מאַמע־לשון: י י ד י ש פ אָ ל ק ס־ה ו י ז. אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין ענלע־כע צו זיך ערגעץ אנדערש אויף דער וועלט. א קלוב מיט א ביבליאָטעק פון פיל טויזנטער בענדער, א דראַמאַטישער קרייז און א טעאַטער־זאַל מיט עטלעכע הונדערט פּלעצער.

איך בין זיך משער, אַז אויסער מיין „סאָלידער“ רעפּוטאַציע בכלל, האָט אויפן פאַקט פון אַנגאַזשירן מיך געווירקט מיין ארבעט אין קעמפּ פון „ארבעטער־רינג“, וואָס האָט די אינסטיטוציע אין טשיקאַגאָ געהאַלטן פאַר זיין, אַזוי צו זאָגן, „וואַסאַל“. די פירער פון „אַרבעטער־רינג“ האָבן אָפן מיין אנגאַזשמענט נישט געשטיצט, ווייל זיי האָבן מיך נישט געהאַלטן פאַר „זייערס“ א מענטש און שטענדיק געוואַרט אויף „אומבאַקוועמע סיורפּריזן“ פון מיין זייט, אָבער מאחורי הפּרגוד האָט מען דאָרטן אָן ספק אַליץ געטאָן, אַז איך זאָל זיך שטעלן בראש פון „פּיפּלהויז“.

איך מוז אָפן און קלאָר זאָגן, אַז אויף מיין באַשלוס צו פאָרן קיין טשיקאַגאָ האָט אין דער לעצטער מינוט געווירקט נישט קיין אנדערער ווי יעקב בן־עמי.

נאָענט באַפריינדעט, כ'וואָלט געזאָגט: „קינדיש צוגעבונדן“ איינער צום צווייטן, פון די ערשטע טריט אין טעאַטער (ער — ביי פּרץ הירשביין, איך — ביי ביעלאַיעוון), האָב איך יאָרצענדליקער געטראָגן אין הארצן דעם רושם פון זיינע בריוו פון לאָנדאָן, שטענדיק אים געהאַלטן פאַר דעם ריטער אויף דעם פאַרחושכטן יידישן טעאַטער־געסל.

אין ניו־יאָרק האָב איך אים אזעלכן געטראָפן, צום הארצן געדריקט, אָבער די פאקטן פון די לויפנדיקע טעג און חדשים האָבן יענע באציונג צו אים אָפּגעשוואכט. ער האָט קיין איין פאָרשטעלונג מיינע נישט געזען, הגם ער אליין האָט געשפּילט אַנדרעיעווס „דער". איך האָב אים געזען אין טשעכאָווס „מעווע". אָבער בעת מיט לאזאר פריד איז מיר באשערט געווען צו פארבינדן פעדעם פון פערזענלעכער פריינדשאפט און אפילו עפעס פון א געמיינזאמען שעפערישן לשון, בין איך פון בן־עמין מיט יעדער באגעגעניש געוואָרן אלץ מער — ווי „פון צוויי וועלטן".

אָבער עס האָט נישט אויפגעהערט צו שלאָגן דער אָטעם פון אלטער פריינדשאפט. ער האָט אָן ספק איבערגעלעבט מיט מיר די עטאַפּן פון מיינע אנטוישונגען ביי מאָרים שווארץ, דעם טעם פון וועלכע ער האָט פארזוכט אין פולער מאָס....

דערהערנדיק, אז איך בין אנגאזשירט קיין טשיקאַגאָ, האָט ער זיך ממש „אָנגעצונדן". אין טשיקאַגאָ איז פאראן א באוווסטער „שעקספּיר־קרייז", און בן־עמי איז געווען בטוח אויף אלע הונדערט פּראָצענט, אז מיט די מיטלען פון „פּיפּלהויז" אונטערן פּראָטעקטאָראט פון שעקספּיר־קרייז וועט מיר אין טשיקאַגאָ געלינגען צו פארווירקלעכן מיין לאנגיעריקן טרוים וועגן „סוחר פון ווענעציע"... איך בין געווען פשוט טיף אויפגערודערט, זעענדיק ווי דער שטענדיק צוריקגעהאלטענער, כמעט „קאַלטער", בן־עמי רעדט וועגן דער פארווירקלעכונג פון מיין „שיילאָק"־קאָנצעפּציע אין די ראמען פון אן ערנסטער־אינסטיטוציע.

איך בין געפאָרן קיין טשיקאַגאָ א באפליגלטער, א פארטראָגענער אין הייכן פון צעשפּילטער פאנטאזיע און שעפערישע פארמעסטונגען...

און — איבערגעלעבט נייע אנטוישונגען, פארביטערונגען...

די דירעקציע פון „פּיפּלהויז", דער אמאטאָרן־קרייז און די נאָענטסטע אומגעבונג ארום האָבן מיך אויפגענומען אזוי, אז איך וואָלט געקאָנט זיך איינוואָרצלען אין באָדן אויף יאָרן, ברענגען נוצן דער אינסטיטוציע און „מאַכן א לעבן" פאר זיך אליין.

דאָס האָט נישט געדויערט מער ווי קורצע דריי פיר חדשים צוליב מיין פארשאָלטענער מידה אומגעריכט צו פארלירן יעדן קאָנטאַקט מיט מענטשן ארום מיר, ארומגיין ווי אָנגעגאָסן מיט בליי און מאכן דעם איינדרוק פון א פארביסענעם מענטשן־פיינט. אין טשיקאַגאָ האָט זיך עס אויסגעדריקט צווישן אנדערן אין די ביז ווייטיק פארדריסלעכע באציונגען,

וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט ביי מיר מיט דער גאסטפריינדלעכער, איידע־לער פאמיליע דובאָוו. דאָס איז געווען א הויז, וועגן וועלכע אלע, וואָס האָבן א שייכות צו יידישע קונסט, האָבן גערעדט מיט אנטציקונג און אָנערקענונג. ביי מיר איז קורץ נאָך דער ערשטער באקאנטשאפט עפּעס דורכגעלאָפן א שאָטן, און צו מיין טיפן באדויערן האָט עס אָנגעהאלטן ביזן סוף. איך בין אוועקגעפאָרן, נישט האָבנדיק די זכיה אפילו איין מאָל צו זיין אונטער זייער גאסטפריינדלעכן דאַך.

די סיבה פון מיין פארהושכטן געמיט אין טשיקאַגאָ איז געווען, וואָס פון מיין ערשטן שריט אָנצובינדן א קאָנטאַקט מיטן שעקספּיר־קרייז, האָב איך מיך אָנגעשטויסן אויף געהיימע „שרויפן" פון ניו־יאָרק, וואָס האָבן געמאַכט צונישט יעדע איניציאטיוו אין דער ריכטונג.

מיר האָט געשריבן און געוואָרנט קעגן מיינע פלענער מוקדו־ני. מיך האָבן גענומען „אָפּקילן" אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פון „פּיפּל־הויז". אין מיר האָט לאנג אריינגעטענהט מיסטער דובאָוו, צו וועלכן איך האָב זיך פון די ערשטע מינוטן דורכגעדרונגען מיט צוטרוי און טיפ־סטער אכטונג... און מיר איז נישט אויסגעפאלן דער נחת אפילו צו באקע־נען זיך מיט די מיטגלידער פון „שעקספּיר־קרייז", אזוי געשיקט און קאָנסעקווענט איז אָרגאניזירט געוואָרן די באריקאדע, וואָס האָט געמאכט אוממעגלעך מיין צוזאמענאַרבעט מיטן שעקספּיר־קרייז און צעשטערט אין שורש מיין האָפענונג צו רעאליזירן דעם „סוחר פון ווענעציע"...

דארף איך דען צוגעבן, אז די אַרבעט מיטן דראמאטישן קרייז איז שוין געוואָרן פאר מיר א „שטיפקינד", און דער גאנצער עטאַפּ „טשיקא־גאָ" — אן אָפּקומעניש? אָבער מיר האָבן פארשריבן א פּאָר בלעטלעך פון שיינע דערגרייכונגען אין דער טעטיקייט פון קרייז.

איך האָב געמאכט צוויי אויפפירונגען: אין איין ספּעקטאקל האָבן מיר געגעבן די ערשטע צוויי אַקטן פון קאַציזנעס „דוכוס". דאָס האָט דאָ מיט א יאָר צוריק באוויזן בולאָוו (אונטערן טיטל: „גר צדק"). מיר האָבן שוין דעם „אויפטו" באהאנדלט). איצט האָבן די צוויי אַקטן זיך גערופן „פּריצים". די מיטבאטייליקטע פון ארבעטער־קרייז האָבן אין זייערע ראָלן ממש געגלאנצט. בפרט האָט זיך אויסגעטיילט דער אויספירער פון „ליץ". דער „קלו" פון אָוונט איז אָבער געווען די געשטאלט פון „אלטן דוכוס". און אין אַן ארטיקל, וואָס האָט באהאנדלט די פּאָרשטעלונג אין ציימונג, איז אויסגעפאלן סיי מיר, אלס אקטיאָר און רעזשיסער, סיי דעם קרייז איבערצולייענען ווערטער פון ליב און אָנערקענונג.

די צווייטע אַרבעט איז געווען האַרי מעקלערס „דעם צדיקס נסיעה“. ווידער אַ מוסטער פון ערנסטער, באַגייסטערטער אַרבעט פון גאַנצן קאָ־לעקטיוו.

די פּרעמיערע האָט בייגעוווינט דער אָנגעזעענער באַגאַבטער אַקטיאָר טעם גאָלדענבורג. ער האָט געזאָגט נאָכן ספּעקטאַקל, אַז איך בין אַ פּשו־טער חסר דעה, אויב איך וועל פאַרלאָזן אַמעריקע...

אָבער — „די שעה האָט געשלאָגן“!

אין טשיקאַגאָ בין איך דריי חדשים געזעסן אָן מאַניען. אַליין!

און עס זענען צייטיק געוואָרן ווונדן, וואָס האָבן געמוזט פריער אָדער שפּעטער אויפרייסן.

די לעצטע וואָכן אין טשיקאַגאָ זענען געפלאָסן אונטערן צייכן פון קינסטלעכער פרעמדקייט ביי אַ צעגליטער היץ אין אונדזערע הערצער.

אין ניו־יאָרק האָט מאַניע געאַרבעט אַלס פּיאַניסטין אין בולאָוו־טע־אַטער, איר פּראָפעסאָר סעוועריין אייזענבערג האָט איר פאַרגעלייגט גרינדן אין קליוולענד אַ מוזיק־שול אונטער איר לייטונג. אָט די פּלענער און פאַקטן זענען געווען עפּעס מאָטיוון, וואָס האָבן זיך נישט צונויפגעגאָסן מיט אונדזער „סימפאָניע“, און איך האָב עס אַלץ אויפגענומען ווי צוגן פון פרעמדקייט.

איך האָב דערהערט, אַז זי וויל בלייבן אין די יונייטעד סטייטס, און איך זאָל אַוועקפאָרן אַליין. קעגן דעם האָב איך פּראָטעסטירט מיט אַלע פיברען פון מיין וועזן: „איך האָב דיך פון דער מאַמעס הענט אַרויסגענו־מען און מוז דיך דער מאַמען אין די הענט ברענגען. נאָכדעם — טו וואָס דו וועסט וועלן“...

די באַציונגען מיטן „פּיפּלהויז“ האָבן זיך שטאַרק געענדערט. הגם די אַרבעט אַרום דער צווייטער אויפפירונג איז געגאַנגען נאָרמאַל און האָט פאַרשאַפט נחת מיר און די אָנטיילנעמער, האָט זיך אומגעריכט אָפּגע־שפּילט אַן אינצידענט, וואָס האָט פאַרסמט אַלע געמיטער און צעריסן אויף שטענדיק די קייט פון קעגנזייטיקן צובונד צווישן מיר מיטן קרייז אַמאַטאָרן.

אַ ווילדע מעשה, פאַר וועלכער איך בין גרייט ביז היינט קריגן מלקות.

מען האָט געגרייט אַ לוסטיקן סילוועסטער־אָוונט (1930). איז איינער פון די הויפּט־ראָליסטן נישט געקומען אויף פּראָבע צו דער צייט, און

האָבנדיק פאַרשפּעטיקט אויף צוויי שעה, געענטפערט אויף מיין שטרענגן פאָרוואורף: „שרייט נישט! איך האָב געזוכט פאר אייך לימאָנאַד“....

מיר האָט א שלאָג געטאָן אין נאָז דער ליבער ריח פון „ליוביטעלטשיגע“: אזא וויסטע לייכטזיניקייט! פארלירן צוויי שעה פראָבע צוליב „לימאָנאַד“! איך האָב דעם בחור אויסגעמישט מיט דער בלאָטע און געמאָלדן, אז אויפן אָוונט וועל איך נישט גיין, און כ'בין נישט געגאנגען...

זיי האָבן געהאט א פארשטערטן סילוועסטער. איך בין געזעסן פארקימערט און צעקרענקט ביי זיך אין צימער. מאניע האָט זיך ביי מיר געבעטן, איך זאָל גיין אהין כאָטש נאָך האלבער נאַכט. איך בין געבליבן איינגעשפּארט און מיט די אייגענע הענט צעשטערט יענע באציונגען פון ליבשאפט און פארערונגען, וועלכע דער קרייז האָט די גאנצע צייט ארויסגעוויזן לגבי מיר.

אין קורצע טעג אַרום האָבן מיר פאַרלאָזט טשיקאַגאָ.

אַוועקגעפאָרן זענען מיר קיין בופאַלאָ, צום ניאַגאַראַ-פאַל.

פאַרן האַלב-יאָר איז עס דער פריידיקסטער און בולטסטער אָנדענק.

אויפן שטח פון, מסתמא, אַ האַלבער שעה גאַנג, שפּאַצירנדיק ביים ברעג פון ניאַגאַראַ, זעט איר, ווי דער וואַסער-שטראָם פאַלט כסדר פון איין שטופּע אויף אַ צווייטער ביז ער קומט צום אָפּגרונט און פאַלט אַראָפּ מיט זיין גאַנצער וואַסער-מאַסע.

אָבער אָט די מאַסע קוקט איר אָן פון הינטן!

דער עפעקט פון וואַסערפאַל קומט צו אייך נישט צו.

די טעריטאָריעס פון יונייטעד סטעיטס און קאַנאַדע זענען פאַרייניקט דורך אַ בריק. באַטראַכטנדיק די בריק, זעט איר דעם וואַסערפאַל אין פּראָפיל. איר לאָזט זיך גיין ווייטער. דער וואַסערפאַל ווירקט אויף אייך מיט יעדן שריט מער, אָבער דער באַאַמטער אויף דער גרענעץ וואָרנט אייך, אַז אייער שפּאַציר איז אומגעזעצלעך: צו גיין איבערן בריק מוז מען האָבן אַן אַריינפאָר-וויזע.

אין בופאַלאָ האָב איך צום ערשטן מאָל אין לעבן דערזען רויטהויטיקע רעשטלעך פון די אינדיאַנער, שאָטנס פון אַ פאַרטיליקטן שבט און דערפילט אַ קנויל נישט אויסגעוויינטע טרערן.

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט די שוואַרצהויטיקע איז פאָרגעקומען אין טרינידאַט, וו מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרופּע קליינע קינדער. מיין פרוי האָט מיט זיי אַ לאַנגע ווײַלע געשמועסט. און מיר זענען אַוועק פון זיי אונטערן רושם פון טיפער צאַרטקייט און איידלקייט,

וואָס די עופה'לעך האָבן אַרויסגעוויזן לגבי זייערע קלענערע חברים. דעם איינדרוק האָב איך אין קורצע טעג שפּעטער איבערגעגעבן אַ נעגער, מיט וועלכן מיר האָבן זיך געטראָפן אין איינעם פון די פּאַרקן, און ער האָט אונדז געפירט ווייזן די שטאָט. אין ניו־יאָרק זענען יענע איינדרוקן פאַר־ווישט געוואָרן אין די שטראָמען פון אַנגעפּלאָנטע איבערלעבונגען ביז איך האָב מיך אָנגעשטויסן אויף נייע איינדרוקן.

זיצנדיק אַ טאָג אָדער צוויי נאָך דער פּרעמיערע פון „דיבוק„ ביי מיטאָג אין אַקטיאָרישן „ראָיאַל־קאַפע". פּאַרטאָן אין דער אבילה, דערזע איך מיין פריינד, א. ליטוואַק. ער איז רויט ווי אַ בוראַק, צעפּאַרעט, פאַר־שוויצט, ווישט זיך מיט אַ ריזיקן טיכל דעם שטערן (עס זענען געשטאַ־נען ברענענדיקע היצן).

— אפשר וועט איר אויף צוויי מינוט זיך אַרויסטאָן פון אייער גענ־דזשענער פּולקע, מיט אייך וויל זיך באַקענען אַ מענטש, אַ שוישפּילער, אייערס אַ פּראָמינענטער קאָלעגע. איך קלאַפּ אייך שוין 5 מינוט אין רוקן און קאָן אייך נישט אָפּרייסן פון טעלער, צו אַלדע גוטע יאָרן!

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן פון טעלער אויף ליטוואַקן.

ער האָט מיטן בליק אָנגעוויזן אין אַ זייט.

איך האָב דערזען אַ נעגער.

שוין זיין שמייכל אויף די פולע נעגערישע ליפּן האָט מיך באַצוי־בערט. אָבער דערביי איז ער געווען הויכגעוואקסיק און אַזוי שלאַנק גע־בויט, אַז איך בין געבליבן פּשוט ווי געפּליעפט.

ער האָט גענומען עפּעס רעדן אויף ענגליש. איך האָב קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען און זיך אַרומגעקוקט ווי אַ שוטה, פינטלענדיק מיט די אויגן און קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס.

מיין פרוי האָט אים געזאָגט, אַז צום באַדויערן פאַרשטיי איך נישט קיין ענגליש. מיט אַן אויסדרוק פון באַדויערן האָט ער זיך געוואָנדן צו איר, נישט פאַרלירנדיק זיין צויבערהאַפטן שמייכל.

וואָס זי האָבן גערעדט, ווייס איך נישט. אָבער זי און ליטוואַק האָבן מיר געזאָגט, אַז ער איז געווען אין טעאַטער, געזען די פאָרשטעלונג און זאָגט...

וואָס ער האָט געזאָגט וועל איך שוין דאָ נישט איבערגעבן, אָבער דער צויבער פון זיין געשטאַלט און די טיפע אויפגערודערטקייט פון זיין אופן איבערלעבן דעם ספּעקטאַקל און דער אופן פון זיין רעדן — דאָס איז פאַר מיר געווען אַ מאָמענט אין מיינע שוישפּילערישע איבערלעבונ־

גען, וואָס איז פֿאַרבליבן שטענדיק פֿריש אַלע וויטערדיקע יאָרן. און מיר האָט, פֿאַרשטייט זיך, שטאַרק אימפּאָנירט אַזוינס צו הערן פֿון אַ נעגער און פֿון אַן אַקטיאָר.

דאָ קומט צו אַ גאָר אינטערעסאַנטער פּרט. ליטוואַק האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער שוישפּילער, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פֿון „פּעטער טאָם“. אין דעם דעמלט פּאָפּולערן פֿילם פֿון בײַטשער סטאָוס „די בויד פֿון פּעטער טאָם“. די ראָל האָט, ווי ווײַט איך געדענק, געשפּילט פּאָל ראָבסאָן. דער נאָמען האָט אין 1928 נאָך נישט „געזאָגט“ דאָס, וואָס ער זאָגט הײַנט. איך האָב לויט מײַן שוין איבערגעגעבענער אָפּגעשילדערטער אומגעשיקטקייט בדרכי החיים, די באַקאַנטשאַפֿט מיטן פּרעכטיקן מענטש נישט באַפֿעסטיקט און נישט אונטערגעהאַלטן.

די נעגאַטיווע באַציונג צו די נעגערס מצד דער מערהייט קלייַנבירגער וועל איך פֿאַרן לייענער אילוסטרירן מיט אַ קורצן עפּיזאָד.

מײַן פֿעטער האָט געהאַט אַ ווײַב. — די „מומע מירל“. אין ווילנע האָט זי געהאַלטן אַ שענק אויף ווילנער גאַס אין אָפּאַטאָווס הויף. זי איז געווען אַ האַרציקע, גאַסטפֿרײַנדלעכע יידענע, ליב געהאַט אַ געשמאַקן ביסן, איז געווען אַ פֿעטלײַביקע גוטמוטיקע באַלעבאָסטע מיט געדיכטע זומערשפּרינקעלעך אויפֿן רונדן פּנים. יעדער באַזוך בײַ איר אין שענק אָדער אין שטוב האָט איבערגעלאָזט די בעסטע געפֿילן צו איר. אין ניו־יאָרק האָב איך געטראָפֿן אַ „ל ע י ד י“, אין סטיל פֿון בראָנקסער „אַריסטאָקראַטיע“ פֿאַרשטייט זיך... אָנגעטאָן אין „עסיק און אין האָניק“, אָנפּריזירט און אָנפּאַרפֿומירט און — צי זי האָט געוואָלט צי נישט — „אָנגעבלאָזן“.

מיט מיר זיך „בלאָזן“ האָט עפּעס נישט געשיקט זיך: אַלע צײַטונגען האָבן אָנגעקינדיקט, אַז מ׳האָט צו טאָן מיט „אַ יאַ טיעביע דאַם“, — האָט די מומע מירל צו מיר זיך באַצויגן אַזוי ווי אין די אַלטע גוטע צײַטן צו „באַשע־ריוועס בן־יחיד“: געווען אַ „יחסן“ דאָרט, אַ „יחסן“ זיך געמאָלדן אַהער.

אין אַ צײַט אַרום האָט אָט די „סעריכע“, די מומע מירל פֿון שענק אין אָפּאַטאָווס הויף, טרינק־ביק קאַווע מיט קעיקס אין קרײַז פֿון דער משפּחה, געמאָלדן אין אַ געשפּרעך וועגן נעגערס, אַז... זי קאָן אין ס אַ ב וו ע י (מעטראָ) נעבן אַ נעגער נישט זיצן, ווײַל זי פֿאַרטראָגט נישט זייער גערוך...

לשם האמת מוז איך צוגעבן, אַז צו די גערוכן פֿון מײַנע מיטרײַזנדיקע אין סאַבוועי און אַנדערע לאָקאָמאָציע־מיטלען האָב איך מיך נישט

„צוגעשמעקט". אָבער איך בין בטוח, אַז, ווען אַזויגס געשעט מיט מיר, וואָלט איך זיך בלי ספק אָפּטער געמוזט אָפּרוקן פון אַ סך ווייסהויטיקע אָנפּאַרפּומירטע „לעידים", איידער פון דעם טיפּ מענטשן, וואָס דערמאָנען דעם אַקטיאָר אין „ראָיאַל־קאַפע".

די אָפּגעריסענע, הגם טיפע איינדרוקן פון מיינע אָבסערוואַציעס האָבן זיך קאָנצענטרירט און פאַרפעסטיקט אַראַנק צוויי פאַלן פון ענגער באַהעפטונג מיט דער ק ו נ ס ט פון די נעגערס.

ביידע פאַלן אין טשיקאַגאָ.

מיר האָבן צוויי נעכט פאַרבראַכט אין נאַכט־לאָקאַלן. און איך בין געוואָרן איבערראַשט פון דעם ד ז ש א ז ־ אָ ר ק ע ס ט ע ר, וועלכן איך האָב דאַן (1929) געהערט צום ערשטן מאָל. איך מוז זיך דאָ פאַר־לויפן דעם וועג און זאָגן אָפן, אַז יאָרן שפּעטער, נאָכדעם, ווי איך האָב געהערט אַ צענדליק דזשאַז־אָרקעסטערס, בין איך צו דעם מין מוזיק נישט נאָר געוואָרן אָפּגעקילט, נאָר פשוט אַן אומווילן באַהערשט מיך, ווען איך הער זי...

איך בין נישט קיין מוזיקער. בין ווייט פון דער מינדסטער כוונה אָנצוואַרפן מיין מיינונג וועמען עס איז. אָבער פון מוזיק איז אין דשאַן פאַראַן פאַר מיין אויער נאָר ריטם. אָן ריטם איז מוזיק נישט דענקבאַר. אָבער ב ל ו י ז ריטם איז נאָך נישט קיין מוזיק. „די דערנענטערונג צו שיינקייט רופט אַרויס אַ געפיל פון טיפן קומער" — האָט געזאָגט אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו. און פון דעם קאָן נישט אָפּטרעטן קיין איין שעפערישער מענטש און קיין איין מענטש בכלל, וואָס וויל זיין באַהעפט מיט דער וועלט פון קונסט.

איך געהער צו טשעכאָווס דור.

און דער דזשאַז האָט מיך באַטויבט און אין אָנהייב אויך אַנטציקט. אָבער מיין ליד האָט ער אויסזינגען נישט געקאָנט און איז מיר פרעמד... אָבער די נעגערס אין טשיקאַגאָ, ווען איך האָב דעם דזשאַז דערהערט, האָב איך דערקענט אין אַ נייעם ליכט און בין פון זיי שוין נתפּעל גע־וואָרן. און דאַן איז צוגעקומען אַ נייער מאָטיוו .

אין גאַנצן לאַנד איז דאַן געווען דער שלאַגער פון עקראַן א פילם „הללויה". אָן אַ גוזמא — בילעטן פלעגט מען דאַרפן באַזאָרגן מיט 15־20

טעג פריער. אונדז האָט אָפּגעגליקט צו באַקומען בילעטן אין אַ פּאַרוואָר־פענעם קינאָ הינטערן שטאָט, אַנדערטהאַלבן שעה רייזע מיטן טראַמוויי. און מיר האָבן דערזען דעם פילם...

איך קאָן נישט דערציילן דעם אינהאַלט. איך האָב שוין אַ סך מאָל באַטאָנט, אַז בעת מיך רייסט מיט אַ ווערק, דערגייט צו מיר קיינמאָל נישט זיין מעריטום.

און אויך אין דעם פאַל ווייס איך נישט, וואָס דאָ איז געשען. אָבער ביז היינט איז אין מיר פריש דער רושם פון יענעם אָוונט: איך האָב מיך דערפילט אין אַ יידישער סביבה! נישט „אַזוי ווי צווישן יידן". נאָר „צווישן יידן!" איינע פון די צענטראַלע סצענעס איז אַ חתונה. עס האָבן זיך פאַר די אויגן אַרומגעטראָגן שוואַרצהויטיקע מענטשן: אַלטע, יונגע, פרויען, קינדער. און אַלץ, אַלץ — אויסער דער פאַרב פון זייער הויט — איז געווען הונדערטפּראָצענטיק יידיש!

מיך האָבן איבערראַשט די קליידער פון די מחותנת'טעס: ביזן לעצטן פּרט, אַזוי ווי מיר האָבן געזען און פאַרגעדענקט די מחותנת'טעס אין אונדזערע שטעטלעך, אָנגעטאָן לויט דער מאָדע פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט — מיט די קרינאָלינעס, מיט די פּרעכטיקע שאַלן אויפן קאָפּ, מיט די זילבערנע רינגען אויף די פינגער און מיטן זילבערן צירונג. קוקנדיק אויף דעם פילם, האָב איך זיך נישט געקאָנט פּשוט „אָפּטשוכען" פון אומגעריכטן און, פאַרשטייט זיך, ליבן „חלום אויף דער וואָר: „וואָס טוט זיך מיט מיר?" וו בין איך אין דער וועלט? איך געפין מיך דאָך אויף אַ חתונה אין מיכאַלישאָק אָדער הייזדוטשישאָק און לעב איבער אַ בילד, וואָס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון פון מיט 35 יאָר צוריק... אָבער פאַר די אויגן האָב איך שוואַרצהויטיקע נעגערס! אויך די טענץ און געזאַנגען, ווי אויף דער אַלטער יידישער חתונה.

איך פאַרנעם זיך נישט מיטן „פאָלקלאָר", איך בין נישט קיין פאַרשער און נישט קיין זאַמלער, איך ווייס נישט פון וואַנען וואָס עס שטאַמט, אָבער — פון יענעם אָוונט נאָכן פילם „הללויה" זענען שוין נעגערס פאַרבליבן פאַר מיר „אייגענע"! נישט מיין ראַסע, איז מיין גייסט, איז מיין גורל, איז מיין צער.

במילא, אויך מיין פרייד און מיין טרייסט!

און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אַראָפּנעמען די קייטן און מעמערם פון זיי וועט דער זעלביקער גואל, וואָס וועט אויסלייזן אונדז פון די שייטערס און גאַז־קאַמערן...

עס זענען אָנגעקומען די לעצטע טעג פון מיין לעבנס־עטאַפּ אונ־טערן צייכן: „אַ מ ע ר י ק ע".

שיידן זיך איז מיר געווען שווער ג י ש ט צוליב אָביעקטיווע טע־מים: איך האָב געגוג ניכטער און קאַלט אָפּגעמאָסטן און אָפּגעשאַצט דעם טיפן אָפּגרונט וואָס טיילט מ י י ן וועלט פון ז י י ע ר וועלט. שווער איז מיר געווען צוליב ס ו ב י ע ק ט י ו ו ע טעמים: איך האָב מיר אָפּגעג־געבן א געגויעם חשבון, אז מיט מיינע הענט האָב איך צעשטערט אַלע שאַנסן צו „מאַכן א לעבן" אין „גאָלדענעם לאַנד", ווערן מיט לייטן צו־גלייך. איך וואָלט דערגרייכט קיין האָליווד, איך וואָלט געווען א געוווּנ־טשענער גאַסט אין א ריי טעאַטערן אין ניו־יאָרק... מיט איין ת נ א י: איך זאָל ווערן אן „אַנדער מענטש".

און מיר איז געווען שווער אויפן הארצן, ווייל איך האָב געוווּסט, אז קיין „אַנדער מענטש" וועל איך נישט ווערן און פאַר דעם מענטשן, וואָס איך בין, האָבן געשיינט צו זיין אויסגעשפּילט אַלע קאָרטן און, פאַרלאָזנ־דיק אַמעריקע, האָב איך נישט געזען פאַר זיך קיין וועג און קיין וועלט. דעריבער איז מיר געווען אזוי שווער.

ארויסגעשטעלט האָט זיך, אז די ווייטערדיקע 10 יאָר, אין דער סבי־בה פון „פּוילישן ייִדנטום" — ווי מיר וועלן (הערלעבנדיק) דערציילן אין אונדזער פינפטן באַנד — זענען געוואָרן דער עטאַפּ פון העכסטע קולמי־נאַציע אויף מיין שוישפּילערישן וועג.

אין ניו־יאָרק אָנהייב 1930 האָב איך געהאַלטן מיין לעבן פאַרשפּילט אויף אזוי ווייט, אז איך האָב מיין גאַנצן אַקטיאָרישן באַגאַזש נישט גע־האַלטן מער פאַר נייטיק צו באַזיצן. דעם קופערט מיט אַלע מיינע קאָס־טיומען, ביבליאָטעק, מכשירים האָב איך פּשוט איבערגעלאָזן אין קעלער פון „קונסט־טעאַטער"... אוועק פון דאָרטן אזוי ווי נאָך א שרפה, נאָך א שיף־ברוך.

דעם ערשטן מאַי איז מאַניע אוועקגעשווומען אויף אן ענגלישער שיף קיין סענטהאַופּטאָן, כדי פון דאָרטן צו פאָרן צו דער מוטער קיין גדאַנסק.

דעם פינפטן מאַי האָב איך מיך ארייגעזעצט אין א שיף מיטן נאָ־מען: „דויטשלאַנד" צו פאָרן קיין שערבורג. פון דאָרטן קיין פּאַריז און וואוהין ווייטער האָב איך נישט געוווּסט. נישט קיין טעאַטער, נישט קיין גאָרמאַל געפיל, אז איך בין ערגעץ־ווו וועמען עס איז נאָענט און נייטיק, האָב איך נישט געהאַט.

א שעה פארן אָפּשווימען האָב איך באקומען פון מאניען א טעלע־גראמע און איבערגעליענט: „א גליקלעכע רייזע!" איך האָב דערפילט א הייסן שטראָם אין אלע גלידער... דאָס לעבן לאָזט פון זיך הערן, טאָ לאָמיך זיך לאָזן שווימען אין די שטראָמען פון דער צוקונפט.

באגלייטן מיך זענען געקומען די גאנצע משפחה בלאָך (בלאָק). דער פעטער איז געווען דערשלאָגן, דערזעענדיק, אז איך גיס טרערן ווי א יידענע און האָט געטענהט, אז מיין אוועקפאָרן איז אויך א שריט פון א בן־יחידישן קאַפּריז. ער לייגט מיר פאָר פארלאָזן די שיף און זיך בא־זעצן ביי באנעטן, אין קורצע טעג וועט די לאגע זיך קארדינאל ענדערן.

עס האָט ארויסגעהילכט דער סיגנאל צום אָפּגיין פון דער שיף. די באגלייטער זענען אוועק. מען האָט געפאָכט מיט די טיכלעך, געשאָקלט מיט די קעפּ.

די שיף איז אראָפּ פון אַנקער. אין דער לופט האָבן זיך דערהערט די קלאַנגען פון „וואכט אם רהיין"...

די שיף איז אָפּגעשווומען א קליינעם שטח פון ברעג... איך האָב דערזען — קוני איילאַנד און די „סטאטוע פון פרייהייט"...

אָבער זי האָט מיר אויסגעזען גאנץ אנדערש ווי מיט 18 חדשים צו־ריק, בעת „אמעריקע" איז געווען מיין האָפענונג. איצט, נאָך מיין אנטוי־שונג, האָב איך, קוקנדיק אויף דער „סטאטוע פון פרייהייט", געטראכט: „פרייהייט"? וועמענס פרייהייט?

פאַר מיינע אויגן האָבן אין לייכטן נעפּל פון בין השמשות געשוועבט ברוטאַליטיקע געשטאַלטן פון פּאַרטיליקטן שבט ביים ניאגאַרא־פאַל און טויזנטער און טויזנטער שוואַרצע איבער די שטחים פון דער „נייע־וועלט": די אומפאַרגעסלעכע, אומפאַרגלייכלעכע נעגער־אויגן, תמיד אָנגע־גאָסענע מיט בקשה און פאָרוואורף.

די באַאָבאַכטונגען האָבן אָנגעהויבן ווערן — דערינערונגען, די מעכ־טיקע אַמעריקע — א נעכטיקער טאָג...

## צווייטער קאַפּיטל

### דאָס שוואַנען־ליד

שיידנדיק זיך מיט מאַגיען אין ניו־יאָרק און באַשליסנדיק זיך לאָזן אַהיים אויף באַזונדערע שיפן האָב איך, ווי באַטאָנט, קיין איין רגע נישט געטראַכט, אַז מיר האַקן איבער די סטרונעס פון אונדזער צעזונגענעם ליד...

דאָ האָבן געשטויסן גאַנץ אַנדערע מאָטיוון.

מיט יעדן טאָג איז געוואַקסן אין מיר דער געדאַנק, אַז איך טאָר אַזוי נישט לאָזן די באַציאונגען זיך אַנטוויקלען ביזן סוף.

איך האָב דערפילט, אַז איך בין מחויב צו קומען צו חנה'לען און זאָגן, אַז איר וואָרט און ווילן זענען דער שליסל צו אַלע ווייטערדיקע באַציונגען.

און נישט „האַרץ", נישט „געפיל", נישט „סענטימענט" האָבן דאָ געקאָנט באַשטימען און באַשליסן: דאָ האָט די דעה געהאַט געוויסן... פּילבאַרער, צאַפּלדיקער געדאַנק, אַז איך מוז דאָ גיין לויט דער ליניע פון שווערסטן ווידערשטאַנד.

אוודאי איז דאָס לייכטסטע געווען אָנצושרייבן אַ בריוו קיין פּאַריז און אוועקשטעלן האַרט די פראַגן און, וואַרטנדיק אויף תשובה, דערווייל פאַרזעצן דעם קיום פון די דריי לעצטע יאָר.

אָבער דאָס „לייכטסטע" האָט מיר אויסגעזען נישט דאָס ערלעכ־סטע: איך מוז מיך מעלדן אַ פרייער פון אַלע אַנדערע פליכטן און זאָרגן, איך מוז קומען און זאָגן: „באַפעל"!

און יעדן באַפעל אויספירן מוז איך!

וואָס וועט זאָגן דאָס האַרץ? זיין ווייטיק? זיין בענקשאַפט?

דאָס וועט מען שפּעטער זען!

און אויב עס וועט אפילו נישט אויסהאַלטן, איז עס אויך נישט קיין גרונט צו געניסן פאַרן פרייז פון דער פאַרטויבטער שטים פון געוויסן.

איך האָב געמוזט זיך לאָזן קיין פּאַריז.



די שיף, ווי דערציילט, האָט געטראָגן דעם נאָמען: „דויטשלאַנד“, און האָט אויפגעהויבן דעם אנקער אונטער די קלאַנגען פון „וואכט אם רהיין“.

איך האָב מיט פרייד איינגעזאַפּט דאָס ליד פון אַלטן רהיין און אָנגעהויבן אָטעמען מיט דער לופט פון מיין אזוי געליבטער אַלטער איי־ראָפּע... „רהיין“, „לאָרעליי“, „היינע“! איך בין באמת גליקלעך געווען פון געדאנק, אז איך בין געבליבן דער זעלביקער, וואָס געווען, בעת איך האָב איינגעשטיגן אין אַמסטערדאַם אויף דער שיף מיט דריי יאָר צו־ריק: א קינד פון אייראָפּעס פריידן און זיפצן, סאָנעטן און סאָנאַטן!

אָבער שוין אין משך פון די ערשטע פּאָר שעה האָב איך זיך אי־בערגעצייגט, אז די שיף איז א נעסט פון אגרעסיוון נאַציזם...

דאָס האָט דעמלט שאָקירט נאָר אידעאָלאָגיש, אָנגעהויכט גע־פילן און געדאַנקען פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן פּראָטעסט.

פּראַקטיש האָט עס נאָך נישט געקאָנט ווי טאָן: וואָס אַרט עס מיך, וואָס דער „יעקע“ שפּריצט מיט שנאה פון זיינע ווייסע, פּרייסישע אויגן!

קיין שפּור, קיין ניצוץ פון מאָרד, פון מאסן־פאַרניכטונג האָט אין דרייסיקסטן יאָר די פינצטערסטע פאנטאזיע נישט פאָרגעפילט.

פּאָר פינף טעג און נעכט אויף „דויטשלאַנד“ האָב איך נישט גע־האט דעם פאַל צו דערנעענטערן זיך מיט קיין איינעם פון די פּאסא־זשירן: איך בין געווען אזוי ווי איזאָלירט לויט א געהיימען באשלוס. „יודע“ איז שוין געווען ביים רוב אין דער סביבה פון דייטשישן מיטל־בירגערטום דאָס זעלביקע, וואָס אין ניין יאָר שפּעטער די געלע לאַטע מיטן מגן־דוד: פאַרפּעסטעטע, פאַרשאָלטן „פאַרדאַמט“!

בלויז מיטן קעלנער, וואָס האָט מיך באַדינט, האָב איך „געכאַפּט“ צוויי שמועסן. א מאַן פון א יאָר פופציק. ער האָט זיך דערקלערט פּאר אַן אַלטן סאָציאַל־דעמאָקראַט און מיט שטאָלצער צופרידנקייט מיר געזאָגט, אז ער האָט דריי מאָל געהערט רעדן „אונדזער בעבעל“ און מיט א פינצטערן וואָלקן איבערן גאנצן פּנים צוגעגעבן, אז איצט איז עס אַלץ „ניכט מער פאָלקווערטיג: די פּאָלגען דער קריגעס האָבן אַלעס צו גרונדע געמאַכט. עס גיבט נור איינע וואַרהייט, די דעם הערצן אונד

געוויסן איינעם יעדן דויטשן אַלעם זאָגט: ״הייל, היטלער!״ אונד ניקס מער! די יודישן וווכערער דעם גאַנצן ערדקוגעלס האבן שאָן דאַפיר געזאָרגט, דאס די היטלערזאַכע צום איינציגן באפעלע דעם טאגעס און נעכסטער יארע ווערדן זאָל״.

איך האָב אין אים א סך אריינגעטענהט: אים געוואָרנט, אַז גיין נאָך היטלערס געבאָט הייסט גרייטן א שוואַרצן סוף פאַרן דייטשן פאָלק; אַז דאָס וועט זיך פאַרענדיקן אומפאַרגלייכלעך ערגער ווי ווילהעלמס רייך, און איך בין געווען ממש דערשטוינט פון זיין פראַזע, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט, באַגראָבנדיק דעם קאָפּ אין ביידע פויסטן: „נאָך דעם ווי ראָזא אונד ווילהעלם זינט געפאַלן, גיבטס פיר אונז קיינע רע־װלוציאָן מער!״

ער האָט געמיינט די דערמאָרדעטע ראָזע לוקסעמבורג און וויל־העלם ליבקנעכט....

— דאָס דויטשע פּראָלעטאַריאַט איז צו פּיליערינגען פּריפונגען פּעראורטיילט. עס ווירד אָהנע צווייפל די ערלעזונג קאָמען... אונד צוואַר אַאוס דעם אָריענט.! ניכט פאַריז זאָנדערן מאָסקאַאו ווירד דא דאַס לעצטע וואָרט זאָגן!

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט מוטנע בליקן מיך אָנ־געקוקט.

— אונזערע גענעראַציאָן ווירד עס ניכט בייוואָהנען. וויר האַבן ניכטס מער אַלס דאָס האַרטס־וועסטעל ליך צו זינגען... הייל, היטלער!

גישט וואַרטנדיק אויף מיין אָפּקלאַנג, איז ער אַוועק פון טיש.

איך פאַרשפּאָר צו זאָגן, אַז די עטלעכע טעג אין דער סביבה זענען פאַר מיר געווען אַן אָפּקומעניש. איך האָב גישט איין מאָל א טראַכט געטאָן, אַז איך האָב גענדאַרפט אָננעמען מיין פעטערס פאָרשלאָג און בלייבן אין קאָלומבוסעס מדינה.

* *

*

ביי א דריבנע שטעכנדיק רעגנדל איז די שיף צוגעשוומען צום ברעג אין שערבורג. דער געדאַנק, אַז איך בין נישט מער איז רשות פון דער עדה ראַסיסטן, האָט אָנגעהויכט א געפיל פון זעלבסטווירדע,

פארטאָפּלט מיין פרייד, וואָס איך טרעט אויפן באָדן פון אייראָפּע...
פראנקרייך! דו ווערסט מיין צוטרוי צו די געבאָטן פון הומאניזם נישט צעטרעטן! מיין פארליבטקייט אין אייראָפּע — נישט באליידיקן!

דערזעענדיק פאר מיינע אויגן א היגל, באדעקט מיט הויכן גראָז, האָב איך מיך אראָפּגעלאָזט אויף ביידע קני און געקושט זיין גרינעם צודעק. אז איך האָב מיך אויפגעהויבן און דערזען מיינע נאסע הענט, האָבן איך נישט געוווסט צו דאָס איז דער רעגן פון טריבן הימל, אָדער טרערן פון מיינע אויגן?

אויפן פּעראָן זענען געשטאַנען צוויי צוגן קיין פּאַריז: א שנעלצוג, וואָס גייט אָפּ אין פּונקט מינוט ארום און א פּערזאָנען-צוג — אין א שעה ארום.

ראשית, פארטראָג איך נישט, אז עמעץ אָדער עפּעס יאָגט מיך: איך האָב צייט!

והשנית, וועל איך דערמאָנען מיין לייענער, אז נאָך מיט 25 יאָר צוריק אויף מיין „האכצייט-רייזע" האָב איך באַטאַנט, אז איך מייד אויס צו פאָרן אין שנעלצוגן, ווו פון פעטערבורג ביז רוים און נעאַפּאָל קוקט איר אויף די זעלביקע פּרצופים. איך פלעג רייזן אין פּערזאָנען-צוגן און זיך פרייען מיטן אָנבליק פון פארשידנאַרטיקע מיטרייזער, וועלכע בייטן זיך כסדר אזוי, אז פאר צוועלף שעה באקענט איר זיך מיט מענטשן פון צענדליקער קאָלאָריטן, זיטן, טעמפּעראמענטן, מענטאַליטעטן.

די נסיעה פון שערבורג ביז פּאַריז האָט געדויערט א פיר שעה. דער צוג פלעגט זיך אָפּשטעלן יעדע פּונקט-צוואַנציק מינוט און אויפנעמען נייע פּאַסאַזשירן.

אָן אויסנאַם מענער און פרויען פון דאָרף. זיי האָבן געפירט פּראָוויאַנטן. ריזיקע קערב, גיגאַנטישע זעק. זייערע מלבושים — בונטע. אויף די קעפּ ברייטע היט מיט ראָנדן, וואָס האָבן באדעקט די פּנימער אזוי, אז אָנצוקוקן זיי האָט מען געמוזט אריינרוקן דעם קאָפּ אונטערן ראָנד.

איך בין אין מיין הענגל-גרויען אמעריקאַנער אויבערמאַנטל מיטן דייכן פּאַנאַמע-הוט געווען ממש א מין „בייז-ווונדער". נישט געקוקט אויפן אומבאַשרייבלעכן געפילדער, און טנגשאַפט, האָט מען מיר אָפּ-

געטראָטן אן אָרט ביים פענצטער און די גאנצע צייט באהאנדלט ווי אן אָנגעזעענעם אורח.

מיין פראנצויזיש ,דעמלט א גאָך געגוג עקזאקטער און קאָרעקטער מיט אן אַקצענט פון א געבוירענעם „פאריזיען“, האָט אלעמען אימ־פּאָנירט.

זייער לשון — צוליבן אָרטיקן אופן רעדן — האָב איך שלעכט פארשטאנען און וואָס זיי האָבן מיר דערציילט — נישט באנומען, אָבער זיי האָבן מיך יאָ פארשטאנען, און איך האָב אָן אויפהער דערציילט, הגם נישט פארשטאנען זייערע צענדליקער פראגן.

זיי זענען געווען „אין הימל“, הערנדיק מיין אַנטציקונג פאר פראנק־רייך און מיטן אינסטינקט פון הארציקע דאָרפס־מענטשן דערפילט, אז די אַנטציקונג איז נישט קיין געקינצלטע, אז זי שטאַמט פון הייסן ריי־נעם הארצן.

מיר זענען אָנגעקומען אויף ג א ר ס ע ן ל אַ ז אַ ר און איך האָב אומגעריכט איבערגעלעבט א רעמיניסצענץ פון מיינע איינדרוקן אין בופאַלאָ, ביים ניאגארא־פאל.

מיטן שנעלצוג, א שעה פריער, איז אָנגעקומען א כאָר פון אינ־דיען, וועלכן א געשיקטער אונטערנעמער האָט געבראכט קיין אייראָ־פּע. א געמיש פון יענער עקזאָטיק מיט פלינקער אונטערנעמערישקייט און אַמעריקאנער בלאָף האָט אויף א רגע אויפגערודערט מיינע רעיונות און זכרונות פון קאַפּיטל „אַ מ ע ר י ק ע“...

אָבער מיין גאנצער גוף און גייסט איז שוין געווען פארטאָן מיט דעם, וואָס מיר שטייט פאָר.

איך האָב זיך ארייגעזעצט אין א טאַקסי און געהייסן פאָרן —

— „רי סען זשאַק סואַסאַן טרעז“!

* *

*

דער הויז־נומער 73 אויף ר י ס ע ן־ז ש אַ ק איז געווען א פיר־שטאָקיק טיפּיש הויז אין ל א ט יי נ י ש ן ק וו א ר ט א ל, וועלכער האָט זיך געפונען אויפן ל י נ ק ן ברעג פון דער סענע, וווּ עס איז קאָנצענט־רירט אלץ, וואָס האָט א שייכות צו וויסנשאַפט און סטודיום אין פאריז.

„ק א ר ט י ע ל אַ ט ע ן“ האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך א „וועלט“, אין וועלכער עס איז נישט געווען קיין שפור פון דעם, וואָס מיט זיך האָט פאַרגעשטעלט פאריז אויפן ר ע כ ט ן ברעג פון דער סענע.

קאַפע־שאנטאַנען, קאנקאנען, שאנסאַנען, אלע היפער־ראפינירטע המצאות פון פריוואַלע פארווײַלונגען זענען פאראן אבסאָלוט אומע־טום. אין אלע הויפטשטעט — אפילו פשוט — א י ן אַ ל ע ג ר ו י ס ע ש ט ע ט פון דער וועלט.

א „ק א ר ט י ע ל אַ ט ע ן“ איז מער ווי אין פאריז נישטאָ!

דאָס איז נישט דער לייפציקער „אַאוערבאַך־קעלער“, וואָס איז דאָך קודם־כל א „סטודענטן־קנייפע“, א „ב ו ר ס ע“; דאָס איז אויך נישט די אַטמאָספער פון „אַלט־היידעלבערג“ — מיט יענעם ראָמאַנ־טיזם, פאָעזיע און יוגנטלעכע אוואנטורעס. דאָס איז — „קארטיע לא־טען“!

צו וויסן וואָס דאָס איז, מוז מען זיך אין אים ארײַנלעבן אזוי ווי אונדזער וואנדערער מיט פינף און צוואנציק יאָר פ א ר די טעג, וואָס אַנטוויקלען זיך דאָ פארן לייענער.

איך בין ג ע ז ע ס ן אין טאַקסי און אין משך פון די פופצן, צוואנציק מינוט פון גאַר סען לאַזאַר ביז רי סען זשאַק האָב איך מיך מיט אלע רמ״ח אברים פארטראָגן צו יענע יאָרן.

דאָ איז דאָך פארלאָפן דער „ה אָ נ י ק־פּ ע ר י אָ ד“ פון מײַן לעבן.

איך בין געזעסן אין טאַקסי, מיט הארצקלאַפעניש געקוקט ארום זיך אויף די פאריזער בולווארן, דערמאָנט זיך טויזנטער עפיזאָדן פון די אמאָליקע חדשים אין דער שטראלן־שטאָט, ווי איך זאָל זיך האָבן באוועגט אין מײַן טאַקסי צ ו ר י ק. צום פארזונקענעם א מ אָ ל....

וואָס וועט מיר ווערן אומגעקערט פון יענעם גאָלדענעם לעבנס־עטאַפּ?

וועל איך באלד דערזען מאָסיע און מאדאם ל ע מ א ז י? ער דארף שוין אַלט זײַן א יאָר 90! וואָס טראכט ער איצט, נאָכן גלענצנדיקן נצחון פון דער רעפובליק איבער דייטשלאנד? שילט ער רק די רעפוב־ליקאנער — סאַקרע גאָם! — פאר סעדאַן?

מײַן טאַקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך בין געזעסן פארגליווערט אין מײַנע רעיונות....

— ע, ביען, מאָסיע, נוז אי סאָם*) — האָט מיך דער שאָפער אויפגעוועקט פון מיינע חלומות.

איך גיב א קוק: די סאָרבאָנע!

ער האָט מיך געפירט דורך בולוואר סען זשערמען און רי־דעז־עקאָל, און איך האָב זיך באלד נישט אָריענטירט, אומגערן ארום פון וואָגן און דערזען די סאָרבאָנע און דעם דענקמאָל — קלאָד בערנאר...

אָבער א בליק אויף לינקס: מיין „סואסאן טרעז״ אויף רי סען זשאַק...

עס שטייט דאָס הויז! עס הענגט דער שילד: „שאמבר מעבלעי״ ס'האָט זיך גאָרנישט געענדערט!

אזוי האָט עס מיר אויסגעזען, און מיין איינדרוק האָט געדויערט... 5 מינוט.

אין „ביראָ״־לינקס פון ארייננאנג ווי מיט פינף און צוואנציק יאָר צוריק — האָב איך דערזען א דאמע פון א יאָר פופציק, שטארק גע־פודערט און געשמינקט מיט א נישט פארהילטער כוונה אויסצוזען 40.

איך האָב געמאָלדן, אז איך בין געקומען פון די יונייטעד סטייטס און פון גאר סען לאַזאר פארפאָרן אַהער, ווייל איך האָב דאָ אמאָל געוווינט א קנאַפּ יאָר צייט. אויפן דריטן שטאָק אין צימער נומער...

— לעבן נאָך מאָסיע ע מאדאם לעמאָזי??

די דאמע האָט מיך באטראכט זייער אויפמערקזאם מיטן אן אויס־דרוק פון טיפן מיטגעפיל.

— מאדאם און מאָסיע לעמאָזי זענען שוין לאנג געשטאָרבן. דאָס הויז אין מיין פארוואלטונג האָב איך איבערגענומען שוין נישט פון זייערע הענט.

נאָך א קורצער פויזע, האָט זי, באטראכטנדיק מיך פון קאָפּ ביז די קנעכלעך דורך איר לאָרנעט, מיט א צוויבערהאפטן שמייכל פאָרגע־זעצט:

— עס איז ווירקלעך שוינונגס־ווערט צו דערזען אין אונדזערע צייטן אזא סענטימענט פון אן אמעריקאנער דזשענטלמען צו דעם, וואָס

*) — נו, רעכט, מאָסיע, מיר זענען אויפן אָרט.

איז געווען צוריק מיט א פערטל יאָרהונדערט. אָבער באַזעצן זיך אין אייער צימער וועט אייך, מאָסיע, קוים געלינגען. דאָרטן וווינט א יונגע דאַמע, וועלכע וועט אייך אָן צווייפל אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס, אָבער נישט אויף וואָכן און נישט אויף לאַנגע טעג. העכסטנס אויף עט־לעכע שעה...

— קיין אנדערע פרייע צימערן האָבן מיר אויך נישט: אין יעדן צי־מער וווינט א יונגע דאַמע, וואָס וועט אייך אויפנעמען אויף די זעלבע באַ־דינגונגען...

ווי אזוי איך האָב זיך געזעגנט מיט דער פאָרנעמער פאַריזעריןٴ — געדענק איך נישט. פון סואַסאָן טרעז בין איך ארויסגעפלויגן ווי אַן ארויסגעשאָסענער פון א קוילנוואַרפער.

די געסט פון מיינע האָניק־חדשים אין היינט — א באָרדעל!

* *

*

בין איך א פּאָר שעה ארומגעגאַנגען איבער די געסלעך פון קאַר־טיע לאַטען. עס איז געווען א הייסער טאָג.

פון מיר האָבן געגאָסן שטראָמען שוויים. איך האָב געווישט דעם שטערן און מיינע טיכלעך זענען געוואָרן דורכגעווייקט. פון מיין „פּראָ־מינענטן" אָנבליק — הגם איך האָב געטראָגן דעם אמעריקאנער מאַנטל — איז קיין זכר נישט פארבליבן.

איך האָב זיך יעדע 5 מינוט אָפּגעשטעלט ביי אן אנדער אלטער גע־ביידע, קירכע, וואַנט און געאָטעמט מיט פּאַריז. דאָ האָט זיך פארן פערטל יאָרהונדערט באמת גאָרנישט געענדערט און ס'וועט זיך נישט ענדערן. ס'איז די אייביקייט פון אומגעקינצלטע קולטור־אוצרות, וועל־כע זענען אָנגעוואקסן טראָפּן נאָך טראָפּן, פּונקט נאָך פּונקט, פאָדעם נאָך פאָדעם. אָנגעוואקסן און ארייגעוואקסן אין דער טיף פון באָדן און אויס־געוואקסן ביזן הימל־געוועלב.

איך האָב געשלייכט מינע מידע פיס, געווישט דעם שטערן און געֵ־לעבט אין די שאָטנס און שטראַלן פון דער געשיכטע.

מיטאמאָל זע איך: דער פּאַנטעאָן!

איך בין אויף די סופּלאָ!

רעכטס דערקען איך אין צוויי מינוט גאנג: „ל י ו ק ס ע נ ב ו ר ג“.

איך בין אריין אין פּאַנטעאָן. מיך האָט דער ריז גאַסטפריינדלעך אריינגענומען אין די אָרעמס, און זיינע קילע ווענט האָבן מיך באַרואיקט. איך בין געקומען צו זיך.

ארויסגייענדיק פון „פּאַנטעאָן“, האָב איך דערזען לינקס א האָטעלכל. איך האָב זיך באַזעצט אויפן דריטן שטאָק, מיטן אויסקוק צום פּאַנטעאָן. דאָ הייבט זיך אָן א בלעטל פון שיעור נישט „שערלאָק האָלמעס“־געשעענישן.

אין דעם האָטעל — האָב איך זיך דערוווסט דעם זעלביקן אָוונט — ווינט וולאַדימיר בורצעוו, און דערפון איז ארויסגעקומען אזא „קווי פּראָ קוואָ“ ארום מיין אמעריקאנער אויבער־בגד, אז א כפּרה אַלע בעלעטריסטישע געווירצן לגבי צוויי, דריי עפּיזאָדן, פון וועלכע איין לייענער קאָן זיך כאַפּן פארן קאָפּ אין אָנבליק פון די סכנות, וואָס האָבן געדראָט מיין לעבן און קיום, און א צווייטער וועט קייכן פון געלעכטער פון די אומגעלומפּערטקייט פון א ריי געשעענישן.

אָבער די גאַנצע מעשה „וולאַדימיר בורצעוו“ און זיין קאַמף מיט מיר, אלס פארדעכטיקטן אין אוועקשלעפּן דעם ווייסן גענעראל קוטיעפּאָוו אין מיטן העלן טאָג פון א פּאריזער בולוואר (דאָס איז דעמלט געווען דער „שלאַגער“ פון אַלע רעפּאָרטערן), דאָס לאָז איך איבער אויף „שפּעטער“.

איצט וויל איך צוטרעטן צום הויפּט־מאָטיוו.

* *
*

דעם אַדרעס פון חנהלען האָב איך נישט געוווּסט.

שוין דריי יאָר ווי פון ווילנע ווערט ארויסגעשיקט יעדן חודש פּופציק (שפּעטער פערציק) דאָלאַר לויט אן אַדרעס, וואָס זי האָט אָנגעגעבן אויף אַן אנדער נאָמען.

מיר איז געבליבן אָנשרייבן עטלעכע ווערטער לויטן אַדרעס, וואָס זי פלעגט באַקומען די מזומנים. און איך האָב געטראכט, אז עס קאָנען אוועקגיין וואָכן איידער איך וועל קריגן אַן ענטפער...

אויף מ אָ ר ג ן האָט זיך צו מיר אין האָטעל געמאָלדן — ח נ ה ש ע ר מ א ן.

— א נ נ א י אַ ק אָ וו ל ע וו נ אַ!

איך האָב אויסגעשפּרייט מיינע אָרעמס.

איר קילע רעאַקציע אויף מיין הייסער באַגריסונג האָב איך אויפגענומען ווי אַן ענטפער אויף מיין אומדערוואַרטן און אומגעבעטענעם קומען קיין פּאַריז.

איך געדענק נישט גענוי דעם פאַרלויף פון אונדזער געשפּרעך. איך געדענק, אַז זי האָט מיך איבערגעלאָזן אין דער פעסטער איבערצייגונג, אַז אויף אַ פערזענלעכן צוזאַמענטרעף מיט אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ זאָל איך נישט וואַרטן און נישט פּרוּוון עס פאַרווירקלעכן, ווייל יענע וועט פאַרלאָזן פּאַריז, אויב אַזאַ צוזאַמענטרעף וועט ווערן אומפאַרמיידלעך.

אין אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער האָט זיך שערמאַן געמאָלדן פאַרכמאַרעט און פינצטער ווי ביים ערשטן באַזוך, אָבער מיט אַ נייעם פאָרשלאָג:

— איר קאָנט זיך מיט אַננאַ נאַטאַנאָוונאַ טרעפן אין אַ קאַפע אָדער אויף אַן אַנדער נייטראַלן פונקט, אָבער איר מוזט געדענקען, אַז דער ערשטער תּנאַי איז — קיין שום שפּור אָדער נאָטע פון דעם, וואָס איז אַוועק און קאָן זיך נישט אומקערן...

— איך גלויב נישט, אַז דאָס, וואָס איך האָב פון אייך אויסגעהערט, קומט פון אַניוטקעס פרייען ווילן און קלאָרן באַוווּסטזיין. איך האָב קיינעם נישט געגעבן קיין רעכט מיר צו באַפעלן צו בלייבן פרעמד צו דעם, וואָס איז אַוועק. אייך וועל איך בעטן מיט אַזעלכע פאָרשלאָגן מער צו מיר זיך נישט מעלדן.

נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט זי מיר דערלאַנגט אַן אָפּענעם בריוו אין אַ גרויען קאָנווערט. איך האָב דערזען עטלעכע שורות, וועלכע האָבן מיך אויפגעשווידערט נאָך איידער איך האָב זיך באַקענט מיט זייער אינהאַלט.

מען דאַרף נישט זיין קיין גראַפאָלאָג, כּדי צו באַשליסן, אַז די שורות זענען געווען געשריבן אין אַ פּאַטאָלאָגישן צושטאַנד.

„אויב דו וועסט נישט אַוועקפאָרן, פאַרלאָז איך פּאַריז, און דו וועסט פון מיר קיין שפּור נישט געפינען“.

דאָס האָט די שערמאַן געבראַכט אַ „באַווייז“, אַז נישט אין איר אייגענעם נאָמען האָט זי גערעדט דאָס, וואָס איך האָב פון איר אויסגעהערט.

אָבער מיר איז געוואָרן קלאָר, אז חנהלע צאַפּלט זיך אין פארברעכערישע נעגל. זי איז נישט פשוט „איינזאם“! זי איז א קרבן פון פינצטערע כוונות. זי איז פארטויבט, זי איז אונטער דער ווירקונג פון נאַרקאָזן. מען זויגט איר בלוט.

עס האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד, אז איך זאָל ביי אזא סיטואציע אוועקפאָרן פון פאריז!

איך מוז זיך מיט איר טרעפן! און אבסאָלוט אָן שום שייכות צו דעם, וואָס וועט זיין מיט אונדזער נאָענטקייט אָדער פרעמדקייט, מוז איך זי ארויסרייסן פון דער גרוב, אין וועלכער איך זע זי אומבאַהאָלפן שטעקן.

און איך בין אָפּגעזעסן אין פאריז זעקס וואָכן: פון פינפטן מאי ביזן פופצנטן יוני. און זיך מיט איר נישט געטראָפן...

* *
*

אויפן בולוואר סען זשערמען באלד נאָך רי=דעז=עקאָל איז געווען א קליינע קאפע. האַרט דערנעבן איז געווען א לאַמטערן. גייענדיק ארום 12 ביינאַכט פון זשאַרדען ליוקסאַמבורג צו רי=דעז=עקאָל, האָב איך אין די שטראַלן פון לאַמטערן דערזען א דאַמע אין א העל מאַנטל. מיר האָט א שטאָך געטאָן אין הארצן, געוואָלט א געשריי טאָן: „חנהלע!“ אָבער כ'בין פארגליווערט געוואָרן פון איבערראשונג: די דאַמע האָט זיך באוועגט מיט טאַנצנדיקע שריט, ריטמיש הייבנדיק איין פוס, דעם צווייטן. דערנעבן זענען לאנגזאם געגאנגען א פּאָר דאַמען.

די טאנצנדיקע „פּאַ“ אין די שטראַלן פון לאמטערן אויפן בולוואר האָבן מיך פארפאָלגט די גאנצע נאכט, דעם צווייטן טאָג...

איך בין דעם זעלביקן אָוונט האלב צוועלף אוועק אויף דעם אָרט, געזעסן אין קאַפע אויף סען זשערמען, און נישט דערוואַרט זיך.

א דריי, פיר נעכט האָט מיין דיזשור קיינע רעזולטאַטן נישט געבראכט: זי איז נישט געקומען. איך האָב שוין אָנגעהויבן פארלירן די האָפענונגען צו דערוואַרטן זיך. אָבער איין מאָל...

צוקומענדיק צום קאַפע, האָב איך באשלאָסן אריינצוגיין און אויף דער שוועל געבליבן שטיין ווי געליימט.

נישט ווייט פון אריינגאנג איז זי מיטן רוקן צום אריינגאנג געזעסן

ביי א טישל אין א קליינער געזעלשאפט... מיר שיינט, אז פון א דריי, פיר דאַמען.

איך ווייס נישט, צי האָט דאָ געווירקט א „מיסטעריעזער שאָק" פון צוויי אָפּגעריסענע הערצער, וואָס זענען, אָפּגעריסענערהייט, צונויפגע־פלאָכטן?

אָדער ווער פון די דאַמען ביים טיש האָט עפּעס א מורמל געטאָן?

אָבער אין דער זעלביקער סעקונדע, וואָס איך האָב זיך באוויזן, איז זי, ווי געטראָפן פון א דונער, געוואָרן איינגעשרומפּן: דער קאָפּ איז אריין צווישן די שולטערן, און ווי באשיצנדיק אים פון אן אומפארמייד־לעכן קלאַפּ, האָט זי אים ארומגעכאפּט מיט ביידע הענט.

איך האָב, נישט טראכטנדיק, באגריפן, אז איר איז געשען א ן אומגליק, און אז דאָס אומגליק איז פארבונדן מיטן פאקט פון מיין דערשיינען.

און איך האָב זיך פון שוועל צוריקגעצויגן...

אָפּטרעטנדיק הינטערווייזלעכטס פון טיר, האָב איך דערפילט א באנק. איך האָב זיך אראָפּגעלאָזט און געבליבן זיצן אין דער פינצטער.

אין קורצע מינוטן ארום האָב איך זי דערזען ארויסגיין פון קאפע, ארומגערינגלט פון אירע דאַמען. איך בין אויפגעשפּרונגען פון מיין פינצ־טערן זיץ־ווינקל... מיינע ליפּן האָבן עפּעס געפּליסטערט....

מיט האסטיקע טריט האָבן זיך אגיוטע מיט אירע דאַמען דערוויי־טערט אין דער ריכטונג צו רי־דעז־עקאָל.

מער האָבן מיר זיך במשך פון די שפּעטערדיקע דריי יאָרצענדליקער נישט געזען. אין די אומגעוויטערן פון ניין און דרייסיק ביז די פופציקער יאָרן האָב איך זי פארלוירן אָן א שפּור.

נאָכן אומקערן זיך פון מזרח קיין פּוילן, האָב איך דערהערט, אז זי איז אין ישראל.

איך האָב נישט אויפגעהערט צו ווארטן אויף דעם טאָג, ווען צווישן אונדז וועט פארשווינדן אין אונדזער לעצטן לעבנס־עטאַפּ די שנאה, וואָס האָט געהערשט צווישן אונדזערע מאַמעס, די ביידע באַשע־ריוועס... אין מערץ פון יאָר 1962 איז מיר אָנגעקומען די ידיעה, אז דעם 25 פעברואר איז חנהלע נאָך 8 חדשים קראנקהייט אין שפּיטאָל אוועק פון דער וועלט...

*  *

*

עס וואָלט געווען אין סתירה מיט דער גאנצער קאָמפּאָזיציע פון אונ־דזערע בענדער צו בלייבן אין דעם קאפּיטל אָפּגעריסן פון דער ארומיקער סביבה.

פון פּאריז — דער „וועלט־שטאָט" — האָב איך געהאט ווייניק גע־לעגנהייטן צו געניסן. דאָס איז קלאָר פאר יעדן, וואָס געדענקט, אז איך בין פון ניו־יאָרק אוועק מיט אן אויסגעפּאָמפּעט האַרץ, אן אנטוישטער, ווי פון „א פארזונקענער שיף".

ארומשפּאצירנדיק איבער „ריוואָלי" און ארום דעם פּלאַץ פון באס־טיל; קוקנדיק, האָרכנדיק און אריינאָטעמענדיק די לופט פון יידישן קוואר־טאל, זיין שטייגער, סטיל און זיטן, האָב איך אלץ מער און מער געפילט די אַטמאָספער פון וויקטאָר הוגאָס „בעטלער־מארש" (ווער עס געדענקט יענע בילדער פון וואָרזעערס מוזע אין „נאָטר דאַם").

די שיכטן פון פארשקלאפונג און פארביטערטקייט, וועלכע האָבן זיך ארויסבאקומען פון „אונטער דער ערד" צום לעבן אין א באפרייטער וועלט נאָכן אומשטורץ פון דער באסטיליע און נאָך דער מפּלה פון אלעם דעם וואָס „באַסטיל" האָט סימבאָליזירט —

אָט די „אונטערוועלט" לעבט בשלום און אין פולן אויפבלי פון אירע מומים, פארברעכנס, אַנטיסאָציאלע פארהעלטענישן, געזעלשאפט־לער־שעדלעכע באציונגען. א ווינקל הינטער די ווענט פון נאָרמאלן לעבן אין דער פראנצויזישער רעפּובליק. כ'האָב נישט געגלויבט מיינע אויערן, כ'האָב אָפּגעווענדט מיינע אויגן

האָב איך דערזען דאָס בילד פון יידישן טעאטער...

„לאַנקרי!"

„אָרעמקייט?"

איך האָב דאָרטן געטראָפן צענדליקער אָנגעפּרעסטע פּנימער, פאר־שווינען מיט גראָבע בייכער, מיט גאָלדענע קייטן איבערן בויך, מיט ברי־ליאנטן אויף די פינגער און אין די אויערן פון זייערע דאַמען.

נישט „אָרעמקייט", נייערט — קולטורלאָזיקייט!!!

איך האָב באמערקט ביי די ערשטע שריט פון יידישן טעאטער, אז האָבנדיק זיך אָפּגעריסן פון זיידנס ישיבה, איז ער נישט דערגאנגען צו די שוועלן פון וועלטלעכער קולטור.

ארום און ארום דינט ער די פאָדערונגען און געשמאקן פון קולטור־לאָזע שיכטן, וועלכע האָבן נישט קיין שום פאָדערונגען און קיין שום געשמאַק.

עס האָט געשפּילט א טרופּע בראַש מיט לעאָניד סאָקאָלאָוו. מיר האָבן זיך פריינדלעך געטראָפן. די לייכטע ראַצן צווישן אונדז פון איבער צען יאָר צוריק ביי ליפּאָווסקין אין ווילנע האָבן נישט איבערגעלאָזן קיין שום שפּור. פאר מיר איז ער געווען א מיטגליד פון דער מיר ליבער משפּחה קאָמפּאַניִיעץ. איך אין זיינע אויגן, מסתמא, אַ „מפורסם“: א ריי אָנערקענטע סצענישע לייסטונגען, פילמען א.ד.גל.

אין פּאריז, דערוויס איך זיך, געפינט זיך יוליוס אַדלער.

און ביים צווייטן באזוך מאַכט מיר סאָקאָלאָוו א פאָרשלאַג: ער וועט מעלדן, אז עס ווערט אויפגעפירט „די בארימטע קלאַסישע טראגעדיע אוריאל אַקאָסטאַ“ — „מיטן אָנטייל פון די דריי גרעסטע יידישע אקטיאָרן אין דער טיטל=ראָל“: יוליוס אַדלער, אברהם מאָרעוווסקי, לעאָניד סאָקאָלאָוו. נישט הערנדיק פון מיר קיין וואָרט אויף זיין פאָרשלאַג, האָט ער מיט אויפגעבלאָזענע נאָזלעכער טרוקן צוגעגעבן:

— אַדלער איז מסכים איר זאָלט באַשטימען וועלכן אקט איר ווילט. אַדלער מיינט, איר זאָלט שפּילן דעם 4=טן און 5=טן.

איך פאַרשפּאָר די טרחה צו דערציילן וואָס איך האָב געטראַכט און געפילט.

סאָקאָלאָוו האָט נאָך צוגעגעבן, אז ער וועט אַפּישירן: „איבערזעצונג פון מאָרעוווסקי“.

— דאָס איז א גערזיכערטע קאַסע, מאָרעוווסקי! איך לייג אייך פאָר 17% ברוטאָ.... אפילו — 20!

— מען ווייסט, אז איר זענט, אָן עין=הרע, א ייד — א נגיד. און א פּאָר דאָלאר נאָך אַנדערטהאלבן יאָר אין אַמעריקע מוזט איר אויך האָבן אין קעשענע, אָבער אָפּוואַרפן מיין פאָרשלאַג איז א לייכטזין!

אין א פּאָר וואָכן ארום איז סאָקאָלאָוו געקומען מיט א נייעם „אויפטו“: ער וועט דינגען דעם „ס י ר ק ד'א י ווע ר“. דריי טויזנט פּלעצער — און וועט אויפפירן דעם „ד י ב ו ק“! — איר אין „מיראפּאליער“! איך לייג אייך פאָר 25% ברוטאָ... דאָס איז א זאק מיט געלט... נו?

— „דער דיבוק“ איז אבסאָלוט נישט דענקבאר אין צירק!

אין א דריי וואָכן ארום האָב איך דורך א באקאנטן זיך געוואָנדן צו אים מיט א בקשה מיר געבן א גמילות=חסד אויף רייזע=הוצאות קיין ווילנע און צוגעזאָגט אומקערן אין משך פון צען טעג.

— אזעלכע בעלי־גאוות און משוגעים איז קיינער נישט מחויב צו געבן גמילות־חסדים און טאָן טובות —

האָט מען מיר איבערגעגעבן זיין תשובה...

* *

*

איך האָב צוויי מאָל געלייענט ביי געפּאַקטע זאַלן אַ רעפעראַט: „אייראָפּע אין אַמעריקע". דאָס האָט אָרגאַניזירט דער „בונד".

עס זענען געווען היימע דיסקוסיעס. צווישן אַנדערע טעזן זענען געווען — צוויי, וואָס האָבן אויפגערודערט די געמיטער: „די שמאים אין דרום און די נגידים און צפון" און „דאָס גרעסטע קליינשטעטל אויף דער וועלט"...

דעם רעפעראַט האָב איך איבערגעחזרט אין בערלין, וואַרשע, ווילנע, לאָדזש.

אַ „גרויסע שעה" אין מיינע דעמאָלטיקע פּילוגגען און איינדרוקן — בפרט אויף יענעם עטאַפּ — איז געווען מיין צוויי־שעהדיקער באַזוך ביי איליא ערענבורג:

ער האָט געוווינט אויף מאָנפּאַרנאַס. אין שלעכטע מינוט פון דער „ראָטאָנד". ביי אים איז נאָך גאַנץ פריש געווען דער אָנדענק וועגן אונ־דזער צוזאַמענטרעף אין קראָקע מיט צוויי יאָר צוריק און איך האָב דער־פילט דעם קאָנטאַקט צווישן אונדז.

איליא ערענבורג איז אָן ספק איינער פון די געציילטע פערזענלעכ־קייטן, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען זיך צו טרעפן. איך וועל דאָ נישט מאַכן קיין אָפּשאַצונגען פון זיינע ווערק, נישט פּרוון אים פאַר־גלייכן מיט „גרעסערע" פון אים אָדער „קלענערע". ער איז אַזוי באַ־דייטנדיק אויף אַלע געביטן, ווו ער אַנטפּלעקט זיין פּילזייטיקע באַגאַבונג, אַזוי וואָגיק איז זיין וואָרט, אַזוי שאַרף און טרעפלעך, אַז סוביעקטיווע אָפּשאַצונגען — פּאָזיטיווע צי נעגאַטיווע — וועלן זיין געשטאַלט און מהות שוין נישט ענדערן: ערענבורג איז ערענבורג!

איך בין נאָך יענעם וויזיט אַוועק מיט אַן עקזעמפּלאַר פון „רוואַטש" אונטערן אָרעם מיט אַ פריינדלעכער דעדיקאַציע.

16 יאָר שפּעטער האָב איך אים ווידער באַזוכט אין מאָסקווע אויף דער גאָרקי־גאַס. ווידער גענאָסן פון אַ צווייַשעהדיקן שמועס מיט אים.

דאָס מאָל מער געהאָרכט ווי גערעדט. איך געדענק מער פון אַלץ די מאָ-טיוון וועגן טוווימס „יידישקייט":

„נישט דאָס בלוט, וואָס אין די אָדערן פּליסט" מאַכט ווען פאַר א יידן, בינדט אים מיט די מאסן, נייערט „דאָס בלוט, וואָס ווערט פון די אָדערן פאַרגאָסן"...

ערענבורג איז פון דער מעטאַפאָרע געווען באַגייסטערט. ס'האָט אים צוגעטראָפן „אין פּינטל". אין „פּינטעלע ייד".

מיך האָט די דאָזיקע עפעקטפולע ליטעראַרישע המצאה שאַקירט. איך האָב עם ערענבורגן געזאָגט. יענער וויזיט האָט מיך צו אים נישט דערנענטערט. פאַרקערט.

אָבער דער באַזוך אויף מאָנפּאַרנאַס איז דעמאָלט געווען פאַר מיר א „גרויס געווינס", ווייל ווי אַזוי מיר זאָלן נישט אורטיילן וועגן ערענ-בורגן, קאָן נישט ווערן אָפּגערופן די באַהויפּטונג, אַז „ערענבורג" איז אַן איידעלער דימענט אין דער קרוין פון אייראָפּעס קונסט און קולטור, ערענ-בורג — איז אייראָפּע"!

און מיין טרוים וועגן אייראָפּע האָט ער מיר יענע צוויי שעה באַ-שיינט.

* *
*

זיצנדיק ביי אַ טעפּל קאַווע (אין ראָטאָנד"?), פלעג איז שיטן מיט צענדליקער עפּיזאָדן וועגן אמעריקאַנער יידישן לעבן, וועגן מיינע סענטי-מענטן צו די אַלטע ווערטן אין אייראָפּע: אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין פּוילן. דערביי זיך אַמאָל ארויסגעזאָגט אין דעם זין, אַז, ווען יידן אין פּוילן וואָלטן אַזוי פאַרשטאַנען הנאה האָבן פון סקאָרינקעס ווי די יידן אין בראָנקס און ברוקלין פון זייער „טאָסט", וואָלטן, אפשר, אַ סך נעפּ-לען אין יידישן לעבן געקאָנט ווערן אויסגעגלייטערט. פּוילישע יידן האָבן פּוילן ליב, אָבער עס קריגט נישט קיין א ו י ס ד ר ו ק אין דער עפנטלעכ-קייט און דער ליטעראַטור...

אומגעריכט האָט זיך פון א טישל הינטער מיין רוקן אויפגעהויבן אַן עלעגאַנטער הער, איז צוגעגאַנגען, געבעטן דערלויבעניש זיך צוצוזעצן און געמאָלדן:

— איך בין פון דער פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילונג פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע. ווער איר זענט האָב איך אקארשט זיך דערוווּסט פון מיינעם א פריינד, א פּוילישן צייטונגס־מענטש. ווילט איר ענטפערן אויף מיין פראגע?:

— צי וואָלט איר באַוויליקט אין אַן עפנטלעכן רעפעראַט אַרויסזאָגן אייערע געדאַנקען וועגן די פּונקטן, וואָס איר האָט דאָ באַלויכטן?

איך האָב געשוויגן.

— דערלויבט איר ווייניקסטנס אין א פעליעטאָן: „אונטערגעהערטע קאַפע־געשפּרעכן" איבערגעבן אייערע געדאַנקען און וויצן, באצייכענענדיק אייך מיט אייער ערשטן אות: „א ר ט י ס ט מ."?

— אויף אַזאַ פעליעטאָן וועל איך צושיקן א מעלדונג, אז מיינע געדאַנקען זענען איבערגעגעבן געוואָרן פאַרקירצטע און ממילא פאַרקריפּלטע. אן עפנטלעכן רעפעראַט אין יידיש קאָן איך האלטן און וועל מיינע ארויסגעזאָגטע פּאָסטולאַטן, וואָס זענען אייך סימפּאַטיש, נאָך אויסברייטערן.

— איך דאַנק אייך — האָט ער מיר איבערגעריסן.

— איך שטעל דערביי איין „קאָנדיציאָ סינע קוואַ נאָן עסט".

— איך הער אייך.

— „איך וועל קריגן אַן אַמטלעכע פאַרזיכערונג, אז אין די אַרבעטן ביים אויסטריקענען די בלאָטעס אין פּאָלעסיע וועט יעדער פערטער אַרבעטער געהערן צום יידישן פאַך־פאַריין!"

— איך וועל אייך מאָרגן ביי דעם טיש אין דער צייט געבן אַן ענטפער.

ער האָט זיך נישט געמאָלדן.

* *
*

וולאדימיר בורצעוו — מיין לייענער ווייסט עס אפשר נישט — איז געווען איינער פון די גלענצנדיקע רוסישע זשורנאַליסטן אין דער ראדיקאַלער צייטונגס־וועלט. א מיטגליד אין דער רעדאַקציע: „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ". געהערט צו די רעכטע עסערן, האָט דעמאַסקירט דעם פּראָוואָקאַטאָר יעוונאָ אַזעף.

13 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע זענען די מענטשן געוואָרן קאָמיש אין זייער פאַרביסנקייט קעגן די באָלשעוויקעס און אין זייערע „מאָסמיטלען" אָפּצווישן זיי פון דער ערד...

בורצעוו האָט געקערט וועלטן. געשריען, געדרוקט, געדונערט!
געהאט א שטאַב אַגענטן, קאָרעספּאָנדענטן, שפּיאָנען.

צעשטערט נישט איין נאָכמיטאָג=אָפּרו ביי סאָוויעטישע באַאַמטע אין פּאַריז דורך געפּעלשטע ידיעות, אומגעריכטע אַליאַרמען און ענלעכע „שטינק=באָמבעס". קיין סכנה האָט ער מיט זיך און מיט זיינע מעשים נישט פאַרגעשטעלט, אָבער די לופט פלעגט ער סמען.

א קליינוויקסיק, מאָגער מענטשל — דעמלט אין די 60=ער — מיט א ווייס שפּיציק בערדל אויפן בלאַסן פּנים, פּיפּיק, גלימשיק, מיט בליקן און זשעסטן פון אן אמאָליקן „פּאָדפּאָלניק" מיט א 40=יאָריקן סטאַזש, האָט ער נעבעך נישט חושד געווען, אז זיין „טעכניק" און המצאות, וואָס האָבן געטויגט אין קאַמף מיטן צאַרישן פּריסטאַוו, זענען נישט מער ווי... „אומפּלייט" — קעגן דער סאָוויעטנמאַכט.

האָט ער געאַרבעט אויף טיש און אויף בענק!

אַז איך האָב דערזען אין האָטעל „פּאַנטעאָן" אויפן טיש ביים פּאָר=טיע צייטונגען און בריוו, אַדרעסירטע צו „וולאדימיר בורצעוו", איז מיר געוואָרן טשעקאווע צו זען דעם אלטן מיטארבעטער פון „רוסקאָיע באָ=גאטסטוואָ".

אָבער בעת זיין אַגענט האָט אים געזאָגט, אז מיר אין מיר מיט אים האָט זיך באזעצט א הויכוווקסיקער, רעפּרעזענטאטיווער (אָן ספק — „איינפלוסרייכער"?) אַמעריקאנער, האָט ער תיכף „פארשטאנען", אז דאָ שטעקט א זיכערע סכנה פאר זיין קאַמף מיט מאָסקווע; אז דאָס איז א וויכטערדיקער שריט נאָכן פארשווינדן פון גענעראל קוטיעפּאָוו, און אז ער האָט דאָ פאר זיך א „קוואל פון ידיעות", וואָס קאָנען אים אויפדעקן אוצרות געהיימנישן פון שונאס מחנה. אזא סוביעקט דארף מען דורכניש=טערן, בודק זיין, אויספאָרשן!

אויפשטייענדיק אין א העלן פרימאָרגן פון מיין געלעגער, האָב איך געפונען מיינע בגדים אין שראנק מיט איבערגעקערטע קעשענעס, מיינע העמדער און תחתונים — צעשליידערט און צונויפגעקנוילט. און דער עיקר: אין מיין טיי=קאַן ליגן עטלעכע ווייסע קרישטאָל=קערנער...

לאָזט זיך אוים — א ש ל אָ ף=מ י ט ל.

און ווער וואָלט אים געשטערט אריינוואַרפן סטריכנין אָדער ציאנ=קאלי?

* *
*

די זעקס וואָכן זענען שוין געווען א מין באַגרעבעניש נאָך די אנדער־האַלבן יאָר. פון בורצעווס קרישטאָל־קערנער האָט זיך געטראָגן א מין ריח... פון „תחית המתים“.

עס האָבן אין ברוסט אָנגעהויבן שפּילן טענער פון יענער בענק־שאפט, וועלכע איז דער אָנזאָג פון פרייע אָטעמצוגן.

איך בין אָפּגעזעסן צוויי וואָכן אין בערלין. די לופט איז געווען פאַר־פּעסטעט מיט זיפן פון אָנוואקסנדיקער ברוטאַליטעט.

אָנהייב אויגוסט בין איך געקומען קיין פּוילן.

אין צאָפּאָט האָב איך געטראָפן נחמן מייזיל.

פון אים זיך דערוווסט, אז דער גרויסער טעאטער־בנין „נאָוואָשטשי“ אויף ביעלאַנסקע איז געוואָרן א יידיש טעאטער.

און מיר איז באשערט געווען מיין ווידערגעבורט, מיינע פרוכטבארע צען יאָר — גישט אָפּגעריסן פון פּוילישן יידנטום.

סוף פון ערשטן באַנד

# אינהאַלט